טאָמאַס מאַן

# דער צויבערבאַרג

ראָמאַן

צווייטער באַנד

דריט און פערט בוך

ווילנע — 1930

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# זעקסט קאַפּיטל

## פאַרענדערונגען

וואָס איז דאָס אַזוינס צייט? — אַ סוד – עפּעס אַזוינס, וואָס האָט נישט קיין ממשות און איז אַלמעכטיק. אַ באַדינג פון דער וועלט פון דערשיינונגען, אַ באַוועגונג, וואָס איז געקניפּט און פאַרמישט מיט דער עקסיסטענץ פון די קערפּערס אין רוים און מיט זייער באַוועגונג. אָבער צי וואָלט אויך נישט געווען קיין צייט, ווען ס'וואָלט נישט געווען קיין באַוועגונג? קיין באַוועגונג, ווען ס'וואָלט נישט געווען קיין צייט? אָט איז אַ פראַגע! צי איז די צייט אַ פונקציע פון רוים? אָדער פאַרקערט? אָדער ביידע זיינען אידענטיש? ווידער אַ פראַגע! די צייט איז טעטיק, זי האָט אין זיך אַ ווערבאַלן כאַראַקטער, זי „צייטיקט". אָבער וואָס צייטיקט זי? פאַרענדערונגען! איצט איז נישט פריער, דאָ איז נישט דאָרט, ווייל צווישן ביידע ליגט — באַוועגונג. היות אָבער די באַוועגונג, דורך וועלכער מ'מעסט די צייט, קומט פאָר אין אַ קרייז און איז איינגעשלאָסן אין זיך אַליין, ממילא קומט-אויס, אַז אָט-די באַוועגונג און פאַרענדערונג קאָן אַקוראַט אַזוי באַצייכנט ווערן פאַר רו און אומפאַרענדערלעכקייט. ווייל דער „דעמאָלט" חזרט זיך אַלעמאָל איבער אין אַן „איצט" און דער „דאָרט" אין אַ „דאָ". היות אָבער מ'קאָן בשום-אופן און ביי דער שטאַרקסטער אָנשטרענגונג נישט פאָרשטעלן זיך קיין ענדלעכע צייט און נישט קיין באַגרענעצטן רוים, האָט מען זיך דערפאַר דעצידירט „פאָרצושטעלן" זיך צייט און רוים פאַר אומענדלעך און אייביק. דערביי האָט מען, אַפּנים, געהאַלטן, אַז ס'וועט געלינגען, אויב נישט אינגאַנצן גוט, איז כאָטש ווי ס'איז. אָבער צי איז דען נישט די סטאַטויִרונג פון אייביקן און אומענדלעכן אַ לאָגיש-מאַטעמאַטישע צעשטערונג פון אַלדאָס באַגרע-

נעצטע און ענדלעכע, אַ פּראָפּאָרציאָנעלע רעדוצירונג ביז נול? צי איז אין דער אייביקער צייט מעגלעך אַ פריער און שפּעטער, אין אומענדלעכן רוים — אַן איינס לעבן אַנדערן? ווי קאָנען זיך מיט דעם באין-ברירהדיקן פּאָסטולאַט פון אייביקן און אומענדלעכן פאָרן אַזעלכע באַגריפן ווי מהלך, באַוועגונג, פאַרענדערונג און בכלל די עקסיסטענץ פון באַגרענעצטע קערפּערס? — דאָס אַליך איז אַ פראַגע!

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געפרעגט דאָס און ענלעכע פראַגן אין זיין מוח, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן גענייגט צו אַזעלכע אינדיסקרעציעס און קווענקלערייען תיכף ווי ער איז אָנגעקומען אַהער. קאָן זיין, אַז צוליב דעם שלעכטן, אָבער געוואַלדיקן חשק, פאַר וועלכן ער איז שוין אָפּגעקומען, איז זיין מוח נאָך שאַרפער געוואָרן און דרייסטער צו פּילפּלען זיך. ער האָט עס געפרעגט ביי זיך אַליין, ביים וואוילן יאָאַכים און ביים טאָל, וואָס ליגט פאַרשנייט פון קדמונים-אָן. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט פון דעם אַלעמען ריכטן אויף קיין תשובה, שווער צו זאָגן פון וועמען צום ווייניקסטן. זיך אַליין האָט ער געשטעלט די פראַגן בלויז דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געוואוסט, וואָס אויף זיי צו ענטפערן. יאָאַכימען ווידער איז כמעט אוממעגלעך געווען צו פאַראינטערעסירן דערמיט. ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט אין איינעם אַן אָוונט אויסגעדריקט זיך אויף פראַנצויזיש וועגן אים, קלערט ער וועגן גאָרנישט אויסער וועגן דעם, ער זאָל קאָנען ווערן אַ סאָלדאַט אין פלאַכלאַנד. אָט די האָפענונג איז געווען פאַר אים איינמאָל נאָענט, אַ צווייט מאָל — ווייט. יאָאַכים האָט מיט איר געקעמפט פאַרביטערט און לעצטנס איז ער אַפילו גענייגט געווען, אָפּצוטאָן עפּעס בגוואַלד. יאָ, דער גוטער, גדולדיקער, אָרנטלעכער יאָאַכים, וואָס איז געווען אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער מיליטער-דינסט און דער דיסציפּלין, איז טיילמאָל באַפאַלן געוואָרן פון מרידה-שטימונגען; ער האָט זיך געבונטעוועט קעגן דער „גאַפּקיסקאַלע“, קעגן יענעם אונטערזוכונגס-סיסטעם, לויט וועלכן די לאַבאָראַטאָריע אונטן, אָדער די „לאַבאָר“, ווי מ'זאָגט געוויינלעך, ווערט געוואָר און באַצייכנט דעם גראַד, ווי ווייט דער פּאַציענט איז באַהערשט פון די באַצילן. די הייך פון גאַפּקי-נומער באַשטימט, צי די באַצילן געפינען זיך אין דעם אַנאַליזירטן שטאָף בלויז איינצלנע,

אָדער אין זייער אַ גרויסער מאָסע. דערפון איז אַלץ געווען אָפּ=
הענגיק. אַט דער נומער האָט געגוי איבערגעגעבן די אויסהיילונגס=
שאַנסן, מיט וועלכע דער פּאַציענט האָט זיך געמוזט רעכענען.
לויט דעם איז שוין נישט שווער געווען צו באַשטימען די צאָל
פון חדשים אָדער יאָרן, וויפיל ס'וועט נאָך אויסקומען דאָ צו זיצן —
אָנגעהויבן פון דעם האַלבּיאָריקן וויזיט ביז צו יענעם טערמין, וועלכן
מ'האָט אָנגערופן „לעבנסלענגלעך“, וואָס האָט, — אויב מען זאָל רע=
כענען לויט דער צייט — געקאָנט טיילמאָל זיין זייער קורץ. אַקעגן
דער דאָזיקער גאַפּקי=סקאַלע האָט זיך יאָאַכים געבונטעוועט, ער
האָט אָפן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז ער האָט אויפגעהערט צו גלויבן
דערין. אמת, נישט אינגאַנצן אָפן, נישט פאַר די דאָקטוירים, אָבער
פאַר זיין קוזין און אַפילו ביים טיש. — עס איז מיר שוין נמאס
געוואָרן, מער וועל איך מיך נישט לאָזן צום נאַר מאַכן — האָט
ער הויך געזאָגט און דאָס בלוט איז אים געקומען אין ברוינעם
פנים אַריין — מיט פערצן טעג צוריק האָב איך געהאַט גאַפּקי
נומער 2, אַ קלייניקייט, די בעסטע פערספעקטיוו, און היינט — נו=
מער 9, פשוט פול מיט באַצילן, וועגן אַהיימפאָרן קאָן גאָר קיין
רייד נישט זיין. דער רוח קאָן דאָ פאַרשטיין, ווי מ'האַלט אין
דער וועלט, ס'איז נישט אויסצוהאַלטן. אויבן, אין שאַצאַלפּ=סאַנאַ=
טאָריע ליגט אַ מענטש, אַ גריכישער פּויער, מען האָט אים אַהער
געשיקט פון אַרקאַדיע, אַן אַגענט האָט אים אַהער געשיקט. דער
פאַל ביי אים איז אַ יאושדיקער, עס גייט ביי אים גאַלאָפּ, יעדן
טאָג קאָן מען זיך ריכטן אויפן עקזיטוס. אָבער דער מענטש האָט
נאָך קיינמאָל אין לעבן נישט געהאַט קיין באַצילן אין דער ליחה.
דערפאַר האָט דער דיקער בעלגישער קאַפּיטאַן, וואָס איז אַרויס אַ
געזונטער, בעת איך בין אָנגעקומען, געהאַט פריער גאַפּקי נומער
10. ס'האָט ביי אים געשווייבלט און געגריבלט מיט באַצילן און
דערביי האָט ער געהאַט בלויז איין גאַנץ קליינע קאַווערנע. איך
דאַרף גאַפּקי אויף כפרות! איך וועל אָפּהאַקן, איך פאָר אַהיים,
ס'זאָל מיך אַפילו קאָסטן דאָס לעבן. — אַזוי האָט גערעדט יאָאַכים.
און אַלע זיינען געווען ווייטאָגדיק גערירט דערפון, וואָס מ'האָט גע=
זען דעם מילדן, געזעצטן יונגמאַן אַזוי צעבונטעוועט. בעת יאָ=

אַכים האָט גערעדט וועגן דעם, אַז ער וועט אַלײן אַוועקוואַרפן און
אַהײמפאָרן, האָט האַנס קאַסטאָרפּ געמוזט טראַכטן וועגן אַ געווױסן
אײסדהיק, וועלכן ער האָט געהערט אויף פראַנצױזיש פון אַ דרײ=
טער פּערזאָן. אָבער ער האָט געשוויגן. צי האָט ער געוואָלט געבן
זײן קוזין אַ מוסטער פון זײן אײגענער געדולדיקײט, ווי דאָס האָט
געטאָן פרוי שטער? יענע האָט יאָאַכימען באמת געזאָגט מוסר, ער
זאָל זיך נישט אַזוי הפקרדיק בונטעווען, נאָר זײן הכנעהדיק און
ער זאָל זיך נעמען אַ בײשפּיל פון דעם ביטחון, מיט וועלכן זי,
קאַראָלינע, וואַרט אָפּ און זאָגט זיך אָפּ מיט אַ פעסטן ווילן פון
איר באַלעבאַטישקײט אין קאַנשטאַט, כדי — ווען די צײט וועט קו=
מען — אָפּצוגעבן איר מאַן אַן אינגאַנצן אויסגעהײלט ווײב. נײן,
דאָס האָט האַנס קאַסטאָרפּ נישט געוואָלט טאָן. זינט יענער קאַר=
נאַוואַל=נאַכט האָט ער געהאַט אַ שלעכט געוויסן צוליב יאָאַכימען,
דאָס הײסט: זײן געוויסן האָט אים געזאָגט, אַז יאָאַכים מוז אין
דעם, וועגן וואָס זײ רײדן נישט און וואָס יענער ווײסט אָן שום
ספק, זען אַ מין פאַרראַט, דעזערציע און אומטרײהײט. בפרט, אַז
יאָאַכים אַלײן האָט פינף מאָל אין טאָג געהאַט געגנוג אויסצושטײן
פון די פּאָר קײלעכיקע ברוינע אויגן, פון דעם כסדרדיקן לאַכן אָן
שום סיבה און פון דעם פּאָמעראַנצן=פּאַרפום, פונדעסטוועגן האָט
ער יעדעס מאָל שטרענג און אָנשטענדיק אַראָפּגעלאָזט די אויגן
צום טעלער... יאָ, אַפילו אין דער שטילער דערווידעריקײט, מיט
וועלכער יאָאַכים האָט איבגענומען זײנע סברות און קלערעכצער
וועגן דער „צײט”, האָט האַנס קאַסטאָרפּ געשפּירט עפּעס פון יע=
נער מיליטערישער אָנשטענדיקײט און אַ פאָרוואורף לגבי זײן געוויסן.
וואָס ס׳איז נוגע דעם טאָל, דעם דיק=באַשנײטן טאָל, וועמען האַנס
קאַסטאָרפּ האָט געשטעלט זײנע מעטאַפיזישע פראַגן, ליגנדיק אויף
דער אויסגעצײכנטער ליג=שטול — זײנען זײנע שפּיצן, הוגלען, פעלזן=
ווענט און ברוין=גרין=רויטלעכע וועלדער געשטאַנען שווײַגנדיקע אין
דער צײט. זײ זײנען געווען פאַרהונקען פון דער שטיל=פליבנדי=
קער ערדישער צײט און זיך אָפּגעשלאָגן — אָט הימל=בלוי, אָט פאַר=
הילט אין נעפּל, באַלד רויטלעך=אָנגעגליט אין דער הייך פון דער
אונטערגײענדיקער זון, באַלד דימענט=האַרט צעפונקלט קעגן דער פײַשופ=

דיקער לבנה. אָבער שטענדיק זיינען זיי געווען אײַנגעהילט אין שני, שוין זעקס ווייער לאַנגע, כּמעט אײַלנדיק אַוועקגעשוואומענע חדשים. אַלע געסט האָבן געטענהט, אַז זיי קאָנען שוין נישט קוקן אויף דעם שני, ער עקלט זיי. ווײַטער אַליין האָבן זיי געהאַט גענוג. די אײַנטיקע מאַסן שני, טאָג-אײַן, טאָג-אויס, די שני-קופּעס, שני-קישנס, שני-בערג — דאָס איז שוין געווען איבער די כּוחות, ס'האָט פּשוט אָפּגעהרגעט דעם גייסט און דאָס געמיט. דער עולם האָט אָנגעטאָן קאָלירטע ברילן, גרינע, געלע און רויטע, נישט אַזוי כּדי צו שוינען די אויגן, ווי כּדי זיך לייכטער צו מאַכן דאָס האַרץ.

צי איז שוין זעקס חדשים, אַז באַרג און טאָל איז באַדעקט מיט שני? — ס'איז שוין זיבן. בעט מיר דערציילן אַזוי, ניט די צייט פּאַריס, אונזער צייט, וועלכע מיר גיבן אָפּ פאַר דער דערציילונג. אָבער עס שטייט אויך נישט די לאַנג-פאַרגאַנגענע צייט פון האַנס קאַסטאָרפּ און פון די איבעריקע פּאַציענטן דאָרטן אויבן אין שני. די צייט צייטיקט אויס פאַרענדערונגען. אַלץ, וואָס האַנס קאַסטאָרפּ האָט אין קאַרנאַוואַל-טאָג אינדערהייך אויסגערעכנט דעם בייז-געוואָרענעם סעטעמבריני איפן וועג אַהיים פון „פלאַץ“, האָט געהאַלטן ביי מקוים ווערן. דאָס הייסט נאָך נישט, אַז מ'האָט שוין געהאַלטן ביים לענגסטן זומער-טאָג, אָבער פּסח איז שוין געהאַט אַדורך איבערן ווייסן טאָל, דער אַפּריל האָט זיך גערוקט, ס'איז געגאַנגען דירעקט צו שבועות. באַלד וועט דאָ ווערן פרילינג, ס'וועט אָנהייבן צו שמעלצן דער שני. נישט דער גאַנצער שני וועט צעגיין; אויף די שפּיצן און הוים און אין די פעלזן-שפּאַלטן פון דער רעטיקיט אין צפון וועט עפּעס בלייבן. שוין אָפּגערעדט וועגן דעם שני, וואָס פאַלט יעדן חודש אויך אין זומער און צעגייט באַלד. אָבער אַלנפאַלס זיינען אין משך פון אַ קורצער צייט פאָרגעקומען פאַרשיידענע נייסן דורך דער ענדערונג פון דער צייט אין יאָר. וואָרעם ס'זיינען אַוועק שוין זעקס וואָכן זינט יענעם אָוונט, ווען האַנס קאַסטאָרפּ האָט געבאָרגט ביי פראַו שאָשאַ אַ פעדער, איר שפּעטער זי צוריקגעגעבן און איבן פאַרלאַנג געקריגן עפּעס אַנדערש, אַ מתּנה אויף אָנדענקעניש, וועלכע ער האָט געטראָגן אין קעשענע. ס'איז געווען טאָפּלט אַזוי-

פֿיל צייט, ווי לאַנג האַנס קאַסטאָרפּ האָט לכתחילה געהאַט בדעה צו בלייבן.

זעקס וואָכן זיינען פּאַקטיש אַוועק זינט יענעם אָוונט, ווען האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך באַקאָנט מיט קלאַוודיאַ שאָשאַ און דער־נאָך אַוועק צו זיך אין צימער אַריין, אַ סך שפּעטער פֿונם דיסציפּ־לינירטן יאָאַכים. ס'איז אַוועק זעקס וואָכן זינט פֿרוי שאָשאַס נסיעה צומאָרגנס, — איר איצטיקע נסיעה, איר לעת־עתּהדיקע נסיעה קיין דאַגעסטאַן, טיף אין מזרח איבער קאַווקאַז. אַז איר איצטיקע נסיעה איז נאָר אַ לעת־עתּהדיקע, אַ נסיעה אויף דערווייל און אַז פֿרוי שאָשאַ האָט בדעה צוריקצוקומען (אומבאַשטימט ווען, אָבער, אַז זי וועט נאָך וועלן אָדער מוזן צוריקקומען) — דערין האָט מען האַנס קאַסטאָרפּן פֿאַרזיכערט, דירעקט און בפּירוש. עס איז נישט פֿאָרגעקומען אין איבערגעגעבענעם פֿרעמד־שפּראַכיקן דיאַלאָג, נאָר אין דער צווישנצייט, וועלכע מיר האָבן פֿאַרשוויגן, בעת מיר האָבן איבערגעהיפּערט דעם צייט־געבונדענעם שטראָם פֿון אונזער דערציי־לונג און געלאָזט הערשן בלויז די ריינע צייט. אַלנפֿאַלס האָט דער יונגערמאַן באַקומען די פֿאַרזיכערונגען אין די טרייסטנדיקע צוזאָגן, איידער ער איז יענעם אָוונט צוריק אַוועק צו זיך אויפֿן נומער 34. וואָרעם צומאָרגנס האָט ער מיט פֿרוי שאָשאַ מער נישט גערעדט קיין וואָרט, זי קיים געזען, צוויי מאָל פֿונדערווייטנס. איינמאָל בײַם מיטאָג, ווען זי האָט פֿאַרקלאַפּט די טיר הינטער זיך און זיך געלאָזט גיין ליבלעך־קריכנדיק אין איר בלויען קלייד און ווייסן סוועטער צום טיש דאָס לעצטע מאָל. דערבײַ האָט אים דאָס האַרץ אַ זעץ גע־טאָן אין סאַמע האַלז אַריין. ער וואָלט אַפֿילו געווען צוגערעקט דאָס פּנים מיט די הענט, ווען פֿריילין ענגלהאַרדט וואָלט אים נישט געווען אַזוי שאַרף נאָכגעקוקט. דאָס צווייטע מאָל — נאָכמיטאָג, דריי אַ זייגער, בעת זי איז אַוועקגעפֿאָרן. ער איז אייגנטלעך נישט געווען דערבײַ. ער האָט בלויז צוגעזען איר אַוועקפֿאָרן דורך אַ קאָרידאָר־פֿענסטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צום צופֿאָר־וועג.

ס'איז פֿאָרגעקומען אַזוי, ווי ביז איצט, וויפֿיל מאָל האַנס קאַס־טאָרפּ האָט געהאַט די געלעגנהייט זיך צוצוקוקן. דער שליטן אָדער דער וואָגן בלייבט שטיין פֿאַר דער ראַמפּע, דער קוטשער און דער

דינער בינדן־צו די וואַליזעס. פאַרן פּאָרטאַל זאַמלען זיך צונויף געסט פון דער סאַנאַטאָריע, פריינד פון יענעם, וואָס באָרט אַהיים אין פלאַכלאַנד, אַלץ איינס צי אויסגעהיילט, אָדער נישט, צו לעבן אָדער צו שטאַרבן. ס'קומען אויך אַזעלכע, וואָס שמוגלען דורך די ליג־קוראַציע, כּדי צו קלויבן איינדריקן. ס'קומט אַרויס עמעץ פון דער פאַרוואַלטונג אין אַ סורדוט, אָדער גאָר די דאָקטוירים אַליין. צום סוף באַווייזט זיך דער אָפּפאָרנדיקער, ס'הייב — מיט אַ שטראַלנדיק פּנים. ער געזעגנט זיך פריינדלעך מיט די נייגעריקע, וואָס שטייען אַרום און איז אין דעם מאָמענט שטאַרק באַלעבט פון דעם געשעעניש... דאָס מאָל איז אַרויסגעקומען פרוי שאָשאַ, אַ שמייכלענדיקע, מיט אַ פולער האַנט בלומען, אין אַ לאַנגגן, רויען, מיט פוטער באַזוימטן רייזע־מאַנטל און אין אַ גרויסן הוט. עס האָט זי באַגלייט דער העֶר בּוליגין, איר לאַנדסמאַן מיט די איינגעפאַלענע באַקן, וואָס איז מיט איר מיטגעפאָרן אַ שטיק וועגס. זי האָט אויך אויסגעזען פריידיק־איבּגערודערט, ווי יעדער, וואָס פאָרט אַוועק — אַלץ איינס צי מ'טוט עס מיט דער הסכּמה פון די דאָקטוירים אָדער בלויז צוליב פאַר־צווייפלטער פאַרביטערונג, אויף דער אייגענער ריזיקע און מיט אַ שלעכט געוויסן. אירע באַקן זיינען געווען אָנגערייטלט; בשעת מ'האָט אַרומגעוויקלט אירע קני מיט דער פוטערנער דעקע, האָט זי כּסדר געשמועסט, מסתּמא אויף רוסיש... ס'זיינען דאָ געווען נישט בלויז פרויי שאָשאַס לאַנדסלייט און טיש־שכנים, נאָר אויך זייער אַ סך אַנדערע געסט. ד"ר קראָקאָווסקי האָט קערניק געשמייכלט, געוויזן פון צווישן דער באָרד אַ מויל געלע ציין. נאָך מער האָט מען דער־לאַנגט בלומען. די עלטער־מומע האָט געגעבן קאָנפעקטן, „קאָנפעקט־לעך", ווי זי פלעגט צו זאָגן, דאָס הייסט — רוסישע מאַרמעלאַדע. ס'איז דאָרטן געשטאַנען די לערערין, אויך דער מאַנהיימער. אָט־דער איז געשטאַנען אַ ביסל אָפּגערוקט, האָט טריב נאָכגעקוקט און זיינע ליידנדיקע אויגן האָבן זיך אַ גליטש געטאָן איבערן הויז, וואו האַנס קאַסטאָרפּ איז געשטאַנען ביים קאָרידאָר־פענסטער און זיי האָבן זיך מרה־שחורהדיק אָפּגעשטעלט אויף אים... דער הויפ־ראַט בערענס האָט זיך נישט געוויזן. ער האָט זיך שוין, אַפּנים, געזעגנט מיט דער אָפּפאָרנדיקער ביי אַן אַנדערער, פריוואַטער גע־

לעגנהייט... דער עולם אַרום האָט נאָכגערופֿן, נאָכגעוואונקען און די פערד האָבן זיך אַ ריר געטאָן. בשעת דער שליטן האָט זיך געגעבן אַ ריר פֿאָרויס, האָט איר אייבערשטער טייל קערפּער געטאָן אַ פֿאַל צוריק אויף דעם אויסבעט, אירע קרומע אויגן זיינען נאָכאַמאָל מיט אַ שמייכל דורכגעלאָפֿן איבער דעם פֿראָנט פֿון דער בערגהאָף־געביידע און אין צענטל סעקונדע געבליבן הענגען איבער האַנס קאַסטאָרפּס פּנים... דער פֿאַרלאָזטער האַנס קאַסטאָרפּ איז אַ בלייכער אינדערגיך אַריין צו זיך אין צימער, אַרויס אויפֿן באַלקאָן, כּדי נאָך איינמאָל צו זען פֿונדאַנען דעם שליטן, וואָס האָט זיך מיט אַ געקלינגעריי געגליטשט מיט דער צופֿאָר־גאַס אַראָפּ צו „האָרף“ צו. דערנאָך האָט ער זיך אַנידערגעוואָרפֿן אויף זיין ליגשטול און אַרויסגענומען פֿון בוזים־קעשענע די מתּנה צום אָנדענק, דעם פֿאָנד, וועלכער איז דאָסמאָל נישט באַשטאַנען פֿון ברוינלעך־רויטע פּיצלעך האָליץ, נאָר פֿון אַ דין געראַמט בילדל, אַ גלעזערן בילדל, וועלכעס מ'האָט געמוזט האַלטן קעגן ליכט, כּדי עפּעס צו דערזען דערין. ס'איז געווען קלאַוודיעס אינעווייניקסטער פּאָרטרעט. קיין פּנים איז דאָרטן נישט געווען, אָבער די צאַרטע ביינער פֿון איר אייבערשטן קערפּער־טייל, שיטער און נעפּלדיק אַרומגערינגלט מיט די ווייכע סימנים פֿון פֿלייש. מ'האָט דאָרטן אויך געקאָנט דערקאָנען די אָרגאַנען פֿון דעם ברוסט־חלל.

אין משך פֿון דער צייט, וואָס איז אַוועק בעת ס'איז אויסגעצייטיקט געוואָרן די פֿאַרענדערונג, האָט ער אַזויפֿיל מאָל באַטראַכט אָט־דאָס בילדל און עס געדריקט צו די ליפּן. די צייט האָט, צום ביישפּיל, אויסגעצייטיקט די צוגעוווינהייט, ער זאָל קאָנען דאָ לעבן דערווייטערט אין שטח פֿון קלאַוודיאַ שאָשאַ. זי האָט עס געטאָן געשווינדער, ווי מ'וואָלט זיך געקאָנט פֿאָרשטעלן. די צייט דאָ איז ספּעציעל געווען געאייגנט דערצו. אויסערדעם איז זי געווען אָרגאַניזירט צוליב דעם, זי זאָל אויסצייטיקן געוווינהייט, זאָל אַפֿילו זיין — אַ געוווינהייט, אַז מ'קאָן זיך נישט צוגעוווינען. אין אָנהייב פֿון יעדער פֿון די פֿינף שווערע מאָלצייטן האָט מען זיך מער נישט געדאַרפֿט ריכטן אויף קיין קנאַלנדיקן זעץ מיט דער גלעזערנער טיר. און ס'איז אויך מער נישט געשען. איצט האָט פֿרוי

שאָשאַ געקלאַפּט מיטן טיר ערגעץ אַנדערש, אומגעהייער ווייט פון דאַנען. אָט־די טבע איז געווען פאַרבונדן מיט איר עקסיסטענץ, מיט איר קראַנקהייט, אַקוראַט אַזוי ווי די צייט איז פאַרבונדן מיט די קערפּערס אין רוים. אפשר איז דאָס געווען איר קראַנקהייט און מער גאָרנישט... אויב בכלל איז זי נישט געווען זעלבער און נישט אָנוועזנדיק, איז זי פאַר האַנס קאַסטאָרפּס געפיל געווען נישט־זעלבער אָבער יאָ־אָנוועזנדיק. זי איז פאַר אים געווען דער געניוס פון אָרט, וועלכן ער האָט דערקאָנט און באַזעסן אין אַ שלעכטער צעלאָזן־זיסער שעה. צו אָט־דער שעה האָט נישט געפּאַסט קיין קליין פרידלעך לידל פון טאָל אונטן. דאָס אינעווייניקסטע שאָטן־בילד פון אָט־דעם געניוס האָט ער געטראָגן אויף זיין האַרץ, האָס קלאַפּט אַזוי שטאַרק שוין ניין חדשים לאַנג.

אין יענער שעה האָט זיין צוקנדיק מויל אויף אַ פרעמדער און אין דער אייגענער שפּראַך האַלב אומבאַוואוסטזיניק, האַלב שטיקנדיק אַרויסגעשטאַמלט צעלאָזענע רייד: פאָרשלאָגן, פּראָיעקטן, משוגענע איינפאַלן און פּלענער, אָבער אַלע זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט רעכט, אַזוי אַז ער האָט געוואָלט דעם געניוס באַגלייטן איבער קאַווקאַז, אים נאָכפאָרן, אָפּוואַרטן אים אויף דעם אָרט, וועלכעס דער פרייער קאַפּריז פון געניוס וועט אויסקלייבן פאַר זיין נאָענטסטן וואוינאָרט.

דאָס איינציקע, וואָס דעם פּשוטן יונגנמאַן איז געבליבן פון דער געשעעניש־רייכער שעה, איז געווען טאַקע דער פּאַנט און די וואַרשיינלעכע מעגלעכקייט, אַז פרוי שאָשאַ וועט צום פערטן מאָל נאָך צוריקקומען אַהער, פריער אָדער שפּעטער, אָפּהענגיק פון דער קראַנקהייט, וואָס גיט איר די פרייהייט. אָבער צי פריער, צי שפּעטער — האַנס קאַסטאָרפּ וועט שוין דעמאָלט אומבאַדינגט האָבן „פון לאַנג אַוועק“ — אַזוי איז גערעדט געוואָרן אויך ביים געזעגענען זיך. דער ביטולדיקער זין פון אָט דער נבואה וואָלט נאָך שווערער געווען צום פאַרטראָגן, ווען נישט דאָס, וואָס מ'האָט געקאָנט אַ קלער טאָן, אַז אויף געוויסע זאַכן זאָגט מען נביאות נישט כדי זיי זאָלן מקוים ווערן, נאָר כדי זיי זאָלן נ י ש ט מקוים ווערן. עס איז אַ מין סגולה. נביאים פון דעם מין מאַכן חוזק פון דער צוקונפט, זיי

זאָגן איר פּאָרויס, ווי אַזוי זי זאָל אויסזען, כּדי זי זאָל זיך שעמען פּאַקטיש אַזוי אויסצוזען. דער געניִוס האָט אים, האַנס קאַסטאָרפּן, אין משך פֿון איבערגעגעבענעם שמועס און אויך אַתוך דעם שמועס אָנגערופֿן: „joli bourgeois au petit endroit humide“*. עס האָט געקלונגען בערך אַזוי ווי די איבערזעצונג פֿון סעטעמבּרינים „ציטערדיק קינד פֿון לעבן“. די פֿראַגע איז בלויז געווען, וועלכער באַשטאַנדטייל פֿון אָט דער מישונג וועט זיך אַרויסווייזן פֿאַר שטאַרקער: דער בורזשואַ אָדער דאָס אַנדערע...

דער געניִוס האָט אויך נישט גענומען אין באַטראַכט, אַז אַקוראַט אַזוי ווי ער איז עטלעכע מאָל אַוועקגעפֿאָרן און צוריקגעקומען, וועט אויך האַנס קאַסטאָרפּ האָבן די ברירה אין דער רעכטער מינוט צוריקצוקומען. כאָטש ער זיצט דאָ בכלל צוליב דעם, כּדי ער זאָל נישט דאַרפֿן צוריקצוקומען. ווי בײַ אַ סך אַנדערע, איז אָט־דאָס ממש געווען דער זין פֿון זיצן דאָ.

בלויז איין חוזקדיקע נבואה פֿון קאַרנאַוואַל־אָוונט איז יאָ מקוים געוואָרן: האַנס קאַסטאָרפּ האָט געקריגן אַ שלעכטע היץ־דיאַגראַמע. מיט אַ גע‌פּיל פֿון יום־טובדיקייט האָט ער געצייכנט די קרומע ליניע, וועלכע האָט זיך אויפֿגעהויבן שאַרף אַרויף. זי איז אַ ביסל אַראָפּגעפֿאַלן און דאַן שוין געלאָפֿן ווי אַ הויך־פּליין, וואָס האָט זיך בלויז לײַכט געכוואַליעט און זיך כּסדר געהאַלטן איבער דער ביז־איצטיקער פּלאַך. עס איז געווען אַן איבער־טעמפּעראַטור, וואָס איז, ווי דער הויפֿראַט האָט זיך אויסגעדרוקט, נישט געשטאַנען מיט איר הייך אין עקשנות אין קיין גלײַכער שייכות צו דעם לאָקאַלן מצב. — איר זענט מער פֿאַרגיפֿטעט, ווי מ'האָט זיך גערעכנט פֿון אײַך, ברודערל — האָט ער געזאָגט — ע'מיר זיך נעמען צו די אײַנשפּריצונגען. דאָס וועט אײַך שטעלן אויף די פֿיס. אין משך פֿון דרײַ־פֿיר חדשים וועט איר זיך פֿילן ווי אַ פֿיש אין וואַסער, איך בין זיכער. אַלץ וועט גיין, ווי איך זע פֿאָראויס. — פֿון דעמאָלט אָן איז האַנס קאַסטאָרפּ צוויי מאָל אין דער וואָך, מיטוואָך

* אַ וואוילער בורזשוי מיט אַ קליין פֿײַכט אָרט.

און שבת, נאָך די פרימאָרגנדיקע איינרייבונגען אַוועק אין „לאַבאָר“, כדי צו נעמען די איינשפריצונגען.

ביידע דאָקטוירים האָבן דאָס איסגעפירט, אַמאָל איינער, אַמאָל דער אַנדערער, אָבער דער הויפראַט האָט דאָס געמאַכט, ווי אַ ווירטואָז, פלינק, דערביי האָט ער גלייכצייטיק אַריינגעשטעקט די נאָדל און אַ קוועטש געטאָן. אַגב, איז אים נישט אָנגעגאַנגען, וואוהין ער האָט אַריינגעשטאָכן, אַזוי אַז ס'האָט טיילמאָל פאַסקודנע וויי־געטאָן און דאָס אָרט האָט לאַנג געברענט און איז געבליבן פאַרהאַרטעוועט. די איינשפריצונגען האָבן אויך שטאַרק דורכגענומען דעם גאַנצן אָרגאַניזם, האָבן דערשיטערט דעם נערוון־סיסטעם, ווי אַ מין ספּאָרטישע איבער־אָנשטרענגונג. דערפון האָט מען געקאָנט זען, וואָס פאַר אַ כּח זיי האָבן. מ'האָט עס אויך געקאָנט זען דערפון, וואָס דירעקט, באַלד אין אָנהייב, האָט זיך אַפילו די טעמפּעראַטור געהויבן. דער הויפראַט האָט עס פאָראויסגעזאָגט און ס'איז טאַקע געשען אַזוי, רעגולער און אַקוראַט אַזוי ווי ס'איז פאָראויסגעזען געוואָרן. די פּראָצעדור איז שנעל אָפּגעטאָן געוואָרן, אויב מען איז שוין דערצו געקומען. צווישן יאָ און ניין האָט מען געהאַט אונטער דער הויט דעם קעגנגיפט, אין פוס־שענקל אָדער אין אָרעם. עטלעכע מאָל, ווען דער הויפראַט איז גראָד נישט געווען מרה־שחורהדיק צוליב זיינע ציגאַרן, איז מען אין שייכות מיט די איינשפריצונגען אַרויף אויף אַ קליינעם שמועס און האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים בערך געפירט אויף אַזאַ מין אופן:

— איך טראַכט נאָך אַלץ מיט הנאה וועגן אונזער נעמיטלעכער שעה, ביי אַ גלעזל קאַווע דעמאָלט ביי איך, הער הויפראַט, אין יענעם יאָר, אין האַרבסט, ווי ס'האָט זיך צופעליק געמאַכט. ערשט נעכטן, אָדער פריער אַ ביסל, האָב איך מיין קוזין דערמאָנט וועגן דעם...

— גאַפקי זיבן — זאָגט דער הויפראַט — לעצטער רעזולטאַט. דער יונג וויל בשום־אופן נישט אַרויס פון דער קרענק. דערביי האָט ער מיך נאָך קיינמאָל נישט געמוטשעט און געפייניקט, ווי לעצטנס, ער וויל אַליין אַוועק פון דאַנען און באַקומען די שלעפּ־

שווערד, דער קינדערישער קאָפּ. ער קלאָגט זיך מיר אויף די פינף קוואַרטלען, גלייך עס וואָלט געדויערט מי-ידע ווי לאַנג. ער וויל אַוועק, אַזוי צי אַזוי — ער האָט עס אייך אויך געזאָגט? איר דאַרפט אים ריידן צום געוויסן, אין אייער אייגענעם נאָמען און שטאַרק! דער מענטש וועט גיין שלאָפן, אויב ער וועט צופרי נעמען שלינגען דעם געמיטלעכן נעפּל ביי אים אין דער היים. אַזאַ אייזן-פרעסער דאַרף נישט האָבן אַ סך אייל אין קאָפּ. אָבער איר, אַ געזעצטערער, אַ ציוויליסט, אַ מענטש מיט אַ בירגערלעכער דערציונג, איר דאַרפט אים אַ ביסל אויפקלערן, איידער ער גייט אָפּטאָן נאַרישקייטן.

— איך טו עס, הער הויפראַט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ גע-ענטפערט און נישט אַרויסגעלאָזט דעם פאָדים פון שמועס — איך טו עס אָפט, ווען ער נעמט מרוקען און כ'קלער, אַז ער וועט זיך מיישב זיין. מ'זעט אָבער פאַר זיך נישט אַזעלכע גוטע ביישפּילן — דאָס שאָדט אַממיינסטן. מ'האַלט אין איין אַוועקפאָרן — צוריק אין פלאַכלאַנד, אויף דער אייגענער אחריות און אָן שום באַרעכטיקונג. אָבער די יום-טובדיקייט דערביי איז אַזעלכע, גלייך ווי די נסיעה וואָלט געווען אַ לעגאַלע און האָט אין זיך פאַר שוואַכע כאַראַקטערן עפּעס פאַרפירערישס. צום ביישפּיל לעצטנס... ווער איז דאָס לעצטנס אַוועקגעפאָרן? אַ דאַמע, פון גוטן רוסן-טיש, מאַדאַם שאָשאַ. קיין דאַגעסטאַן, ווי מ'האָט דערציילט. מילא, דאַגעסטאַן, כ'קאָן נישט דעם דאָרטיקן קלימאַט, ר'איז מסתמא סוף-כל-סוף נאָך בעסער ווי ביי אונז ביים וואַסער. אָבער פלאַכלאַנד איז עס פאָרט לויט אונזער אויפפאַסונג, הגם, געאָגראַפיש גענומען, איז עס אפשר בערגיק. איך בין נישט אַזוי בקי. ווי קאָן מען דאָרטן לעבן, נישט אויסגעהיילט, וואו ס'פעלן די גרונד-באַגריפן און קיינער האָט נישט קיין ידיעה וועגן אונזער היגער אָרדענונג, אויך נישט, ווי אַזוי צו מאַכן ליג-קוראַציע און צו מעסטן? אַגב, האָט זי בדעה סיי ווי סיי צוריקצוקומען, האָט זי מיר געזאָגט ביי אַ געלעגנהייט. ווי אַזוי זיינען מיר בכלל געקומען צו רייד וועגן איר? יאָ, דעמאָלט האָבן מיר אייך געטראָפן אין גאָרטן, הער הויפראַט, אויב איר דערמאָנט זיך, דאָס הייסט: איר האָט אונז געטראָפן. מיר זיינען געזעסן

אויף אַ באַנק און איך געדענק נאָך, אויף וועלכער, כ'וואָלט אײַך געקאָנט געבן אָנווייזן, אויף וועלכער. מיר זײַנען געזעסן און געריכערט. כ'מיין צו זאָגן, אַז איך האָב געריכערט, ווײַל מײַן קוזין ריכערט נישט און כ'הייב אים טאַקע נישט אָן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס. איר האָט דעמאָלט אויך גראָד געריכערט און מיר האָבן זיך געטיישט מיט די ציגאַרן, ווי איך דערמאָן מיך איצט. אײַער בראַזיל האָט מיר געשמעקט אויסגעצייכנט. אָבער מ'מוז זיך דערמיט באַגיין, ווי מיט יונגע פערד, מיין איך. ווען נישט — קאָן עפּעס געשען נאָכדעם, ווי אײַך דעמאָלט נאָך די קליינע אימפּאָרטן, בעת איר האָט געהאַלטן בײַ אָפּטאַנצן מיט אַ צעכוואַליעטער ברוסט. נאָך אַ נס, וואָס מ'איז אַדורך גלאַטיק — אַ געלעכטער כ'לעבן. כ'האָב, אַגב, איצט ווידער אויסגעשריבן פון ברעמען אַ פּאָר הונדערט שטיק מאַריאַ מאַנציני. איך בין שטאַרק צוגעוווינט דערצו, ס'איז מיר סימפּאַטיש אין אַלע פּרטים. אָבער די הוצאות, וואָס וואַקסן-צו צוליב אָפּצאָל און פּאָרטאָ, זײַנען גאַנץ גרויסע. אויב איר זאָלט מיר, דער הויפּראַט, בײַ דער צווייטער גענעראַל-אונטערזוכונג ווידער צולייגן אַ היפּש שטיקל צײַט, וועל איך זײַן געצוואונגען סוף-כל-סוף אויסצוזוכן זיך אַ היגן ציגאַר. מ'זעט אין די פענסטער גאַנץ שיינע סחורה. איר האָט איז דעמאָלט געוויזן אײַערע בילדער, איך געדענק עס, ווי ס'וואָלט געווען היינט, און כ'האָב דערפון געהאַט די גרעסטע הנאה. איך בין געווען ממש פאַרכאַפּט פון אײַערע עקספּערימענטן מיט דער אייל-פאַרב. איך וואָלט מיך קיינמאָל נישט אײַנגעשטעלט. דעמאָלט האָבן מיר אויך געזען פרוי שאָשעס פּאָרטרעט מיט דער ערשט-קלאַסיק געמאָלטער הויט — כ'מוז אײַך מודה זײַן, אַז כ'בין געווען באַגייסטערט. דעמאָלט האָב איך נאָך דעם מאָדעל נישט געקענט, בלויז פון זען, פונם נאָמען. ערשט קורץ, איידער זי איז דאָסמאָל אַוועקגעפאָרן, האָב איך מיך באַקאָנט מיט איר פערזענלעך.

— וואָס איר זאָגט! — האָט געענטפערט דער הויפּראַט. אויב דער פאַרגלײַך איז דערלויבט — אַקוראַט אַזוי ווי בעת ער האָט בײַ דער ערשטער אונטערזוכונג אָפּגעענטפערט אַמאָל איין האַנט

קאַטאַסטראָפע באַמערקונג, אַז ער האָט, אגב, אויך אַ ביסל היץ. מער האָט בערענס גאָרנישט געזאָגט.

— אַוודאי, יאָ, כ'האָב זיך באַקאַנט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ באַשטעטיקט — ווי די דערפאַרונג ווייזט, איז גאָרנישט אַזוי לייכט דאָ אויבן צו שליסן קאַנטשאַפט, אָבער דאָך האָבן מיר, איך און די פרוי שאָשאַ, זיך אין דער לעצטער שעה באַקאַנט. אין אַ שמועס האָבן מיר זיך... האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַריינגעצויגן לופט דורך די ציין. ער האָט אין דער סעקונדע באַקומען די אײַנשפּריצונג. פּפּ! האָט ער הינטערוויילעכץ אַ סיקע געטאָן. איך האָט ווכער אָנגעטראָפן אויף זייער אַ וויכטיקן נערוו, הער הויפראַט. אָ, יאָ, ס'טוט ווי פאַר אַלדי רותות. אַדאַנק, פון אַ ביסל מאַסאַזש ווערט בעסער... — אין אַ שמועס האָבן מיר זיך אַ ביסל דערנעענטערט.

— אַזוי! — נאָ? — האָט דער הויפראַט אַ זאָג געטאָן. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ פרעגנדיק, מיט דער מינע פון עמעצן, וואָס דערוואַרט זייער אַ גינציקן ענטפער און אין דער פראַגע גופא לייגט ער אַריין זיין אייגענע באַשטעטיקונג. אויף דעם ליב=וואָרט, אויף וועלכן ער ריכט זיך.

— איך קלער, אַז מיין פראַנצויזיש האָט אַ ביסל אונטערגעהונקען — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אָפּגעענטפערט אויסמיידנדיק. — פון וואַנען זאָל איך עס סוף=כל=סוף קאָנען. אָבער אין דער רעכטער מינוט גיט עפּעס אַ פאַל אײַן און מ'האָט זיך ווי ס'איז פאַרשטענדיקט.

— כ'מיין עפּעס. נאָ? — חזרט איבער דער הויפראַט זיין פראַגע. פון זיך גיט ער צו: — אַ סימפּאַטישע, וואָס?

האַנס קאַסטאָרפּ האָט פאַרקנעפּלט דעם קאָלנער פון העמד, האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אויסגעשפּרייטע פיס און עלנבויגנס, מיטן פּנים געווענדט צום סופיט.

— ס'איז סוף=כל=סוף נישטאָ דערין קיין שום באַזונדערס — האָט ער געזאָגט — אין אַ קוראָרט קאָנען צוויי פּערזאָן אָדער אַפילו צוויי פאַמיליעס אָפּוואוינען וואָכן=לאַנג אונטער דעם אייגענעם דאַך, נישט באַקאָנענדיק זיך. אין איינעם אַ טאָג באַקאָנט מען זיך, מ'געפעלט זיך איינער דעם אַנדערן אויפריכטיק און אָט ווייזט

זיך אַרױס, אַז אײן צד האַלט בײ אַװעקפאָרן. אַזאַ מין באַהײערן טרעפט זיך גאַנץ אָפט, שטעל איך מיר פאָר. דעמאָלט װאָלט מען כאָטש געװאָלט אױפהאַלטן דעם קאָנטאַקט אין לעבן, הערן אײנער פון אַנדערן, ס'הײסט: פער פאָסט. אָבער פרױ שאָשאַ...

— טיאַ, יענע װיל נישט, מסתמא? — לאַכט דער הױפראַט געמיטלעך.

— נײן, זי האָט אַפילו נישט געװאָלט הערן דערפון. אַ'ך שרײבט זי אײך קײנמאָל נישט פון די ערטער, װאו זי איז?

— אַי, זאָל גאָט אױסהיטן — האָט בערענס געענטפערט — עס פאַלט איר אַפילו נישט אײַן. קודם-כל צוליב פױלקײט, צװײטנס װי אַזױ זאָל זי שרײבן? — רוסיש קאָן איך נישט לײענען. איך קאַליעטשע אַמאָל דאָס לשון, באין-ברירה, אָבער לײענען קאָן איך קײן װאָרט נישט. און איר אױך נישט. נאָ, װאָס ס'איז נוגע פראַנצױזיש אָדער נײ-הױך-דײטש, מיאַוקעט דאָס קעצל גאָר ליבלעך, אָבער שרײבן — דאָס װאָלט פאַר איר געװען די גרעסטע פאַרלעגנהײט! די אָרטאָגראַפיע, מײן ליבער! נײן, מיר מוזן זיך שײן טרײסטן, מײן בחור. זי קומט פון צײט צו צײט כסדר צוריק. אַ פראַגע פון דער טעכניק אָדער פון טעמפּעראַמענט, װי געזאָגט. אײנער פאָרט אַלעמאָל אַװעק און מוז כסדר צוריקקומען, אַן אַנדערער בלײבט תיכף אַזױ לאַנג, אַז ער דאַרף מער קײנמאָל נישט צוריקקומען. אױב אײער קוזין װעט איצט אַװעקפאָרן, זאָגט עס אים, איז זײער מעגלעך, אַז איר װעט נאָך דערלעבן דאָ זײן פײערלעכן צוריקמאַרש.

— אָבער, הער הױפראַט, װי לאַנג, מײנט איר דען, װעל איך...

— אַז איר? — אַז ער! אַז ער װעט נישט בלײבן אונטן אַזױ לאַנג, װיפל ער איז געװען דאָ. דאָס מײן איך פערזענלעך ערלעך און דאָס איז מײן שליחות, װאָס איך גיב אײַך איבער פאַרזײנטװעגן, אױב איר װילט זײן אַזױ פרײנדלעך.

אַזױ בערך האָט געקאָנט פאַרלױפן אַזאַ מין שמועס. האַנס קאַסטאָרפ האָט פיפיק צוגעפירט דערצו, כאָטש דער רעזולטאַט איז געװען נישטיק און צװײדײטיק. װאָרעם ס'איז נוגע דעם, װי לאַנג מ'װעט דאַרפן דאָ בלײבן, כדי צו דערװאַרטן זיך, ביז ס'װעט צוריק-

קומען עמעץ, וואָס איז צו־פרי אַרויסגעפאָרן — איז עס בכלל גע־
ווען אַ צווייטיקע טעמע. אָבער אין פאַל שאָשאַ — איז דער שמועס
וועגן דעם גלייך געווען נול. האַנס קאַסטאָרפּ וועט גאַנץ זיכער גאָר־
נישט פון איר הערן פריער, ווי לאַנג עס וועט זיי שיידן דער סוד
פון רוים און צייט. זי וועט מסתמא נישט שרייבן און אויך ער
וועט נישט האָבן קיין געלעגנהייט עס צו טאָן... פאַרוואָס,
אַגב, דאַרף געשען אַנדערש, ווען ער טוט אַ קלער אין תוך אַריין?
איבּ אַמאָל האָט ער געפילט, אַז ס׳איז נישט נייטיק און אפילו
נישט געוואונטשן, זיי זאָלן ר י י ד ן, איז די איצטיקע פאָרשטעלונג
וועגן דורכשרייבן זיך דען נישט אַן אמת בירגערלעכע און פעדאַנ־
טישע? און צי האָט ער דען „גערעדט״ מיט איר קולטורעל און
מערב־אייראָפּעיש, בעת ער איז אין קאַרנאַוואַל־אָוונט געזעסן לעבן
איר? ס׳איז דען נישט גיכער געווען אַ פרעמד־שפּראַכיק ריידן פון
שלאָף, גאָרנישט אויף אַ ציוויליזירטן אופן? צו וואָס־זשע דאַרף מען
איצט נאָך שרייבן, אויף בריוו־פּאַפּיר אָדער אויף אילוסטרירטע קאַרט־
לעך, אַזעלכע, וואָס ער שיקט טיילמאָל אַהיים, כּדי איבערצוגעבן
די ענדערונגען אין די רעזולטאַטן פון דער אונטערזוכונג? ריידן,
שרייבן — דאָס איז פּאַקטיש אַ הומאַניסטיש־רעפּובליקאַנישער עסק,
אַן עסק פאַר הער ברונעטאָ לאַטיני, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ בוך
וועגן גוטע און שלעכטע מידות, האָט אויסגעשליפן די פלאָרענציאַ־
נער, זיי געלערנט ריידן און די קונסט צו פירן זייער רעפּובליק
לויט די כּללים פון דער פּאָליטיק...

אַזוי־אַרום האָבן זיך האַנס קאַסטאָרפּס רעיונות אַריבערגעטראָגן
אויף לאָדאָוויקאָ סעטעמבריני. ער איז דערביי רויט געוואָרן ווי דע־
מאָלט, בעת דער שריפטשטעלער איז אַריין צו אים אין צימער מבקר־
חולה זיין און האָט פּלוצלונג אויפגעדרייט דעם לאָמפּ. יאָ, צו סע־
טעמברינין וואָלט האַנס קאַסטאָרפּ אויך געקאָנט ווענדן זיך מיט
זיינע פראַגן, וואָס זיינען נוגע די מעטאַפיזישע רעטענישן, כאָטש
בלויז כּדי זיך צו רייצן מיט אים און פילפּלען. אויף קיין תשובה
האָט ער נישט געקאָנט ריכטן זיך מצד דעם הומאַניסט, וואָס
זיין געדאַנקען־גאַנג האָט זיך געדרייט אַרום ערדישע ענינים. אָבער
דינט דעם קאַרנאַוואַל־אָוונט, בעת סעטעמבריני איז אַתיס אַ ברוגזער

פֿון קלאַוויר=צימער, האָט צווישן אים און האַנס קאַסטאָרפֿן געהערשט אַ אָפּגעפֿרעמדקייט. דער מקור פֿון אָט=דער אָפּגעפֿרעמדקייט איז געלעגן אין האַנס קאַסטאָרפּס שלעכט געוויסן און אין סעטעמברינים פּעדאַגאָגישער אָנגעברוגזטקייט. דאָס האָט געווירקט, אַז איינער האָט אויסגעמיטן דעם אַנדערן און וואָכן לאַנג האָבן זיי נישט אויסגערעדט צווישן זיך קיין וואָרט. צי איז האַנס קאַסטאָרפּ נאָך געווען אין סעטעמברינים אויגן אַ „ציטערדיק קינד פֿון לעבן"? ניין, בײַ סעטעמברינין, וואָס האָט געזוכט די מאָראַל אין שכל און אין די גוטע מעשים, איז האַנס קאַסטאָרפּ מסתמא געווען אַ פֿאַרפֿאַלענער... האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך געבלאָזן קעגן סעטעמברינין. ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט, האָט האַנס קאַסטאָרפּ צונויפֿגעצויגן די ברעמען און פֿאַרביסן די ליפּן. סעטעמברינים שוואַרצע, גלאַנצנדיקע בליקן זײַנען דערבײַ אָנגעשטעלט געווען אויף אים מיט שווײַגנדיקן פֿאָרוואורף. אָבער שפּעטער מיט עטלעכע וואָכן האָט דער ליטעראַט, ווי געזאָגט, צום ערשטן מאָל ווידער צו אים אָנגעהויבן עפּעס ריידן און דער ברוגז איז צעגאַנגען. אמת, סעטעמבריני האָט צו אים גערעדט בלויז כּלאַחר=יד און מיט מיטאָלאָגישע רמזים, אַזוי אַז כּדי זיי צו פֿאַרשטיין, האָט מען געדאַרפֿט האָבן מערב=אייראָפּעישע בילדונג. ס'איז געווען נאָך מיטאָג. זיי האָבן זיך געטראָפֿן בײַ דער גלעזערנער טיר, וואָס איז לעצטנס מער קיינמאָל שוין נישט צוגעפֿאַלן מיט אַ קנאַק. סעטעמבריני האָט, פֿאַרבײַגייענדיק און מיט דער דעה תּיכּף זיך צו דערווײַטערן, אָנגערופֿן זיך:

— נו, אינזשיניער, וואָס פֿאַר אַ טעם האָט עפּעס דער גראַנאַט=עפּל?

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַ שמייכל געטאָן דערפֿרייט און צעמישט.

— דאָס הייסט... וואָס מיינט איר, הער סעטעמבריני? גראַנאַט=עפּל? ס'איז דאָך נישט געווען? — כ'האָב נאָך קיינמאָל אין לעבן נישט... יאָ, איינמאָל האָב איך געטרונקען זאַפֿט פֿון גראַנאַט=עפּל מיט זעלטער=וואַסער. ס'איז געווען צו=זיסלעך.

דער איטאַליענער, וואָס איז שוין געהאַט פֿאַרבײַגעגאַנגען, האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק און אַקצענטירט:

— געטער און שטערבלעכע האָבן טיילמאָל באַזוכט דעם
מלכות פון שאָטנס און אויך געפונען דעם וועג אויף צוריק. אָבער
יענע אונטער דער ערד ווייסן, אַז דער, וואָס האָט פאַרזוכט פון
זייער פרוכט, געהער צו זיי.

און ער איז אַוועק ווייטער, און זיינע שטענדיקע העל=גע=
קראַטעוועטע הויזן און געלאָזט הינטער זיך האַנס קאַסטאָרפן, וועל=
כער האָט געדאַרפט בלייבן „הירכנעשטאָכן“ פון אָט=די קלוגע רייד.
אין אַ געוויסער מאָס איז עס האַנס קאַסטאָרפ טאַקע געווען אויך,
כאָטש ס'האָט אים אַליין פאַרדראָסן, הלמאַי ער איז עס אפשר און
געמורמלט פאַר זיך:

— לאַטיני, קאַרדוטשי, קאַצי, מויזי, שטייגי, לאָז מיך צורו!

אָבער דערביי איז ער געווען פריידיק געריירט פון די דאָזיקע
ערשטע פאָר ווערטער. וואָרעם נישט געקוקט אויף דער טראָפּיי,
אויף דער מתנה, וואָס ער האָט געטראָגן אויפן האַרץ, איז אים
סעטעמבריני פונדעסטוועגן געווען איינגעבאַקן אין האַרץ, האָט גע=
לייגט גרויס געוויכט אויף זיין אָנוועזנהייט. דער געדאַנק צו זיין
פון אים אינגאַנצן און אויף אייביק אַוועקגעשטויסן און דערוויי=
טערט, וואָלט געווען פאַר זיין נשמה שווערער און שרעקלעכער,
ווי דאָס געפיל פון אַ יינגל, מיט וועלכן מ'האָט זיך אויפגעהערט
אין שיל צו רעכענען און וועלכער געניסט פון די מעלות פון
מבוזהדיקן לעבן, ווי הער אַלבין... פונדעסטוועגן האָט ער פון זיין
זייט נישט געהאַט די העזה דער ערשטער אָנהייבן ריידן צום מענ=
באָר. אָבער ביי יענעם זיינען פון דאָס ניי אַדורך וואָכן, ביז ער
האָט זיך ווידער דערנעענטערט צו דעם ציטערדיקן קינדעליע.

דאָס איז געשען דעמאָלט, בעת אויף די איינטאָניק=ריטמיש אָנ=
לויפנדיקע ים=כוואַליעס פון דער צייט איז אָנגעקומען פאַסכע. אין
„בערגהאָף“ האָט מען דעם יום=טוב געפּראַוועט ווי מ'האָט געפּראַ=
וועט אַלע עטאַפּן און אויסגעצייכנטע טעג, כדי נישט צו לעבן אין
אַ אומצעגלידערטער איינטאָניקייט. ביים ערשטן פרישטיק האָט יע=
דער גאַסט געהאַט לעבן זיין טעלער אַ בוקעטל פיילכן. ביים צווייטן
פרישטיק האָט יעדער איינער באַקומען אַ קאָלירט איי. ביים יום=

טונדיקן מיטאָג איז דער טיש געווען באַשטעלט מיט הענעלעך פון צוקער און שאָקאָלאַד.

— איר זענט שוין געפאָרן אַמאָל מיט אַ שיף, פּאָרוטשניק, און איר, אינזשיניער? — האָט סעטעמבריני געפרעגט, בעת ער איז נאָך מיטאָג אין דער האַלע צוגעגאַנגען צו דעם קוזינען־טישל מיט זיין צאָן־שטעכער צווישן די ליפּן... ווי ס'רוב געסט, האָבן זיי היינט פאַרקירצט די ליג־קוראַציע אויף אַ פערטל שעה און דאָ זיך אַוועקגעזעצט איבער טרינקען אַ גלאָז קאַווע מיט קאָניאַק. — די דאָזיקע הענעלעך און די געפּאַרבטע אייער דערמאָנען מיך אינם לעבן אויף אַזאַ גרויסן דאַמפּער, זינט וואָכן צווישן הימל און וואַסער, פאַרוואָרפן אין דער נעוואַלצענער מדבר. נישט געקוקט אויף די פולשטענדיקע באַקוועמלעכקייטן פאַרגעסט מען בלויז איבערפלאַכלעך אין דער מוראדיקייט פון דעם מצב. טיפער אין דער נשמה, נאָגט זיך דאָס באַוואוסטזיין דערפון און מיט שטילן שוידער... איך דערמאָן מיך דאָ אין דעם געפיל, מיט וועלכן מען מערקט אָן אויף דעם דעק פון אַזאַ תיבה מיט פייעט די יום־טובים פון דער יבשה. עס איז דאָס דערמאָנען זיך מצד אָפּגעזונדערטע, אַ בענקענדיקע דערמאָנונג אָן די יום־טובים פון קאַלענדאַר... אויף דער יבשה וואָלט איצט געווען פּאַסכע, נישט אמת? אויף דער יבשה פייערט מען היינט דעם קיניגס געבורטס־טאָג, — און מיר טוען עס אויך, אַזוי גוט ווי מיר קאָנען, מיר זיינען אויך מענטשן... ס'איז נישט אַזוי?

די קוזינען האָבן צוגעשאָקלט. באמת, אַזוי איז עס. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען גערירט דערפון, וואָס סעטעמבריני האָט אָנגעהויבן צו ריידן צו אים, אויפגערודערט פון שלעכטן געוויסן און ער האָט דערפאַר געלויבט זייער שטאַרק דעם אויסדרוק, געטענהט, אַז ער איז גייסטרייך, אויסגעצייכנט און שריפטשטעלעריש. ער האָט מיט אַלע כוחות געלויבט סעטעמבריני. אַוודאי, בלויז איבערפלאַכלעך — ווי סעטעמבריני האָט עס אַזוי פּלאַסטיק אַרויסגעזאָגט — לאָזט דער לוקסוס אויפן אָקעאַן־סטימער* פאַרגעסן דעם מצב און

---

* דאַמפּער (ענגליש).

די סכנה. אין דעם אַבּסאָלוטן קאָמפאָרט ליגט אַפילו — אויב ער מעג צוגעבּן — אַ געווויסע פּריוואָלקייט און חוצפּה, עפּעס דערפון, וואָס די אַמאָליקע וואָלטן אָנגערופן „היבּרים"* (ער האָט אַפילו ציטירט די אַמאָליקע, אַזוי ווייט האָט ער געוואָלט נעפעלן סעטעמבּרינין) אָדער ס'דערמאָנט אין אַזאַ מין אויסדרוק, ווי „איך בּין דער קיניג פון בּבל", בּקיצור — אין עפּעס העזההדיקס. פון דער צווייטער זייט אָבער אינוואָלווירט** („איוואָלווירט"!) דער לוקסוס אויבן דעק אַ גרויסן ניצחון פון מענטשלעכן גייסט און פון מענטשלעכן כּבוד. דערמיט, וואָס דער מענטש פירט אַרויס אָט־דעם לוקסוס און קאָמפאָרט אויפן שוימיקן אָקעאַן און האָט די דרייסטקייט אים צו דערהאַלטן דאָרטן, מאַכט ער אונטערטעניק די בּלינדע עלעמענטן, די ווילדע נאַטור־כּוחות. דאָס אינוואָלווירט ממילא דעם ניצחון פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע איבּערן כאַאָס, אויב ער קאָן בּאַנוצן דעם אויסדרוק אויף אייגענער אַחריות...

סעטעמבּריני האָט אים צוגעהערט אויפמערקזאַם, די פיס פאַרלייגט, די הענט אויך. דערבּיי האָט ער אויף אַ שיינעם אופן געגלעט מיטן צאָן־שטעכער די געדרייטע וואָנסעם.

— ס'איז אינטערעסאַנט — האָט ער געזאָגט. — וויפל מאָל דער מענטש זאָל זיך נישט אויסדריקן בּרייטער וועגן עפּעס, מעג זיין אַפילו איבּער אַלגעמיינע ענינים, מוז ער זיך אַליין אינגאַנצן אויסגעבּן, אומגערן אַריינלייגן זיין גאַנצן „איך" דערין און איבּערגעבּן די גרונד־טעמע און דאָס אור־פּראָבּלעם פון זיין לעבּן. דאָס זעלבּע איז אויך איצט געשען מיט אַיך. דאָס, וואָס איר האָט איצט געזאָגט, שטאַמט פּאַקטיש פונם גרונד פון אייער פּערזענלעכקייט. עס האָט אויף אַ דיכטערישן אופן אויך אויסגעדריקט דעם צייטלעכן מצב פון אייער פּערזענלעכקייט. ס'איז נאָך אַלץ דער מצב פון עקספּערימענט....

---

* גריכיש: גרויסע חוצפּה, מיט וואָס מען פלעגט זיך פּאַרזינדיקן בּיי די געטער אָדער בּיים פּאַטום.

** לאַטייניש: איינשליסן אין זיך, אַנטהאַלטן.

— Placet experiperi — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט צושאָקלענדיק דעם קאָפּ און לאַכנדיק. די C האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ איטאַליענישן אַקצענט.

— * Sicuro — אויב ס'גייט וועגן דער חשובער ליידנשאַפט אויסצופּרווון די וועלט און נישט סתם צוליב צעלאָזנקייט. איר האָט גערעדט וועגן „היבּרים", איר האָט אַייך באַנוצט מיט דעם אויסדרוק. אָבער די „היבּרים" פון שׂכל קענען די טונקעלע כּוחות — דאָס איז די העכסטע מענטשלעכקייט. און אויב אַפילו זי וואַרפט אַרוים די נקמה פון קנאַישע געטער per esempio **, און די לוקסוס־תּיבה פאַלט אַראָפּ אַ צעשמעטערטע אין תּהום אַריין — הייסט עס אויך אונטער־געגאַנגען מיט כּבוד. אויך פּראָמעטעיִסעס טאַט איז געווען „היבּרים" און זיין פּיין ביי די סקיטישע פעלזן זיינען פאַר אונז דאָס הייליקסטע מאַרטירערטום. אָבער ווי אַזוי זעט אויס דער אַנדערער מין היבּרים, דאָס אַריינפאַלן אין געמיינע עקספּערימענטן מיט די כּוחות, וואָס זיינען קעגן שׂכל און מיט דער שׂנאה צום מענטשלעכן מין? צי דאָס האָט אויך אין זיך כּבוד? Si o no! ***

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַ מיש געטאָן אין טעפּעלע, כאָטש ס'איז דאָרטן מער גאָרנישט געווען.

— אינזשיניער, אינזשיניער, — האָט דער איטאַליענער געזאָגט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ און זיינע שוואַרצע אויגן האָבן פאַרטראַכט אַ קוק געטאָן „פעסט". — האָט איר דען נישט קיין מורא פאַרן ווירבל־שטורעם אין צווייטן מדור פון גיהינום, וואו מען וואַרפט און קוילערט די בעלי־תּאוות, די רשעים, וואָס האָבן מקריב געווען דעם שׂכל דער תּאווה? גראַן דיאָ ****! ווען איך שטעל מיר פאָר, ווי מ'וועט אַייך דאָרטן קוילערן אַ דערציטערטן אַראָפּ און אַרויף, פאַל איך שיר נישט אַוועק ווי אַ טויטער פון צרות...

---

* איטאַליעניש: געוויס.

** איטאַליעניש; צום ביישפּיל.

*** איטאַליעניש: יאָ צי ניין.

**** איטאַליעניש: גרויסער גאָט.

מ'האָט געלאַכט פון זיינע קאָמישע און פּאָעטישע רייד. אָבער סעטעמבריני האָט ווייטער געזאָגט:

— אין קאַראַוואַנל-אָוונט ביים ווײַן, איר דערמאָנט אײַך, אינזשיניער, האָט איר זיך אין אַ געוויסער מאָס געזעגנט מיט מיר, יאָ, ס'האָט געהאַט אין זיך עפּעס ענלעכס דערצו. נו, איצט איז מיין ריי. ווי איר קוקט מיך אָן, מיינע הערן, בין איך געקומען אײַך זאָגן זייט געזונט. איך פאַרלאָז די סאַנאַטאָריע.

ביידע זיינען געוואָרן געוואַלדיק פאַרוואונדערט.

— אוממעגלעך! דאָס איז אַ וויץ! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אַרויף געטאָן, ווי ער האָט עס אַרויף געטאָן אַמאָל ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. ער איז כמעט געווען אַזוי דערשראָקן, ווי דעמאָלט. אָבער סעטעמבריני האָט געענטפערט:

— לחלוטין נישט, ס'איז אַזוי ווי איך זאָג אײַך. אגב, איז די ידיעה פאַר אײַך נישט אומגעריכט. איך האָב אײַך ערקלערט, אַז אין דעם מאָמענט, ווען איך וויל זיך מייאש זיין צוריקצוקערן אין אַ באַשטימטער צייט צו דער וועלט פון אַרבעט, וועל איך עוקר זיין פון דאַנען און וועל מיך אויף שטענדיק איינאָרדענען ערגעץ אין דער געגנט באַזונדער. וואָס ווילט איר — דער דאָזיקער מאָמענט איז געקומען. איך קאָן מער נישט אויסגעהיילט ווערן, ס'איז זיכער. איך קאָן איבערקומען די פאָר יאָר, אָבער נאָר דאָ. דער פּסק-דין, דער ענדגילטיקער פּסק-דין איז — אויפן גאַנצן לעבן. הויפראַט בערענס האָט עס מיר אָנגעזאָגט מיט זיין אייגנטימלעכער אויפגערוימטקייט. מילא, גוט, איך צי דערפון אַרויס די קאָנסעקווענצן. כ'האָב מיר שוין געדונגען אַ דירה, איך גרייט מיך שוין איבערצוטראָגן אַהין מיין קליין ערדיש פאַרמעגן, מיין ליטעראַרישן וואַרשטאַט... ס'איז אַפילו נישט ווייט פון דאַנען, אין „דאָרף", מיר וועלן זיך טרעפן איינס דאָס אַנדערע, אַוודאי, איך וועל אײַך נישט פאַרלירן פון די אויגן. אָבער ווי אַ סאַנאַטאָריע-שכן האָב איך דעם כבוד זיך געזעגענען מיט אײַך.

אַזוי האָט סעטעמבריני געמאָלדן דעם ערשטן טאָג פּסח. די קוזינען זיינען געווען דערפון, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אויסערגעוויינלעך געריהרט. זיי האָבן נאָך לאַנג און עטלעכע מאָל גע-

שמועסט מיט דעם ליטעראַט וועגן זיין באַשלוס, וועגן דעם, ווי אַזוי
ער וועט פּריוואַט קאָנען פירן זיין קוראַציע, וועגן דעם מיטנעמען
און ווייטער פירן די ברייט=פאַרצווייגטע ענציקלאָפּעדישע אַרבעט, וועל=
כע ער האָט גענומען אויף זיך: דער איבערזיכט איבער אַלע שיין=
גייסטיקע מייסטער=ווערק פונם קוק=פונקט פון די ליידן און זייער
אויסראָטונג. זיי האָבן אויך גערעדט וועגן זיין צוקונפטיקער קוואַרטיר
אינם הויז פון אַ „בשמים=קרעמער“, ווי הער סעטעמברינו האָט זיך
אויסגעדריקט. דער בשמים=קרעמער, האָט ער דערציילט, האָט דעם
איבערשטן טייל פון זיין נחלה פאַרדונגען אַ בעמישן דאַמען=
שניידער און יענער פון זיין זייט נעמט אָן סובלאָקאַטאָרן... אָבער דער
דאָזיקער שמועס איז שוין אַ פאַרגאַנגענע זאַך. די צייט
איז אַוועק ווייטער און אויסגעצייטיקט נישט איין פאַרענדערונג. סע=
טעמברינו האָט פאַקטיש מער נישט געוואוינט אין דער אינטער=
נאַציאָנאַלער סאַנאַטאָריע „בערגהאָף“, נאָר ביי לוקאַטשעק, דעם
דאַמען=שניידער — שוין זינט עטלעכע וואָכן. ער איז אַוועק פון
דאַנען נישט אין אַ שליטן, נאָר צופוס, אין זיין קורצן, געלן
פּאַלטאָ, וואָס איז ביים קאָלנער און ביי די אַרבל געווען אַ ביסל באַ=
נייט מיט פוטער. עס האָט אים באַגלייט אַ מענטש, וואָס האָט אויף
אַ האַנט=וועגעלע געפירט דעם שריפטשטעלערס ליטעראַרישע און
ערדישע פּעקלעך. שוין שטייענדיק אונטערן פּאָרטאַל האָט ער מיט
צוויי פינגער אַ קניפּ געטאָן אַ זאַל=טאָכטער ביי דער באַק... דערנאָך
האָט ער זיך געלאָזט גיין און דערביי געוואונקען מיטן שטעקן. דער
אַפּריל, ווי מיר האָבן געזאָגט, איז שוין אין דעם גרעבסטן טייל, אַ
דריי פערטל, געלעגן אין שאָטן פון דער פאַרגאַנגענהייט. ס'איז
נאָך, וואָס אמת, געווען טיפער ווינטער, אוודאי. אינדערפרי איז
אין צימער געווען נישט מער ווי זעקס גראַד וואַרעמקייט, אינדרויסן
האָט די קעלט געהאַלטן ניין גראַד. אויב מ'האָט געלאָזט שטיין דאָס
טינטערל איבער נאַכט אויפן באַלקאָן, איז די טינט געפרוירן גע=
וואָרן אויף אַ שטיק אייז, אויף אַ שטיק שטיין. אָבער דער פרילינג
האָט זיך דערנענטערט, דאָס האָט מען געוואוסט. בייטאָג, ווען די
זון האָט געשיינט, האָט מ'עז דאָ און דאָרט געשפּירט אַ גאַנץ שטילן,
גאַנץ צאַרטן אָנזאָג פון אים. די תקופה פון שניי=שמעלץ האָט זיך

אינגיכן געדאַרפט אָנהייבן און דאָס האָט געהאַט אַ גרויסע שייכות מיט די פאַרענדערונגען, וואָס קומען כּסדר פאָר אין „בערגהאָף“. עס קאָן זיי אַפילו נישט אָפּהאַלטן די אויטאָריטעט און דאָס לעבע־דיקע וואָרט פונם הויפראַט, וואָס באַקעמפט דעם פּאָפּולערן פאָר־אורטייל קעגן שניי־שמעלץ אין זאַל און אין די צימערן, ביי יעדער אונטערזוכונג, ביי יעדן וויזיט און מאָלצייט.

צי האָט ער צו טאָן מיט ווינטער־ספּאָרטמענטשן — פרעגט ער— אָדער מיט קראַנקע, מיט פּאַציענטן? צו וואָס אַזוינס דאַרפן זיי דווקא האָבן דעם שניי, דעם געפרוירענעם שניי? די צייט פון שניי־שמעלץ איז נישט גינציק? פאַרקערט, זי איז די כּמעט גינציקסטע! מ׳קאָן באַווייזן, אַז אין אָט דער צייט זיינען אין דער געגנט פאַראַן פּראָפּאָרציאָנעל וויניקער פּאַציענטן, וואָס מוזן ליגן, ווי אַ גאַנץ יאָר! אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט איז דאָס איבערגייענדיקע וועטער פון דער צייט אַ סך ערגער פאַר לונגען־קראַנקע, ווי דאָ! ווער ס׳האָט אַ פונק פאַרשטאַנד, דער בלייבט און נוצט־אויס די פאַר־האַרטעווענדיקע ווירקונג פון היגן קלימאַט. אַזעלכער וועט דערגאָן זיין אויסהאַלטעוודיק קעגן אַלץ אין דער וועלט, פאַרהאַרטעוועט קעגן יעדן קלימאַט, — בתּנאי, אַז מ׳וואַרט אָפּ ביז מ׳היילט זיך אינגאַנצן אויס. אַזוי רעדט ער און נאָך פאַרשידן. אָבער דעם הויפראַטס רייד פועלן וויניק. די איינריידענישן וועגן דער צייט פון שניי־שמעלץ זיצן פעסט אין די מוחות, דאָס קוראָרט ווערט דעמאָלט אַלץ ליי־דיקער. ס׳קאָן גאַנץ מעגלעך זיין, אַז דער פרילינג, וואָס דערנענטערט זיך, צערודערט אַזוי די פּאַציענטן און איז גורם, אַז מענטשן, וואָס קאָנען זיצן אויף אַן אָרט, זאָלן ווערן אומרויִק און בענקען נאָך פאַרענדערונגען. אַלנפאַלס האָבן זיך אין דער סאַנאַטאָריע „בערגהאָף“ כּסדר געמערט די „ווילדע“ און „נישט־ריכטיקע“ נסיעות אַהיים אַזוי, אַז ס׳האָט אַרויסגערופן ערנסטע געדאַנקען. צום ביישפּיל: די פרוי סאַלאָמאָן. נישט געקוקט אויף דעם פאַרגעניגן, וואָס זי האָט גע־האַט פון דער אונטערזוכונג גופא און פון דעם קאָנען באַווייזן זיך אין דער שענסטער שפּיצן־וועש, איז זי פונדעסטוועגן אַוועקגע־פאָרן אויף אַ פולשטענדיק ווילדן און נישט־ריכטיקן אופן. נישט ווייל דער דאָקטאָר האָט איר ערלויבט און נישט ווייל ס׳איז איר

געווען בעסער, נאָר ווייל ס'איז איר געוואָרן אַלץ ערגער. זי איז געקומען אַהער אַ סך פריער פאַר האַנס קאַסטאָרפּן. ס'איז שוין געווען לענגער ווי אַ יאָר, אַז זי איז אָנגעקומען אַהער — מיט אַ גאַנץ לייכטער אַפעקציע און מ'האָט איר באַשטימט דריי חדשים. נאָך פיר חדשים האָט מען איר געזאָגט, אַז „אין פיר וואָכן וועט זי זיכער געזונט ווערן". אָבער מיט זעקס וואָכן שפּעטער האָט שוין בכלל נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן דעם, אַז זי איז אויסגעהיילט. זי מוז, האָט מען געזאָגט, בלייבן מינדסטנס נאָך פיר חדשים. אַזוי האָט זיך עס געצויגן. אוודאי, ס'איז דאָך דאָ נישט קיין „באַגנאָ" און קיין קאַטאָרגע. פרוי סאַלאָמאָן איז געבליבן און זיך באַוויזן מיט איר פיינסטער אונטערוועש. אָבער ביי דער לעצטער אונטערזוכונג, פאַר דער שניי־שמעלצונג, האָט מען איר געגעבן אַ נייעם צולאָג פון פינף חדשים צוליב דעם, ווייל ס'פייפט ביי איר לינקס אויבן און צוליב זייער דייטלעכע טענער אונטערן לינקן אַקסל. דאָ האָט שוין איר גערולד געפּלאַצט און זי איז אַוועקגעפאָרן אַהיים, קיין אַמסטערדאַם, אין דער ווינטיקער שטאָט ביים וואַסער, פול מיט פּראָטעסט אין זידלענדיק „דאָרף", „פּלאַץ, די באַרימטע לופט, די אינטערנאַציאָנאַלע סאַנאַטאָריע „בערגהאָף" און די דאָקטוירים.

האָט זי געטאָן קלוג? דער הויפראַט בערענס האָט אַ הייב געטאָן די אַקסלען און די אָרעמס און זיי צוריק אַראָפּגעלאָזט איבער די פיס־שענקלען מיט אַ קלאַפּ. שפּעטסטנס אין האַרבסט — האָט ער געזאָגט — וועט פרוי סאַלאָמאָן ווידער צוריקקומען — אָבער דעמאָלט שוין אויף שטענדיק. צי ס'וועט זיך אַרויסווייזן, אַז ער איז גערעכט? דאָס וועלן מיר זען. מיר זיינען נאָך אויף אַ לענגערער שטיקל צייט צוגעבונדן צו דעם דאָזיקן קוראָרט. אָבער די מעשה מיט דער פרוי סאַלאָמאָן איז נישט געווען קיין איינציקער פאַל. די צייט־טיקט אויס פאַרענדערונגען. זי האָט עס שטענדיק געטאָן, אָבער פּאַמעלעכער, נישט אַזוי אויפפאַלנדיק. אין עס־זאַל האָבן זיך באַוויזן בלויזן, בלויזן ביי אַלע זיבן טישן, ביים גוטן רוסן־טיש און ביים שלעכטן, ביי די טישן, וואָס שטייען אין דער לענג און ביי יענע, וואָס אין דער ברייט. דאָס האָט נאָך נישט געגעבן קיין קלאָרן בילד וועגן דער פרעקווענץ פון דער סאַנאַטאָריע. ווי אַלעמאָל, איז

מען אויך אָנגעקומען. די צימערן זיינען אפשר געווען באַזעצט. אָבער דאָס זיינען געווען מענטשן, וועלכע האָבן אין די לעצטע סטאַדיעס פאַרלוירן זייער פרייע באַוועגלעכקייט. אין עס־זאַל האָט, ווי מיר האָבן געזאָגט, שוין נישט איינער געפעלט אַדאַנק דער נאָך פאַרבליבענער פריי־ער באַוועגלעכקייט. עמעץ האָט עס אַפילו געמאַכט אויף אַ באַזונדערס טיפן און שטילן אופן, אַ שטייגער ד״ר בלומענקאָל, וואָס איז פשוט געשטאָרבן. זיין פנים האָט אַלץ מער באַקומען דעם אויסדרוק, גלייך ער וואָלט געפילט עפּעס אַ שלעכטן טעם אין מויל, דערנאָך איז ער לאַנג געלעגן צו בעט און צום סוף געשטאָרבן — קיינער האָט נישט געקאָנט גענוי זאָגן ווען. מ׳האָט דעם ענין באַהאַנדלט מיט דער געוויינלעכער אָפּגעהיטנקייט און דיסקרעציע. ס׳איז נאָר געבליבן אַ בלויז. פרוי שטער איז געזעסן לעבן דעם בלויז און מורא געהאַט פאַר אים. דערפאַר האָט זי זיך איבערגעזעצט אויף דעם יונגן צימ־סענס זייט, אויפן פלאַץ פון מיס ראָבינסאָן, וועלכע איז אַהיימגע־שיקט געוואָרן אַן אויסגעהיילטע, קעגנאיבער דער לערערין, האַנס קאַסטאָרפּס שכנטע לינקס, וועלכע איז געבליבן פעסט אויף איר אָרט. זי איז געזעסן אינגאַנצן אַליין אין דער צייט פון איר זייט פון טיש, די איבעריקע דריי פלעצער זיינען געווען פריי. דער סטודענט ראַזומוסען, וואָס איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ נאַרישער און אָפּגעלאָזענער, איז געלעגן אין בעט און שוין געהערט צו די שווער־קראַנקע. די עלטער־מומע איז געהאַט אַרויסגעפאָרן מיט איר שוועס־טערן־טאָכטער און מיט דער הויך־ברוסטיקער מאַרוסיאַ. מיר זאָגן „אַרויסגעפאָרן״, ווי אַלע זאָגן עס דאָ. וואָרעם ס׳איז געווען אַ זי־כערע זאַך, אַז זיי וועלן בקורב מוזן צוריקקומען. אין האַרבסט וועלן זיי מוזן צוריקקומען — קאָן דאָס הייסן אַוועקגעפאָרן? דער שבועות רוקט זיך אָן און פון דעמאָלט צום לענגסטן זימער־טאָג וועט שוין זיין גאָר נאָענט. וועט נאָר אָנקומען דער לענגסטער טאָג, וועט עס שוין נעמען גיין שנעל באַרג־אַראָפּ, צו ווינטער־צו. בקיצור, די עלטער־מומע און מאַרוסיאַ זיינען כמעט שוין געווען צוריק דאָ און דאָס איז געווען אַ גוטע זאַך, ווייל די לאַכעדיקע מאַרוסיאַ איז לחלוטין נישט געווען אויסגעהיילט און געזונט. די לערערין האָט עפּעס געהאַט צו דערציילן. וועגן טובערקולאָזע געשווירן, וועלכע די

בּרוין=אויגיקע מאַרוסיאַ זאָל האָבּן אויף איר צעוואַקסענער בּרוסט
און וועלכע מ'זאָל שוין האָבּן אַ סך מאָל געמוזט אָפּערירן. בּשעת
די לערערין האָט גערעדט וועגן דעם, האָט האַנס קאַסטאָרפּ האַסטיק
אַ קוק געטאָן אויף יאָאַכימען, וועלכער האָט אַראָפּגעלאָזט זיין פּלע=
קיק=געוואָרן פּנים צום טעלער.

די פריילעכע עלטער=מומע האָט איינגעאָרדנט פאַר די טיש=
שכנים, וּבכן — די קוזינען, דער לערער און פרוי שטער -- אַ געזע=
געגענונג=סעודה אין רעסטאָראַן. אַ סעודה מיט קאַוויאַר, שאַמפּאַ=
ניער און ליקערן. יאָאַכים האָט זיך דאָ געהאַלטן זייער שטיל, ער
האָט בּלויז אַרויסגערעדט איינצלנע ווערטער מיט אַ שטיל קול, אַזוי,
אַז די מענטשן=פריינדלעכע עלטער=מומע האָט אים גענומען צוגעבּן
מוט און דערבּיי אים אַפילו געזאָגט „דו“ און עובר געווען אויף
דעם ציוויליזירטן בּאָן טאָן. — ס'איז גאָרנישט, פּאָטערל, מאַך דיר
גאָרנישט דערפון, נאָר טרינק, עס און רייד, מיר וועלן בּקרוב צוריק=
קומען — האָט זי געזאָגט — לאָמיר אַלע עסן, טרינקען, פּלוידערן און
לאָזן די עגמת=נפש לויפן. איידער מ'וועט זיך אומקוקן, וועט גאָט
בּאַשערן דעם האַרבּסט, זאָג אַליין, צי ס'איז דאָ אַ סיבּה צו האָבּן
עגמת=נפשן. צומאָרגנס האָט זי צעטיילט אויף אַן אָנדענק קאָליר'טע
שאַכטלען מיט „קאָנפעקטלעך“ כמעט אַלע געסט פון עס=זאַל און
דערנאָך איז זי אַ בּיסל אַרויסגעפאָרן מיט אירע בּיידע יונגע מיידלעך.

און יאָאַכים, ווי האָט עס געהאַלטן מיט אים? צי איז אים זינט דע=
מאָלט געוואָרן פרייער און לייכטער, אָדער ס'איז אים נאָך שווערער
געוואָרן אויף דער נשמה, ווען ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער
ליידיקער זייט פון טיש? צי האָט זיין נישט=געוויינלעכע און צעבּונ=
טעוועטע אומגעדולדיקייט און זיין דראַינג, אַז ער וועט אַוועקפאָרן
„ווילד“, אויבּ מ'וועט אים לענגער פירן בּיי דער נאָז, — צי האָט
דאָס אַלץ געהאַט אַ שייכות צו מאַרוסיעס נסיעה? און אפשר איז
ער טאַקע לעת=עתה נאָך נישט אַוועקגעפאָרן און צוגעהערט זיך צום
הויפּראַטס שבחים וועגן דער צייט פון שניי=שמעלץ נאָר דערפאַר,
וואָס די הויך=בּוזעמדיקע מאַרוסיאַ איז נישט ערנסט אַוועקגעפאָרן,
נאָר בּלויז אַ בּיסל אַרויסגעפאָרן און וועט אין פינף חדשים אַרום (די

קלענסטע צייט=מאָסן דאָ=הי) צוריקקומען? אַך, ס'איז געווען אַלץ צוזאַמען, אַלץ אין אַ גלייכער מאָס. האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס זיך געקאָנט פאָרשטעלן, כאָטש ער האָט מיט יאָאַכימען קיינמאָל נישט גערעדט וועגן דעם ענין. ער האָט זיך שטרענג געהיט דערפון, אַקוראַט ווי יאָאַכים האָט אויסגעמיטן צו דערמאָנען דעם נאָמען פון אַן אַנדערער אַרויסגעפאָרענער...

אָבער ווער האָט זיך דערווייל אַוועקגעזעצט בײַ סעטעמברינים טיש, טאַקע אויף דעם איטאַליענערס אָרט — ווער איז דאָרטן געזעסן זינט נישט לאַנג צוזאַמען מיט האָלענדישע געסט, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ ריזיקן אַפּעטיט, אַז יעדער איינער האָט אין אָנהייב פון געוויינלעכן פינף=שפּייזיקן מיטאָג נאָך פאַר דער זופּ געהייסן דערלאַנגען זיך דריי געפּרעגלטע אייער? עס איז געווען אַנטאָן קאַראָלאָוויטש פערגע, ער, וואָס האָט דורכגעלעבט די טייוולאָנישע לונגען=צעטרייסלונג. יאָ, האַר פערגע איז אויפגעשטאַנען פון בעט. כאָטש מ'האָט אים נישט אַריינגעזעצט קיין פּנעאומאָטאָראַקס, איז זיין מצב געוואָרן אויף אַזויפיל בעסער, אַז ער האָט זיך דעם גרעסטן טייל פון טאָג אַרומגעדרייט אַן אָנגעטוענער. ער איז אויך געקומען אין עסזאַל אויף די מאָלצייטן מיט זיינע גוטמוטיקע בערשטלדיקע וואָנסעס און מיט זיין אַרויסגעזעצטן גאָרגל, וואָס האָט אים אויך צוגעגעבן גוטמוטיקייט. די קוזינען האָבן טיילמאָל געשמועסט מיט אים אין זאַל און אין דער האַלע. אויך אויף די רעגולאַמין=שפּאַצירן פלעגן זיי פון צייט צו צייט אַרויסגיין מיט אים צוזאַמען. זיי האָבן געפילט אין האַרץ אַ סימפּאַטיע פאַר דעם פּשוטן ליידנדיקן, וועלכער זאָגט אָפּ, אַז ער האָט קיין שום ידיעות נישט אין הויכע זאַכן. אָבער נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער הקדמה, האָט ער פונדעסטוועגן זייער וואויל דערציילט וועגן פאַבריקאַציע פון גומי=שיך און וועגן ווייטע געביטן פון דער רוסישער מדינה, וועגן סאַמאַרע און גרוזיע, בעת זיי האָבן צוזאַמען אַרומגעטשאַפּעט אין נעפּל און אין שנייִקער בלאָטע.

וואָרעם אויף די וועגן האָט מען קוים געקאָנט גיין איצט, אַלץ איז פולשטענדיק צערונען און די נעפּלען האָבן זיך געקנוילט. דער הויפראַט האָט אַפילו געזאָגט, אַז ס'זיינען נישט קיין נעפּלען, נאָר וואָלקנס. אָבער דאָס איז סתם אַ שפּיל פון ווערטער — אַזוי

האָט האַנס קאַסטאָרפּ געהאַלטן. דער פרילינג האָט געפירט אַ שווערן קאַמף, וואָס האָט זיך געצויגן חדשים-לאַנג ביז אין יוני אַריין און אפשר הונדערט מאָל איז מען צוריק אַ פּאַל געטאָן אין טאַטע האַרבן ווינטער אַריין. שוין אין מערץ, אויב די זון האָט נאָר געשײַנט, איז אויף די באַלקאָנען און אין די ליג-שטולן געווען אַזוי הייס, אַז מ'האָט קוים געקאָנט אויסהאַלטן, כאָטש מ'איז געווען אָנגעטאָן זייער לײַכט און מ'האָט צעעפנט די זון-שירעמס. עס זײַנען אַפילו געווען דאַמען, וואָס האָבן שוין דעמאָלט געמאַכט זומער און אַרויסגעקומען צום ערשטן פרישטיק אין מוסלין-קליידער. מ'האָט ווי געקאָנט אין אַ געוויסער מאָס מוחל זײַן צוליב דעם היגן קלימאַט, וועלכער האָט איינגאַנצן צעטומלט און מעטעאָראָלאָגיש אויסגעמישט די צײַטן פון יאָר. אָבער אין דער דאָזיקער אײַלעניש האָט געשטעקט אויך אַ סך קורצזיכטיקייט און פאַנטאַזיעלאָזיקייט, יענע טיפּשות פון מענטשן, וואָס לעבן בלויז מיט דער רגע פון איצט און קאָנען זיך נישט פאָר-שטעלן, אַז ס'קאָן נאָך אַנדערש ווערן. קודם-כל האָט געטריבן דער-צו די גיריקייט נאָך אַן אָפּבײַט אין די אומגעדולדיקייט, וואָס פאַר-שלינגט שטיקער צײַט. אויפן קאַלענדאַר איז געווען מערץ, מ'איז גע-ווען פרילינג, ס'איז געווען אַזוי גוט ווי זומער און מ'האָט אַרויס-געשלעפּט די מוסלין-קליידער, כּדי זיך צו ווײַזן דערין, איידער ס'וועט אָנקומען דער האַרבסט. און דער האַרבסט האָט זיך טאַקע אָנגע-רוקט, אין אַ געוויסער מאָס. אין אַפּריל האָבן זיך געמאַכט טריבע, נאַס-קאַלטע טעג און דער שטענדיקער רעגן איז סוף-כל-סוף איבערגע-גאַנגען אין שניי, אין ווירבלענדיקן נײַעם שניי. אין די באַלקאָנען זײַנען די פינגער שטײַף געוואָרן, מ'האָט ווידער געמוזט אָנהייבן באַנוצן זיך מיט ביידע דעקעס פון קעמל-האָר. ס'האָט נישט געפעלט אַ סך, מ'זאָל זיך אַ נעם טאָן צום פעלץ-זאַק. די פאַרוואַלטונג האָט זיך דע-צידירט צו הייסן און יעדער איינער האָט זיך געקלאָגט, אַז דער פרילינג האָט אָפּגענאַרט. בײַם סוף חודש איז אַלץ געווען דיק באַשנייט. אָבער פּלוצלונג איז אויפגעקומען דער „פען"*, וועלכן ס'האָבן פאָרויסגעזאָגט און פאָרויסדערשנאַפּט די דערפאַרענע און עמפּינד-

* ווארעמער אלפּן-ווינט, וואָס קומט פון דרום און דרום-מזרח.

לעכע געסט. אי די פרוי שטער, אי די העלפאַנדביינפאַרביקע לעווי אי די אלמנה העסענפעלד האָבן אַיינשטימיק געטענהט, אַז זיי שפּירן אים נאָך איידער ס'האָט זיך באַוויזן דאָס מינדסטע וואָלקנדל איבער דעם שפּיץ פון גראַניט=באַרג אין דרום. פרוי העסענפעלד האָט תיכּף באַקומען אַ נייגונג צו ספּאַזמירן, די פרײלין לעווי האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין. די פרוי שטער האָט עקשנותדיק געשטשירעט מיט אירע האָזענע ציין און האָט שעהן לאַנג גערעדט וועגן דער אָבערגלויבערישער מורא, אַז זי וועט פּלוצלונג באַקומען אַ בלוט=שטורץ. ווייל מ'האָט דאָ געהאַלטן, אַז דער פעהן=ווינט רופט דאָס אַרויס. ס'האָט געהערשט אַן אומגלויבלעכע וואַרעמקייט, די הייצונג איז אויסגעלאָשן געוואָרן, מ'האָט איבער נאַכט געלאָזן אָפן די באַלקאָן=טירן און פונדעסטוועגן איז אין די צימערן אינדערפרי געווען עלף גראַד וואַרעמקייט. דער שניי איז צעגאַנגען געוואַלדיק גיך, ער האָט באַקומען אַן אַייז=קאָליר, איז געוואָרן שוואָמיק און צעלעכערט. די קופּעס האָבן זיך אַראָפּגעפּלאַטשט און האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן פאַרקריכן אין דער ערד אַריין. אומעטום האָט מען געהערט אַ קריצן, סקריפּען און ריגלען, אין וואַלד האָט געקאַפּעט און געגאָסן. די אָפּגערייניקטע שטעגלעך אין די גאַסן, די בלייכע טעפּעכער אויף די לאָנקעס זיינען פאַרשוואונדן, כאָטש ס'איז געלעגן אָנגעלייגט אַ צו גרויסע מאַסע, כּדי ס'זאָל געשען גיך. גייענדיק שפּאַצירן לויטן רעגולאַמין האָט מען אָנגעטראָפן אויף וואונדערלעכע בילדער, איבעראַשונגען פון פריילינג, פרעכטיקע, קיינמאָל נאָך נישט געזעענע. אַ ברייטער שטח לאָנקע איז געלעגן אָפּגערייניקט. אין הינטערגרונט האָט זיך אויפגעהויבן דער קיילעכיקער שוואַרצהאָרן, נאָך אינגאַנצן באַדעקט מיט שניי, מיט דעם נאָך טיף=פאַרשנייטן סקאַרלעטאַ=גלעטשער רעכטס אין דער נאָענט. אויך אויפן גלייכן פעלד מיט די סטויגן היי איז נאָך דאָ און דאָרט געלעגן שניי, כאָטש דער שיכט איז געווען אַ דינער און אַ שיטערער, איבערגעריסן דאָ און דאָרט פון רויע און טונקעלע ערטער, וואו די ערד איז העכער און אומעטום האָבן זיך דורכגעשטאָכן טרוקענע גרעזער. אָבער די שפּאַצירנדיקע האָבן אויסגעפונען, אַז די דאָזיקע פאַרשנייטקייט אויף דער לאָנקע איז עפּעס נישט אַ רעגלמעסיקע. אין דער ווייט, קעגן די וואַלדיקע שיפּועים איז דער שניי געלעגן גע-

דיכטער, אין פאָדערגרונט דערפאַר, פאַר די אויגן, איז דאָס ווינטערדיק אויסגעטריקנטע און אָפּבלאַקירטע גראָז געווען בלויז באַשפּרענקלט מיט שניי, באַשפּריצט און באַבלימט... זיי האָבן זיך נעענטער צוגעקוקט דערצו, זיי האָבן זיך שטוינענדיק איבערגעבויגן איבער דעם — ס'איז נישט געווען קיין שניי, ס'זיינען געווען בלומען, שניי=בלומען, בלומען=שניי, קורץ=שטענגלדיקע קליינע בעכערלעך, ווייסע אין ווייס=בלוילעכע ס'איז געווען קראָקוס, ערנוואָרט, עס האָט אַרויסגעשפּראָצט אין די מיליאָנען פון דער אַיינזאַפּנדיקער לאָנקע=ערד, אַזוי געדיכט, אַז מ'וואָלט עס געקאָנט אינגאַנצן אָננעמען פאַר שניי. פון דער ווייטנס איז ער טאַקע איבערגעגאַנגען אין שניי נישט צום דערקענען.

זיי האָבן געלאַכט פון זייער טעות, האָבן געלאַכט פון פרייד צוליב דעם וואונדער פאַר זייערע אויגן, צוליב דער ליבלעך=ציטערנדיקער נאָכמאַכנדיקער צופּאַסונג פון דעם ערשט אַרויסגעשפּראָצטן אָרגאַנישן לעבן. זיי האָבן אָפּגעפליקט עטלעכע בלימלעך, האָבן זיי באַטראַכט און זיך אַיינגעקוקט אין די צאַרטע בעכער=פאָרמען. זיי האָבן די בלימלעך אַריינגעשטעקט אין די קנעפּ=לעכלעך, האָבן זיי אַהיימגעטראָגן, אַריינגעשטעלט זיי אין גלעזער וואַסער אין די צימערן. ווייל די נישט=אָרגאַנישע פאַרגליווערטקייט פון מאָל האָט געדויערט לאַנג — לאַנג, כאָטש, דוכט זיך, אויך קורץ.

אָבער דער בלומען=שניי איז צוגעדעקט געוואָרן מיט אמתדיקן שניי, דאָס זעלבע איז געשען מיט די בלויע סאָלדאַנעלן און מיט די געלע און רויטע פּרימעלן, וואָס זיינען אַרויס נאָך זיי. יאָ, ווי שווער ס'איז אָנקומען דעם פרילינג זיך דורכצוקעמפן אַ וועג און בייצוקומען דעם היגן ווינטער! צען מאָל איז ער צוריקגעשטויסן געוואָרן, ביז ער האָט זיך געקאָנט אַוועקשטעלן מיט אַ פוס דאָ אויבן — יעדעס מאָל האָט אויפסניי אויסגעבראָכן דער ווינטער מיט ווייסן שניי=רעגן, אַייזיקן ווינט און מיט דער צענטראַליער באַהייצונג. אין אָנהייב יאָר (ווייל בשעת מיר האָבן אַזוי דערציילט וועגן די שניי=בלומען, איז דערווייל געוואָרן מאַי) איז פשוט געווען פיינלעך=שווער אָנצושרייבן אויפן באַלקאָן אַ פּאָסט=קאַרטל אַהיים, אַזוי האָבן ווי=געטאָן די פינגער פון דער האַרבער נאָוועמבערדיקער נאַסקייט. די דריטהאַלבן בלעטער=ביימער פון דער געגנט זיינען נאָך אַלץ

געווען לײַדיק, ווי אונטן אין יאַנואַר. טעג=לאַנג האָט געדויערט דער רעגן, אַ וואָך לאַנג האָט ער געגאָסן. ווען נישט דאָס, וואָס די היגע ליג=שטולן זײַנען געווען אַזעלכע אויסגעצייכנטע, וואָלט געווען זייער שווער צו פאַרברענגען אַזויפיל שעהן אויף דער לופט אין וואָלקן=נעפל, מיט אַ נאַס, פאַרגליווערט פנים פון קעלט. אָבער אין תוך איז עס געווען אַ פרילינגדיקער רעגן אָט=דער און וואָס לענגער ער האָט געדויערט, אַלץ מער און מער האָט מען דערקאָנט, אַז אַזוי איז. כמעט דער גאַנצער שניי איז צעגאַנגען אונטער אים. מ'האָט מער נישט געזען קיין ווייסע שטחים, בלויז דאָ און דאָ אַ שמוציקער אײַז=גרויער פלעק. איצט האָבן די לאָנקעס אויף אַן אמת אָנגעהויבן צו גרינען!

ווי אָנגענעם און גוט אָט די גרינקייט איז געווען פאַרן אייג נאָך דער אומענדלעכער ווײַסקייט! אָבער ס'איז דאָ געווען נאָך אַן אַנדערע גרינקייט, אַזעלכע, וואָס האָט מיט איר צאַרטקייט און ליבלעכער ווייכקייט ווײַט איבערגעשטיגן די גרינקייט פון פרישן גראָז. דאָס זײַנען געווען די יונגע נאָדל=קוסטן פון לערכן=ביימער. אויף די רעגולאַמין=שפּאַצירן האָט האַנס קאַסטאָרפּ זיי כמעט יעדעס מאָל געצערטלט מיט דער האַנט און געגלעט מיט זיי זײַנע באַקן — אַזוי שטאַרק ליבלעך זײַנען זיי געווען מיט זייער ווייכקייט און פרישקייט. — מ'קאָן דאָ ווערן אַ באָטאַניקער — האָט דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט צו יאָאַכימען. — מ'קאָן באמת און אויף וואָר באַקומען חשק צו דער דאָזיקער וויסנשאַפט בלויז צוליב דער הנאה, בעת מ'קוקט זיך צו, ווי די נאַטור וועקט זיך נאָך אַ היגן ווינטער דאָ אויבן. דאָס, וואָס דו זעסט אויפן שיפּוע, איז ענציאַן, מענטש אײנער, און יענץ איז אַ מין קליינע, געלע פיילכן, כ'ווייס נישט וואָס פאַראַ. אָבער דאָ האָבן מיר אויך יאַסקרעס, אונטן זעען זיי אויך נישט אויס אַנדערש, פון דער משפחה ראַנונקולאַצעען, ווי מיר דוכט זיך, אַ באַזונדערס רייצנדיקע פלאַנץ, אַן אַנדראָגינוס אגב. דו האָסט דאָ אַ מאַסע שטויב=געפעסן און אַ היפּשע צאָל פרוכט=שטענגלעך, אַ אַנדרעצעאום* און אַ גינעצעאום**, אויף וויפיל ס'איז מיר געבליבן

* באָטאַנישע באַצייכענונג פאַר מענלעכע געשלעכט=אָרגאַנען.

** באָטאַנישע באַצייכענונג פאַר ווייבלעכע געשלעכט=אָרגאַנען.

אין זיכּרון. דוכט זיך מיר, אַז כ׳וועל זיכער כאַפּן אַ קוק אין אַ בּאָ=טאַניש האַנט=בּוך, כּדי מיך בּעסער צו אָריענטירן אין דעם דאָזיקן לעבּנס=און וויסן=געבּיט. יאָ, עס ווערט שיין אויף דער וועלט!

— ס׳וועט נאָך שענער זיין אין יוני — האָט יאָאַכים געזאָגט— די הינע לאָנקע=בּלומען האָבּן אַ שם. אָבּער איך גלויבּ נישט, כ׳זאָל אָפּוואַרטן בּיז דעמאָלט. מסתמא האָט דיך קראָקאָווסקי אַרויפגעפירט אויף דעם געדאַנק צו שטודירן בּאָטאַניק.

— קראָקאָווסקי? וואָס מיינט ער? אַך אַזוי, ס׳איז אים איינגעפאַלן דערפאַר, ווייל לעצטנס האָט קראָקאָווסקי אויף איינעם פון זיינע רעפעראַטן געשמועסט וועגן בּאָטאַניק. וואָרעם דער, וואָס וואָלט מיינען, אַז די פאַרענדערונגען, וועלכע די צייט האָט אויסגעצייטיקט, זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ד״ר קראָקאָווסקי האָט אַזש אויפגעהערט האַלטן זיינע דרשות — דער האָט אַ טעות! ער האָט זיי ווייטער געהאַלטן יעדע פערצן טעג, ווי אַמאָל, אינם סורדוט, כאָטש נישט מער אין קיין סאַנדאַלן, וועלכע ער האָט געטראָגן בּלויז זומער און וועלכע ער וועט בּקרוב מסתמא ווידער טראָגן. ער האָט זיי געהאַלטן יעדן צווייטן מאָנטאָג אין עס=זאַל, ווי אין די ערשטע טעג, דעמאָלט ווען האַנס קאַסטאָרפּ איז געקומען צו שפּעט, אַן אויסגעשמירטער מיט בּלוט. אין משך פון דריי פערטל יאָר צייט האָט דער אַנאַליטיקער גערעדט וועגן ליבּע און קראַנקהייט — נישט אַ סך אויף איין מאָל, נאָר אין קליינע פּאָרציעס, אין האַלבּע=בּיז דריי=פערטל=שעהדיקע שמועסלעך האָט ער אַרויסגעלייגט די אוצרות פון זיין וויסן און געדאַנק. יעדער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער וועט קיינמאָל נישט דאַרפן אויפהערן, ער וואָלט אַזוי געקאָנט שטענדיק און אייבּיק ציען דאָס אַלץ. דאָס איז געווען אַ מין צוויי=וועכנטלעכער „טויזנט און איין נאַכט״, וואָס ציט זיך פון מאָל צו מאָל, לויז געבּונדן און אַקוראַט ווי שעכערעזאַדעס מעשהלעך, געאייגנט צו בּאַ=רויקן אַ נייגעריקן פירשט און אים אָפּצוהאַלטן פון גוואַלד=טאַטן. ד״ר קראָקאָווסקיס שמועס אָן אַ בּרעג האָט מיט זיין טעמע דערמאָנט אין יענער אונטערנעמונג, בּיי וועלכער סעטעמבּריני האָט מיטגע=אַרבּעט: אין דער ענציקלאָפּעדיע פון ליידן. ווי ווייט דער שמועס האָט געקאָנט פאַרקריכן, האָט מען געקאָנט זען דערפון, וואָס לעצטנס

האָט דער רעפערענט גאָר גערעדט וועגן באָטאַניק, גענויער: וועגן שוואָמען... אגב, האָט ער אפשר פאָרט אַ ביסל געטוישט די טעמע. איצט האָט ער מער גערעדט וועגן ליבע און טויט, וואָס האָט גע־געבן אַ געלעגנהייט טיילוויז צו באַטראַכטונגען מיט אַ צאַרט־פּאָעטישן חותם, טיילוויז צו שטרענג־וויסנשאַפטלעכע. אין שייכות דערמיט איז, הייסט עס, דער געלערנטער מיט זיין מזרחדיק־שלעפּנדיקן אַק־צענט און מיט זיין ווייכער „ר" געקומען צו באָטאַניק, דאָס הייסט צו די שוואָמען — צו אָט די רייכע און פאַנטאַסטישע שאָטן־באַשע־פעניש פון אָרגאַנישן לעבן, פליישיק בטבע און זייער נאָענט פון דער חיות־וועלט: פּראָדוקטן פון חיהשן שטאָף־וועקסל, אייוויים, אַלי־קאָגען, אַנימאַלישער קראָכמאָל — דאָס אַלץ איז אין זיי פאַראַן. ד"ר קראָקאָווסקי האָט גערעדט וועגן אַ שוואָם, וואָס איז באַרימט נאָך זינט דעם קלאַסישן אַלטערטום מיט זיין פאָרם און מיט די כוחות, וועלכע ער האָט צוליב דעם געזאָלט באַזיצן. עס איז אַ שוואָם, וואָס אין זיין לאַטיינישן נאָמען איז פאַראַן דאָס ביוואָרט impudicus*. זיין געשטאַלט דערמאָנט אין דער ליבע, אָבער זיין ריח -- אין טויט. ווארעם בעת פון דעם גלאָק־פאָרמיקן קאַפּעליוש רינט אַראָפּ דער גרינלעכער, שטאַרקער שליים, וואָס דעקט אים צו און וואָס אַנטהאַלט אין זיך די זוימען, פילט זיך באמת אַ אויספאַלנדיקער ריח פון מת. ביי עם־הארצים גילט נאָך אָט דער שוואָם עד־היום ווי אַן אַפראָדיזיש** מיטל.

נאָ, דאָס איז געווען אַ ביסל צו שטאַרק פאַר די דאַמען — האָט געהאַלטן דער פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט, וועלכער איז דאָ גע־בליבן איבער דער שניי־שמעלץ, מאָראַליש געשטיצט הינרך דעם הויפראַטס פּראָפּאַגאַנדע. די פרוי שטער, וועלכע האָט זיך אויך דאָ געהאַלטן כאַראַקטערפול און פעסט און וועלכע האָט זיך קעגנ־געשטעלט יעדן נסיון פון אַ ווילדן אַרויספאָר — אָט־די פרוי שטער האָט זיך אויסגעדריקט ביים טיש, אַז היינט איז קראָקאָווסקי געווען באמת „אָבסקור" מיט זיין קלאַסישער שוואָם. „אָבסקור", האָט זי

* טמא.

** מיטל קעגן אימפּאָטענץ.

געזאָגט, די אומגליקלעכע, און מבזה געווען איר קראַנקהייט מיט שרעקלעכע עם־הארצותן. האַנס קאַסטאָרף האָט זיך בלויז געוואונדערט, הלמאַי יאָאַכים האָט דאָ אַריינגעמישט ד"ר קראָקאָווסקי און זיין באָטאַניק. וואָרעם אייגנטלעך האָבן זיי אַקוראַט אַזוי ווייניק גערעדט וועגן דעם אַנאַליטיקער ווי וועגן קלאַוודיאַ שאָשאַ אָדער וועגן מאַרוסיאַ. זיי פלעגן אים נישט דערמאָנען, זיי זיינען איבערגעגאַנגען איבער אים און זיין ווירקונג אין דער סאַנאַטאָריע מיט שטילשווייגן. אָבער איצט האָט יאָאַכים דערמאָנט דעם אַסיסטענט, מיט אַ קאַפּריזנע טאָן, אַקוראַט ווי זיין באַמערקונג, אַז ער וויל נישט אָפּוואַרטן ביז די לאָנקע וועט זיך פולשטענדיק צעבליען, האָט געקלונגען קאַפּריזנע. דער וואוילער יאָאַכים האָט, אַפּנים, געהאַלטן ביי פאַרלירן דאָס גלייכגעוויכט. זיין קול האָט ביים ריידן געציטערט פון צערייצטקייט, ער איז לחלוטין מער נישט געווען דער, וואָס אַמאָל אין זיין מילדקייט און באַקלערטקייט. צי האָט אים געפעלט דער פּאָמעראַנצן־פּערפום? צי האָט אים די מעשה מיטן גאָפקי־נומער דערפירט צו פאַרצווייפלונג? קאָן ער נישט קומען מיט זיך אַליין צו אַ טאָלק, צי ער זאָל אָפּוואַרטן ביזן האַרבסט אָדער אַוועקפאָרן אָן ערלויבעניש?

פאַקטיש איז געווען נאָך עפּעס, צוליב וואָס יאָאַכימס קול האָט אַזוי געציטערט און צוליב וואָס ער האָט דערמאָנט די באָטאַנישע לעקציע פון אַנומלט כמעט מיט חוזק. פון דעם דאָזיקן עפּעס האָט האַנס קאַסטאָרף גאָרנישט געוואוסט, אָדער בעסער: ער האָט נישט געוואוסט, אַז יאָאַכים ווייסט דערפון. וואָרעם ער אַליין, דער דאָזיקער גאַסט אויף אַ וויל, אָט דאָס ציטערדיקע קינד פון לעבן און פון דער פּעדאַגאָגיק, — ער האָט נאָך צו גוט געוואוסט וועגן דעם. בקיצור, יאָאַכים האָט זיין קוזין דערטאַפּט ביי עפּעס, ער האָט אים פלוצלונג געפּאַקט ביי אַ פאַרראַט, ענלעך צו יענעם, וועלכן ער איז באַגאַנגען אין דער קאַרנאַוואַל־נאַכט. ס'איז געווען אַ נייע אומטרייקייט און נאָך פאַרשאַרפט צוליב דעם, וואָס ס'האָט נישט געקאָנט זיין קיין שום ספק דערין, אַז האַנס קאַסטאָרף טוט דאָס כסדר.

צו דעם אייביק איינטאָניקן ריטם פון דעם צייט־לויף, צו דער קורצווייליק־פעסטער צעגלידערטקייט פון נאָרמאַל־טאָג, וואָס איז אַלע־

מאָל דער אייגענער, ענלעך צו זיך אַליין ביז פּאַרטווישונג און צע־מישונג, אידענטיש מיט זיך, איין שטייענדיקע אייביקייט, אַזוי אַז ס'איז שווער משיג צו זיין, ווי אַזוי קאָן דאָ אויסגעצייטיקט ווערן וועלכע ס'איז פאַרענדערונג, — צו אָט־דער אומבאַרירלעכער טאָג־טעגלעכער אָרדענונג האָט געהערט, ווי מ'קאָן זיך דערמאָנען, אויך דאָס, וואָס ד"ר קראָקאָווסקי איז יעדן טאָג צווישן האַלב פיר און פיר נאָכמיטאָג דורכגעגאַנגען אַרום־און־אַרום אַלע צימערן, דאָס הייסט: אַלע ליג־שטולן, ווייל ער איז געגאַנגען דורך די באַלקאָנען. געווען אַמאָל אַ צייט, ווען האַנס קאַסטאָרפּ איז געלעגן און געהאַט פאַרדראָס, הלמאי דער אַסיסטענט האָט אים איבערגעהיפּערט און זיך נישט געמאַכט פון אים קיין עסק. אָבער וויפיל נאָרמאַל־טעג ס'איז שוין אַוועק אין בערגהאָף זינט דעמאָלט! פון דעם אַמאָליקן גאַסט איז שוין לאַנג געוואָרן אַ חבר. ד"ר קראָקאָווסקי פלעגט אים אַפילו אָפט אַזוי אָנרופן בשעת זיינע קאָנטראָל־וויזיטן. דאָס מיליטערישע וואָרט מיט דער „ר", וועלכע ער פלעגט אַרויסברענגען אויף אַן עקזאָטישן אופן, אָנרירנדיק מיט דער צונג איינמאָל דעם האַרטן גומען, האָט אים, וואָס אמת, זייער נישט געפּאַסט צום פּנים, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אויסגעדריקט פאַר יאָאַכימען. דערפאַר האָט עס אים אָבער גאַנץ גוט געפּאַסט צו זיין קרעפּקער, מענלעך־לוס־טיקער האַלטונג, וואָס האָט אַרויסגעפאָדערט פריילעכן צוטרוי. כאָטש פון דער אַנדערער זייט איז זיין שוואַרצע באָרד און בלייך פּנים געשטאַנען אין סתירה צו דעם. אַלץ צוזאַמען האָט יעדעס מאָל אַרויסגערופן אַ חשד.

— נו, חבר, ווי גייטס, וואָס מאַכט מען! — פלעגט ד"ר קראָ־קאָווסקי זאָגן, אַריינקומענדיק פון רוסישן באַרבאַרישן פּאָרפאָלק אין צוגייענדיק צוקאָפּנס פון האַנס קאַסטאָרפּס ליג־שטול. האַנס קאַס־טאָרפּ, צו וועלכן קראָקאָווסקי האָט זיך ערשט נאָר־וואָס אָנגערופן, האָט געהאַלטן פאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט און געשמייכלט געפּייניקט־פריינדלעך פון דעם מיאוסן אופן פון ריידן. בשעת מעשה האָט ער באַטראַכט קראָקאָווסקיס געלע ציין, וואָס האָבן אַפּערגעקוקט פון זיין שוואַרצער באָרד. — זיך גוט אָפּגערוט? — האָט ד"ר קראָ־קאָווסקי געגרעדט ווייטער — די דיאַגראַמע פאַלט? זי איז גאָר גע־

שטיגן היינט? נו, ס׳מאַכט גאָרנישט אויס, ביז צו דער חתונה וועט זיך אַלץ אויסהיילן. אַ גוטן טאָג. — דאָס דאָזיקע יואָרט האָט אויך גע־קלונגען מיאוס, ווייל די „ג“ איז אַרויסגעקומען ווי אַ „ד“. באַלד דערנאָך איז ער אַריבער צו יאָאַכימען. ער האָט דאָך בלויז געדאַרפט אַרומגיין, אַ קוק טאָן, וואָס מ׳מאַכט — מער גאָרנישט.

טיילמאָל, וואָס אמת, איז ד״ר קראָקאָווסקי געבליבן לענגער, געשטאַנען מיט זיינע ברייטע אַקסלען, מענעריש צוגעשמייכלט און אַ ביסל געשמועסט מיט דעם חבר וועגן דאָס און יענץ, וועגן וועטער, וועגן אַרויספאָרנדיקע און אָנקומענדיקע, וועגן האַנס קאַסטאָרפס שטימונג, וועגן זיין גוטן אָדער שלעכטן הומאָר, אויך וועגן זיינע פּערזענלעכע ענינים, וועגן זיין אָפּשטאַם און פּערספּעקטיוון. צום סוף פלעגט ער זאָגן אַ „דוטן טאָג“ און גיין ווייטער. האַנס קאַסטאָרפ האָט צוליב אָפּבייט פאַרלייגט די הענט הינטערן קאָפּ און האָט אויך געענטפערט מיט אַ שמייכל אויף אַלעמען. ער איז, וואָס אמת, דערביי געווען דורכגעדרונגען פון דער מיאוסקייט פון יענעמס ריידן, אָבער פונדעסטוועגן האָט ער אים געענטפערט. זיי האָבן געשמועסט שטילערהייט. נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס גלעזערנע ווענטל צווישן האַנס קאַסטאָרפס און יאָאַכימס לאָזשעס האָט זיי נישט אינגאַנצן אָפּגעטיילט, האָט יאָאַכים פונדעסטוועגן נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיי ריידן, און האָט, אגב, אויך נישט געמאַכט די מינדסטע אָנשטרענגונג צו פאַרשטיין. ער האָט אַפילו טיילמאָל געהערט, ווי זיין קוזין שטייט אויף פון דער ליג־שטול און גייט מיט ד״ר קראָקאָווסקין אַריין אין צימער, מסתמא, כדי אים צו ווייזן זיין דיאַגראַמע. דאָרטן האָט מען נאָך אַ היפּשע ווײַלע געשמועסט, אויף וויפיל מ׳האָט גע־קאָנט אַרויסדרינגען פון ד״ר קראָקאָווסקיס פאַרשפּעטיקונג אויפן וועג צו יאָאַכימען.

וועגן וואָס האָבן די חברים געשמועסט? יאָאַכים האָט נישט גע־פרעגט. אָבער אויב אונזער איינער וועט זיך נישט נעמען קיין ביישפּיל פון יאָאַכימען און אַ פרעג טאָן, וועט מען אים קאָנען בכלל אָנווייזן דערויף, וויפיל ס׳איז פאַראַן שטאָף און סיבות אויף רייד וועגן גייסטיקע ענינים צווישן מענער און חברים, וואָס זייערע גרונט־אָנשויונגען טראָגן אויף זיך אַ אידעאַליסטישן חותם. דערביי איז

איינער דורך זיין בילדונג דערגאַנגען דערצו, אַז ער באַטראַכט די מאַטעריע ווי דעם חטא פון גייסט, ווי זיינס אַ שלעכט געשוויר. דער צווייטער, ווי אַ דאָקטאָר, איז צוגעוויינט צו האַלטן די אָרגאַ־נישע קראַנקהייטן פאַר סעקונדערע דערשיינונגען. מיר קלערן, אַז נישט איינמאָל האָט מען דאָ אַנאַליזירט און געשמועסט וועגן דער מאַטעריע ווי אַ מיאוסן אויסוואוקס פון אימטאַטעריעלן, וועגן לעבן ווי אַן אומריינקייט פון דער מאַטעריע, וועגן דער קראַנקהייט ווי אַן אימריינער פאָרם פון לעבן. דאָ האָט מען געקאָנט שמועסן — אין שייכות צו די לעצטע רעפעראַטן — וועגן ליבע ווי אַ כוח, וואָס שאַפט די קראַנקהייט, וועגן מעטאַפיזישן מהות פון סימפּטאָם, וועגן „אַלטע" און „פרישע" ערטער אין די לונגען, וועגן צעלאָזטע גיפטן און ליבע־עלעקסירן, איבער דער דורכלויכטונג פון דעם אומבאַוואוסטזיין, וועגן דער ברכה פון פּסיכאָ־אַנאַליז, וועגן צוריקפאַרוואַנדלונג פון סימפּטאָם. בכלל, ווען מ׳שטעלט אַוועק די פראַגע וועגן וואָס אַזוינס ד"ר קראָקאָווסקי און דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ האָבן געהאַט צווישן זיך צו שמועסן — וואָס ווייסן מיר, וועלכע פריזון בלויז טרעפן און זיך משער זיין!

אגב, האָבן זיי צום סוף אויפגעהערט שמועסן וועגן די זאַכן. ס׳האָט זיך שוין געהאַט געענדיקט. ס׳האָט בלויז געדויערט אַ שטיקל צייט, עטלעכע וואָכן. לעצטנס פאַרווילט ד"ר קראָקאָווסקי ביי אָט דעם פּאַציענט שוין נישט מער ווי ביי אַלע אַנדערע. „נו, חבר" און „אַ דוטן טאָג" — דערין באַשטייען איצט ס׳רוב צוריק די וויזיטן. אָבער דערפאַר האָט יאָאַכים געמאַכט אַן אַנדערע אַנטדעקונג, טאַקע יענע, וועלכע ער האַלט פאַר אַ פאַרראַט מצד האַנס קאַסטאָרפּן. געמאַכט האָט ער זי פולשטענדיק בשוגג און מיט זיין מיליטערישער פשטות לחלוטין זיך נישט אַריינגעלאָזט אין קיין נאָכקוקענישן — דע־רין מוז מען גלויבן. מ׳האָט אים גאַנץ פשוט אין איינעם אַ מיטוואָך בעת דער ערשטער ליג־קוראַציע געשיקט רופן אין דער סוטערינג אַראָפּ, ער זאָל זיך לאָזן אָפּוועגן ביים באָד־מייסטער — און דאָ האָט ער עס דערזען. ער איז אַראָפּגעגאַנגען מיט די טרעפּ, מיט די זויבערע טרעפּ אויסגעלייגט מיט לינאָלעום, וואָס זיינען געלעגן קעגנאיבער דער טיר פון אָרדינאַציע־צימער. איןביידע זייטן זיינען געלעגן די

דורכלויכטונג=קאַבינעטן, לינקס דער אָרגאַנישער קאַבינעט און רעכטס ביים ווינקל, מיט אַ טרעפּל אַראָפּצוגיין, דער פּסיכישער קאַבינעט מיט ד"ר קראָקאָווסקיס וויזיט=קאַרטל אויף דער טיר. אינמיטן די טרעפּ איז יאָאַכים פּלוצלונג געבליבן שטיין: האַנס קאַסטאָרפּ, וועלכער האָט גענומען אַן איינשפּריצונג, איז אין דער מינוט אַרויס פון אָרדינאַציע=צימער. ער איז גיך אַרויס פון דער טיר, האָט זי מיט ביידע הענט צוגעמאַכט, דערנאָך, נישט אומקוקנדיק זיך, געלאָזט זיך גיין רעכטס צו דער טיר, וואו ס'הענגט די וויזיט=קאַרטע אויף טשוועקעלעך. ער האָט געמאַכט בלויז עטלעכע שטילע טריט. ער האָט אָנגעקלאַפּט און בשעת=מעשה זיך צוגעבויגן און אָנגעשטעלט דאָס אויער ביים אָנקלאַפּנדיקן פינגער. באַלד האָט מען דערהערט קראָקאָווסקיס באַריטאָנאַלן „אַריין" מיט דער עקזאָטיש ווייכער „ר" און דעם צעדרייטן „יי" און יאָאַכים האָט געזען, ווי זיין קוזין ווערט פאַרשוואונדן אין דער קינסטלעכער פינסטערניש פון קראָקאָווסקיס אַנאַליטישן קבר.

---

## נאָך עמעץ

לאַנגע טעג, די לענגסטע, דעם אמת זאָגנדיק און אין שייכות צו דער צאָל זון=שעהן. ווארעם גובר צו זיין זייער קורצוויילִיקייט איז די אַסטראָנאָמישע אויסגעצויגנקייט נישט געווען בכּוח, סיי בנוגע יעדן איינציקן באַזונדער, סיי בנוגע דעם צייט=אָפּלויף בכלל. זינט דעם 21טן מערץ, ווען דער טאָג און די נאַכט זיינען גלייך, איז שוין אַוועק דריי חדשים. איצט האָט שוין געהאַלטן ביים לענגסטן זומער=טאָג. אָבער דאָס יאָר אין דער נאַטור דאָ אויבן האָט זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט לגבי דעם קאַלענדאַר. ערשט איצט, ערשט אין אָט=די טעג איז געוואָרן ענדגילטיק פרילינג, אַ פרילינג נאָך אָן דער זומערדיקער שווערקייט, אַ שמעקעדיקער, אַ פרישער און אַ לייכטער, מיט אַ זילבערדיק=צעשטראַלטן בלויען הימל און מיט קינדיש=פאַרביקע לאָנקע=בייטן.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויף די שיפּועים ווידער געפונען יענע בלומען, וועלכע יאָאַכים האָט אים אַריינגעשטעלט אין זיין צימער בעתן אָנקומען אַהער. דעמאָלט זיינען עס שוין געווען רעשטלעך, טויזנט־בלימלעך און גלעקלעך. עס איז פאַר אים געווען אַ סימן, אַז דאָס יאָר איז שוין באַלד צוריקגעקומען צו זיך אַליין... וואָס פאַר אַ אָרגאַנישע שפּראָצונגען דאָס יונגע שמאַראַגדענע גראָז אויף די ערדיקע שיפּועים און לאָנקע־שטחים האָט אַלץ נישט אַרויסגעגעבן — אין דער פאָרם פון שטערן, בעכערס, גלעקלעך און אויך אין אומרעגלמעסיקע געשטאַלטן! זיי האָבן אָנגעפילט די לופט מיט טרוקענע בשמים. ס'זיינען דאָ געווען מאַסנווייז פעך־נעלקן און ווילדע שטיף־מאַמעלעך, מאַרגעריטקעס, רויטע און געלע פרימעלן, אַ סך שענער און גרעסער, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט, דוכט זיך, ווען ס'איז געזען אַמאָל אונטן, אויף וויפיל ער האָט זיך אומגעקוקט דערויף. דערצו — די צעשאָקלטע סאָלדאַנעלן מיט זייערע באַברעמטע גלעקעלעך, בלויע, פורפורנע און ראָזע, אַזעלכע וואָס וואַקסן ספּעציעל דאָ אין דער הויך.

ער האָט געפליקט פון אָט דער שפע, געטראָגן אַ היים גאַנצע בוקעטן, געטאָן עס מיט אַן ערנסטער כוונה, נישט אַזוי ווייט, כדי אויסצופוצן זיין צימער, ווי צוליב שטרענג־וויסנשאַפטלעכער באַאַרבעטונג. אַזוי האָט ער זיך פאַרגענומען. ער האָט איינגעקויפט פלאָריסטישע מכשירים, אַ לערנבוך פון אַלגעמיינער באָטאַניק, אַ קליינע האַנט־לאָפּעטקע כדי אויסצוגראָבן פלאַנצן, אַ הערבאַריום און אַ שטאַרק־פאַרגרעסערנדיקע לופּע. דערמיט האָט זיך דער יונגערמאַן אַרומגעפּאָרעט אויפן באַלקאָן. איצט איז ער ווידער געווען זומערדיק אָנגעטאָן, אין איינעם פון די אָנצוגן, וועלכע ער האָט פאַראַיאָרן מיט זיך גלייך מיטגעבראַכט — דאָס איז אויך געווען אַ סימן פון יאָר־אָפּלויף.

אויף די פלאַכע ערטער פון מעבל אין צימער איגעווייניק זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אַ סך גלעזער וואַסער, מיט פרישע בלומען, אויך אויף דעם לאָמפּ־טישל לעבן דער אויסגעצייכנטער ליג־שטול. בלומען — האַלב־פאַרוועלקטע, שוין מאַטע, אָבער פונדעסטוועגן נאָך מיט זאַפט, זיינען געלעגן צעוואָרפן אויף דער באַלקאָן־באַריערע,

אויפֿן דיל פֿון באַלקאָן. אַנדערע, גוט אויסגעצויגענע, זיינען צווישן בויגנס לעש־פּאַפּיר, וואָס האָבן אַיינגעזאַפּט אין זיך זייער פייכטקייט, געלעגן צוגעפּרעסט מיט שטיינער. שפּעטער האָט האַנס קאַסטאָרפּ די פּלאַטשיקע טרוקענע פּרעפּאַראַטן אַריינגעקלעפּט אין זיין אַלבום מיט גומי־פּאַפּיר. ער איז געלעגן, די קניען הויך אויפגעהויבן און פאַרוואָרפן איינע איבער דער אַנדערער. דער רוקן פון אָפּענעם באַ־טאַנישן האַנטבוך, וואָס איז געווען אָנגעשפּאַרט אין זיין ברוסט, האָט געשאַפן אַמין דעכל. צווישן זיינע פּשוטע בלויע אויגן און אַבלום האָט ער געהאַלטן אַדיק־געשליפן פאַרגרעסער־גלאָז. די קרוין פון דעם בלום האָט ער דאָ און דאָרט אָפּגעשניטן מיטן טאַשן־מעסערל, כדי בעסער צו קאָנען שטודירן דעם פרוכט־באָדן. הינטער דעם גלאָז האָט די בלום באַקומען אַן אויסטערליש פליישיקע צורה. די שטויב־זעקעלעך אויף די שפּיצן פון די פעדעמלעך האָבן אויסגעשיט זייער געלן פּראָשעק, פון אָוואַריים* האָט אַרויסגע־שטאַרט דאָס צעראַצטע שטענגל און אויב מ'האָט איס דורכגעשניטן אין דער לענג, האָט מען געקאָנט זען דעם סיבטעלן קאַנאַל, דורך וועלכן די שטויב־קערנדלעך און שטויב־רערעלעך, וואָס זעען־אויס ווי אַצוקערדיקע אויסטיילונג, קריגן זיך אַריין אין פרוכט־חלל. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געציילט, געפּריווט און פאַרגליכן. ער האָט אונ־טערגעזוכט דעם בוי און די פּאָזיציע פון די בעכער־ און בלומען־בלעטער, אויך פון די מענלעכע און ווייבלעכע געשלעכט־אָרגאַנען, האָט נאָכקאָנטראָלירט, ווי ווייט דאָס, וואָס ער האָט געזען, איז אין הסכם מיט די סכעמאַטישע און נאַטירלעכע אילוסטראַציעס, האָט פעסטגעשטעלט מיט צופרידנקייט די וויסנשאַפטלעכע ריכטיקייט אינם בוי פון געוויקסן, וועלכע זיינען אים באַקאַנט. צום סוף האָט ער מיט לינגעס** בוך אין דער האַנט געפּריווט צו באַשטימען די אַפּטיילונג, גרופּע, אָרדענונג, סאָרט, משפּחה און מין ביי געוויקסן, וועלכע זיי־נען אים געווען אומבאַקאַנט. היות ער האָט געהאַט אַסך צייט,

* אייער־שטאָק.

** קארל לינגע, שיועדישער באַטאַניקער אין XVIII יאַרהונדערט, האָט דער ערשטער איינגעפירט צו צווייַ נעמען פאר יעדן געוויקס.

איז אים געלונגען צו דערגיין צו עפּעס אין באָטאַנישער סיסטעמאַטיק מיט דער הילף פון פאַרגלייכנדיקער מאָרפאָלאָגיע *. אונטער יעדן אויסגעטריקנטן געוויקס אין הערבאַריום האָט ער קאַליגראַפיש אונטער־געשריבן דעם לאַטיינישן נאָמען, וועלכן די דומאַניסטישע וויסנ־שאַפט האָט אים געגעבן אויף אַ גאַלאַנטן אופן. דערצו האָט ער צוגעשריבן זיינע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן און דאָס אַליץ גע־וויזן דעם וואוילן יאָאַכים, וועלכער איז געווען פאַרוואונדערט דערפון.

אינאָוונט האָט ער באַטראַכט די שטערן. ער האָט אויף איינמאָל באַקומען אַ שטאַרקן אינטערעס פאַר דעם יאָר, וואָס לויפט אין אַ קרייז און קומט צוריק צו זיך—נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט ביז איצט דורכגעלעבט עטלעכע און צוואַנציק אַזעלכע זון־אַרומקרייזונגען און אַזעלכע ענינים זיינען אים פונדעסטוועגן נישט אָנגעגאַנגען. אויב מיר האָבן זיך פריער אויסגעדריקט „פרילינגדיקער טאָג־און־נאַכט־אויסגלייך" — האָבן מיר עס געטאָן אין האַנס קאַסטאָרפּס גייסט און מיר האָבן דערביי שוין אין זינען געהאַט דאָס, וואָס ווערט איצט באַשריבן. וואָרעם מיט אַזעלכע טערמינען האָט ער לעצטנס ליב באַקומען אַרומצוּוואַרפן זיך. זיינע קענטענישן אויך אויף דעם געביט האָבן דערשטוינט יאָאַכימען.

— איצט האַלט די זון ביים אַריינגיין אין מזל עקרב — האָט ער געקאָנט אַ זאָג טאָן בעת אַ שפּאַציר — דו פאַרשטייסט דעם ענין קלאָר? דאָס איז דער ערשטער סימן פון זומער אינם קרייז פון די מזלות. נאָך „אריה" און „בתולה" גייט עס צו צום האַרבסט־פונקט, צום טאָג־און־נאַכט־אויסגלייך, ס'איז בערך אין סוף סעפּטעמבער, ווען די זון געפינט זיך אויפן הימלישן עקוואַטאָר, ווי אין מערץ, ווען די זון איז געשטאַנען אין מזל גדי.

— דערין האָב איך פאַרגעסן — האָט יאָאַכים אַ מורמל גע־טאָן. — וואָס פּלאָנטערסטו אַזוי פלינק צונויף? גדי? מזלות?

— אוודאי, די מזלות zodiacus**, די אוראַלטע הימל־צייכנס: סרטן, קשת, שור, דג און ווי זיי הייסן דאָרטן, ווי אַזוי קאָן מען

* וויכנשאַפט וועגן דער געשטאַלטונג פון אָרגאַנישע קערפּערס.

** גריכיש: מזלות.

זיך נישט אינטערעסירן דערמיט: ס'זיינען פאַראַן צוועלף, דאָס הייסט לכל־הפחות וויסן, דריי פאַר יעדער צייט אין יאָר. זיי קומען אויף און גייען אונטער, די שטערן־צייכנס, דורך וועלכע די זון וואַנ־דערט — גרויסאַרטיק שיינע, לויט מיין מיינונג: שטעל דיר פאָר, אַז מ'האָט זיי געפונען אויסגעמאָלט אויף אַ סופיט פון אַ עגיפּטישן טעמפּל — דערצו נאָך אין אַ טעמפּל פון אַפראָדיטע *, נישט ווייט פון טעבען **. די כאַלדעער האָבן שוין אויך געקענט אָט־די מזלות — שטעל דיר פאָר: די כאַלדעער, דאָס אַלטע כישוף־פאָלק, אַראַביש־סעמיטיש, קענערס פון אַסטראָלאָגיע און פאָרויסזאָגעריי. זיי האָבן שוין אויך שטודירט דעם הימלישן וועג, אין וועלכן ס'לויפן די פּלאַנעטן און אים איינגעטיילט אין צוועלף שטערן־בילדער, די „דאָדעקאַטעמאָריאָ"***, ווי ס'איז געקומען צו אונז. דאָס איז גרויסאַרטיק. עס איז די מענטשהייט!

— דו זאָגסט שוין „מענטשהייט", ווי סעטעמברי ני.

— יאָ, ווי ער, אָדער אַ ביסל אַנדערש. מען מוז זי נעמען אַזוי ווי זי איז, אָבער שיין איז זי אַזוי צי אַזוי. איך טראַכט מיט אַ סך סימפּאַטיע וועגן די כאַלדעער, ווען איך ליג אַזוי און קוק מיך צו צו די פּלאַנעטן, וועלכע די כאַלדעער האָבן שוין אויך געקענט. וואָרעם נישט אַלע האָבן זיי געקענט, כאָטש זיי זיינען געווען אַזוי קלוג. אָבער יענע, וועלכע זיי האָבן נישט געקאָנט, קאָן איך אויך נישט זען. אוראַנוסן האָט מען ערשט לעצטנס אַנטדעקט מיט אַ טעלעסקאָפּ, מיט אַ הונדערט און צוואַנציק יאָר צוריק.

— „לעצטנס"?

— מ'קאָן עס אָנרופן „לעצטנס", זיי מוחל, אין פאַרגלייך מיט דריי טויזנט יאָר צוריק, ווען די כאַלדעער האָבן געלעבט. אָבער ווען איך ליג אַזוי און קוק מיר אָן די פּלאַנעטן, זיינען פאַר מיר דריי טויזנט יאָר אויך „לעצטנס" און איך קלער מיט נאָענטקייט וועגן

* די הויפּטגעטין פון די סעמיטן.

** אַ הויפּטשטאָט פון אייבער־עגיפּטן.

*** גריכיש: דער צוועלפטער חלק פון אַ קרייז.

די כאַלדעער, וועלכע האָבּן זיי אויך געזען און אַפּילו געשריבּן לידער וועגן זיי. דאָס איז די מענטשהייט.

— נו, מילא, דרייסט דיך אַרום מיט גרויסע רעיונות אין קאָפּ.

— דו זאָגסט „גרויסע" און איך זאָג „נאָענטע" — מ'קאָן עס אָנרופן ווי מען וויל. ובכן, ווען די זון קומט צו צו מאזנים, אין אַ דריי חדשים אַרום, דעמאָלט וועט דער טאָג שוין אויף אַזויפיל קלענער ווערן, אַז טאָג און נאַכט וועלן זיין גלייך. דערנאָך וועלן די טעג אַלץ האַלטן אין איין קלענער ווערן ביז ווייַנאַכט, דאָס ווייסטו. דאַרפסט אָבּער אויך אַ קלער טאָן וועגן דעם, אַז בשעת די זון גייט דורך די ווינטער־מזלות, דורך שור, דלי און דגים, ווערן די טעג אויפסניי גרעסער! אַזוי אַרום קומט ווידער דער פרילינג־פונקט, צום דריי־טויזנטסטן מאָל זינט די כאַלדעער, און די טעג וואַקסן כסדר צו ביז ס'הייבּט זיך אָן דער זומער.

— פאַרשטייט זיך.

— ניין, דאָס שמעקט שוין מיט ליצנות! אין ווינטער ווערן די טעג גרעסער און אין 21טן יוני, אין אָנהייבּ זומער, דעמאָלט נעמען זיי שוין ווידער גיין בּאַרג אַראָפּ, זיי ווערן שוין ווידער קירצער און ס'רוקט צו צו ווינטער. דו רופסט דאָס אָן זעלבּסטפאַרשטענדלעך. אָבּער ווען מ'פאַרגעסט אויף אַ רגע, אַז דאָס איז זעלבּסטפאַרשטענדלעך, קאָן אַזש אַרומכאַפּן אַ שרעק און אַ מורא אין אַ מאָמענט און מ'וויל דעמאָלט מיט קראַמף אין עפּעס זיך אָנכאַפּן. ס'זעט אויס, גלייך ווי עפּעס אַלײן וואָלט עס אַזוי אַיינגעאָרדנט, אַז אין אָנהייבּ ווינטער זאָל אייגנטלעך נעמען גיין צו פרילינג און אין אָנהייבּ זומער — צום האַרבּסט... מ'ווערט געפירט בּיי דער נאָז, אַרומגעשלעפּט אין קרייז מיט אַן אויסקוק אויף עפּעס, וואָס דרייט זיך שוין בשעת־מעשה אַוועק... אויסדריי־פונקט אין קרייז.. פאַקטיש בּאַשטייט דער קרייז פון בּלויז אויסדריי־פונקטן, די אויסבּייגונג איז נישט אויס־צומעסטן, עס איז נישט פאַראַן דאָ קיין שום דויערנדיקע ריכטונג. די אייבּיקייט איז נישט „גלייך, גלייך", נאָר „קאַרוזעל, קאַרוזעל".

— הער אויף!

— דער יום־טוב פון לענגסטן טאָג! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט. — דער לענגסטער טאָג זומער! פייער אויף די בערג און אַרום דעם זעצנדיקן פלאַם — אַ קאַראַהאָד פון מענטשן, וואָס האַלטן זיך ביי די הענט! איך האָב עס קיינמאָל נישט געזען, אָבער כ'האָב געהערט, אַז אַזוי פירן זיך פּאַרציייטיקע מענטשן, אַזוי פייערן זיי די ערשטע זומער־נאַכט, מיט וועלכע ס'הייבט זיך אייגנטלעך שוין אָן דער האַרבסט. עס איז די מיטאָג־שעה און דער הויך־פּונקט פון יאָר, נאָך וועלכן אַלץ נעמט שוין גיין באַרג אַראָפּ. זיי טאַנצן און דרייען זיך און מאַכן קולות. צוליב וואָס מאַכן זיי קולות, אָט די נאַטור־מענטשן? קענסטו דאָס באַנעמען? פאַרוואָס זיינען זיי אויף אַזאַ צעלאָזטן אופן פריילעך? וייל ס'גייט אויף צוריק צו דער פינסטערניש, אָדער אפשר דערפאַר, ווייל ביז איצט איז אַלץ געגאַנגען פאָרויס און איצט איז געקומען די ווענדונג, דער ווענד־פּונקט, וואָס לאָזט זיך נישט אויפהאַלטן, די קלענסטע זומער־נאַכט, דער העכסטער פּונקט — און דערפאַר זיינען זיי פול מיט ווייטאָג אין דער פרייד? איך זאָג עס אַזוי, ווי עס איז, מיט די ווערטער, וואָס פאַלן מיר איין וועגן דעם. עס איז מעלאַנכאָלישע פרייד און פריידיקע מעלאַנכאָליע — צוליב דעם מאַכן נאַטור־מענטשן אַזעלכע קולות און טאַנצן אַרום די פלאַמען. זיי טוען עס צוליב פּאָזיטיווער פאַרצווייפלונג, אויב דו ווילסט אַזוי זיך אויסדריקן, לכּבוד דער ליצנות פון קרייז און דער אייביקייט, וואָס האַלט זיך אין איין אויסדרייען און אין וועלכער אַלץ קערט צוריק.

— איך וויל מיך נישט אַזוי אויסדריקן — האָט געמורמלט יאָאַכים — זיי אַזוי גוט, לייג עס נישט אַרויף אויף מיר. דו האָסט צו טאָן מיט גרויסע ענינים אויף דיין ליג־קוראַציע אינאָוונט.

— יאָ, איך וועל נישט לייקענען, אַז דו באַשעפטיקסט זיך מיט אַ נוצלעכערער זאַך, בעת דו לערנסט דיין רוסישע גראַמאַטיק. דו מוזט בקרוב באַהערשן די שפּראַך פליסיק, מענטש איינער, פאַרשטייט זיך. דאָס וועט דיר שטאַרק צו נוץ קומען אין פאַל, ווען ס'זאָל זיין אַ מלחמה, גאָט זאָל אויסהיטן.

— גאָט זאָל אויסהיטן? רעדסט ווי אַ ציוויליסט. מלחמה איז

אַ נייטיקע זאַך. אָן מלחמות וואָלט די וועלט בקרוב פֿאַרפֿוילט געוואָרן — האָט געזאָגט מאָלטקע.

— יאָ, די וועלט האָט טאַקע אַ נייגונג דערצו. כ׳קאָן דיר בלויז זאָגן איין זאַך — האָט האַנס קאַסטאָרפּ ווייטער גערעדט און האָט געהאַט בדעה ווידער צוריקצוקומען צו די כאַלדעער, וואָס האָבן אויך געפֿירט קריג און אײַנגענומען בבל, כאָטש זיי זײַנען געווען סעמיטן און כמעט ייִדן. אָבער פּלוצלונג באַמערקן ביידע אויף איינמאָל, ווי צוויי מענער, וועלכע גייען־דורך האַרט בײַ זיי, דרייען אויס די קעפּ. יענע האָבן זיך פֿאַראינטערעסירט מיט זייער רייד און דערווײַל, אַפּנים, פֿאַרגעסן אין אייגענעם שמועס.

ס׳איז פֿאָרגעקומען אויף דער הויפּט־גאַס, צווישן דער קאַסינאָ און דעם האָטעל „בעלוועדער״, צוריקצווועגס קיין דאַוואָס־דאָרף. דער טאָל איז געווען אויסגעצירט יום־טובדיק, אין צאַרטע, ליכטיקע און פֿריילעכע קאָלירן. די לופֿט איז געווען אַ מחיהדיקע. אַ סימפֿאָניע פֿון אָנגענעמע ריחות פֿון לאָנקע־בלומען האָט אָנגעפֿילט די ריינע טרוקענע קלאָר־זוניקע אַטמאָספֿער.

זיי האָבן דערקענט לאָדאָוויקאָ סעטעמבריני. ער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט אַ פֿרעמדן. פֿונדעסטוועגן האָט זיך געדוכט, אַז ער פֿון זײַן זײַט דערקענט נישט די קוזינען, אָדער האָט נישט קיין חשק זיך מיט זיי צונויפֿצוטרעפֿן. ווײַל באַלד האָט ער אינדערגיך צוריק אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און האָט זיך זשעסטיקולירנדיק פֿאַרטיפֿט ווייטער אינם שמועס מיט זײַן באַגלייטער. דערבײַ האָט ער זיך אַפֿילו אָנגעשטרענגט וואָס גיכער זיי איבערצויאָגן. אָבער ווען די קוזינען, וואָס זײַנען אויסגעקומען רעכטס פֿון אים, האָבן זיך פֿאַרבויגן מיט אַ שמייכל, האָט ער פֿלומרשט אָנגענעם איבערראַשט אַ זאָג געטאָן „סאַפּריסטי!״, דער „רוח זאָל עס נעמען״. איצט האָט ער אָבער געוואָלט זיך אָפּשטעלן און זיי ביידע לאָזן פֿאַרבײַגיין. די קוזינען האָבן דאָס אָבער נישט פֿאַרשטאַנען, דאָס הייסט: נישט באַמערקט, ווײַל זיי האָבן נישט געכאַפּט דעם שכל דערפֿון. זיי זײַנען באמת געווען דערפֿרייט דערפֿון, וואָס זיי טרעפֿן אים ווידער נאָך אַזאַ לאַנגער צײַט נישט זעען אים, געבליבן שטיין צוזאַמען מיט אים און געדריקט די האַנט. דערבײַ האָבן זיי זיך אויסגעפֿרעגט, וואָס ער מאַכט און דערבײַ אַריבערגעקוקט

מיט העפלעכער ערוואַרטונג צו זיין באַגלייטער. אַזוי אַרום האָבן זיי אים געצוואונגען צו טאָן דאָס, וואָס ער וואָלט אַ פּנים ליבער נישט געוועז געטאָן; פאַר זיי, אָבער, האָט עס אויסגעזען צו זיין די סאַמע נאַטירלעכע און פאַרפישופטע זאַך אין דער וועלט; דאָס הייסט: ער האָט זיי באַקאָנט מיט יענעם. עס איז פאָרגעקומען האַלב גייענדיק, האַלב־שטייענדיק. סעטעמבריני האָט פאַר זיך, מיט פריילעכע ווערטער און פאַרבינדנדיקע באַוועגונגען, זיי באַקאָנט געמאַכט און זיי האָבן זיך דערלאַנגט די הענט איבער אים.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פרעמדער, וואָס איז בערך אין סעטעמברינים יאָרן, וואוינט מיט אים צוזאַמען. ער איז דער צווייטער סובלאָקאַטאָר פון דעם דאַמען־שניידער לוקאַטשעק און הייסט נאַפטאַ — אויך וויפיל די יונגעלייט האָבן פאַרשטאַנען. ער איז געווען אַ קליינער, מאָגערער מענטש, אַ ראַזירטער און אַזוי שאַרף — מ'וואָלט געקאָנט זאָגן אָפשטויסנדיק־מיאוס, אַז די קוזינען זיינען געוועזן פשוט פאַרוואונדערט. אַלץ אין אים איז געווען שאַרף: די געבויגענע נאָז, וואָס האָט געוועלטיקט איבערן גאַנצן פּנים, דאָס שמאָל צונויפגעצויגענע מויל, די דיק־געשליפענע גלעזער אין די דינע רעמלעך פון דער בריל, וועלכע ער האָט געטראָגן איבער זיינע העל־גרויע אויגן. אַפילו פון זיין כסדרדיק שוויגן האָט מען געקאָנט משער זיין, אַז זיין אופן ריידן וועט זיין אַ שאַרפער און אַ שניידנדיקער. ער איז געווען אין אַ היטל, ווי דער שטייגער איז, און אין בלויזן אָנצוג, אגב — זייער פיין אָנגעטאָן. זיין טונקל־בלויער פלאַנעל־אָנצוג מיט די ווייסע שטרייפן איז געווען גוט און סאָליד־מאָדיש געשניטן, ווי די קוזינען האָבן תיכף דערשנאַפט מיט זייערע וועלטלעך־מבינישע בליקן. דערביי האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט דעם קליינעם נאַפטאַס בליק, וואָס האָט זיי אָפּגעמאָסטן נאָך גיכער און שאַרפער. ווען לאָדאָוויקאָ סעטעמבריני וואָלט נישט געווען געקאָנט טראָגן זיין האָריק רעקל און זיינע געקראַטקעוועטע הויזן מיט אַזויפיל חן און ווערדע — וואָלט ער זייער נישט־גינציק אויסגעזען לגבי דער עלעגאַנטער געזעלשאַפט. דאָס איז אָבער נישט געשען, דערצו נאָך זיינען די הויזן געווען פריש אויסגעפרעסט, אַזוי אַז אין דער ערשטער

רגע האָט מען זיי כמעט געקאָנט אָננעמען פאַר נייע. דאָס האָט שוין אָן שום ספק, געטאָן דער באַלעבאָס, דער דאַמען=שניידער — אַזוי האָבן זיך משער געווען ביידע יונגעלייט. אָבער אויב דער מיאוסער נאַפּטאַ איז צוליב דער עלעגאַנץ זיינער געשטאַנען נענטער צו די קוזינען ווי צו סעטעמברינין, האָט ער אָבער צו סעטעמברינין געהאַט מער שייכות ווי צו די בחורים, נישט בלויז צוליב זיינע יאָרן, נאָר געוויס אויך צוליב עפּעס אַנדערש. צום בעסטן האָט מען עס געקאָנט באַשטימען לויט די קאָלירן אין פּנים פון ביידע פּאָרלעך. ביי איין פּאָרל זיינען די פּנימער געווען ברוין און רויט=אָפּגעברענט, ביי אַנדערן פּאָרל — בלייך. יאָאַכימס פּנים איז אין משך פון ווינטער געוואָרן נאָך טונקל=ברוינער, האַנס קאַסטאָרפּס פּנים האָט געגליט ראָזיק=רויט אונטער זיין בלאָנדן קאָפּ האָר. סעטעמבריני איז געווען וועלשן=בלאַס (דאָס האָט צוזאַמען מיט די שוואַרצע וואָנסעס צוגעגעבן זיין פּנים אַן איידעלן אויסדרוק) און די זון=שטראַלן האָבן אויף אים נישט געהאַט קיין שום שליטה. זיין חבר, כאָטש ער האָט געהאַט בלאָנדע האָר — זיי זיינען, אגב, געווען אַשיק=בלאָנד, מעטאַלן=פאַרבלאָז און ער האָט זיי געטראָגן פון גלייכן שטערן גלאַט פאַרקעמט איבערן גאַנצן קאָפּ — האָט ער פונדעסטוועגן אויך געהאַט יענע מאַטע=ווייסע הויט, וואָס איז אייגן ברונעטע ראַסן. צוויי פון די פיר האָבן געהאַט שטעקנס, ס׳הייסט — האַנס קאַסטאָרפּ און סעטעמבריני. יאָאַכים האָט נישט געטראָגן קיין שטעקן צוליב מיליטערישע סיבות. וואָס ס׳איז נוגע נאַפּטאַ — האָט ער תיכּף נאָכדעם, ווי ער האָט זיך באַקענט, פאַרלייגט צוריק די הענט אויף הינטן. די הענט זיינע זיינען געווען קליינע און סובטעלע, אַקוראַט ווי זיינע שיינע פיס, אגב אין איינקלאַנג מיט זיין פיגור. אַז ער זעט אויס פאַרקילט און אַז ער הוסט אויף אַ אומגעזונטן און פאַרדעכטיקן אופן — דאָס האָט מען גראָד נישט באַמערקט.

די ערשטע פאַרלעגנהייט און אומצופרידנקייט בשעתן טרעפן די יונגעלייט האָט סעטעמבריני תיכּף גובר געווען מיט עלעגאַנץ. ער האָט זיך געהאַלטן ווי אין דער בעסטער שטימונג און האָט באַקאַנט די דריי מיט וויציקע רייד. נאַפּטאַן, צום ביישפּיל, האָט ער

באצייכנט ווי דעם Princeps scholasticorum *. „די פריילעכקייט—האט ער געזאגט—פירט גלענצנדיק דעם שטאט אין זאל פון זיין ברוסט“, ווי ארעטינא האט זיך אויסגעדריקט, און דאס איז דער פארדינסט פון פרילינג, פון פרילינג, פון וועלכן ער האלט. זיי ווייסן, אז ער טראגט א ביסל אהארץ אויף דער וועלט דא אויבן, כאטש ער רעדט זיך אזוי אפט אראפ דערפון... אבער זאל לעבן דער פרילינג אין די בערג! לעת־עתה האט ער אים איבערגעגעבן מיט אלע גרוילן פון דער היגער ספערע. דא — פעלט דאס אלץ, וואס צעטומלט און באַ־רוישט אין פרילינג פון פלאַכלאַנד. קיין זידעניש אין דער טיפעניש, קיין פייכטע ריחות, קיין פאר־נעפל! דא האט מען קלאָרקייט, טרוקנ־קייט, פריילעכקייט און האַרבע שיינקייט. עס איז אים צום האַרץ, אויסגעצייכנט!

זיי זיינען געגאנגען אין א נישט־גלייכער שורה, אלע פיר איי־נער לעבן אַנדערן, אויף וויפיל ס'איז נאר מעגלעך געווען. אבער דא איז עמעץ דורכגעגאנגען, און סעטעמברינו, וועלכער איז גע־גאנגען רעכטס, האט געמוזט אראפ פון טראטואר. דא איז זיך די שורה אויף א ווײַלע צעפאלן, צוליב דעם ווייל עמעץ איז געבליבן הינטערשטעליק, נאפטא, צום ביישפיל, לינקס, אדער האנס קאס־טארפ, וואס איז געגאנגען צווישן דעם הומאניסט און זיין קוזין יאַכים. נאפטא האט געלאַכט קורץ, מיט א צוגעדושעט קול פון קאַטאַר, וואס האט דערמאנט ביים ריידן דעם קלאנג פון א גע־פלאַצטן טעלער, איבער וועלכן מ'קלאפט מיטן פינגער. וויזנדיק מיטן קאפ, צום איטאליענער, האט ער געזאגט מיט א שלעפנדיקן אַקצענט.

— דא רעדט א וואָלטעריאַנער, א ראַציאָנאַליסט. ער לויבט די נאטור דערפאר, ווייל אפילו ביי דער בעסטער געלעגנהייט צעטומלט זי אונז נישט מיט מיסטישע נעפלען, נאר בלייבט קלאסיש טרוקן. ווי הייסט פייכטקייט אויף לאטייניש?

— דער הומאר — הויפט זיך אן סעטעמברינו איבערן לינקן אַקסל — דער הומאר אין דער נאטור־באטראכטונג פון אונזער פרא־

* ראש פון די סכאלאסטיקער — אזוי האט מען אנגערופן דעם סכאָ־לאסטישן טעאָלאָג טאמאס פון אקווינאַ אין XIII יאָרהונדערס.

פעסאָר באַשטייט דערין, וואָס ער נעמט טראַכטן וועגן קריסטוסעס וואונדן בעת ער זעט רויטע פּרימעלן, אַקוראַט ווי די הייליקע קאַטאַרינע פון סיענע.

נאַפטאַ האָט געענטפערט:

— דאָס איז גיכער וויציק, ווי הומאָריסטיש. אָבער מ׳דאַרף אַלעמאָל אַריינטראָגן גייסט אין דער נאַטור. זי באַדאַרף אים האָבן.

— די נאַטור — האָט סעטעמבריני געזאָגט מיט אַ שטילן קיל און נישט מער אינגאַנצן איבער דעם אַקסל, נאָר אויך אַראָפּקוקנדיק — דאַרף להלוטין נישט האָבן אייער גייסט. זי איז אַליין גייסט.

— איר לאַנגווייליקט אייך נישט מיט אייער מאָניזם*?

— אַ, איר זענט, הייסט עס, מודה, אַז צוליב פאַרגעניגן צעטיילט איר פיינדלעך די וועלט אין צווייען און איר רייסט פונאַנדער גאָט און די נאַטור.

— אינטערעסאַנט, איר הייסט גאָר פאַרגעניגן דאָס, וואָס איך האָב אין זין, בעת איך רייד וועגן ליידנשאַפט און גייסט.

— גיי טראַכט, אַז אַ מענטש, וואָס באַנוצט אַזעלכע גרויסע ווערטער פאַר פּריוואָלע באַדערפענישן, זאָל מיך נאָך טיילמאָל רופן רעטאָריקער!

— איר בלייבט, הייסט עס, דערביי, אַז גייסט איז דאָס זעלבע, וואָס פּריוואָלקייט. אָבער ער איז גאָרנישט שולדיק, וואָס ער איז בטבע דואַליסטיש**. דער דואַליזם, דער אַנטיטעז — דאָס איז דאָס באַוועגנדיקע, דאָס ליידנשאַפטלעכע, דאָס דיאַלעקטישע, דער גייסטרייכער פּרינציפּ. זען די וועלט פיינדלעך געשפּאָלטן — דאָס איז גייסט. יעדער מאָניזם איז לאַנגווייליק. Solet Aristoteles quaerere pugnam***.

— אַריסטאָטעלעס? אַריסטאָטעלעס האָט די ווירקלעכקייט פון די אַלגעמיינע אידעען געזעצט אין די אינדיווידועןן. דאָס איז פּאַנטעיזם.

---

* מעטאַפיזישע שיטה, וואָס זעט אין אַלע דערשיינונגען, סיי מאַטעריעלע, סיי גייסטיקע בלויז אַ מין פּרינציפּ.

** צווייִיק.

*** לאַטייניש: אַריסטאָטעלעס פלעגט זוכן דעם קאַמף.

— פאַלש. אויב איר גיט די אינדיווידועלן סובסטאַנציעלן כאַראַקטער, און איר טראָגט איבער דעם מהות פון די זאַכן פון דעם אַלגעמיינעם אין די איינצל-דערשיינונגען, ווי דאָס האָבן געטאָן די אַריסטאָטעליקער טאָמאַס און באָנאַווענטוראַ *, דאַן האָט איר צעריסן די איינהייט פון דער וועלט מיט דער העכסטער אידעע, די וועלט איז דעמאָלט אויסערגעטלעך און גאָט טראַנסצענדענט **. דאָס איז דאָס קלאַסישע מיטלאַלטער, מיין הער.

— קלאַסיש מיטלאַלטער — אַ פּרעכטיקע פאַרבינדונג פון ווערטער.

— זייט מיר מוחל, אָבער איך נעם אָן דעם באַגריף פון קלאַסישן דאָרט, וואו ער איז אויפן אָרט, דאָס הייסט דאָרט, וואו אַ אידעע קומט-צו צו איר סאַמע הייך. דאָס אַלטערטום איז נישט געווען שטענדיק קלאַסיש. איך שטעל פעסט, אַז איר האָט אַ אָפּנייגונג קעגן דער... פרייער צונווענדונג פון קאַטעגאָריעס קעגן דעם אַבסאָלוטן. איר ווילט אויך נישט דעם אַבסאָלוטן גייסט. איר וואָלט געוואָלט, אַז דער גייסט זאָל זיין דער דעמאָקראַטישער פּראָגרעס.

— איך האָף, אַז מיר זיינען ביידע מסכים מיט דער איבערצייגונג, אַז דער גייסט, ווי אַבסאָלוט ער זאָל נישט זיין, וועט ער קיינמאָל נישט קענען ווערן דער פּאַרטיידיקער פון דער רעאַקציע.

— ער איז אָבער אַלעמאָל דער פּאַרטיידיקער פון פרייהייט.

— אַזוי? פרייהייט איז, אָבער, דאָס געזעץ פון מענטשן-ליבע, נישט ניהיליזם און רישעות.

— פאַר וועלכן איר האָט, אַפּנים, מורא.

סעטעמבריני האָט פאַרוואָרפן די הענט איבערן קאָפּ. דער וויכוח איז אָפּגעהאַקט געוואָרן. יאָאַכים האָט פאַרוואונדערט געקוקט פון איינעם צום אַנדערן, האַנס קאַסטאָרפּ האָט געקוקט פאַר זיך אויפן

* טאָמאַס פון אַקווינאַ, דאָמיניקאַנער מאָנאַך, באָנאַווענטוראַ, פראַנציסקאַנער מאָנאַך, ביידע סכאָלאַסטישע טעאָלאָגן, האָבן געלעבט אין XIII יאָרהונדערט און זענען שוין בשעתם געווען באַרימט. נאָכן טויט זענען זיי פאַררעכנט געוואָרן צווישן די הייליקע.

** עפּעס, וואָס איז איבער דער השגה.

ווענ מיט הויך־פּאַרצווייגענע בּרעמען. נאַפטאַ האָט גערעדט שאַרף און אַפּאָדיקטיש, כאָטש ער גראָד האָט פּאַרטיידיקט די סאַמע ווייט־גייענדיקסטע פרייהייט. בּאַזונדערס איז געווען אומאָנגענעם דער אופן, ווי אַזוי ער האָט איבּערגעשפּאַרט מיטן וואָרט „פאַלש!‟, בּיי דער „שין‟ האָט ער אַרויסגערוקט די ליפּן און דערנאָך זיי צוריק פעסט פאַרצויגן. סעטעמבּריני האָט אים איבּערגעשפּאַרט איינמאָל אויף אַ לוסטיקן אופן, אַן אַנדערש מאָל האָט ער אין זיינע ווערטער אַריינגעלייגט אַ שיינע וואַרעמקייט, אַ שטייגער דאָרט, וואו ער האָט איינגעפּאָדערט, מ׳זאָל מסכּים זיין וועגן אַ געוויסן גרונד־פּרינציפּ. איצט, בּשעת נאַפטאַ האָט געשוויגן, האָט ער אָנגעהויבּן די קוזינען צו דערקלערן, ווער דער פרעמדער איז. ער האָט אַזוי אַרום געוואָלט בּאַפרידיקן די נייגעריקייט, וועלכע איז, לויט זיין מיינונג, אַנטשטאַנען בּיי די קוזינען נאָך זיין וויכּוח מיט נאַפטאַ. ער איז פּראָפעסאָר פון אַלטע שפּראַכן אין די אייבּערשטע קלאַסן פון פּרידע־ריציאַנום — האָט סעטעמבּריני דערקלערט, דערבּיי האָט ער אויף איטאַליענישן שטייגער, ווי ווייט מעגלעך מיט פּאָמפּע דערמאָנט נאַפטעס שטעלונג. זיין גורל איז אינגאַנצן ענלעך צו זיינעם, סעטעמבּרינים. צוליב זיין קרענק איז ער אַראָפּגעקומען אַהער מיט פינף יאָר צוריק, האָט זיך דערנאָך איבּערגעציינגט, אַז ער וועט דאָ לאַנג מוזן זיצן, איז ער אַרויס פון זיין סאַנאַטאָריע און האָט זיך בּאַזעצט פּריוואַט, בּיי לוקאַטשעק דעם דאַמען־שניידער. די העכערע־לערן־אַנשטאַלט פון אָרט האָט געהאַט דעם שכל צו פאַרבּעטן דעם גרויסן לאַטיניסט, וואָס איז אַליין דערצויגן געוואָרן אין אַ קלויסטער־שול (ווי סעטעמבּריני האָט זיך אַמאָל נישט דייטלעך איינגעדריקט) פאַר אַ דאָצענט און ער וועט זיכער זיין איר צירונג... בּקיצור, סעטעמבּריני האָט דעם מיאוסן נאַפטאַ נישט ווייניק געהויבּן, כאָטש ער האָט ערשט נאָר געפירט מיט אים אַן אַבּסטראַקטע מחלוקת און כאָטש דער וואָרט־קאַמף האָט זיך בּאַלד געזאָלט ווידער אָנהייבּן פונסניי.

איצט, נעמלעך, האָט סעטעמבּריני זיך גענומען געבּן נאַפטען דערקלערונגען וועגן די קוזינען, דערבּיי האָט זיך, אגב, אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אים שוין פריער דערציילט וועגן זיי. דאָס איז, הייסט

עס, דער יונגער אינזשיניער מיט די דריי וואָכן, בײַ וועלכן היימ=
ראַט בערענס האָט איסגעפינען אַ פייכט אָרט אין די לונגען —
האָט סעטעמבריני געזאָגט און — אָט=דער איז די האָפענונג פון
פּרייסישן מיליטער, לייטענאַנט צימסען. ער האָט גערעדט וועגן יאָ=
אַכימס בונטעווען זיך און וועגן זיינען פּלענער אַרויסצופאָרן; אַזוי=
אַרום האָט ער געהאַט די געלעגנהייט צוצוגעבן, אַז ס'וואָלט גע=
ווען אַ באַליידיקונג פאַרן אינזשיניער, ווען מ'האַלט נישט, אַז אויך
ער האָפּט אַזוי אומגעדולדיק אומצוקערן זיך צו דער אַרבעט.
נאַפטאַ האָט פאַרצויגן דאָס פּנים. ער האָט געזאָגט:
— איר האָט דאָ אַ באַריידעוודיקן אַפּוטרופּוס. איך בין, חלילה,
נישט מסופק, אַז ער טייטשט אויס צוטרעפנדיק אייערע געדאַנקען
און פאַרלאַנגען. אַרבעט, אַרבעט, זייט מוחל, באַלד וועט ער מיך
נעמען זידלען, אַז כ'בין אַ פיינט פון דער מענטשהייט, מיך אָנרופן
*inimicus pumanae naturae, אָבער איך
דערלויב מיר פונדעסטוועגן צו דערמאָנען אין צייטן, ווען ער וואָלט
מיט אַזאַ מין פאַנפאַרע לחלוטין נישט דערגרייכט דעם עפעקט, אין
צייטן, הייסט עס, ווען דער היפּוך פון זיין אידעאַל איז געווען אָן
אַן ערך בכבודיקער. בערנאַרד פון קלערוואָ**, אַ שטייגער, האָט גע=
פּריידיקט אַנדערע מדרגות פון השלמה, אַזעלכע וועגן וועלכע הער
לאָדראָוויקאָן האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט חלומען אַפילו. איר
ווילט וויסן, וועלכע? די אונטערשטע מדרגה האָט זיך געפונען אין
„מיל“, די צווייטע אין „פעלד“, די דריטע און סאַמע בעסטע —
הערט גאָרנישט, סעטעמבריני — „אין בעט“. די מיל דאָס איז דער
סימבאָל פון וועלטלעכן לעבן — נישט שלעכט צוגעקליבן. דאָס
פעלד איז די נשמה פון וועלטלעכן מענטש, אויף וועלכן עס ווירקן
דער פּריידיקער און דער גייסטלעכער לערער. אָט=די מדרגה איז
שוין מער ווערטיק. אָבער דאָס בעט —

---

* לאַטייניש: שונא פון דער מענטשלעכער נאַטור.

** אַ מאָנאַך און טעאָלאָג, וואָס האָט געלעבט אין XII יאָרהונדערט
און געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף פּויפּסטן, פירשטן וכדומה. ער האָט דאַכ
באַגייסטערט די ריטער צום II קרייץ-צוג.

— גענוג! מיר ווייסן שוין! — האָט סעטעמבריני אַ רוף געטאָן. — מיינע הערן, איצט וויל איך אײַך ווײַזן דעם צוועק און די נרץ פון זנות־בעט.

— כ'האָב נישט געוווּסט, לאָדאָוויקאָ, אַז איר זענט נעבעך אַזאַ שעמעוודיקער. בעת מ'זעט, ווי איר בלינצלט צו צו די מיידלעך... וואו־זשע האָט איר די היידנישע פרייהייט? דאָס בעט איז, הייסט עס, דאָס אָרט, וואו ס'קומען זיך צונויף דער ליבנדיקער מיטן אָביעקט און עס סימבאָליזירט די קאָנטעמפּלאַטיווע פרישות פון דער וועלט און דער קרעאַטור, כדי זיך אָפּצוגעבן בלויז מיט גאָט.

— פוי! אַנדאַטע, אַנדאַטע* — האָט זיך דער איטאַליענער אָפּגעשאָקלט שיר נישט ווײַנענדיק. מ'האָט זיך צעלאַכט. דערנאָך האָט סעטעמבריני ווײַטער גערעדט מיט ווערדע:

— אָ, ניין, איך בין אַן אייראָפּעער, אַ מערב־מענטש. אײַערע מדרגות — דאָס איז ריינער מזרח. דער מזרח האָט פײַנט יעדע טעטיקייט. לאַאָ־טסע** האָט געלערנט, אַז דאָס נישט־טאָן איז נוצלעכער, ווי אַלץ אין דער וועלט צווישן הימל און ערד. ווען אַלע מענטשן וואָלטן אויפגעהערט צו טאָן, וואָלט געהערשט אויף דער וועלט פולשטענדיקע מנוחה און גליק. דאָ האָט איר אײַער דריטע מדרגה.

— וואָס איר זאָגט! און די מערב־אייראָפּעישע מיסטיק? און דער קוויעטיזם***, צו וועלכן מ'דאַרף צורעכענען פענעלאָן****, און וועלכער האָט געלערנט, אַז יעדעס טאָן איז אַ זינד, ווײַל וועלן זײַן טעטיק, הייסט באַליידיקן גאָט, וועלכער וויל אַליין טאָן? איך

---

* איטאַליעניש: גייט!

** איינער פון די טיפסטע כינעזישע פילאָסאָפן, האָט געלעבט אין זעקסטן יאָרהונדערט פ א ר קריסטוסן.

*** א מיסטיש־רעליגיעזע ריכטונג אין דער רוימיש־קאַטוילישער קירך אין זיבעצנטן יאָרהונדערט (פון לאַט. קוויעס = רו).

**** פראַנצויזישער שריפטשטעלער און פריידיקער אין דער צווייטער העלפט פון 17 יאָרהונדערט. נאָכדעם ווי זיין קוויעטיסטיש בוך איז פאַרהערט געוואָרן דורך דעם פויפּסט אינאָצענץ XII, איז ער אינגאַנצן אַוועק פון קוויעטיזם.

ציטיר די „פּראָפּאָזיציעס" פון מאָלינאָס*. הייסט עס, אַז די גייס־טיקע מעגלעכקייט צו געפינען אַן אויסלייזונג אין דער רו, איז פאַרשפּרייט צווישן דער גאַנצער מענטשהייט.

דאָ האָט זיך שוין אָנגערופן האַנס קאַסטאָרפּ. מיט דער מו־טיקייט פון פּשטות האָט ער זיך אַריינגעמישט אין שמועס און קוקנדיק פאַר זיך אין דער ליידיקייט, האָט ער געזאָגט:

— קאָנטעמפּלאַציע, פּרישות. עס איז אַן ענין, עס לאָזט זיך הערן. מיר לעבן דאָ אויבן אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס אָפּגע־שיידט, דאָס קאָן מען זאָגן. מיר ליגן פינף טויזנט פוס הייך אויף אונזערע זייער באַקוועמע ליג־שטולן, קוקן אַראָפּ צו דער וועלט און צו דער קרעאַטור און מיר האָבן זיך אונזערע מחשבות. ווען איך זאָל וועלן אַ קלער טאָן און זאָגן דעם אמת, האָט מיך דאָס בעט — כ׳מיין די ליג־שטול, פאַרשטייט זיך — אין משך פון די צען חדשים מער אויפגעהויבן און מיך צו מער געדאַנקען דערפירט, ווי די מיל אין פלאַכלאַנד אין משך פון די אַלע יאָרן — דאָס קאָן מען נישט אָפּלייקענען.

סעטעמבריני האָט אים אָנגעקוקט מיט טרויעריק־גלאַנציקע שוואַר־צע אויגן. — אינזשיניער — האָט ער אַ זאָג געטאָן פעסט — אינזשי־ניער! דערביי האָט ער אָנגענומען האַנס קאַסטאָרפּן ביי דער האַנט און אים אַ ביסל איינגעהאַלטן אין גאַנג, ווי ער וואָלט געוואָלט הינטער נאַפטעס רוקן זאָגן אים עפּעס אַ פּריוואַטע זאַך.

— וויפיל מאָל האָב איך אייך געזאָגט, אַז אַ מענטש דאַרף וויסן, וואָס ער איז און קלערן וועגן דעם, וואָס איז שייך צו אים! דער יסוד פון מערב־מענטש איז, נישט געקוקט אויף אַלע „פּראָפּאָזיציעס", דער שכל, דער אַנאַליז, די טאַט און דער פּראָגרעס — נישט דאָס פוילע בעט פון מאָנאַך!

---

* שפּאַנישער מיסטיקער אין דער צווייטער העלפט פון 17 יאָרהונדערט, גרינדער פון דער קוויעטיסטישער ריכטונג. נאָכדעם ווי דער פויפּסט אינאָצענץ XI האָט אָדאַנק די באַמיִונגען פון די יעזויִטן פאַרוואָרפן זיין ווערק, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זיין שיטה.

נאַפטאַ האָט אויסגעהערט און ער האָט געענטפערט איצט דינ־טערווײַלעכץ:

— פון מאָנאַך! אָבער די מאָנאַכן האָט מען צו פאַרדאַנקען די קולטור אין אייראָפּע. מ'האָט זיי צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס דײַטש־לאַנד, פראַנקרײַך און איטאַליע זײַנען נישט באַדעקט מיט ווילדע וועלדער און אור־זומפּן, נאָר גיבן אונז קאָרן, פרוכטן און ווײַן! די מאָנאַכן, מײַן הער, האָבן זייער גוט געאַרבעט...

— עבבע*, זעט איר!

— זײַט מוחל. די אַרבעט פון די מאָנאַכן איז נישט געווען נישט קיין צוועק פאַר זיך, דאָס הייסט: אַ פאַרגעסונג־מיטל, און נישט ס'איז געווען די כּוונה צו ברענגען נוצן דער וועלט און צו דערגרייכן צו געשעפטלעכע רווחים. דאָס איז געווען ריין־אַסקע־טישע איבונגען, אַ טייל פון די סיגופים, אַ מיטל צו ריייניקן די נשמה. די אַרבעט איז געווען אַ שוץ קעגן דעם גשמיות־דיקן, אַן אויפן, ווי אַזוי אָפּצוטייטן די תּאוות. זי האָט, הייסט עס, געטראָגן — דערלויבט מיר עס פעסטצושטעלן — אינגאַנצן אַ נישט־סאָציאַלן כאַראַקטער. עס איז געווען דורכאויס ריינער רעליגיעזער עגאָיזם.

— איך בין אײַך זייער דאַנקבאַר פאַר דער אויפקלערונג און ס'פרייט מיך, וואָס די ברכה פון אַרבעט קומט אַחוץ אַפילו קעגן מענטשלעכן ווילן.

— יאָ, קענען זײַנע כּוונות. מיר זעען דאָ נישט עפּעס קלע־נערס, ווי דעם חילוק, וואָס איז פאַראַן צווישן דעם נוצלעכן און מענטשלעכן.

— איך באַמערק מיט אומצופרידנקייט, אַז איר הייבט שוין ווידער אָן צו צעווייען די וועלט.

— איך באַדויער, וואָס כ'האָב נישט אַרויסגערופן אײַער סימ־פּאַטיע, אָבער מען מוז די זאַכן טיילן און סדרן און די אידעע פון Homo Dei ** אָפּריייניקן פון נישט־ריינע צומישונגען. איר, איטאַליע־

---

* איטאַליעניש: נו.

** גאָטס מענטש.

נער, האָט אויסגעטראַכט די טויש־קאָנטאָרן און די באַנקען, דערפאַר זאָל איך גאָט מוחל זיין. אָבער די ענגלענדער האָבן אויסגעפונען די עקאָנאָמישע סאָציאָלאָגיע און דאָס וועט זיי דער מענטשלעכער געניוס קיינמאָל נישט מוחל זיין.

— אַ, דער געניוס פון דער מענטשהייט האָט אויך גע־לעבט אין די גרויסע עקאָנאָמישע דענקער פון יענע אינזלען! — איר ווילט עפּעס זאָגן, אינזשיניער?

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געענטפערט, אַז נישט. אָבער באַלד דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן ריידן און סיי נאַפטאַ, סיי סעטעמבריני האָבן אים אויסגעהערט מיט אַ געוויסער געשפּאַנטקייט:

— מיט מיין קוזינס פּראָפעסיע דאַרפט איר סימפּאַטיזירן און מסכים זיין מיט זיין אומגעדולדיקייט, אומצוקערן זיך... איך בין אַ ציוויליסט דורך־און־דורך, מיין קוזין וואַרפט עס מיר אָפט פאָר. איך האָב אַפילו נישט געדינט אין מיליטער און בין פולשטענדיק אַ פרידלעכער מענטש. איך האָב שוין אַפילו נישט איינמאָל געטראַכט, אַז איך וואָלט זייער גוט געקאָנט ווערן אַ גייסטלעכער. פרעגט מיין קוזין, איך האָב זיך אַרויסגעזאָגט וועגן דעם ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. אָבער ווען איך קוק אַוועק פון מיינע פּערזענלעכע נייגונגען — און אפשר דאַרף איך, געניי גערעדט, גאָרנישט אַזוי שטאַרק אַוועקקוקן — דעמאָלט האָב איך אַ מאַסע פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע צום מיליטערישן שטאַנד. עס איז אַ טייוולאָניש ערנס־טער ענין, אַן „אַסקעטישער", אויב איר ווילט (איר זענט פריער גע־ווען אַזוי פריינדלעך און באַנוצט ערגעץ אָט־דעם אויסדרוק). מען מוז דאָ כסדר זיך רעכענען דערמיט, ס'זאָל אויסקומען צו האָבן צו טאָן מיטן טויט — אַקוראַט ווי דער גייסטלעכער שטאַנד האָט סוף־כל־סוף דערמיט צו טאָן — מיט וואָס דען אַנדערש. דעריבער האָט דאָס מיליטער אויך די biensêance * און דעם סדר פון די ראַנגעס, אויך די געהאָרזאַמקייט און דעם שפּאַנישן כבוד, אויב מ'קאָן זיך אַזוי אויסדריקן. ס'איז כמעט דאָס אייגענע, צי מען טראָגט אַ שטייפן אוניפאָרם־קאָלנער אָדער אַ געקראָכמאַלטע האַלז־קרויז. דער רע־

* ביענסעאַנס (פראַנצויזיש) = בכבודיקייט.

הילטאַט איז דער זעלבער, ס'איז דאָס „אַסקעטישע", ווי איר האָט זיך פריער אַזוי אויסגעצייכנט אויסגעדריקט... כ'ווייס נישט, צי עס געלינגט מיר אייך איבערצוגעבן מיין געדאַנקען־גאַנג...

— אַדרבא, אַדרבא — האָט נאַפטאַ געזאָגט און געכאַפט אַ בליק צו סעטעמבריני, וועלכער האָט געדרייט מיטן שטעקן און געקוקט אין הימל אַריין.

— און דערפאַר מיין איך — האָט האַנס קאַסטאָרפ ווייטער געזאָגט — אַז לויט דעם, וואָס איר האָט געזאָגט, דאַרפן אייך זיין סימפּאַטיש מיין קוזין צימסענס נייגונגען. איך טראַכט דאָ נישט וועגן „טראָן און אַלטאַר"*, און נאָך אַזעלכע פאַרבינדונגען, מיט וועלכע טייל מענטשן, פשוט ליבהאָבער פון אָרדענונג און סתם אָרנטלעכע לייט, באַרעכטיקן טיילמאָל די צוזאַמענגעהעריקייט פון די ביידע שטאַנדן. איך קלער בלויז וועגן דעם, אַז די אַרבעט פון סאָלדאַטן־שטאַנד, דאָס הייסט פון מיליטער־דינסט — אין דעם פאַל רעדט זיך וועגן דינסט — ווערט אַבסאָלוט נישט געטאָן צוליב געשעפט־לעכע רווחים און האָט קיין שום שייכות נישט צו „עקאָנאָמישער סאָציאָלאָגיע", ווי איר האָט געזאָגט. דערפאַר טאַקע האָבן די ענגלענדער ווייניק סאָלדאַטן, אַ ביסל פאַר אינדיע און אַ ביסל אין דער היים, פאַר פּאַראַדן...

— אייערע רייד האָבן קיין שום צוועק נישט, אינזשעניער — האָט אים סעטעמבריני איבערגעהאַקט. — די עקסיסטענץ פון מיליטער — איך זאָג דאָס און וויל דערביי נישט אָנרירן דעם ליטע־נאַנט — איז גייסטיק נישט דיסקוטאַבל, ווייל זי איז ריין פאָרמעל, האָט פאַר זיך גופא קיין שום אינהאַלט נישט. דער גרונד־טיפ ביים מילי־טער איז דער געדונגענער זעלנער, וועלכער פלעגט זיך לאָזן ווער־בירן פאַר דעם אָדער יענעם צוועק, בקיצור, עס זיינען געווען זעל־נער פון דער שפּאַנישער קעגן־רעפאָרמאַציע, זעלנער פון רעוואָלוציאָ־נערע חיילות, נאַפּאָלעאָנישע, גאַריבאַלדיס זעלנער, ס'זיינען פּאַראַן פּרייסישע. איך קאָן מיט אייך ריידן וועגן מיליטער, ווען איך ווייס, פאַרוואָס עס שלאָגט זיך!

---

* מאָנאַרכיע און קירך.

— דאָס, וואָס עס שלאָגט זיך — ענטפערט נאַפטאַ — בלייבט אַזוי צי אַזוי די בילדע איינגעשאַפט פון מיליטער־שטאַנד. אַזוי איז עס. ס'קאָן זיין, אַז דאָס איז נישט גענוג, אַז דער דאָזיקער שטאַנד זאָל לויט אייך זיין „גייסטיק דיסקוטאַבל“. אָבער אַלנפאַלס שטעלט די איינגעשאַפט אויך דאָס מיליטער אין אַ ספערע, וואו ס'איז נישטאָ קיין שום אָרט פאַרן בירגערלעכן פּאָזיטיוויזם.

— דאָס, וואָס איר באַווייליקט אָנצורופן בירגערלעכער פּאָזיטיוויזם — האָט סעטעמברינו געענטפערט מיט דער פאָדערשטער טייל פון די ליפּן; זיינע מויל־ווינקלען אונטער די געדרייטע וואָנצעס האָבן זיך דערביי ענערגיש אַ צי געטאָן אין דער ברייט און דער האַלז זיינער האָט זיך אויף אַ מאָדנעם אופן קרום אַרויסגעשרויפט פון קאָלנער — וועט אַלעמאָל זיין גרייט אויפצונעמען די אידעען פון שכל און עטיק און אויף אַ ריכטיקן אופן צו באַאיינפלוסן יונגע, קווענקלענדיקע נשמות אין יעדער באַליביקער פאָרם.

ס'איז שטיל געוואָרן. די יונגעלייט האָבן פאַרלעגענע געקוקט פאַר זיך. נאָך עטלעכע טריט האָבן בײַ סעטעמברינין דער קאָפּ און דער האַלז צוריק אָנגענומען די פריערדיקע שטעלונג און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— איר דאַרפט אייך נישט וואונדערן; דער הער און איך קריגן זיך אָפט, אָבער מיר טוען עס אויף אַ פריינדשאַפטלעכן אופן און אין טייל פראַגן זיינען מיר מסכים.

דאָס האָט געווירקט גוט. דאָס איז געווען ריטערלעך און מענטשלעך מצד סעטעמברינין. אָבער יאָאַכים, וואָס האָט אויך געהאַט גוטע כוונות און געוואָלט אַרויספירן דעם שמועס אויף אַן אומשולדיקער טעמע, האָט זיך פונדעסטוועגן אָנגערופן ווי עפעס וואָלט אים געשטויסן און ווי קעגן אייגענעם ווילן:

— צופעליק האָבן מיר פריער גערעדט וועגן מלחמה, איך און מיין קוזין, בעת מיר זיינען געגאַנגען הינטער אייך.

— איך האָב דאָס געהערט — האָט געענטפערט נאַפטאַ — איך האָב אויפגעכאַפּט דאָס וואָרט און מיך אומגעקוקט. איר פאַרנעמט אייך מיט פּאָליטיק? איר אַנאַליזירט דעם וועלט־מצב?

— אָ, ניין — האָט האַנס קאַסטאָרפּ זיך צעלאַכט. — ווי קומט עס צו אונז! פֿאַר מיין קוזין האָלט עס געווען צוליבן בארוף נישט פּאַסיק צו פֿאַרנעמען זיך מיט פּאָליטיק און איך בין דערויף מוותּר פֿרייוויליק, האָב דערין נישט קיין שום ידיעות. זינט כ'בין דאָ אויבן, האָב איך נאָך קיין צייטונג נישט אָנגעקוקט...

סעטעמבריני האָט, ווי פֿריער שוין איינמאָל, געהאַלטן, אַז דאָס איז אַן עוולה. ער האָט באַלד באַוויזן, אַז ער איז אויפֿן בעסטן אופֿן אינפֿאָרמירט וועגן די גרויסע פּאָליטישע באַציִונגען און ער האָט זיי געליבט, אויף וויפֿיל זיי אַנטוויקלען זיך לטובֿת דער ציוויליזאַציע. די אַלגעמיינע אייראָפּעיִשע אַטמאָספֿער איז פֿול מיט געדאַנקען וועגן שלום, מיט אַנטוואָפֿענונגס־פּלענער. די דעמאָקראַטישע אידעע מאַרשירט פֿאָרויס. ער האָט דערקלערט אויפֿן יסוד פֿון פֿאַרטרויליכע אינפֿאָרמאַציעס, וועלכע ער האָט, אַז דאָס יונג־טערקנטום פֿאַרענדיקט איצט זיינע צוגרייטונגען צו רעוואָלוציאָניזירנדיקע רעפֿאָרמען. טערקיי, ווי אַ נאַציאָנאַלע און קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכה — וואָס פֿאַר אַ טריומף פֿון מענטשלעכקייט!

די ליבעראַליזירונג פֿון איסלאַם — דאָס נאָך אַ חיזוק געמאַכט — אויסגעצייכנט! דער אויפֿגעקלערטער פֿאַנאַטיזם — זייער גוט! אַ־ב, האָט עס אַ שייכות צו אייך—האָט ער זיך געווענדט צו יאָאַכימען—אויב אַבדול האַמיד וועט פֿאַלן, וועט זיך ענדיקן אייער השפּעה אין דער טערקיי און ענגלאַנד וועט זיך אָנוואַרפֿן פֿאַר אַ פּראָטעקטאָר... איר דאַרפֿט פֿילשטענדיק נעמען ערנסט סעטעמברינים פֿאַרבינדונגען און אינפֿאָרמאַציעס — האָט ער געזאָגט צו ביידע קוזינען און אַפֿילו דאָס האָט געקלונגען אימפּערטינענט, ווייל ער האָט, קענטיק, געהאַלטן, אַז זיי נעמען סעטעמברינין גראָד נישט ערנסט. — וועגן נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע ענינים האָט ער אַ ידיעה. ביי זיי אין לאַנד האָט מען גוטע באַציִונגען צו דעם ענגלישן באַלקאַן־קאָמיטעט. וואָס וועט אָבער ווערן, לאָראָוויקאָ, מיט די אָפּמאַכן פֿון רעוואַל, אויב אַ״ערע פּראָגרעסיווע טערקן וועלן מנצח זיין? עדוואַרד דער זיבעטער וועט נישט מסכּים זיין צו עפֿענען די רוסן די דאַרדאַנעלן און אויב עסטרייך וועט פֿונדעסטוועגן אַקטיוו זיך נעמען צו באַלקאַן־פּאָליטיק, וועט....

— ווידער מיט אייער קאַטאַסטראָפן־נביאות! — האָט סעטעמ־בריני איבערגעשפּאַרט — ניקאָלאַי האָט ליב שלום. מ'האָט אים צו פאַרדאַנקען די שלום־קאָנפערענצן אין האַג, וואָס וועלן בלייבן אַ מאָראַלישער פאַקט פון דער ערשטער מדרגה.

— אַיי, נאָך דער קליינער מפּלה אין מזרח* האָט הויסלאַנד געמוזט אַ ביסל קומען צו זיך.

— פוי, מיין הער. איר דאַרפט נישט אויסלאַכן די מענטש־לעכע בענקשאַפט צו געזעלשאַפטלעכער השלמה. אַ פאָלק, וואָס וואָלט געפרווווט שטערן אָט־די שטרעבונגען, וואָלט מען אָן שום ספק מאָראַליש מחרים געווען.

— צי־וואָס דען נוצט די פּאָליטיק, אויב נישט צו שאַפן זיך קעגנזייטיק געלעגנהייטן אויף מאָראַלישער קאָמפּראָמיטאַציע?

— צי איר זאָגט אָן אָנהענגער פון פּאַן־גערמאַניזם?

נאַפטאַ האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען, וואָס זיינען נישט געווען אינגאַנצן גלייך. צו דער גאַנצער מיאוסקייט זיינער, איז ער אויך נאָך געווען אַ ביסל קרומלעך. ער האָט זיך נישט געאיילט מיט קיין תשובה. סעטעמבריני האָט דערווייל אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג:

— אַלנפאַלס איז עס ציניש, דאָס, וואָס איר האָט דאָ געזאָגט. אין די גרויסמוטיקע אָנשטרענגונגען פון דער דעמאָקראַטיע צו ווערן אינטערנאַציאָנאַל ווילט איר גאָרנישט זען אַחוץ פּאָליטישער כיט־רעקייט...

— איר ווילט מסתמא, כ'זאָל זען דערין אידעאַליזם אָדער גאָר רעליגיעזיטעט? דאָ גייט וועגן די לעצטע, שוואַכלעכע רעגונגען פון לעצטן ביסל אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג, וואָס איז נאָך געבליבן דעם פאַרמשפּטן וועלט־סיסטעם. די קאַטאַסטראָפע דאַרף און מוז פאַרקומען, זי קומט אָן ־־־ירך אַלע וועגן און אויף אַלערליי אופנים. נעמט די בריטישע מלוכה־פּאָליטיק. ענגלאַנדס באַדער־פעניש זיך צו פאַרזיכערן אינדיע איז אַ לעגיטימע זאַך. אָבער די פאָלגן דערפון? עדוואַרד ווייסט אַזוי גוט ווי איר און איך, אַז די מאַכטהאָבער פון רוסלאַנד מוזן זיך רעוואַנשירן פאַר דער מפּלה

* רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה.

אין מאַנדזשוריע און אַז דאָס אָפּציען די רעוואָלוציע איז ווי נייַ־טיק ווי ס׳לעבן. פונדעסטוועגן לעגקט ער — ער מוז עס, מסתמא! — דעם רוסישן אויסשפּרייטונגס־דראַנג קיין אייראָפּע, וועקט אַיינגע־דרעמלטע ברוגזן צווישן פּעטערבורג און ווין.

— אַך, ווין! איר זאָרגט אַייך, מסתמא, פאַר אָט־דעם אבן־נגף פון דער וועלט, ווייל איר זעט אין דער דורכגעפוילטער עסטרייכישער מאָנאַרכיע די מומיע פון „אַמאָליקן הייליקן רוימישן קי־ניגרייך, פון דייטשער נאַציע״.

— און איר זענט, זע איך, אַ רוסאָפיל, מסתמא צוליב הומאַ־ניסטישער סימפּאַטיע צו דעם צעזאַראָ־פּאַפּיזם*.

— מיין הער, די דעמאָקראַטיע קאָן אַפילו מער האָפן מצד דעם קרעמל ווי מצד דער „האָפבורג״** און ס׳איז אַ חרפה פאַרן לאַנד פון לוטער און גוטענבערג. —

— אַיסער דעם איז עס מסתמא טיפּשות. אָבער אויך אָט־די טיפּשות איז געצייג פון דער פּאַטאַליטעט.

— אַך, לאָזט אָפּ די פּאַטאַליטעט! דער מענטשלעכער שכל דאַרף בלויז מער וועלן זיך ווי דעם פּאַטאַליזם, וועט ער עס ווערן.

— מ׳וויל אַלעמאָל דאָס, וואָס דער גורל באַשערט. די קאַ־פּיטאַליסטישע אייראָפּע שטרעבט צום אירעקן.

— מ׳האָט אָן גלויבן אין מלחמות, אויב מ׳האָט זיי נישט געגנוג פיינט.

— אַייער עקל איז לאָגיש אָפּגעריסן, כל־זמן ער איז נישט פאַראַן ביי דער מלוכה גופא.

— די נאַציאָנאַלע מלוכה איז דער פּרינציפּ פון איצט, כאָטש איר מאַכט פון איר אַזאַ תל. איר מאַכט נאָר פריי און גלייך די נאַציעס, שיצט די קליינע און שוואַכע פאַר אונטערדריקונג, שאַפט גערעכטיקייט, שאַפט נאַציאָנאַלע גרענעצן...

---

* דער צאַר איז געווען איינציטיק דער קייסער און דער „פּויפּסט״ פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך.

** אין ווין.

— די ברעננער*-גרענעץ, כ'ווייס. די ליקווידאַציע פון עסטרייך. כ'וואָלט נאָר געווען אַ בעלן צו וויסן, ווי-אַזוי איר וועט דאָס מאַכן אָן קריג.

— און איך וואָלט באמת גערן געוואָלט וויסן, ווען איך בין דאָס געווען אַ קעגנער פון קריג צוליב נאַציאָנאַלער באַפרייונג.

— איך הער דאָך גאָר —

— ניין, דאָס מוז איך עדות זאָגן אויפן הער סעטעמבריני — האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ אַריינגעמישט אין דעם וויכּוח, צו וועלכן ער האָט זיך, גייענדיק, צוגעהערט. ער האָט יעדעס מאָל אויסגעבויגן דעם קאָפּ צו יענעם, וואָס האָט גערעדט, און אים פּאַראינטערעסירט באַטראַכט פון דער זייט — מיין קוזין און איך האָבן שוין טיילמאָל געהאַט די געלעגנהייט צו שמועסן מיט אים וועגן אָט-די און ענלעכע זאַכן. דאָס הייסט: נאַטירלעך איז געשען אַזוי, אַז מיר האָבן זיך צוגעהערט דערצו, ווי ער אַנטוויקלט זיינע מיינונגען און מאַכט זיי קלאָר. און אַזוי-אַרום קאָן איך באַשטעטיקן און אויך מיין קוזין וועט זיך מסתמא דערמאָנען דערין, אַז הער סעטעמבריני האָט נישט איינמאָל גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג וועגן פּרינציפּ פון פעלקער-באַוועגונגען, מרידה און פון וועלט-פאַרבעסערונג. עס איז גאָרנישט אַזאַ פרידלעכער פּרינציפּ, דאַרף מען וויסן, און מ'דאַרף מאַכן גרויסע אָנשטרענגונגען, ביז וואַנען דער פּרינציפּ וועט אומעטום זיגן און ס'וועט אַנטשטיין די אַלגעמיינע גליקלעכע וועלט-רעפּובליק. דאָס זיינען זיינע ווערטער, הגם ער האָט זיי אַרויסגעזאָגט, נאַטירלעך, אַ סך פּלאַסטישער און ליטעראַרישער ווי איך איצט — דאָס פאַרשטייט מען ממילא. אָבער איין אויסדרוק געדענק איך זייער גענוי און ער איז מיר געבליבן אין זכּרון ווערטלעך, דערפאַר, ווייל איך האָב מיך, ווי אַן אויסגעשפּראָכענער ציווילסט, דירעקט אַ ביסל דערשראָקן צוליב דעם. ער האָט, נעמלעך, געזאָגט, אַז ס'וועט קומען אַזאַ טאָג — אויב נישט אויף טויבן-פיסלעך, איז אויף אָדלער-פליגל (מאַקע די אָדלער-פליגל האָבן

* דער בערג-פּאַס אין די רעטישע אַלפּן, פאַר דער מלחמה עסטרייכיש, היינט די גרענעץ צווישן עסטרייך און איטאַליע.

מיך דערשראָקן, ווי כ'דערמאָן מיך) — ווען מ'וועט מוזן זיין צע־קלאַפּן איינפּ פּיצלעך, אויב מ'וויל מאַכן פריי דעם וועג פאַרן גליק. מ'קאָן, הייסט עס, נישט זאָגן, אַז הער סעטעמבריני האַלט בכלל נישט פון קיין מלחמה. בין איך גערעכט, הער סעטעמבריני?

— אומגעפער — האָט סעטעמבריני געענטפערט קורץ, מיט אַן אָפּגעקערטן קאָפּ. דערביי האָט ער געפּאַכעט מיטן שטעקן.

— שלעכט — האָט נאַפטאַ מיא'ס אַ שמייכל געטאָן. — אַייער אייגענער תלמיד פאַרשיט אײַך מיט אַייערע קריגערישע נייגונגען. *Assument pennas ut aquilae...

— וואָלטער אַליין האָט געהאַלטן פון אַ מלחמה לשם־ציוויליזאַציע און האָט פרידריך דעם צווייטן געהייסן פירן קריג מיט די טערקן.

— אָבער אַנשטאָט דעם האָט ער זיך גאָר פאַרבונדן מיט זיי, הע, הע. און איצט די וועלט־רעפּובליק! איך וויל שוין נישט פרעגן, וואָס ס'וועט זיין מיטן פּרינציפּ פון פאָלקס־באַוועגונגען און מרידות, ווען ס'וועט קומען דאָס גליק און די אַחדות. אין יענעם מאָמענט וואָלט מרידה געוואָרן אַ פאַרברעך...

— איר ווייסט גאַנץ גוט און אויך אָט־די יונגעלייט ווייסן עס, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן דעם אומענדלעכן פּראָגרעס פון דער מענטשהייט.

— אָבער יעדע באַוועגונג איז קרייז־פאָרמיק — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — סיי אין רוים און סיי אין דער צייט, דאָס לערנען די געזעצן פון דער דערהאַלטונג פון דער מאַסע און פון דער פּעריאָדיציטעט. מיין קוזין און איך האָבן ערשט פריער גערעדט וועגן דעם. צי קאָן דען ביי אַ געשלאָסענער באַוועגונג, וואָס גייט קיינמאָל נישט אין קיין גלייכער ריכטונג, זיין אַ רייד וועגן גיין פאָרויס? ווען איך ליג אַזוי אין אָוונט און באַטראַכט דעם צאָדיאַקוס, דאָס הייסט: די העלפט, וועלכע מ'קאָן זען, און איך טראַכט וועגן די אַלטע, קלוגע פעלקער...

* זיי נעמען זיך פליגל ווי אָדלערס.

— איר דאַרפט אַייך נישט גריבלען און נישט פאַנטאַזירן, אינזשיניער — האָט אים סעטעמבריני איבערגעהאַקט די רייד — נאָר אַנטשלאָסן זיך איבערגעבן די אינסטינקטן פון אַייערע יאָרן און פון אַייער ראַסע, וועלכע שטויסן אַייך צו טעטיקייט. אויך אַייער נאַטור־וויסנשאַפטלעכע בילדונג דאַרפט איר פאַרבינדן מיט דער אידעע פון פראָגרעס. אויף אַן אומגעהייערן שטח פון צייט זעט איר ווי דאָס לעבן האָט זיך אַנטוויקלט אַלץ ווייטער און העכער פון אַן אַמעבע ביז צו אַ מענטש, איר דאַרפט אויך נישט זיין מסופק דערין, אַז פאַר דעם מענטש זיינען נאָך אָפן אומענדלעכע מעגלעכקייטן פון פאַרפולקומונג. אָבער אויב איר ווילט אַייך אַריינפרעסן בלויז אין דער מאַטעמאַטיק, טאָ פירט אַייער קרייז פון שלימות צו שלימות און אויב איר קוויקט אַייך מיט דער תורה פון אַכצנטן יאָרהונדערט, אַז דער מענטש איז געווען לכתחילה גוט, גליקלעך און פולקום, בלויז די געזעלשאַפטלעכע טעותים האָבן אים קאַליע געמאַכט און אַז אויף דעם וועג פון קריטישער אַרבעט און געזעלשאַפטלעכן איבערבוי קאָן ער און דאַרף ווידער ווערן גוט, גליקלעך און פולקום —

— הער סעטעמבריני פאַרגעסט צוצוגעבן — איז נאַפטאַ אַריינגעפאַלן אינמיטן די רייד — אַז די רוסאָישע אידיליע איז אַ פילפולדיקער דריי פון דער קירכלעכער דאָקטרין וועגן דער אַמאָליקער אומצוגעהעריקייט צו אַ מלוכה און זינד־ריינקייט פון מענטש, וועגן זיין לכתחילהדיקער גאָט־אוממיטלבאַרקייט און געטלעכער אָפשטאַמונג, צו וועלכער ער דאַרף זיך אומקערן. אָבער דאָס ווידעראויפבויען דעם מלכות־שמים נאָכדעם ווי ס'וועלן אויפהערן אַלע אַנדערע ערדישע פאָרמען ליגט דאָרטן, וואו ס'טרעפן זיך צונויף הימל און ערד, גשמיות און רוחניות. עולם־הבא איז טראַנסצענדענט. וואָס ס'איז נוגע אַייער קאַפיטאַליסטישער וועלט־רעפובליק, ליבער דאָקטאָר, איז זייער מאָדנע צו הערן אַייך ריידן אין שייכות דערמיט וועגן „אינסטינקט. דאָס אינסטינקטיווע איז דורכאויס אויף דער זייט פון נאַציאָנאַלן. גאָט אַליין האָט אין מענטש אַיינגעפלאַנצט דעם נאַטירלעכן אינסטינקט, וואָס איז גורם, אַז די מענטשן זאָלן זיך פונאַנדערשיידן אין פאַרשיידענע מלוכות. די מלחמה...

— די מלחמה — האָט סעטעמבריני אויסגערופן — אַפּילו די מלחמה האָט שוין אַמאָל געמוזט דינען דעם פּראָגרעס. איר וועט עס מיר מוזן מודה זיין, אויב איר וועט אייך דערמאָנען געוויסע געשעענישן פון אייער ליבלינג־עפּאָכע, כ׳מיין: די קרייץ־צוגן! אָט די ציוויליזאַציע־מלחמות האָבן אויף אַ גליקלעכן אופן באַאיינפלוסט די עקאָנאָמישע און האַנדלס־פּאָליטישע באַציִונגען צווישן די פעלקער און פאַראייניקט די מערב־אייראָפּעער אונטערן צייכן פון איין אידעע!

— איר זענט צו דער אידעע זייער טעלאָראַנט. דערפאַר וויל איך אייך נאָך העפלעכער דערמאָנען דערין, אַז הגם די קרייץ־צוגן האָבן געשאַפן לעבעדיקערע באַציִונגען, האָבן זיי אָבער נישט בלויז נישט געווירקט אויף אינטערנאַציאָנאַלער אויסגלייכונג צווישן פעלקער, נאָר פאַרקערט, געלערנט די נאַציעס זיך פונאַנדערשיידן און פאַרשטאַרקט די אויסבילדונג פון דער נאַציאָנאַלער מלוכה־אידעע.

— זייער צוטרעפלעך, אויף וויפיל ס׳גייט וועגן דער באַציִונג פון די פעלקער צום קלער. יאָ! דעמאָלט האָט אָנגעהויבן דאָס געפיל פון מלוכיש־נאַציאָנאַלן כבוד צו פאַרשטאַרקן זיך קעגן היעראַרכישע פאַרמעסטונגען...

— דערביי איז דאָס, וואָס איר רופט אָן היעראַרכישע פאַרמעסטונגען, נישט עפּעס אַנדערש, ווי די אידעע פון מענטשלעכער פאַראייניקונג אונטערן צייכן פון גייסט!

— מ׳קאָן שוין יענעם גייסט און מ׳דאַנקט אים פאַר דער טובה!

— ס׳איז קלאָר, אַז אייער נאַציאָנאַלע מאַניע פילט אַ שנאה צום וועלט־באַזיגנדיקן קאָסמאָפּאָליטיזם פון דער קירך. כ׳וואָלט נאָך געווען אַ בעלן צו וויסן, ווי אַזוי איר ווילט פאַראייניקן דערמיט אייער שנאה צו מלחמות. אייער אַנטיקיזירנדיקער מלוכה־קולט מוז פון אייך מאַכן אַ קנאי פון פּאָזיטיווער רעכט־אויפפאַסונג און ווי אַזעלכער...

— מיר ריידן וועגן רעכט? אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן רעכט, מיין הער, לעבט דער געדאַנק פון נאַטור־רעכט און דער אַלמענטשלעכער שכל....

– מנע, אײער אינטערנאַציאָנאַל רעכט איז װידעראַמאָל נישט עפּעס אַנדערש, װי אַ רוסאָישע פאַרדרײונג פון ius divinum*, װאָס האָט להלוטין נישט צו טאָן נישט מיט נאַטור, נישט מיט שכל, נאָר שטיצט זיך אויף דער אַנטפּלעקונג...

– לאָמיר זיך נישט שפּאַרן װעגן נעמען, פּראָפעסאָר! איר קאָנט אומגעשטערט אָנרופן ius divinum דאָס, װאָס איך שעץ, װי נאַטור־און אינטערנאַציאָנאַל רעכט. דער עיקר איז, אַז איבער די פּאָזיטיװע רעכט פון די נאַציאָנאַלע מלוכות זאָל זיך דערהויבן אַ העכער־גילטיק, אַלגעמײן רעכט און זאָל מעגלעך מאַכן די אויסגלײכונג פון פאַרשײדענע מחלוקתן דורך שײד־געריכטן.

– דורך שײד־געריכטן! װאָס איך הער! דורך אַ בירגערלעך שײדגעריכט, װאָס דעצידירט װעגן פראַגן פון לעבן, דערגײט גאָטס װילן און באַשטימט די געשיכטע! גוט, אַזױפיל װעגן די טױבן־פיסלעך. און װאו קומען־אַהין די אָדלער־פליגל?

– די בירגערלעכע עטישקײט.

– אײ, די בירגערלעכע עטישקײט װײסט נישט, װאָס זי װיל. אָט שרײען זײ, אַז מ'דאַרף באַקעמפן דאָס, װאָס ס'װערן געבוירן אַלײן װײניקער קינדער, מ'זאָל ביליקער מאַכן די קאָסטן פון קינדער־אויפציִונג און פון פאַך־צוגרײטונג. דערבײ װערט מען דערשטיקט פון דער ענגשאַפט און אַלע פּראָפעסיעס זײנען אַזױ איבערפולט, אַז דער קאַמף פאַר אַ שטיקל ברויט שטעלט אַװעק אין שאָטן אַלע מלחמות פון אַמאָל. פרײע פלעצער און גאָרטן־שטעט! גע־זונט מאַכן די ראַסע! אָבער צו װאָס דאָס געזונט מאַכן, װען די ציװיליזאַציע און דער פּראָגרעס שטרעבן דערצו, ס'זאָל מער נישט זײן קײן קריג? די מלחמה װאָלט געװען אַ מיטל קעגן אַלץ און פאַר אַלץ: פאַר געזונט מאַכן די ראַסע און אפילו קעגן דעם, װאָס ס'װערן געבוירן צו־װײניק קינדער.

– איר װיצלט אײך. דאָס זאָגט איר מיר נישט ערנסט. אונ־זער שמועס הערט אויף און עס געשעט אין דער רעכטער מינוט. מיר זײנען אויפן אָרט – זאָגט סעטעמבריני און װײזט אָן מיטן

---

* געטלעך רעכט.

שטעקן די קוזינען דאָס הייזל. זיי זיינען געבליבן שטיין ביים פּלויט. דאָס הייזל איז געווען נאָענט צום אַריינגאַנג פון „דאָרף“ ביי דער גאַס, אָפּגעטיילט בלויז מיט אַ שמאָל פאָדער־גערטנדל און באַשיידן. ווילדער וויין האָט זיך געשלענגלט פון די נאַקעטע וואָרצלען אַרום דער הויז־טיר און האָט אויסגעצויגן אַ געבויגענעם אָרעם, וועלכער איז געווען צוגעטוליעט צו דער מויער רעכטס איבער דעם פּאַרטער־פענסטער. עס איז געווען אַ שויב פון אַ קליין געוועלבל. דעם פּאַרטער פאַרנעמט דער קרעמער — האָט סעטעמבריני דערקלערט. נאַפטעס דירה געפינט זיך מיט אַ שטאָק העכער אין שניידער־מאַגאַזין און ער אַליין וואוינט אין דאַך־שטיבל. עס איז אַ שטיל שטודיר־צימערל.

נאַפטאַ האָט מיט אומגעריכטער העפלעכקייט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז מען וועט זיך נאָך צונויפטרעפן. — קומט צו אונז — האָט ער געזאָגט. איך וואָלט אַפילו געזאָגט: קומט צו מיר, ווען ד״ר סעטעמבריני וואָלט נישט געהאַט קיין עלטערע רעכט אויף אייער פריינדשאַפט. קומט צו גיין, ווען איר ווילט, אויב איר וועט נאָר האָבן חשק זיך אַ ביסל דורכצושמועסן. איך האַלט פון דורכריידן זיך מיט דער יוגנט און ס׳פעלט מיר אפשר אויך נישט אינגאַנצן יעדע פּעדאַגאָגישע טראַדיציע... אויב אונזער מייסטער און לערער (ער האָט אָנגעוויזן אויף סעטעמברינין) וויל יעדע פּעדאַגאָגישע מעגלעכקייט אין פּעיִקייט רעזערווירן בלויז פאַרן בירגערלעכן הומאַניזם, דאַרף מען אים נישט האָרכן. הייסט עס, מיר זעען זיך אין קורצן!

סעטעמבריני האָט געפונען מניעות. ס׳זיינען דאָ שטערונגען — האָט ער געזאָגט. די טעג פון לייטענאַנט דאָ אויבן זיינען געציילטע און דער אינזשיניער וועט זיכער וועלן פאַרטאָפּלען זיין התמרה אין דער קוראַציע, כדי אים באַלד נאָכצוקומען אין פלאַכלאַנד.

— די יונגעלייט האָבן איינגעשטימט מיט ביידע, מיט איינעם און דערנאָך מיט דעם אַנדערן. זיי האָבן אָנגענומען נאַפטעס איינלאַדונג מיט אַ פאַרבייגונג און אין אַ רגע אַרום האָבן זיי מיט די קעפּ און אַקסלען אויך מסכים געווען מיט סעטעמבריניס ספקות. אַזוי־אַרום איז אַלץ געבליבן אָפן.

— ווי אַזוי האָט ער אים אָנגערופן? — האָט יאָאַכים גע־פרעגט, בעת זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען מיטן געדרייטן וועג צו „בערגהאָף“.

— מייסטער און לערער — האָב איך געהערט — האָט האַנס קאַסטאָרפ געענטפערט — און איך קלער טאַקע אויך וועגן דעם. עס איז מסתמא אַזאַ ווייז. זיי רופן זיך מיט מאָדנע נעמען. סעטעמ־בריני האָט אָנגערופן נאַפטען „princeps scholasticorum“— אויך נישט שלעכט. די סכאָלאַסטיקער דאָס זיינען דאָך געווען די שריפט־געלערנטע פון מיטלאַלטער, דאָגמאַטישע פילאָסאָפן, אויב דו ווילסט. המ. וועגן מיטלאַלטער האָט מען אין דעם שמועס גערעדט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. ס'איז מיר דערביי איינגעפאַלן, אַז ס'שמעקט עפּעס מיט מיטלאַלטער דאָ אויבן, ווי סעטעמבריני האָט געזאָגט גלייך אין די ערשטע טעג: מיר זיינען געקומען דערצו דורך אַדריאַטיקאַ פאָן מילענדאָנק, דורך דעם נאָמען. — ווי איז ער דיר געפעלן?

— דער קליינער? — נישט זייער. כאָטש ער האָט געזאָגט טייל זאַכן, וואָס זיינען מיר געפעלן. שייד־געריכטן זיינען, נאַטירלעך, צביעות. אָבער ער אַליין איז מיר ווייניק געפעלן. ער קאָן זאָגן אַ סך גוטע זאַכן, אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון, אַז ער אַליין איז אַ פאַרדעכטיקער הברה־מאַן. פאַרדעכטיק איז ער — דאָס קאָנסטו מיר נישט אָפּלייקענען. אַפילו שוין די געשיכטע מיט דעם בעט איז מיר שטאַרק נישט געפעלן. דערביי האָט ער נאָך אַ יידישע נאָז, גיב נאָר אַ קוק! אַזעלכע שלעכטע פיגורן האָבן אויך בלויז סעמיטן. דו האָסט ערנסט בדעה צו קומען אַמאָל צו דעם מענטש?

— פאַרשטייט זיך, אַז מיר וועלן קומען צו אים — האָט האַנס קאַסטאָרפ געענטפערט — די שלעכטע פיגור — דאָס רעדט פון דיר אַרויס דאָס מיליטערישע. די כאַלדעער האָבן אויך געהאַט אַזעלכע נעז און זיינען פונדעסטוועגן געווען פייער און פלאַם, נישט בלויז אין אַסטראָלאָגיע. נאַפטאַ האָט אויך אין זיך עפּעס סודות־דיקס, ער אינטערעסירט מיך נישט ווייניק. איך וויל נאָך נישט זאָגן, אַז כ'בין שוין היינט פון אים קלוג געוואָרן, אָבער ווען מיר

וועלן זיך אָפּט מיט אים צונויפטרעפן, וועלן מיר אפשר קליגער
ווערן דערפון. איך האַלט עס לחלוטין נישט פאַר אויסגעשלאָסן.

— אַך, מענטש, דו ווערסט דאָ כסדר אַלץ קליגער, דאָ אויבן
מיט דיין ביאָלאָגיע און באָטאַניק און מיט דיינע לויפנדיקע ווענד־
פונקטן. מיט דער „צייט“ האָסטו באַלד אין ערשטן טאָג געהאַט
צו טאָן. אָבער מיר זיינען דאָך דאָ, כדי געזינטער צו ווערן, נישט
כדי צו ווערן קליגער. מיר דאַרפן דאָ ווערן געזינטער און אינ־
גאַנצן געזונט, כדי מיר זאָלן סוף־כל־סוף קאָנען ווערן פריי און
אַרויס צוריק אין פלאַכלאַנד אויסגעהיילטע.

— אויף די בערג וואוינט די פרייהייט — האָט האַנס קאַס־
טאָרפּ לייכטזיניק גענומען זינגען — זאָג מיר קודם־כל, וואָס איז אַזוינס
פרייהייט — האָט ער ווייטער גערעדט — נאַפטאַ און סעטעמברי
האָבן זיך פריער אויך געשפּאַרט וועגן דעם און נישט געקומען
צו קיין הסכם. פרייהייט איז דאָס געזעץ פון מענטשן־ליבע! —
זאָגט סעטעמבריני און דאָס דערמאָנט אין זיין זיידן דעם קאַרבאָ־
נאַראָ. אָבער אַזוי העלדיש ווי דער קאַרבאָנאַראָ איז נישט געווען
און ווי העלדיש סעטעמבריני אַליין איז נישט...

— יאָ, ער איז געוואָרן ברוגזלעך, ווען דער שמועס האָט
אָנגערירט זיין פערזענלעכע אַמביציע.

— ...איך גלויב פונדעסטוועגן, אַז ער האָט מורא פאַר טייל
זאַכן, פאַר וועלכע דער קליינער נאַפטאַ האָט נ י ש ט קיין מורא,
פאַרשטייסטו, און אַז זיין פרייהייט און העלדישקייט זיינען גאַנץ עטע־
פּע־טעטע. צי מיינסטו, אַז ער וואָלט געהאַט גענוג מוט de se
* perdre ou même de se laisser dépérir ?

— וואָס האָסטו עפּעס פלוצלונג אָנגעהויבן ריידן פראַנצוי־
זיש?

— אַזוי זיך... די אַטמאָספער דאָ איז סיי־ווי אַ אינטערנאַ־
ציאָנאַלע. כ׳ווייס נישט, וועמען דאָס דאַרף מער געפעלן: סעטעמ־
ברינין צוליב זיין בירגערלעכער וועלט־רעפּובליק אָדער נאַפטען צוליב

* פראַנצויזיש: זיך אַליין אומצובריינגען, אָדער זיך צו לאָזן אומ־
ברענגען.

זיין היעראַרכישן קאָסמאָפּאָליטיזם. איך האָב מיך שטאַרק צוגע־הערט, ווי דו זעסט, אָבער קלאָר איז מיר דער ענין נישט געוואָרן. איך האַלט, להיפוך, אַז זייער שמועס האָט אַריינגעבראַכט בלויז צעטומלונג.

— דאָס איז אַלעמאָל אַזוי. דו וועסט אַלעמאָל אײַנזען, אַז פון ריידן און אַרויסזאָגן מיינונגען ווערט מען בלויז צעטומלט. איך זאָג דיר, ס׳גייט בכלל נישט דערין, וואָס פאַר אַ מיינונגען עמעץ האָט, נאָר דערין, צי עמעץ איז אַ וואוילער בחור. דאָס בעסטע איז, ווען מ׳האָט בכלל נישט קיין מיינונגען, נאָר מ׳טוט דאָס, וואָס מ׳דאַרף.

— יאָ, דאָס קאָנסטו זאָגן, אַזאַ זעלנער און אַ פאָרמאַלע עקסיסטענץ ווי דו. ביי מיר איז אַ ביסל אַנדערש. איך בין אַ ציוויליסט, איך בין אין אַ געוויסער מאָס פאַראַנטוואָרטלעך. מיך רעגט עס אויף בעת איך זע אַזאַ צעטומלעניש, ווי עמעץ פּריי־דיקט די אינטערנאַציאָנאַלע וועלט־רעפּובליק, האָט אַ פולשטענדיקן ביטול צו קריג און דערביי איז ער אַזוי פּאַטריאָטיש, אַז ער פאַר־לאַנגט כסדר די ברענגער־גרענעצן און וויל צוליב דעם פירן אַ ציוויי־ליזאַציע־קריג. דער אַנדערער ווידער האַלט די מלוכה פאַר אַ טייוו־לאָנישן ענין און פאַנטאַזירט וועגן אַן אַלגעמיינער פאַראייניקונג דאָרט, וואו ס׳טרעפן זיך הימל און ערד, אָבער אין אַ רגע שפּעטער פאַר־טיידיקט ער די רעכט פון נאַטירלעכן אינסטינקט און מאַכט חוזק פון שלום־קאָנפערענצן. מיר מוזן אומבאַדינגט גיין צו זיי, כדי צו פאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך. דו האָסט אַפילו געזאָגט, אַז מיר דאַרפן דאָ נישט ווערן קליגער, נאָר געזינטער. אָבער דאָס מוז מען אויך קאָנען פאַראייניקן, מענטש איינער, און אויב דו גלויבסט נישט דערין, צעצווייסטו די וועלט. אַזאַ עובדא איז אַלעמאָל אַ פעלער, מוז איך דיר באַמערקן.

---

## וועגן מלכות שמים און וועגן דער אויסלייזונג

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויפן באַלקאָן זיך פאַרנומען מיט אַ געוויקס, וואָס איז איצט, נאָכדעם, ווי דער אַסטראָנאָמישער ווינטער

האָט זיך אָנגעהויבּן און די טעג האָבּן גענומען ווערן קירצער, געוואַקסן אויף אַ סך ערטער: ס'איז געווען דאָס אָדלערל אָדער Aquilegia, אַ מין יאַסקער־פּלאַנץ, וואָס איז געוואַקסן ווי אַ קוסט, מיט אַ הויך שטענגל, מיט בּלויע, פיאָלעטע און רויט־בּרוינע בּליטן און מיט גרויסע בּלעטער, ווי קרויט. די פּלאַנץ איז געוואַקסן דאָ און דאָרט, מאַסנווייז, אָבּער בּעיקר אויף די אָפּגעזונדערטע ערטער, וואו ער האָט זי בּאַלד אַ יאָר געזען צום ערשט: אויף דעם אָפּגעזונדערטן וואַלד־וועג, וואו ס'האָט גערוישט אַ ווילד וואַסער און ס'איז געווען אַ שטעג און אַ בּאַנק אויף אָפּצורוען. דאָרטן האָט זיך געהאַט געענדיקט זיין אַמאָליקער צו־אַיילקער שפּאַציר, וועלכער איז אים אַזוי שלעכט בּאַקומען. פון צייט צו צייט פלעגט ער ווידער צוגיין אַהין.

ס'איז גאָרנישט געווען אַזוי ווייט בּיז דאָרטן, ווען מ'איז געגאַנגען אַהין מיט ווייניקער קוראַזש, ווי האַנס קאַסטאָרפּ דעמאָלט. ווען מ'איז צוגעקומען בּיז צום סוף פון דער שליטן־מעטע אין „דאָרף“ און מ'איז אַ בּיסל אַרויף אויפן שיפּוע, האָט מען דערזען דאָס מאָלערישע אָרט אויף דעם וואַלד־וועג. עס זיינען דאָ געלעגן הילצערנע בּריקן, הינטער וועלכע ס'זיינען דורכגעלאָפן די בּאָבּ־שליטנס אויפן וועג פון שאַצאַלפּ. מ'האָט געקאָנט אַהין צוקומען אין משך פון צוואַנציק מינוט אָן אומוועגן, אָפּערע־געזאַנג און מ'האָט זיך נישט געדאַרפט אָפּרוען צוליבּ פאַרמאַטערטקייט. אייבּ ס'האָט זיך געטראָפן, אַז יאָאַכים האָט געמוזט בּלייבּן אין דער סאַנאַטאָריע צוליבּ קוראַציע־פליכטן, אַ שטייגער — אונטערזוכונג, רענטגען־פאָטאָגראַפיע, בּלוט־אַנאַליז, איינשפּריצונגען, אָדער ווייל ער האָט זיך געדאַרפט וועגן — דעמאָלט פלעגט האַנס קאַסטאָרפּ בּיי אַ שיין וועטער אַוועק אַהין נאָכן צווייטן פרישטיק, טיילמאָל אַפילו בּאַלד נאָכן ערשטן. אויך די שעהן צווישן דער טיי און אָוונט־עסן פלעגט ער אויסנוצן, כּדי צו בּאַזוכן זיין ליבּלינגס־אָרט, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער בּאַנק, וואו ס'האָט זיך אים דעמאָלט אַזוי שטאַרק געלאָזט דאָס בּלוט פון דער נאָז, מיט אַ קרום־גענייגטן קאָפּ האָט ער צוגעהערט זיך צום רוישן פון טייך און בּאַטראַכט די געשלאָפענע

לאַנדשאַפט אַרום זיך און אויך די מאַסע בלויע אָדלערלעך, וואָס האָבן ווידער דאָ געבליט אויף דעם גרונט.

צי איז ער געקומען בלויז צוליב דעם? ניין. ער איז דאָרטן געזעסן, כדי צו זיין אַליין, כדי צו דערמאָנען זיך, כדי אויפצולעבן די איינדריקן און געשעענישן פון אַזויפיל חדשים און וועגן אַלין איבערצוקלערן. ס'זיינען געווען אַ סך זכרונות און כלערליי, דערביי נישט לייכט זיי צו ברענגען אין אַן אָרדענונג, ווייל זיי האָבן זיך געפלאָנטערט און זיך צונויפגעגאָסן, אַזוי אַז ס'איז שווער געווען פונאַנדערצושיידן צווישן דעם ממשותדיקן און דעם געטראַכטן, גע־חלומטן און בלויז פאָרגעשטעלטן. ס'זיינען אַלץ געווען אַהאַנטורים־טישע זאַכן, אין אַזאַ מאָס, אַז זיין האַרץ, וואָס איז דאָ אויבן געווען און געבליבן ציטערנדיק, איז אַזש אַ ווײַלע שטיין געבליבן און אָנגעהויבן קלאַפן, ווי מיט האַמערס, בשעת ער האָט געטראַכט וועגן דעם אַלעמען. אָדער צי איז געגנג געווען פאַר אים בלויז דער געדאַנק, אַז נישט די אַקווילעגיאַ (ביי וועלכער ער האָט, אין אַ מצב פון פאַרמינערטן לעבן, דערזען פריביסלאַוו היפּסע זי ער שטייט און גייט) בליט נאָך, נאָר זי בליט שוין ווידער און אַז פון די דעמאָלטיקע „דריי וואָכן" איז שוין געוואָרן אַ קיילעכיק יאָר, זיין צעוויגט האַרץ זאָל זיך אַזוי מאָדנע דערשרעקן?

קיין בלוט פון דער נאָז האָט זיך אים, אַלנפאַלס, מער נישט געלאָזט אויף דער באַנק ביים וואַסער. יענץ איז שוין געהאַט פאַרביי. זיין אַקלימאַטיזאַציע איז געגאַנגען פאָרויס, כאָטש יאָאַכים האָט אים תיכף פאָרויסגעזאָגט, אַז ס'וועט שווער זיין זיך צו אַקלימאַטי־זירן און ס'איז פאַקטיש געווען אַזוי. נאָך עלף חדשים האָט מען זי שוין געמוזט האַלטן פאַר געענדיקט און אויף עפּעס מער אין אָט דעם פּרט האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ נישט געקאָנט ריכטן. דער כעמיזם פון זיין מאָגן האָט זיך צוגעפּאַסט און געוואָרן נאָר־מאַל, מאַריאַ מאַנציני האָט געשמעקט. די נערוון פון זיין אויס־געטריקנטער שליים־הויט האָבן שוין לאַנג ווידער ברייט געגאָסן דעם אַראָמאַט פון אָט דעם אויסגעצייכנטן פאַבריקאַט, אַזוי, אַז וויפיל מאָל די ציגאַרן זיינען אויסגעגאַנגען, האָט ער זיי אויסגעשריבן פון ברעמען מיט אַ מין פיעטעט־געפיל, כאָטש אין די קוק־פענסטער

פון אינטערנאַציאָנאַלן קוראָרט האָט מען געזען זייער גוטע מינים. איז דען „מאַריאַ“ נישט געווען אַ מין פאַרבינדונג צווישן אים, דעם אָפּגעריסענעם, מיט דעם פלאַכלאַנד, די אַלטע היים? די ציגאַרן האָבן דען נישט בעסער אויפגעהאַלטן און אָפּגעהיט די באַציונגען ווי די פּאָסט-קאַרטלעך בערך, וועלכע ער האָט פון צייט צו צייט געשיקט צום פעטער, בפרט נאָך, אַז די הפסקות צווישן איין קאַרטל און דעם אַנדערן זיינען געוואָרן אַלץ גרעסער, וואָס מער ער האָט זיך איבערגענומען מיט די היגע באַגריפן און אָנגעהויבן ברייט צו באַלעבאַטעווען מיט צייט — ? ס'רוב זיינען עס געווען אילוסטרירטע קאַרטלעך, כדי מער אויסצונעמען. ס'זיינען אויף זיי געווען שיינע בילדער פון טאָל און שניי און אויך זומער-לאַנדשאַפטן. ס'איז אויף זיי געווען אַקוראַט אַזויפיל אָרט, וויפיל מ'האָט געדאַרפט האָבן, כדי איבערצוגעבן די נייסטע תשובה פון דאָקטאָר, צו מעלדן דעם רעזולטאַט פון אַ חודש- אָדער גענעראַל-אונטערזוכונג, דאָס הייסט בערך: געבן צו וויסן, אַז סיי אַקוסטיש סיי אָפּטיש איז דאָ צו פאַרצייכענען אַ בולטע בעסערונג, אָבער אינגאַנצן ריין פון דער קרענק איז ער נאָך נישט און אַז די לייכטע איבער-טעמפּעראַטור, וועלכע ער האָט נאָך אַלץ כסדר, נעמט זיך פון די קליינע ערטער, וועלכע זיינען נאָך פאַראַן. אָבער זיי וועלן באַשטימט אינגאַנצן אויסגעהיילט ווערן, אויב ער וועט האָבן געדולד, אַזוי, אַז ער וועט שוין מער קיינמאָל נישט דאַרפן צוריקקומען. ער האָט געקאָנט זיכער זיין, אַז אַנדערע בריוושטעלערישע שרייבערייען דאַרף מען נישט האָבן, און מ'וואַרט נישט אויף זיי. די ספערע זיינע אונטן, צו וועלכער ער האָט געשריבן, איז נישט געווען קיין הומאַניסטיש-רעדנערישע. די ענטפערן, וועלכע ער פלעגט באַקומען זיינען נאָך געווען ווייניק צעגאָסענע. ס'רוב איז בייגעלייגט געווען צו זיי געלט אויף אויסצוקומען, די צינזן פון זיין ירושה פון פאָטער. אויף דער היגער וואַלוטע איז געווען דערין אַזאַ ברכה, אַז ער האָט קיינמאָל נישט אויסגעגעבן אינגאַנצן, ווען ס'איז אָנגעקומען פונסניי. די בריוו זיינען באַשטאַנען פון עטלעכע שורות געשריבן אויף אַ מאַשין. אונטערגעשריבן דזשעמס טינאַפּעל, מיט גרויסן

און װאונטשן אױף אַ רפואה פֿון עלטער־פֿעטער און טײלמאָל אױך פֿון דעם ים־פֿאָרער פֿעטער.

די אײַנשפּריצונגען — אַזױ האָט האַנס קאַסטאָרפּ געשריבן אַהײם — האָט דער הױפֿראַט אױפֿגעהערט צו מאַכן לעצטנס. זײ זײַנען נישט באַקומען דעם יונגן פּאַציענט, האָבן אים גורם געװען קאָפּװײטאָג, ער האָט צוליב זײ פֿאַרלױרן דעם אַפּעטיט, אָפּגעקומען און איז געװאָרן אױסגעמאַטערט. אינאָנהײב האָבן זײ נאָך פֿאַרגרעסערט זײַן „טעמפּעראַטור‟, דערנאָך איז ער געבליבן בײַ דער פֿריערדיקער. סוביעקטיװ האָט ער זי געפֿילט, װי אַ טרוקענע היץ, װאָס גליט אין זײַן ראָז־רױטער צורה, װי אַ דערמאָנונג דערין, אַז פֿאַר אַזאַ פּרי פֿון טיפֿן פֿלאַכלאַנד און פֿײכט־ברײלעכער מעטעאָראָלאָגיע באַשטײט די אַקלימאַטיזאַציע דערין, װאָס ער געװײנט זיך צו צום געדאַנק, אַז מ׳קאָן זיך דאָ נישט געװײנען. אַפֿילו ראַדאַמאַנטיס אַלײן האָט זיך אױך נישט אינגאַנצן צוגעװײנט און האָט טאַקע שטענדיק בלױע באַקן. טײל געװײנען זיך קײנמאָל נישט צו — האָט יאָאַכים גלײך געזאָגט און דאָס איז, אַפּנים, געװען מיט האַנס קאַסטאָרפּן. אַפֿילו דאָס ציטערן מיטן קאַרק, װאָס האָט אים אָנגעהױבן פּײניקן דאָ באַלד נאָכדעם װי ר׳איז אָנגעקומען, האָט נישט צוריק אױפֿגעהערט. עס האָט זיך איבערגעחזרט אָפֿט בײַם גײן, בעתן רײדן, אַפֿילו אױבן, אױפֿן בלױ־בליענדיקן אָרט, װאו ער האָט איבערגעטראַכט װעגן קאָמפּלעקס פֿון זײַנע איבערלעבונגען. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז האַנס לאָרענץ קאַסטאָרפּס בכבודיקער קין־אָנשפּאַר איז כמעט געװאָרן בײַ אים אַ פֿעסטע רגילות. דערבײַ האָט ער זיך יעדעס מאָל, װאָס ער האָט דאָס באַנוצט, געמוזט כּלאַחר־יד דערמאָנען זיך אין די אַמאָליקע „פֿאַטער־מערדערס‟*, אין איבערגאַנגס־פֿאָרם פֿון דער ערן־קרױז, אין דעם בלאַס־גאָלדענעם מױל פֿון דער טױף־שאָל, אין די „עלטער־עלטערס‟ און אין ענלעכע זאַכן. אַזױ־אַרום האָט דאָס גורם געװען, ער זאָל פֿונסנײַ אַרײַנטראַכטן אין זײַן לעבן־קאָמפּלעקס.

* אַ הױכער קאָלנער מיט שאַרפֿע שפּיצן.

פריביסלאַוו היפּפּע האָט זיך אים מער נישט געוויזן לעבע־דיק, ווי דאָס איז געשען מיט עלף חדשים צוריק. די אַקלימאַ־טיזאַציע איז געווען פאַרענדיקט, האַנס קאַסטאָרפּ האָט מער נישט געהאַט קיין וויזיעס, איז מער נישט געלעגן אויף דער באַנק מיט אַ שטיל־פאַרחלשטן גוף און דערביי געווען ערגעץ אַנדערש מיט זיין „איך". ניין, ס'איז מער נישט געבליבן קיין זכר פון אַזעלכע טרעפעניש. די דייטלעכקייט און לעבעדיקייט פון אָט דעם בילד האָבן זיך — אויף וויפיל זיי האָבן דורכגעשוועבט פאַר זיינע אויגן — גע־האַלטן זיך אין נאָרמאַלע, געזונטע גרענעצן. אין שייכות דערמיט פלעגט האַנס קאַסטאָרפּ אַרויסציען פון זיין בוזים־קעשענע דאָס גלע־זערנע קליישעלע, וועלכעס ער האָט געהאַלטן אין פּאָרטפעל, אין קאָנווערט מיט אַן אונטערשלאַק. עס איז געווען אַ פלאַטשיק טעוועלע און ווען מ'האָט עס געהאַלטן אויף אַ גלייכער פלאַך מיט דער ערד, האָט עס אויסגעזען שוואַרץ־שפּיגלענדיק און נישט דורכזיכטיק. אָבער ווען מ'האָט עס אויפגעהויבן קעגן דער שיין פון הימל, איז עס געוואָרן העל און געוויזן הומאַניסטישע זאַכן: דאָס טראַנספּאַרענטע בילד פון מענטשלעכן לייב, דאָס ריפּן־געשטעל, די האַרץ־פיגור, דער דיאַפראַגמע־בויגן און די לונגען־בלאָזן, דערצו נאָך די שליסל־ביי־נער און די ביינער פון די אייבער־אָרעמס. דאָס אַלץ איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ בלאַס־נעפּלדיקער אַרומהיל, מיט דעם פלייש, פון וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט אין דער קאַרנאַוואַל־וואָך גענאָסן אויף אַן אופן, וואָס איז קעגן דעם שכל. וואָס־זשע איז דאָס וואונדער, וואָס זיין צעוויגט האַרץ איז געבליבן שטיין און גע־ריסן זיך ווען ער האָט באַטראַכט דאָס בילדל און ער פלעגט דער־נאָך „אַלץ" נעמען אָפּוועגן און אַרומטראַכטן פונסניי, אָנגעלענט אויף דער פשוטער אָפּרו־באַנק, די הענט פאַרלייגט, דער קאָפּ גע־נייגט צום אַקסל, אין רויש פון גיסנדיקן וואַסער און קעגן די בלוי־בליענדיקע אָדלערלעך? —

עס האָט געשוועבט פאַר אים דאָס העכסטע בילד פון אָרגאַנישן לעבן: די געשטאַלט פון מענטש, ווי אין יענער פּראַקטיקער און אויסגעשטערנטער נאַכט בעת ער האָט שטודירט ביאָלאָגיע. אין שייכות מיט אָט דעם אינערלעכן זעען האָבן זיך פאַר דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ

געעפנט פאַרשיידענע פראַגן און פּראָבלעמען. דער וואוילער יאָאַכים איז נישט מחוייב געווען זיך אָפּצוגעבן מיט זיי, אָבער ער ווי אַ ציוויליסט האָט אָנגעהויבן צו פילן אחריות פאַר זיי, כאָטש אונטן אין פלאַכלאַנד האָט ער מיט זיי קיינמאָל נישט געהאַט צו טאָן און וואָלט זיכער אויך שפּעטער נישט געהאַט צו טאָן דערמיט. אָבער דאָ איז געווען דאָס אָרט דערצו, דאָ, פון וואַנען מ׳קוקט אַראָפּ אויף וועלט און קרעאַטור פון פינף טויזנט פוס די הייך און מ׳פּאַלט אַריין אין פאַרשיידענע מחשבות. עס ווירקט אויך מסתמא די שטייגערונג פון קערפּער צוליב צעלאָזענע גיפטן, וועלכע ברענט אין פּנים ווי אַ טרוקענע היץ. אין שייכות מיט יענעם זעען האָט ער געטראַכט וועגן סעטעמברינין, דעם פּעדאַגאָגישן קאַטאַרינאַזש, וואָס זיין פאָטער איז געקומען אויף דער וועלט אין העלאַס* און וועלכער האָט אויסגעטייטשט די ליבע צום העכסטן ווי פּאָליטיק, מרידה און רעטאָריק, זאַלבנדיק די שפּיז פון בירגער אויפן מזבח פון דער מענטשהייט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געטראַכט אויך וועגן דעם קאָלעגע קראָקאָווסקי און וועגן דעם, וואָס עס פלעגט פּאַרקומען זינט אַ צייט אין דעם קינסטלעך־פאַרטונקלטן צימער. ער האָט געטראַכט וועגן דעם טאָפּלטן מהות פון דעם אַנאַליז, ווי זי קאָן פון איין זייט זיין נוצלעך פאַר דער טעטיקייט און פאַרן פּראָגרעס און ווי זי נעמט שמעקן מיט קבר און מיט זיין פוילער אַנאַטאָמיע. ער האָט אָנגערופן אין זיין פאָרשטעלונג די בילדער פון ביידע זיידעס, פון דעם רעוואָלוציאָנער און לאָיאַלן, וואָס האָבן ביידע געטראָגן שוואַרצע מלבושים צוליב פאַרשיידענע סיבות און ער האָט געטראַכט וועגן זייער ווערדע. שפּעטער האָט ער זיך גענומען מיישב זיין מיט זיך גופא וועגן אַזעלכע ווייטע קאָמפּלעקסן ווי פאָרם און פרייהייט, גייסט און קערפּער, כבוד און חרפה, צייט און אייביקייט. אין סאַמע מיטן טראַכטן האָט אים אויף אַ ווײַלע גענומען שווינדלען אין קאָפּ, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז די אָדלערלעך בליען ווידער און אַז דאָס יאָר איז צוריקגעקומען צו זיך אַליין.

---

* גריכנלאַנד.

ער האָט געהאַט אַ מאָדנע וואָרט פאַר זיין אחרית־הפּילן; טראַכטן אין דער אָפּגעזונדערטקייט אויף דעם מאָלערישן אָרט. ער האָט דאָס אָנגערופן „רעגירן". ער האָט אַזוי־אַרום באַנוצט דאָס יינגלערישע און שפּיל־וואָרט, אָט דעם קינדערשן אויסדרוק פאַר דער פאַרוויילונג פון וועלכער ער האָט הנאה, כאָטש זי איז פאַרבונדן געווען מיט שרעק, קאָפּ־שווינדל און מיט אַלערליי צעטומלעניש, און כאָטש זיין פּנים האָט צוליב דעם גענומען ברענען שטאַרקער. ער האָט אַפילו נישט געהאַלטן פאַר אומפּאַסיק דאָס, וואָס צוליב דער אָנשטרענגונג בשעת־מעשה האָט ער געמוזט אונטערשפּאַרן זיין קין. וואָרעם די דאָזיקע האַלטונג איז געווען אין איינקלאַנג מיט דער ווערדע, וועלכע זיין „רעגירן" האָט אָנגענומען פּנים אל פּנים מיט יענעם העכסטן בילד, וואָס האָט געשוועבט פאַר אים.

— „Homo Dei", האָט דער מיאוסער נאַפטאַ אָנגערופן אָט דאָס העכסטע בילד, בעת ער האָט עס פאַרטיידיקט קעגן דער ענגלישער סאָציאָלאָגיע. וואָס־זשע איז דאָ דאָס וואונדער, וואָס האַנס קאַסטאָרפּ האָט צוליב זיין ציוויליסטישער אחריות און זיין אינטערעס פון זיין „רעגירן" געהאַלטן פאַר זיין חוב צוזאַמען מיט יאָאַכימען מאַכן ביי אים אַ קליינעם באַזוך. סעטעמבריני איז געווען אומצופרידן דערפון. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען גענוג דורכגעטריבן און סובטעל, כדי דאָס צו דערשפּירן. באַלד דער ערשטער צונויפטרעף איז געווען נישט אָנגענעם דעם הומאַניסט. ער האָט, אַפּנים, דאָס געוואָלט אויסמיידן, כדי צוליב פּעדאַגאָגישע טעמים אויסצוהיטן די יונגעלייט, אָדער האַנס קאַסטאָרפּן אַליין (אַזוי האָט זיך אַליין געזאָגט דאָס דורכגעטריבענע ציטערדיקע קינד) פון דער קאַנטשאַפט מיט נאַפטען, כאָטש ער אַליין, סעטעמבריני, האָט זיך מיט אים געחברט און דיספּוטירט. אַזוי זיינען שוין די ער־ציערס. זיך אַליין ערלויבן זיי צו געניסן פון אינטערעסאַנטן און טענהן, אַז זיי זיינען דערוואַקסן דערצו. אָבער דער יוגנט פאַרווערן זיי עס און פאַרלאַנגען, אַז זי זאָל זיך נישט פילן „דערוואַקסן". נאָך אַ גליק, וואָס דער קאַטאַרינאַזש איז נישט בכוח באמת צו פאַרווערן עפּעס דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ און ער האָט אַפילו נישט געפּרוּווט דאָס טאָן. דאָס ציטערדיקע קינד דאַרף בלויז פאַרבאַהאַלטן זיין

זובטעלן חוש און מאַכן אַ תמימותדיקע מינע, — דעמאָלט וועט אים קיין זאַך נישט שטערן פריינדלעך אָנצונעמען נאַפטעס איינלאַדונג.

אין איינעם אַ זונטאָג נאָכמיטאָג נאָך ליג־קוראַציע האָט ער דאָס טאַקע געטאָן. ס'איז געווען עטלעכע טעג נאָך דער באַגעגעניש און יאָ־אַכים איז מיטגעגאַנגען, צי ער האָט געוואָלט צי נישט.

פון „בערגהאָף" איז געווען עטלעכע מינוט וועג צום הייזל אונטן מיט דער טיר, וואָס איז אַרומגעפלאָכטן מיט בלעטער פון ווילדן וויין. זיי זיינען אַריין, פאַרבייגעגאַנגען דעם אַריינגאַנג אין געוועלבל רעכטס און זיינען אַרויף אויף די שמאָלע ברוינע טרעפ, וואָס האָבן גע־פירט אין דער וואוינונג אויפן ערשטן שטאָק. לעבן גלעקל איז גע־ווען צוגעשלאָגן אַ שילדל מיט דעם דאַמען־שניידער לוקאַטשעקס נאָ־מען. געעפנט האָט זי אַ נישט דערוואַקסן בחורל אין אַ מין ליווריע: אַ געשטרייפטע קורטקע און אין קאַמאַשן, אַ דינערל, קורץ־געשוירן און מיט רויטע באַקן. זיי האָבן געפרעגט אויף דעם הער פּראָפעסאָר נאַפטאַ. היות זיי האָבן נישט געהאַט קיין וויזיט־קאַרטן, האָבן זיי אים עטלעכע מאָל איבערגעזאָגט זייערע נעמען. ער איז געגאַנגען איבער־געבן זיי דעם הער נאַפטאַ (קיין טיטל האָט ער נישט באַנוצט). די שטוב־טיר אַקעגנאיבער איז געשטאַנען אָפן און מען האָט געקאָנט אַריינקוקן אין דער שניידעריי, וואו—נישט געקוקט דערויף, וואָס ס'איז געווען זונטאָג — איז לוקאַטשעק געזעסן אויף אַ טיש מיט די פיס אונטער זיך און ער האָט געניייט. ער איז געווען אַ בלייכער און ליסע. אונטער דער ריזיקער אַראָפּגעלאָזטער נאָז האָבן די שוואַרצע וואָנסעס נאָכגעהאַנגען אין ביידע זייטן מויל מיט אַ זויערער מינע.

— גוט מאָרגן! — האָט אים האַנס קאַסטאָרפּ באַגריסט.

— גריט זי — האָט געענטפערט דער שניידער מיטן היגן לשון, כאָטש דער שווייצאַרישער דיאַלעקט האָט נישט געשטימט מיט זיין נאָמען און נישט מיט זיין צורה, און עס האָט דערפאַר געקלונגען אַ ביסל פאַלש און משונה.

— אַזוי פלייסיק? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ ווייטער גערעדט און געשאָקלט מיטן קאָפּ... ס'איז דאָך עפּעס זונטאָג!

— איילִיקע אַרבעט! — האָט לוקאַטשעק געענטפערט בקיצור און ווייטער געשטאָכן מיט דער נאָדל.

— מסתמא עפּעס לייטישס — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אַרויסגעזאָגט זיין השערה. — עפּעס, וואָס מ'דאַרף האָבן אויף גיך, פאַר אַ פאַרזיילונג, אָדער עפּעס ענלעכס?

אַ ווײלע האָט דער שניידער גאָרנישט געענטפערט, האָט אָפּגעגעבן דעם פאָדעם און אויפסניי אײנגעפעדעמט. דערנאָך האָט ער צוגעשאָקלט אויף יאָ.

— ס'וועט זיין שיין? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ ווייטער געפרעגט. — איר מאַכט אַריין אַרבל?

— יאָ, אַרבל, ס'איז פאַר אַ אַלטער — האָט לוקאַטשעק אָפּגעענטפערט מיט אַ שטאַרק טשעכישן אַקצענט. דערווייל איז צוריקגעקומען דאָס דינערל און דער שמועס קעגן דער אָפענער טיר איז איבערגעריסן געוואָרן. הער נאַפּטאַ בעט אַריינגיין — האָט ער געמאָלדן און האָט די יונגעלייט געעפנט אַ טיר, צוויי אָדער דריי טריט ווייטער רעכטס, ער האָט אויך אויפגעהויבן פאַר זיי אַ צוזאַמענפאַלנדיקע פאָרטיערע. די אַריינקומענדיקע האָט נאַפּטאַ אויפגענומען שטייענדיק אין ווייכע פאַנטאָפּלען אויף אַ מעך-גרינעם דיוואַן.

ביידע קוזינען זיינען געווען איבערראַשט פון דעם לוקסוס אין דעם צוויי-פענסטערדיקן אַרבעט-צימער, אין וועלכן זיי זיינען אַריין, ממש פאַרבלענדט פון איבערראַשונג. צוקוקנדיק זיך צו דעם אָרעמלעכן אויסזען פון הויזל, פון די טרעפּ, פון דעם נעבעכדיקן קאָרידאָר, האָט מען זיך ווייט נישט געקאָנט ריכטן אויף עפּעס אַזעלכעס. דער דאָזיקער קאָנטראַסט האָט צוגעגעבן דער עלעגאַניץ פון נאַפּטעס צימער עפּעס ווי פון אַ מעשה'לע. פאַקטיש איז אַזוי ניט געווען און אויך האַנס קאַסטאָרפּ און יאָאַכים צימסען וואָלטן עס נישט געזען אַזוי אין אַן אַנדערן פאַל. אַלנפאַלס, דאָס צימער איז געווען פיין, אַפילו גלענצנד איינגעאָרדנט. נישט געקוקט דערויף, וואָס ס'איז דאָרטן געשטאַנען אַ שרייב-טיש און ביכער-שענק, האָט עס פונדעסטוועגן נישט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ קאַבינעט. ס'איז דאָרטן געווען צופיל זיידנס, וויין-רויט, פורפורן-רויט זיידנס. פון זייד זיינען געווען די פאָרהאַנגען, וואָס האָבן צוגעדעקט די מיאוסע טירן, די פענסטער-פאָרהענגלעך און אויך די איבערצוגן איבער דעם מעבל-גאַרניטור,

וואָס איז געווען אויסגעשטעלט אין אַ שמאָלער זייט צימער קעגן אַ צווייטער טיר, פאַר אַ וואַנט, וואָס איז כמעט אינגאַנצן געווען באַ־צויגן מיט אַ גאָבעלין. עס זיינען געווען באַראָק־שטולן מיט אָנלענס, מיט קליינע אויסבעטעכצער אויף די זייטן־אָנלענס. זיי זיינען געשטאַנען אַרום אַ קיילעכיקן, מעטאַל־באַשלאָגענעם טיש. הינטער אים איז געשטאַנען אַ סאָפע אין דעם אייגענעם סטיל מיט זיידן־פּלושענע קישעלעך. די ביכער־שענקלעך האָבן פאַרנומען די שטיקלעך וואַנט לעבן ביידע טירן. צווישן די פענסטער איז געשטאַנען אַ שרייב־טיש, אָדער עפּעס, אַ סעקרעטער, פאַרזען מיט אַ געוועלבט אויפרוק־דעקל. סיי דער טיש, סיי די שענקלעך זיינען געווען אויסגעאַרבעט פון מאַכאָן. טירלעך האָבן זיי געהאַט גלעזערנע און פוירהאַנגען פון גרינעם זייד. אָבער אין ווינקל לינקס פון דעם מעבל־גאַרניטור האָט מען געזען אַ קונסט־ווערק: אַ גרויסע באַמאָלטע האָלץ־פּלאַסטיק אויף אַ רויט־געדעקטן פּיעדעסטאַל, — עפּעס טיף־מוראדיקס, אַ פּיעטאַ*, פּשוט און פול ווירקונג ביז צו גראָטעסק. ס׳איז געווען מאַריאַ אין אַ הייבל, מיט צוזאַמענגעצויגענע ברעמען און אַ יאָמערנדיק קרום־געעפנט מויל. אויף איר שויס איז געווען אָנגעשפּאַרט דער פאַרפייניקטער, אין אַ פּרימיטיוו שלעכטער פּראָפּאָרציע, מיט אַ בולט־אַרויסגעאַרבעטער אַנאַטאָמיע, וועלכע האָט דאָך עדות געזאָגט אויף דער עם־הארצות פון דעם קינסטלער. דער נאָכהענגענדיקער קאָפּ אין דערנער, דאָס פּנים און די אברים באַפלעקט און באַשפּריצט מיט בלוט, דיקע טרויבן גערונען בלוט ביי די וואונדן אויף דער זייט און פון די טשוועקעס אויף די הענט און פיס. דאָס דאָזיקע בילד האָט צוגעגעבן דער שטוב אַ ספּעציעלן טאָן. אויך די טאַפּעטן, וואָס מען האָט אַרויסגעזען איבער די ביכער־שענק און אויף דער פענסטער־וואַנט, זיינען, אַפּנים, געווען דעם לאָקאַטאָרס. די גרינקייט פון זייערע פּאַסן לענגאויס איז געווען די אייגענע, ווי אין ווייכן דיוואַן, וואָס איז אויסגעלייגט געווען איבער דעם רויטן דיל. בלויז מיטן נידעריקן סופיט האָט זיך גאָרנישט געלאָזט מאַכן. ער איז געווען ליידיק און אָפּגעריסן. פונדעסטוועגן האָט פון דאָרטן אַראָפּגעהאַנגען אַ קליינער ווענעציאַנישער הענג־לאָמפּ. די

---

* די הייליקע מאריא מיטן פארפייניקטן קריסטוס אין שויס.

פענסטער זיינען געווען פאַרהילט מיט קרעם־קאָלירטע סטאָרס, וואָס האָבן געגרייכט ביז אַראָפּ.

— אָט זיינען מיר געקומען אויף אַ שמועס — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט. זיינע אויגן זיינען דערביי געווען מער אָנגעשטעלט אויף דעם רעליגיעזן שרעק־בילד אין ווינקל, ווי אויפן באַלעבאָס פון דעם איבעראַשנדיקן צימער, וועלכער האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט, וואָס די קוזינען האָבן געהאַלטן וואָרט. מיט אַ גאַסטפריינדלעכער באַוועגונג פון דער רעכטער האַנט האָט ער זיי געוואָלט אָנווייזן ערטער אויף די זיידענע שטולן. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ איז גלייך צוגעגאַנגען צו די האָלץ־פיגורן און געבליבן שטיין מיט די הענט פעסט אָנגעשפּאַרט אין די היפטן און מיט אַ זייטיק געבויגענעם קאָפּ.

— וואָס האָט איר דאָ! — האָט ער געזאָגט שטילערהייט. — דאָס איז דאָך שרעקלעך גוט. שוין געזען אַמאָל אַזעלכע ליידן! עפּעס אַלטס, נאַטירלעכן?

— פון פערצנטן יאָרהונדערט — האָט נאַפטאַ געענטפערט. — ס׳קומט מסתמא אַרויס פון ריינישן געגנט. עס מאַכט אויף אייך אַן איינדרוק?

— אַ ריזיקן — האָט געענטפערט האַנס קאַסטאָרפּ — ס׳איז אוממעגלעך, ס׳זאָל נישט מאַכן קיין איינדרוק אויפן צוקוקער. כ׳וואָלט מיר קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז ס׳איז מעגלעך, עפּעס זאָל זיין אַזוי מיאוס — זייט מוחל — און איינצייטיק שיין.

— שאַפונגען פון אַ וועלט פון נשמה און אויסדרוק — האָט נאַפטאַ געענטפערט — זיינען שטענדיק מיאוס פון שיינקייט און שיין פון מיאוסקייט — דאָס איז אַ כּלל. ס׳גייט דאָ וועגן גייסטיקער שיינקייט, נישט וועגן קערפּערלעכער, וועלכע איז אַבסאָלוט נאַריש. אגב, איז זי אויך אַבסטראַקט — האָט ער צוגעגעבן — די שיינקייט פון לייב איז אַבסטראַקט. ממשות האָט נאָר די אינערלעכע שיינקייט, די שיינקייט פון רעליגיעזן אויסדרוק.

— דאָס האָט איר באמת ריכטיק באַצייכנט און אונטערגעשיידט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — פון פערצנטן? — האָט ער איבערגעפרעגט... — דרייצן הונדערט און אַזויפיל און אַזוי־

פיל? יאָ, יאָ, דאָס איז דער מיטלאַלטער, ווי ס'שטייט געשריבן. איך געפין דאָ אין אַ געוויסער מאָס יענע פאָרשטעלונג, וועלכע כ'האָב מיר אין דער לעצטער צייט געמאַכט פון מיטלאַלטער. אייגנטלעך האָב איך וועגן דעם נישט געהאַט קיין שום השגה, איך בין אַ מענטש, וואָס אַרבעט פאַרן פראָגרעס פון דער טעכניק, אויף וויפיל ס'גייט בכלל וועגן מיר. אָבער דאָ איז מיר אויף פאַרשיידענע אופנים נאָענט געוואָרן די פאָרשטעלונג פון מיטלאַלטער. קיין עקאָנאָמישע סאָציאָלאָגיע איז נאָך דעמאָלט נישט געווען — דאָס איז זיכער. ווי האָט געהייסן דער קינסטלער?

נאַפטאַ האָט פאַרצויגן די אַקסלען.

— וואָס איז דען פאַר אַ נפקא מינה? — האָט ער געזאָגט. — מיר דאַרפן דאָס נישט פרעגן, אַקוראַט ווי מ'האָט נישט געפרעגט דעמאָלט, בעת מ'האָט די זאַך געשאַפן. דער שעפער איז נישט גאָט ווייס וואָס פאַר אַן אינדיווידועלער מסיע*, ס'איז אַנאָנים און בשותפות-דיק געשאַפן. ס'איז אגב זייער שפעטער מיטלאַלטער, גאָטיק, Signum mortificationis **. ס'איז דאָ מער נישטאָ יענע אָפגעהיטנקייט און פאַרשענערטקייט, מיט וועלכער מ'האָט אין דער ראָמאַנישער תקופה פאָרגעשטעלט דעם געקרייציקטן, אין געהאַלטן, אַז מ'מוז אַזוי. איר האָט דאָ מער נישט קיין קיניגלעכע קרוין, קיין מאַיעסטעטישן ניצחון איבער דער וועלט און איבערן מאַרטירער-טויט. אַלץ דערציילט דאָ דורכאויס וועגן ליידן און שוואַכקייט פון זינדיקן גוף. ערשט דער גאָטישער געשמאַק איז דער אמת פעסעמיסטיש-אַסקעטישער. איר קאָנט, מסתמא, נישט די שריפט פון אינאָצענץ דעם דריטן ***„De miseria humanae condicionis" **** — עס איז אַ אויסערגעוויינלעך וויציק ליטעראַריש ווערק. זי שטאַמט פון סוף צוועלפטן יאָרהונדערט, אָבער די דאָזיקע קונסט וואָלט געקאָנט זיין דערצו אַן אילוסטראַציע.

* פראַנצויזיש: הער.

** לאַטייניש: דער חותם פון אָפטויטונג.

*** געווען אין יאָר, 1179—1180, אַ פויפסט.

**** וועגן עלנט פון דער מענטשלעכער לאַגע.

— האָט נאַפּטאַ — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט און אָפּגע־
זיפצט — מיך אינטערעסירט יעדעס וואָרט, וואָס איר זאָגט דאָ
אַרוים. „signum mortificationis", האָט איר געזאָגט? — איך
וועל דאָס געדענקען. פריער האָט איר עפּעס געזאָגט וועגן „אַנאָנימען
און בשותפותדיקן שאַפן" — אויך וועגן דעם איז כדאי נאָכצוטראַכטן.
אייער השערה, אַז איך קאָן נישט דעם פּויפּסטס שריפט — כ'שטעל
מיר פאָר, אַז אינאָצענץ דער דריטער איז געווען אַ פּויפּסט — איז
ליידער ריכטיק. די שריפט איז וויציק און אַסקעטיש, אויב כ'האָב
פאַרשטאַנען? איך מוז אייך מודה זיין, אַז כ'האָב מיר קיינמאָל נישט
פאָרגעשטעלט די ביידע זאַלן קאָנען גיין האַנט ביי האַנט. אָבער ווען
איך פאַרטראַכט זיך טיפער וועגן דעם, ווערט עס מיר נאַטירלעך קלאָר.
אוודאי אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער מענטשלעכער עלנט גיט אַ געלעגנהייט
אויף שפּאַס, אויפן חשבון פון זינדיקן גוף. קאָן מען די שריפט
באַקומען? ווען איך זאָל צונויפנעמען מיין גאַנץ ביסל לאַטיין, וואָלט
איך זי אפשר געקאָנט איבערלייענען.

— איך האָב דאָס בוך — האָט נאַפּטאַ געענטפערט און אָנגעוויזן
מיטן קאָפּ אויף איינער אַ שאַנק. איך קאָן אייך דינען. אָבער לאָמיר
זיך אפשר זעצן? איר וועט זען די פּיעטאַ פון דערסאָפע. אָט דער־
לאַנגט מען אונזער קליינע וועספּער־מאָלצייט...

דאָס האָט דאָס קליינע דינעריל אַריינגעברענגט טיי, דערצו אַ
שיין געזילבערט קיישעלע, אין וועלכן ס'זיינען געלעגן אָנגעשניטע־
נע שטיקער קוכן. הינטער אים איז עמעץ אַריין אין דער אָפענער
טיר מיט גיכע טריט, מיט אַ „סאַפּפּערלאָט!" „Accidenti!"* און
מיט אַ פיין שמייכעלע. דאָס איז געווען הער סעטעמבריני, וואָס
וואוינט מיט אַ שטאָק העכער. ער איז געקומען אַהער אַ ביסל פאַר־
ברענגען. דורך זיין פענסטערל — האָט ער דערציילט — האָט ער גע־
זען אָנקומען די קוזינען. ער האָט נאָך אינדערגיך פאַרענדיקט אַ זייטל
פאַר דער ענציקלאָפּעדיע, וועלכעס ער האָט גראָד געהאַלטן אינמיטן
שרייבן, כדי צו קאָנען אַריינקומען. זיין קומען איז געווען די סאַמע
נאַטירלעכסטע זאַך. ער האָט געהאַט רעכט דערצו צוליב זיין אַל־

---

* אטשידענטי — איטאַליעניש: דער רוח זאָל עס נעמען.

טער באַקאַנטשאַפט מיט די קוזינען נאָך פון „בערגהאָף“, דערצו
זיינען זיינע באַציִונגען און שייכות צו נאַפטאַ געווען אַ פנים ווייער
לעבעדיקע, כאָטש ס'איז צווישן זיי געווען אַזאַ ווייט־גייענדיקע מיי־
נונגס־פאַרשיידנקייט. נאַפטאַ האָט אים טאַקע באַגריסט פשוט,
אָן איבערראַשונג, ווי אַן אייגענעם. פונדעסטוועגן האָט דאָס אַליין נישט
געשטערט, אַז האַנס קאַסטאָרפּ זאָל ווען אין זיין קומען אַ טאָפּלטע
כוונה. קודם־כל — אַזוי האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפילט — איז כע־
טעמבריני געקומען, כדי אים און יאָאַכימען — אָדער בקיצור:
טאַקע אים — נישט צו לאָזן אַליין מיט דעם מיאוסן קליינעם נאַפטאַ
און מיט זיין אָנוועזנהייט צו שאַפן אויך אַ פּעדאַגאָגישן קעגנגעוויכט.
צווייטנס איז געווען פולשטענדיק קלאָר, אַז ער האָט גאָרנישט גע־
האַט קעגן דעם און מיט הנאה אויסגענוצט די געלעגנהייט אויף אַ
ווײַלע צו פאַרטוישן זיין בוידעם־שטיבל אויף נאַפטאַס פיין־זיידן
צימער און אויסצוטרינקען אַ גוט־סערווירט גלאָז טיי. איידער ער
האָט פאַרזוכט האָט ער אַ רייב געטאָן די געלבלעכע, אויף דער זייט
פון די קליינע פינגער שוואַרץ־באַוואַקסענע הענט און האָט מיט
אומבאַהאַלטענער, אַפילו אָפענער הנאה געגעסן דעם קוכן, בײַ
וועלכן די שמאָלע, געבויגענע שטיקער זיינען דורכגעצויגן געווען
מיט אָדערן שאָקאָלאַד.

דער שמועס האָט זיך נאָך אַלץ געדרייט אַרום דער פּיעטאַ.
האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט אַראָפּגענומען פון דעם בילד קיין
אויג און אַלץ כסדר גערעדט וועגן דעם. ער האָט זיך אויך געווענדט
צו סעטעמבריני, ווי ער וואָלט געוואָלט שאַפן אַ קריטישן קאָנטאַקט
צווישן אים מיט דעם קונסט־ווערק. אָבער דעם הומאַניסטס ביטול
צו אָט דער צימער־דעקאָראַציע האָט מען געקאָנט גאַנץ בולט אַרויס־
לייענען פון זיין מינע, מיט וועלכער ער האָט זיך אויסגעדרייט דער־
צו. וואָרעם סעטעמבריני האָט זיך געהאַט געזעצט מיטן רוקן צום
ווינקל. צו־העפלעך אַרויסצוזאָגן אַלץ, וואָס ער טראַכט, האָט ער
זיך באַגרענעצט דערמיט, וואָס ער האָט אויסגעפונען חסרונים אין
דער פּראָפּאָרציע און אין די קערפּער־פאָרמען פון דער בילדער־גרופּע.
עס זיינען זינד קעגן דעם אמת פון דער נאַטור, דערפאַר זיינען
זיי זייער ווייט דערפון, זיי זאָלן ווירקן אויף אים. זיי וואַקסן נישט

אַרויס פֿון פּרימיטיוון אומוויסן, נאָר פֿון אַ בייזער כּוונה, פֿון אַ גרונט־פֿיינדלעכן פּרינציפּ. נאַפטאַ האָט מסכּים געווען מיט בייזער איראָניע. אוודאי קאָן דאָ ווייט נישט זיין קיין רייד וועגן טעכנישער אומבאַהאָלפֿנקייט. ס'איז גיכער באַוואוסטזיניקע עמאַנציפּאַציע מצד דעם גייסט פֿון דעם נאַטירלעכן, וואָס איז געוואָרן דערהויבן צו אַ רעליגיעז געפֿיל. איצט האָט סעטעמבריני גענומען ערקלערן, אַז דאָס פֿאַרנאַכלעסיקן די נאַטור און איר שטודיום איז אַן אָפּנייג פֿון מענטשלעכן. ער איז אַרויסגעטרעטן קעגן דער אַבסורדאַלער פֿאָרמלאָזיקייט, פֿון וועלכער ס'האָט געליטן דער מיטלאַלטער און די עפּאָכן, וואָס האָבן נאָכגעמאַכט דעם מיטלאַלטער. אויף דעם חשבון האָט ער גענומען שיטן תּהילות ותּשבּחות אויף דעם גריכיש־רוימישן איבערבלייב, אויף דעם קלאַסיציזם, אויף דער פֿאָרם, שיינקייט, שׂכל, נאַטור־רעליגיעזע פֿרייד, וועלכע זיינען אויסשליסלעך באַרופֿן אַ שטופּ צו טאָן פֿאָרויס די מענטשהייט. דערמאָלט האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ אַריינגעמישט און געפֿרעגט, וואָס איז אין אַזאַ פֿאַל מיט פּלאָטינען, וועלכער האָט זיך, ווי מ'ווייסט, געשעמט מיט זיין אייגענעם קערפּער און מיט וואָלטערן, וואָס זאָל האָבן אין נאָמען פֿון שׂכל רעוואָלטירט קעגן דער סקאַנדאַליעזער ערד־ציטערניש אין ליסאַבאָן? אַן אַבסורד? אויך דאָס איז געווען אַן אַבסורד. אָבער ווען מען טראַכט גוט אַדורך, קאָן מען, לויט זיין מיינונג, באַצייכענען דאָס אַבסורדאַלע גאַנץ גוט פֿאַר דעם גייסטיק־שטאָלצן. אויך די אַבסורדאַלע נאַטור־פֿיינדשאַפֿט פֿון דער גאָטישער קונסט איז סוף־כּל־סוף געווען אַזוי גייסטיק־שטאָלץ, ווי די האַלטונג פֿון פּלאָטין און וואָלטער, וואָרעם ס'איז דאָ אויסגעדריקט די זעלבע עמאַנציפּאַציע פֿון פֿאַטום און פֿאַקטום, דער זעלבער אומקנעכטישער שטאָלץ, וואָס וויל נישט אָפּטרעטן פֿאַר דעם נאַרישן כּוח, דאָס הייסט — פֿאַר דער נאַטור...

נאַפטאַ האָט אויסגעבראָכן מיט אַ געלעכטער, וואָס האָט דערמאָנט אין דעם שווין באַקאַנטן טעלער און געענדיקט זיך מיט אַ הוסטן. סעטעמבריני האָט געזאָגט מיט ווערדע:

— איר טוט אַן עוולה אונזער באַלעבאָס מיט דעם, וואָס איר זענט אַזוי וויציק און איר ווייזט זיך, ממילא, אַרויס אומדאַנקבאַר פֿאַר דעם טייערן געבעקס. צי איז דאַנקבאַרקייט בכלל אייערס אַ מידה?

דערביי מאַך איך די הנחה, אַז דאַנקבאַרקייט באַשטייט דערין, וואָס מ'נוצט גוט אויס דערהאַלטענע מתנות...

האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך פאַרשעמט און סעטעמברִיני האָט צוגעגעבן העפלעכער.

— איר זענט באַקאַנט פאַר אַלץ, אינזשיניער. אַייער טבע אויף אַ פריינדלעכן אופן צו רייצן זיך מיט גוטן איז נאָך באין אופן נישט גורם, כ'זאָל צווייפלען אין אַייער ליבע דערצו. איר ווייסט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אָנרופן שטאָלץ קאָן מען נאָר יענע מרידה, פון גייסט קעגן דעם נאַטירלעכן, וועלכע איז אויסן דעם כבוד און די שיינקייט פון מענטש, נישט יענען מרידה, וועלכע איז אפשר נישט אויסן די דערנידעריקונג און דעם אומכּבֿוד פון מענטש, אָבער זי איז זיי ממילא גורם. איר ווייסט אויך, וואָס פאַר אַ אוממענטשלעכע גרוילן, וואָס פאַר אַ מערדערלעכע אומטאָלעראַנץ ס'האָט אויסגעצייטיקט די עפּאָכע, וועלכער ס'פאַרדאַנקט זיין עקסיסטענץ דער אַרטעפאַקט* דאָ הינטער מיר. איך דאַרף אַייך בלויז דערמאָנען אינם שרעקלעכן טיפּ אַפּיקורסים־ריכטער, למשל אין דער בלוטיקער פּערזאָן פון קאָנראַד פון מאַרבורג** און אין זיין פאַסקודנעם גלחישן כּעס קעגן אַלץ, וואָס שטעלט זיך קעגן דער הערשאַפט פון אומנאַטירלעכן. איר זענט זייער ווייט צו אָנערקענען שווערד און שייטערהויפן פאַר די אינסטרומענטן פון מענטשן־ליבע...

— וואָס אין איר נאָמען — האָט נאַפטאַ זיך אָנגערופן — האָט געאַרבעט די מאַשינעריע, מיט וועלכער דער קאָנווענט האָט געוואָלט אָפּרייניקן די וועלט פון שלעכטע בירגער. אַלע שטראָפן מצד דער קירך, אַפילו די שייטערהויפנס, אַפילו דער חרם זיינען אָנגעווענדט געוואָרן, כּדי אָפּצוראַטעווען די נשמה פון אייביקער פאַרלוירנקייט — מ'קאָן דאָס אָבער נישט זאָגן וועגן דער אויסראָטונג־ליידנשאַפט פון די יאַקאָבינער. איך ערלויב מיר צו באַמערקן, אַז יעדער פּיין־און בלוט־יוסטיץ, וואָס האָט ניט איר שורש אין אַ גלויבן אין אַ

* לאטייניש: קונסט־פּראָדוקט.

** איינער פון די אכזריותדיקסטע פאַרפאָלגער פון סעקטאַנטן, האָט געלעבט סוף פון צוועלפטן און אין דער ערשטער העלפט פון XIII יאָרהונדערט.

עולם=הבא, איז בהמהשער אומזין. וואָס ס'איז נוגע דער טענדענץ מבזה צו זיין דעם מענטש, גייט איר געשיכטע עקזאַקט צוזאַמען מיט דער געשיכטע פון בירגערלעכן גייסט. רענעסאַנס, אויפקלערונג און די נאַטורוויסנשאַפט און די עקאָנאָמיסטיק פון ניינצנטן יאָרהונדערט האָבן געלערנט אַלץ, ממש אַלץ דאָס, וואָס איז בכוח צו פאַרשטאַרקן דעם בזיון פון מענטש, אָנגעהויבן פון דער נייער אַסטראָנאָמיע, וואָס האָט פון דעם צענטרום, אַרום וועלכן אַלץ דרייט זיך, פון דעם חשיבותדיקן קאַמף=פּלאַץ, וואו גאָט און דער טייוול האָבן הייס געקעמפט, כדי אַריינצוקריגן דעם בחיר היצירה, געמאַכט אַ גלייכגילטיקן קליינעם פּלאַנעט און געמאַכט לעת=עתה אַ סוף צו דער גראַנדיאָזער פּאָזיציע פון מענטש אין קאָסמאָס, אויף וועלכער ס'האָט זיך, אגב, געשטיצט די אַסטראָלאָגיע.

— לעת=עתה? — האָט סעטעמברריני געפרעגט לאָקערנדיק און דערביי אַליין באַקומען אַ מינע פון אַן אַפּיקורסים=ריכטער און אינקוויזיטאָר, וואָס וואַרט בלויז דערויף, אַז דער באַשולדיקטער זאָל זיך אַרויסכאַפּן מיט עפּעס, וואָס זאָל אים אויף זיכער פאַרשיטן.

— אוודאי, אויף עטלעכע הונדערט יאָר — האָט נאַפטאַ באַשטעטיקט קאַלט. אויב אַלץ וועט גיין ווי מ'זעט, וועט די סכאָלאַסטיק אויך אויף דעם געביט צוריק דערהויבן ווערן מיט כבוד. עס איז שוין אין פולן גאַנג. קאָפּערניק וועט אָפּטרעטן צוריק פאַר פּטאָלעמעיסן*, די העליאָצענטרישע** טעזע טרעפט אָן ממש אויף אַ גייסטיקן ווידערשטאַנד, וואָס וועט מסתמא אויספירן דאָס זייניקע. די וויסנשאַפט וועט זיין געצוואונגען צוליב פילאָסאָפישע טעמים צוריקצוגעבן דער ערד איר גאַנצע ווערדע, וועלכע די קירכלעכע דאָגמע האָט איר געוואָלט פאַרזיכערן.

* קלאַודיוס פּטאָלעמעוס, אַ געאָגראַף, אַסטראָנאָם און מאַטעמאַטיקער, האָט געלעבט אין צווייטן יאָרהונדערט אין אַלעקסאַנדריאַ, ער האָט געשאַפן דעם אַ. ג. געאָצענטרישן וועלט=סיסטעם, לויט וועלכן אַלע פּלאַנעטן דרייען זיך אַרום דער ערד.

** לויט דעם העליאָצענטרישן וועלט=סיסטעם, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך קאָפּערניק (1473 — 1543), דרייען זיך אַלע פּלאַנעטן אַרום דער זון.

— וואָס? וואָס? גייסטיקער ווידערשטאַנד? געצוואונגען צוליב פילאָסאָפישע טעמים? אויספירן דאָס ווייניקע? וואָס פאַר אַ מין וואָלונטאַריזם רעדט פון אייך אַרויס? און די פאָרשונגען אָן פריערדיקע הנחות? די ריינע דערקענטניש? און דער אמת, מיין הער, וואָס איז אַזוי בעסט פאַרבונדן מיט דער פרייהייט, און זיינע מאַרטירער, פון וועלכע איר ווילט מאַכן פאַר באַליידיקער פון דער ערד, כאָטש זיי זיינען גיכער דער שטאָלץ פון אָט דעם פּלאַנעט?

סעטעמבריני האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן כּוח אין שטעלן פראַגעס. ער איז געזעסן אַן אויסגעגלייכטער און האָט געשמעטערט זיינע בכבודיקע ווערטער אויף דעם קליינעם נאַפטאַ. צום סוף האָט ער אַזוי אויפגעהויבן דאָס קול, אַז מ'האָט דערקאָנט, ווי ווייט ער איז זיכער, אַז דעם קעגנערס ענטפער קאָן נאָר באַשטיין אין אַ פאַרשעמט שטילשווייגן. בשעת ער האָט גערעדט, האָט ער געהאַלטן צווישן די פינגער אַ שטיק קוכן. אָבער ער האָט עס צוריקגעלייגט אויפן טעלער, ווייל נאָך אָט-די פראַגן האָט ער עס מער נישט געקאָנט עסן.

נאַפטאַ האָט אָפּגעענטפערט מיט אומאָנגענעמער רויִקייט:

— גוטער פריינד, ס'איז נישט פאַראַן קיין ריינע דערקענטעניש. די גערעכטיקייט פון דער קירכלעכער וויסנשאַפט-טעאָריע, וואָס לאָזט זיך אויסדריקן אין אויגוסטינס זאַץ „איך גלויב, כּדי כ'זאָל דערקענען", איז פולשטענדיק אוממעגלעך איבערצושפּאַרן. דער גלויבן איז דער אָרגאַן פון דער דערקענטעניש, דער אינטעלעקט איז סעקונדער. אייער וויסנשאַפט אָן אָנגענומענע הנחות איז אַן אײַנרײַדעניש. עס איז שטענדיק פאַראַן אַ גלויבן, אַ וועלט-באַנעמונג, אַן אידעע, בקיצור: אַ ווילן. דער שכל דאַרף אים בלויז אויסטייטשן, באַווייזן. עס גייט שטענדיק און אין אַלע פאַלן וועגן דעם Quod erat demonstrandum*. שוין דער באַגריף פון באַוויז אַנטהאַלט אין זיך, פּסיכאָלאָגיש גענומען, אַ שטאַרק וואָלונטאַריסטישן עלעמענט. די גרויסע סכאָלאַסטיקער פון צוועלפטן און דרייצנטן יאָרהונדערט זיינען געווען אײנשטימיק אין דער איבערצייגונג, אַז אין דער פילאָסאָפיע קאָן נישט זיין אמת עפּעס אַזוינס, וואָס איז פאַלש אין דער טעאָלאָגיע. לאָמיר לאָזן צורו די

* לאַטייניש: וואָס מען האָט געדאַרפט באַווייזן.

טעאָלאָגיע, אויב איר ווילט. אָבער אַ הומאַניטעט, וואָס האַלט נישט, אַז אין דער נאַטור-וויסנשאַפט קאָן נישט זיין אמת עפּעס אַזוינס, וואָס איז פאַלש אין דער פילאָסאָפיע, איז קיין הומאַניטעט נישט. די אַרגומענטאַציע פון היליקן אָפּיציום* קעגן גאַלילייי** איז באַשטאַנען דערין, וואָס זיינע עיקרים זיינען געווען פילאָסאָפיש אַן אַבסורד. קיין שטאַרקערע אַרגומענטאַציע איז נישט פאַראַן.

— ע, ע! די אַרגומענטאַציע פון אונזער אָרעמען גרויסן גאַליליי האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פעסטער! ניין, לאָמיר ריידן ערנסט, פּראָפעסאָר. ענטפערט מיר פאַר אָט די צוויי באַראינטערעסירטע יונגעלייט אויף דער פראַגע: צי גלויבט איר אין אמת אין אַן אָביעקטיוון, וויסנשאַפטלעכן אמת, וואָס צו שטרעבן צו אים איז דאָס העכסטע געזעץ פון יעדער עטיק און וואָס זיין ניצחון איבער די אויטאָריטעטן איז די רום-געשיכטע פון מענטשלעכן גייסט?

האַנס קאַסטאָרפּ און יאָאַכים האָבן אויסגעדרייט די קעפּ פון סעטעמבריניִן צו נאַפטען, דער ערשטער שנעלער פונם אַנדערן. נאַפטאַ האָט געענטפערט:

— אַזאַ ניצחון איז נישט מעגלעך, ווייל דער אויטאָריטעט איז דער מענטש, זיין אינטערעס, זיין כבוד, זיין גליק און צווישן אָט דער אויטאָריטעט און דעם אמת קאָן נישט זיין קיין סתירה. זיי גייען האַנט ביי האַנט.

— אויב אַזוי, וואָלט דער אמת —

— אמת איז דאָס, וואָס איז נוצלעך דעם מענטש. אין אים קאָנצענטרירט זיך די נאַטור, אין דער גאַנצער נאַטור עקסיסטירט נאָר ער און די גאַנצע נאַטור איז פאַר אים. ער איז די מאָס פון אַלעמען און זיין גליק — דער קריטעריום פון אמת. אַ טעאָרעטישע דערקענטעניש, וועלכע האָט נישט קיין פּראַקטישע שייכות צו דער גליק-אידעע פון מענטש, איז אויף אַזוי וויט נישט אינטערעסאַנט, אַז מ׳איז מחויב צו לייקענען איר ווערט און זי נישט צו לאָזן אויפקומען. די קריסטלעכע

* אינקוויזיציע.

** דער גרינדער פון דער מאָדערנער נאַטור-וויסנשאַפט און פאַרטיידיקער פון דעם העליאָצענטרישן וועלט-סיסטעם.

דורות זיינען געווען פולשטענדיק איינשטימיק דערין, אַז די נאַטור־ווּיסנשאַפטן זיינען נישט נוצלעך פאַרן מענטש. לאָקטאַנטיוס, וועלכן קאָנסטאַנטין דער גרויסער האָט אויסגעקליבן פאַר זיין זונס אַלערער, האָט גאַנץ פשוט געפרעגט, וואָס פאַר אַ גליק ער וועט שוין האָבן דערפון, ווען ער וועט וויסן, פון וואַנען ס'שטראָמט אַרויס דער ניל אָדער דאָס, וואָס די פיזיקער פלאַפּלען וועגן הימל. אדרבה, ענטפערט אים דערויף: אויב מ'האַלט די פּלאַטאָנישע פילאָסאָפיע פאַר דער סאַמע העכסטער, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל זי גיט זיך נישט אָפּ מיט נאַטור־דערקענטעניש, נאָר מיט גאָט־דערקענטעניש. איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז די מענטשהייט האַלט דערביי אויפסניי צוריקצוגעפינען און זיך דורכצונעמען מיטן שטאַנדפונקט, אַז די אויפגאַבע פון דער ריינער ווּיסנשאַפט איז נישט צו שטרעבן צו אומנוצלעכע דערקענטענישן, נאָר פּרינציפּיעל אויסצוטיילן דאָס שעדלעכע אָדער אפילו בלויז דאָס, וואָס איז אידעיש אָן באַטייט, בקיצור — צו גיין אויפן וועג פון אינסטינקט, מאָס, אָפּקלייב. ס'איז קינדיש צו מיינען, אַז די קירך האָט פאַרטיידיקט די פינסטערניש קעגן ליכט. זי האָט זיכער גוט געטאָן, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר אַן עבירה דאָס שטרעבן צו דערקענטעניש אָן אָנגענומענע הנחות, דאָס הייסט: אַזאַ דערקענטעניש, וואָס רעכנט זיך נישט מיט דעם גייסטיקן, מיט דעם צוועק פון גליק־דערגרייכונג. אויב עפּעס האָט געפירט די מענטשן אין דער פינסטער און פאַרפירט זי אַהין אַלץ טיפער, איז עס די אַפילאָסאָפישע נאַטור־ווּיסנשאַפט, אָן „פריערדיקע הנחות“.

— איר פּרעדיקט דאָ אַ פּראַגמאַטיזם — האָט סעטעמברִיני געענטפערט — וועלכן איר דאַרפט בלויז אַריבערטראָגן אין דער פּאָליטיק, כדי צו דערזען די גאַנצע שעדלעכקייט. גוט, אמת און גערעכט איז דאָס, וואָס ס'איז נוצלעך פאַר דער מלוכה. איר גליק, איר כבוד, איר כוח זיינען דער קריטעריום פון דעם עטישן. פיין! דערמיט איז אָפן טיר און טויער פאַר יעדן פאַרברעך און דער מענטשלעכער אמת, די אינדיווידועלע גערעכטיקייט, די דעמאָקראַטיע — זיי מעגן שרייען חי וקים...

— איך לייג פאַר אַ ביסל לאָגיק — האָט נאַפטאַ געענטפערט — אָדער מיר נעמען אָן, אַז פּראָבלעמעס און די סכאָלאַסטיק זיינען געגרעכט געווען און די וועלט האָט אַ סוף אין צייט און אין רוים. דעמאָלט איז די גאָטהייט טראַנסצענדענט, דער קעגנזאַץ צווישן גאָט און וועלט בלייבט פעסט און דער מענטש איז אויך אַ דואַליסטיש וועזן: די פּראָבלעם פון זיין נשמה באַשטייט אין דער סתירה צווישן דעם חושימדיקן און דעם מעטאַפיזישן. אַלדאָס געזעלשאַפטלעכע איז דעמאָלט אַן ענין פון צווייטן ראַנג. נאָר אַזאַ אינדיווידואַליזם קאָן איך אָנערקענען פאַר קאָנסעקווענט. איצט לאָמיר אָננעמען, אַז אייערע רענעסאַנס-אַסטראָנאָמען האָבן אויסגעפונען דעם אמת און דער קאָסמאָס איז אומענדלעך. דעמאָלט איז נישט פאַראַן קיין מעטאַפּיזישע וועלט, קיין דואַליזם. די „יענע וועלט” און „די וועלט” גיסן זיך צונויף. דער קעגנזאַץ צווישן גאָט און נאַטור פאַלט אָפּ. אין דעם פאַל איז די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט נישט מער דער מלחמה-פלאַץ צווישן צוויי פיינדלעכע פּרינציפּן, נאָר האַרמאָניש, איינהייטלעך. ממילא שטיצט זיך דער אינערלעך-מענטשלעכער קאָנפליקט נאָר אויף דעם קאָנפליקט צווישן די אינדיווידועלע און כאָציאַלע אינטערעסן און דער צוועק פון דער מלוכה מוז ממילא ווערן — ממש ווי ביי די היידן — אַ געזעץ פון עטיק. איינס אָדער דאָס אַנדערע.

— איך פּראָטעסטיר! — האָט סעטעמבריני אויסגערופן און דערביי אויסגעצויגן די האַנט מיטן טיי-שעלעכל צום באַלעבאָס — איך פּראָטעסטיר קעגן דער אַיינריידעניש, אַז די מאָדערנע מלוכה דאַרף ווערן אַ טייוולאָנישע קנעכטשאַפט פאַרן אינדיווידום! איך פּראָטעסטיר צום דריטן מאָל, נעמלעך קעגן דער שפּילעווודיקער ברירה צווישן פּרייסנטום און גאָטישער רעאַקציע, פאַר וועלכער איר ווילט אונז אַוועקשטעלן. די דעמאָקראַטיע האָט נישט קיין אַנדער זין, ווי אינדיווידואַליסטיש צו קאָרעגירן יעדן מלוכה-אַבסאָלוטיזם. אמת און גערעכטיקייט זיינען די קרוין-חפצים פון אינדיווידועלער עטיק און אין פאַל פון אַ קאָנפליקט מיט די מלוכה-אינטערעסן קאָנען זיי אַפילו זיך אויסדרוקן ווי מלוכה-פיינדלעכע כוחות, כאָטש פאַקטיש שטרעבן זיי צו דעם העכערן, לאָמיר זאָגן: איבערערדישן וואויל-זיין פון דער מלוכה. דער רענעסאַנס ווי דער מקור פון מלוכה-

באַראַטונג! וואָס פֿאַר אַ פֿאַלשע לאָגיק! די דערגרייכונגען (כ'זאָג עס מיט עטימאָלאָגישער באַטאָנונג), די דערגרייכונגען פֿון רענעסאַנס און אויפֿקלערונג, מיין הער, זיינען — פּערזענלעכקייט, מענטשן-רעכט, פֿרייהייט.

די צוהערער האָבן אָפּגעאָטעמט, ווייל זיי האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם בשעת סעטעמבריניס גרויסער רעפּליק. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אַפֿילו נישט געקאָנט איינהיילטן און האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אויפֿן ראַנד פֿון טיש, כאָטש ער האָט עס געטאָן איינגעהאַלטן. „טייערע ווערטער" — האָט ער אַ זאָג געטאָן פֿון צווישן די ציין. אויך יאָאַכים האָט אַרויסגעוויזן זיין צופֿרידנקייט, כאָטש ס'איז געפֿאַלן אַ וואָרט קעגן פּרייסנטום. דערנאָך האָבן זיך ביידע אויסגעדרייט צום אָפּגעפֿרעגטן צד. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס געטאָן מיט אַזאַ ברען, אַז ער האָט אַזש אָנגעשפּאַרט דעם עלנבויגן אין טיש און צוגעהאַלטן די גאָמבע, בערך אַזוי ווי בעת ער האָט געצייכנט דאָס חזירל. ער האָט אַ געשפּאַנטער אַריינגעקוקט נאַפּטען אין פּנים פֿון דער סאַמע נאָענט.

— נאַפּטאַ איז געזעסן שטיל און שטרענג, די מאָגערע הענט אויף דער שויס. ער האָט געזאָגט:

— איך האָב געוואָלט אַריינפֿירן אין אונזער שמועס לאָגיק און איר ענטפֿערט מיר מיט הויכע געפֿילן. אַז דער רענעסאַנס האָט געגעבן דער וועלט דאָס אַלץ, וואָס מען רופֿט ליבעראַליזם, אינדיווידואַליזם, הומאַניסטישע בירגערלעכקייט — דאָס איז מיר אַ ביסל באַקאַנט. אָבער אייערע „עטימאָלאָגישע באַטאָנונגען" לאָזן מיך קאַלט. וואָרעם די „קעמפנדיקע", די העראָאישע עפּאָכע פֿון אייערע אידעאַלן איז שוין לאַנג אַוועק. יענע אידעאַלן זיינען טויט, לכל-הפּחות גוססן זיי שוין און די קברנים שטייען שוין ביי דער טיר און וואַרטן. איר רופֿט אייך אָן, אויב כ'האָב נישט קיין טעות, רעוואָלוציאָנער. אָבער אויב איר מיינט, אַז דער רעזולטאַט פֿון די קומענדיקע רעוואָלוציעס וועט זיין פֿרייהייט, האָט איר אַ טעות. דער פּרינציפּ פֿון פֿרייהייט איז אין משך פֿון פֿינף הונדערט יאָר געוואָרן פֿאַרווירקלעכט און האָט זיך איבערגעלעבט. אַ פּעדאַגאָגיק, וואָס קוקט אויף זיך ווי אויף אַ טאָכטער פֿון דער אויפֿקלערונג, זעט אירע דערציִערישע

מיטלען אין קריטיק, אין באַפרייאונג און קולטיווירונג פון „איך“ און דער צעשטערונג פון אַבסאָלוט באַשטימטע לעבנס־פאָרמען — אַזאַ פעדאַגאָגיק קאָן נאָך האָבן רעטאָרישע מאָמענטאַלע ניצחונות, אָבער פאַר יעדן ווינדיקן מענטש איז איר אָפּגעשטאַנענקייט אויסער יעדן ספק. אַלע אמתדיק ערציערישע קערפּערשאַפטן האָבן פון שטענדיק אָן געוואוסט, צו וואָס אייגנטלעך ס׳שטרעבט אין אמתן און שטענדיק יעדער מין פעדאַגאָגיק, עס איז: צום אַבסאָלוטן באַפעל, צו דער אַייזערנער בינדונג, צו דיסציפלין, קרבנות, פאַרלייקענונג פון „איך“, פאַרגוואַלטיקונג פון דער פּערזענלעכקייט. סוף־כל־סוף פאַרשטייט מען פאַלש די יוגנט און מען האָט זי נישט ליב, אויב מען מיינט, אַז זי וועט געפינען איר פרייד אין דער פרייהייט. די טיפסטע פרייד אירע איז די געהאָרכזאַמקייט.

יאָאַכים האָט זיך אויסגעגלייכט. האַנס קאַסטאָרפּ איז רויט־געוואָרן. סעטעמבריני האָט אַן אויפגערעגטער געדרייט זיינע שיינע וואָנסעס.

— ניין! — האָט נאַפטאַ געדערט ווייטער — נישט די באַפרייונג און די אַנטוויקלונג פון „איך“ איז דער סוד און דער באַפעל פון דער צייט. אויב די צייט דאַרף עפּעס האָבן, אויב זי שטרעבט צו עפּעס, אויב זי וועט עפּעס שאַפן, וועט עס זיין — טעראָר.

דאָס לעצטע וואָרט האָט ער אַרויסגערעדט שטילער ווי די פריערדיקע, אָן אַ שום באַוועגונג מיטן קערפּער. בלויז זיינע ברילן־גלעזער האָבן אויף אַ ווײַלע אַ בליץ געטאָן. אַלע דריי, וואָס האָבן אים אויסגעהערט, האָבן אויפגעציטערט. אויך סעטעמבריני. באַלד האָט ער זיך אָבער ווידער באַהערשט מיט אַ שמייכל.

און צי מעג מען זיך דערווּיסן — האָט ער געפרעגט — ווער אָדער וואָס (איר זעט, איך זאָג גאָרנישט, נאָר פרעג, כ׳וויים אַפילו נישט ווי אַזוי כ׳זאָל פרעגן), ווער אָדער וואָס וועט זיין דער טרע־גער פון אָט־דעם (איך חזר איבער דאָס וואָרט אָן חשק) פון אָט־דעם טעראָר?

— נאַפטאַ איז געזעסן שטיל, שאַרף און בליצנדיק. ער האָט געזאָגט:

— איך שטיי צו אייער דינסט. איך וועל, מיין איך, נישט האָבן קיין טעות ווען איך וועל אָננעמען, אַז מיר זיינען בּיידע איינשטימיק אין דער הנחה, וואָס שטעלט אַוועק אַן אידעאַלן אור־מצב פון דער מענטשהייט, אַ מצב פון מלוכה־און גוואַלטלאָזיקייט, פון געט־לעכער שלווה, וואו ס'איז נישט פאַראַן נישט קיין הערשאַפט נישט קיין דינסט, קיין געזעץ און קיין שטראָף, קיין אומרעכט, קיין קער־פּערלעכע פאַרבּינדונגען, קיין קלאַסן־אונטערשיידן, קיין אַרבּעט, קיין אייגנטום, נאָר גלייכהייט, בּרידערלעכקייט, עטישע שלימות.

— זייער גוט. איך בּין מסכּים — האָט ערקלערט סעטעמבּריני. — איך בּין מסכּים בּיז אויף דעם פּונקט פון קערפּערלעכע פאַרבּינדונגען, וואָס האָבן געמוזט פאָרקומען אין יעדער צייט, וואָרעם דער מענטש איז אַ העכסט אַנטוויקלטע שדרה־חיה און מוז, אַקוראַט ווי אַלע אַנדערע בּאַשעפענישן —

— ווי איר ווילט. איך שטעל פעסט אונזער פּרינציפּיעלן הסכּם בּנוגע דעם ערשטן גן־עדנדיקן, יוסטיצלאָזן און דירעקט געטלעכן מצב, וועלכער איז בּטול געוואָרן צוליב דער ערשטער זינד. איך קלער, אַז מיר וועלן קאָנען נאָך אַ שטיק וועג גיין צוזאַמען, נעמלעך: דערמיט, וואָס מיר וועלן זען אין דער מלוכה אַ געשלאָסענעם סאָציאַלן אָפּמאַך, וואָס האָט זיך גערעכנט מיט דער זינד און איז אויסן געווען צו בּאַשיצן קעגן דעם אומרעכט. דערין וועלן מיר געפינען דעם מקור פון דער הערשערישער מאַכט.

— בּעניססימאָ!* — האָט סעטעמבּריני אַ רוף געטאָן — סאָציאַלער אָפּמאַך... דאָס איז דאָך די אויפקלערונג, דאָס איז דאָך רוסאָ... ס'האָלט מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן —

— זייט מוחל. דאָ הייבּן אונזערע וועגן אָן זיך צו צעגיין. אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז יעדע הערשאַפט און מאַכט זיינען לכתּחילה געווען בּיים פאָלק און אַז דאָס פאָלק האָט איבּערגעגעבּן זיין רעכט אויף געזעצגעבּונג און זיין גאַנצע מאַכט דער מלוכה און די פירשטן, — דרינגט אייער שול אַרויס דאָס רעוואָלוציאָנערע רעכט פון פאָלק לגבּי דעם קיניגטום. מיר דאַקעגן —

* איטאַליעניש: זייער גוט.

— מיר ?—האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט אַ געשפּאַנטער... ווער זיינען „מיר"? איך מוז אומבאַדינגט שפּעטער פרעגן סעטעמברינין, וועמען ער מיינט מיט דעם „מיר".

— מיר, פון אונזער זייט — האָט נאַפטאַ ווייטער גערעדט — זיינען אפשר נישט ווייניקער רעוואָלוציאָנער ווי איר, אָבער מיר האָבן דערפון שטענדיק און אין דער ערשטער ליניע אַרויסגעדרונגען, אַז די קירך האָט די אייבערהאַנט איבער דער וועלטלעכער מלוכה. וואָרעם, ווען די אומגעטלעכקייט פון דער מלוכה וואָלט איר נישט געווען אָנגעשריבן אויפן שטערן, וואָלט גענוג געווען דער היסטאָרישער פאַקט, אַז די מלוכה איז אַנטשטאַנען דורכן ווילן פון פאָלק און נישט, ווי די קירך, דורך געטלעכן רצון, כדי צו באַווייזן, אַז די מלוכה איז — אויב נישט אַן אינסטיטוציע פון שלעכטקייט דירעקט— אַלנפאַלס אַן אינסטיטוציע צוליב נייטיקעט און צוליב זינדיקער אומפולקומקייט.

— די מלוכה, מיין הער — .

— איך ווייס, וואָס איר טראַכט וועגן דער נאַציאָנאַלער מלוכה. „העכער פון אַלץ איז די ליבע צום פאָטערלאַנד און דער גרעניצלאָזער באַגער צום רום" — דאָס האָט געזאָגט ווערגיל. איר קאָרעגירט אים מיט אַ ביסל ליבעראַלן אינדיווידואַליזם און דאָס איז די דעמאָקראַטיע. אָבער אַייער פרינציפיעלע באַציִונג צו דער מלוכה ווערט דורך דעם לחלוטן נישט אָנגערירט. אַז די נשמה פון דער מלוכה איז דאָס געלט — אַרט אַייך אַפּנים גאָרנישט. אָדער אפשר ווילט איר עס איבערשפּאַרן? דאָס אַלטערטום איז געווען קאַפּיטאַליסטיש, ווייל עס איז געווען מלוכה-פּאַטריאָטיש. דאָס קריסטלעכע מיטלאַלטער האָט קלאָר דערקענט דעם אימאַנענטן קאַפּיטאַליזם פון דער וועלטלעכער מלוכה. „דאָס געלט וועט זיין דער קייזער" — דאָס איז אַ נבואה פון עלפטן יאָרהונדערט. צי לייקנט איר, אַז דאָס איז ווערטלעך מקויים געוואָרן און אַז ס'איז דערמיט אינגאַנצן דערגרייכט געוואָרן די ממשלה פון שטן אין לעבן?

— ליבער פריינד, איר האָט דאָס וואָרט. איך בין אומגעדולדיק צו באַקאָנען זיך מיט דעם גרויסן אומבאַקאַנטן, מיט דעם טרעגער פון טעראָר.

— אַ ריזיקאַלישע נייגעריקייט בײַ דעם טוען פון אַ סאָציאַלן
קלאַס, וועלכער איז דער טרעגער פון דער פרייהייט, וואָס האָט גע־
מאַכט אַ תּל פון דער וועלט. איך קאָן באין־ברירה אײַך מוחל זיין
אײַער תּשובה, ווײַל די פּאָליטישע אידעאָלאָגיע פון בירגערלעכקייט
איז מיר באַקאַנט. איר ציל איז די דעמאָקראַטישע אימפּעריע, די
אייגענע איבערשטייגערונג פון נאַציאָנאַלן מלוכה־פּרינציפּ צום אוניווער־
סאַלן: די וועלט־מלוכה. דער קייזער פון דער דאָזיקער אימפּעריע?
מיר קענען אים. אײַער אוטאָפּיע איז אַ שרעקלעכע, אָבער פונדעסט־
וועגן — טרעפן מיר זיך ווידער צוזאַמען אויף אָט דעם פּונקט. ווײַל
אײַער קאַפּיטאַליסטישע וועלט־רעפּובליק האָט אין זיך עפּעס טראַנס־
צענדענטס, באמת, די וועלט־מלוכה איז די טראַנסצענדענץ פון דער
וועלטלעכער מלוכה. איצט זיינען מיר ווידער אײַנשטימיק אין דעם
גלויבן, אַז דעם שלימותדיקן אָנהייב־מצב פון דער מענטשהייט דאַרף
אַנטשפּרעכן אַ שלימותדיקער ענד־מצב, וואָס ליגט אין דער האָריזאָנט־
ווייטקייט. זינט דער צייט, ווען ס'האָט געלעבט גרעגאָר דער גרויסער*,
דער גרינדער פון דער געטלעכער מלוכה, האָט די קירך באַטראַכט פאַר
איר חוב צוריקצופירן דעם מענטשן אונטער גאָטס השגחה. די פּאָ־
דערונג פון פּויפּסטלעכער הערשונג איז נישט אַרויסגערוקט געוואָרן
צוליב איר גופא, נאָר זיין פּאַרטרעטערישע דיקטאַטור איז געווען אַ
מיטל און אַ וועג צום אויסלייזונגס־ציל, אַ איבערגאַנגס־פאָרם פון דער
היידנישער מלוכה צו מלכות שמים. איר האָט אָט־די סטודענטן דער־
ציילט וועגן די בלוטיקע מעשים פון דער קירך, וועגן איר שטראָפנ־
דיקער אומטאָלעראַנץ. דאָס איז געווען איבעריק און נאַריש. וואָרעם
קנאת השם קאָן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט זיין פּאַציפיסטיש
און גרעגאָר האָט דאָס אויסגעדריקט: „פאַרשאָלטן זאָל זיין דער
מענטש, וואָס ציט צוריק זיין שווערד פון בלוט"! אַז מאַכט איז
שלעכט — דאָס ווייסן מיר. אָבער דער דואַליזם פון גוטס און שלעכטס,
עולם־הזה און עולם־הבא, גייסט און מאַכט, מוז — אויב מ'וויל
די מלכות־השמים זאָל קומען — אויף אַ צייט בטול ווערן אין אַ

* אַ פּויפּסט פון 590 ביז 604.

פּרינציפּ, וואָס פאַרייניקט אַסקעזע און הערשאַפט. דאָס איז דאָס, וואָס איך רוף אָן — די נויטווענדיקייט פון טעראָר.

— אָבער זיין טרעגער! דער טרעגער!

— איר פרעגט? צי האָט אייער מאַנשעסטערטום* פאַרזען די עקזיסטענץ פון אַ סאָציאָלאָגיע, וואָס וויל, אַז דאָס מענטשלעכע זאָל גובר זיין דעם עקאָנאָמיזם און וואָס אירע פרינציפּן און צילן ווינען פולשטענדיק די אייגענע ווי אין דער קריסטלעכער גאָט-מלוכה? די פאָטערס פון דער קירך האָבן די שלעכטע ווערטער „מיין און דיין" און דאָס פּריוואַט-אייגנטום אָנגערופן אוזורפּאַציע און גנבה. זיי האָבן מבטל געווען דעם באַזיץ פון נחלאות, ווייל לויט דעם געטלעכן נאַטור-רעכט געהערט די ערד אַלע מענטשן גלייך און ממילא גיט זי אויך אַרויס אירע פרוכטן פאַר אַלע. זיי האָבן געלערנט, אַז בלויז די גיריקייט צו עשירות, וואָס שטאַמט פון ערשטן חטא, האָט געשאַפן דאָס רעכט פון באַזיץ און פּריוואַט-אייגנטום. זיי זיינען געווען גענוג הומאַן, גענוג אַנטי-סוחריש, צו האַלטן די עקאָנאָמישע טעטיקייט בכלל פאַר אַ סכנה פאַר דער אויסלייזונג פון דער נשמה, דאָס הייסט: פאַר דער מענטשלעכקייט. זיי האָבן פיינט געהאַט דאָס געלט און די געלט-געשעפטן און אָנגערופן די קאַפּיטאַליסטישע עשירות — ברען-שטאָף פון גיהנום-פייער. דעם עקאָנאָמישן הויפּט-כלל, אַז דער פּרייז איז דער רעזולטאַט פון אָנבאָט און נאָכפרעג, האָבן זיי פיינט געהאַט פון גאַנצן האַרץ. און דאָס אויסנוצן די קאָניונקטור באַצייכנט פאַר ציניש באַגזלען דעם צווייטן אין דער נויט. אין זייערע אויגן האָט עקסיסטירט נאָך אַ ציינישערע גזלה: די גזלה פון צייט, די מיאוסע איינפירונג צו הייסן זיך צאָלן פרעמיעס פאַרן אָפּלויף פון צייט, דאָס הייסט, — צינזן, ווייל אַזוי אַרום מאַכט מען פון אַן אַלגעמיין געטלעכער זאַך, פון דער צייט אַ ריווח פאַר איינעם און אַ שאָדן פאַרן צווייטן.

— בעניססימאָ! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אויסגערופן און פון גרויס הציקייט זיך באַנוצט מיט סעטעמברינים אויסדריק פון הסכמה — די צייט... אין אַן אַלגעמיין געטלעכער איינאָרדענונג... דאָס איז זייער וויכטיק!...

* די ליבעראַלע ריכטונג אין דער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט.

— גאַנץ זיכער — האָט נאַפּטאַ גערעדט ווייטער — יענע מענטשלעכע גייסטער האָבן אויטאָמאַטישע פאַרמערונג פון געלט געהאַלטן פאַר עקלהאַפט. זיי האָבן אַלע צינז=און שפּעקולאַציע=געשעפטן אַרונטערגענומען אונטער דעם באַגריף פון וואָכעריי און ערקלערט, אַז יעדער רייכער איז אָדער אַ גנב אָדער אַ יורש פון אַ גנב. זיי זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער. זיי האָבן, ווי טאָמאַס פון אַקווינאָ, באַטראַכט פאַר אַ מלאכה בזויה דעם האַנדל בכלל, דאָס ריינע האַנדל געשעצט, דאָס קויפן און פאַרקויפן צוליב רווחים, אָבער אָן שום באַאַרבעטונג און פאַרבעסערונג פון דער זאַך. זיי זיינען נישט געווען גענייגט די אַרבעט גופא צו האַלטן פאַר זייער הייך, ווייל זי איז בלויז אַ עטישער ענין, נישט קיין רעליגיעזער, זי ווערט געטאָן פאַרן לעבן, נישט פאַר גאָטס וועגן. און אויב ס'איז שוין געגאַנגען בלויז וועגן לעבן און וועגן דער ווירטשאַפט, האָבן זיי פאַרלאַנגט, אַז נאָר פּראָדוקטיווע אַרבעט זאָל זיין אַ באַדינג פון ווירטשאַפטלעכער הכנסה און די מאָס פון דרך=ארץ. אַן ערן=מענטש איז אין זייערע אויגן געווען דער פעלד=אַרבעטער, דער בעל=מלאכה, נישט דער סוחר, נישט דער אינדוסטריעלער. וואָרעם זיי האָבן געוואָלט, אַז די פּראָדוקציע זאָל זיך שטיצן אויף דער באַדערפעניש און האָבן פיינט געהאַט די מאַסן=פּראָדוקציע פון סחורות. מילא נו, — אָט די עקאָנאָמישע כללים און מאָסן זיינען נאָך הונדערטער יאָרן פאַרשיטונג ווידער אויפגעשטאַנען תחית=המתים אין דער מאָדערנער באַוועגונג פון קאָמוניזם. די איינשטימונג איז דאָ פולשטענדיק גענוי, אַפילו בנוגע דער מאַכט, וועלכע די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעט וויל צונעמען ביים אינטערנאַציאָנאַלן סוחרטום און שפּעקולאַנטנטום. דער וועלט=פּראָלעטאַריאַט שטעלט היינט אַוועק די הומאַניטעט און די קריטעריען פון דער גאָט=מלוכה קעגן דער בירגערלעך=קאַפּיטאַליסטישער צעפוילטקייט. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אָט=די פּאָליטיש=עקאָנאָמישע אויסלייז=פאָדערונג פון דער צייט, שטרעבט נישט צו דער הערשאַפט ווי צו אַזעלכע און אויף אייביק, נאָר זי איז אויסן צייטווייליק מבטל צו זיין די סתירה צווישן גייסט און מאַכט אונטערן צייכן פון קרייץ, זי וויל גובר זיין די וועלט דורך דעם מיטל פון וועלט=באַהערשונג, זי האָט פאַר די אויגן דעם זין פון איבערגאַנג, פון טראַנסצענדענץ פון מלכות=שמים.

דער פּראָלעטאַריאַט האָט איבערגענומען גרעגאָרס מיסיע, יענעמס קנאת השם איז אַריין אין אים און ער וועט, אַקוראַט ווי גרעגאָר, נישט טאָרן צוריקציען זיין האַנט פון בלוט. זיין אויפגאַבע איז אויסצונוצן דעם טעראָר פאַר דעם גליק פון דער וועלט און פאַר דער דערגריי־כונג פון אויסלייזונגס־ציל, פון מלוכה־און קלאַסנלאָזן מלכות־שמים.

אַזעלכע איז געווען נאַפטעס שאַרפע רעדע. דער קליינער עולם האָט געשוויגן. די יונגעלייט האָבן אָנגעקוקט סעטעמברינין. ער איז געווען דער, וואָס האָט געקאָנט רעאַגירן. ער האָט געזאָגט:

— מאָדנע. אוודאי, כ'בין מודה, אַז כ'בין דערשיטערט. דע־רויף וואָלט איך מיך נישט גערעכט. Roma locuta*, און ווי אַזוי — ווי אַזוי רוים האָט געפּסקנט! פאַר אונזערע אויגן האָט ער אויסגעפירט אַ היעראַטישע סאַלטאָמאָרטאַלע — אויב דאָס איז אַ סתירה אין אָביעק־טיוו, האָט ער זי „צייטווייליק מבטל געמאַכט“. אַך, יאָ! איך חזר איבער: עס איז מאָדנע! צי האַלט איר, אַז ס'איז מעגלעך אָפּצו־ענטפערן, פּראָפעסאָר — אַ אָפּענטפער בלויז בנוגע דער קאָנסעקווענץ? פריער האָט איר אייך באַמיט אונז פאַרשטענדלעך צו מאַכן אַ קריסטלעכן אינדיווידואַליזם, וואָס שטיצט זיך אויף אַ דואַליזם פון גאָט און וועלט און אונז געוואָלט באַווייזן, אויף וויפיל אָט־דאָס שטייט העכער פאַר יעדער פּאָליטיש־באַשטימטער מאָראַל. אין עטלעכע מינוט אַרום זענט איר אַוועק מיטן סאָציאַליזם אַזש ביז דיקטאַטור און טעראָר. ווי אַזוי פּאָרט זיך דאָס?

— הפכים האָט נאַפטאַ געענטפערט — קאָנען זיך פּאָרן. ס'קאָן זיך בלויז נישט פּאָרן דאָס האַלבע און דאָס דורכשניטלעכע. אייער אינדיווידואַליזם איז, ווי איך האָב מיר שוין ערלויבט צו באַמערקן, אַ האַלבקייט, אַ פּשרה. ער קאָרעגירט אייער היידנישע מלוכה־עטישקייט מיט אַ ביסל קריסטנטום, מיט אַ ביסל „רעכט פון יחיד“, מיט אַ ביסל אַזוי־גערופענער פרייהייט — דאָס איז אַלץ. אַ אינדיווידו־אַליזם, דאַקעגן, וואָס גייט אַרויס פון דער קאָסמישער, פון דער אַסטראָ־

* לאַטייניש שפּריכוואָרט: Roma locuto, questio soluta = רוים האָט געפּסקנט, די פראַגע איז פאַרענטפערט.

לאָגישער וויכטיקייט פון דער איינצלנער נשמה, נישט אַ סאָציאַלער
אינדיווידואַליזם, נאָר אַ רעליגיעזער, וואָס פילט אין מענטשלעכן אַ
קאַמף נישט צווישן „איך“ און געזעלשאַפט, נאָר צווישן „איך“
און גאָט, צווישן קערפּער און גייסט — אַזאַ אמתער אינדיווידואַליזם
פּאָרט זיך גאַנץ גוט מיט אַ געבונדענער געזעלשאַפט...
— ער איז אַנאָנים און געמיינזאַם — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אַ זאָג
געטאָן.
סעטעמברִיני האָט אים אָנגעקוקט מיט נאַרישע אויגן.
— שווייגט, אינזשיניער! — האָט ער באַפוילן מיט אַ שטרענגקייט,
וועלכע מ'האָט געקאָנט פאַרשטיין אויפן חשבון פון זיין נערוועזיטעט
און אויפגערעגטקייט. — לערנט אייך, אָבער פּסקנט נישט! —
דאָס איז אַן ענטפער — האָט ער זיך ווידער געווענדט צו נאַפטען —
ער טרייסט מיך ווייניק, אָבער עס איז אַן ענטפער. לאָמיר אַ קוק טאָן
אויף אַלע קאָנסעקווענצן... צוזאַמען מיט דער אינדוסטריע פאַרניינט
דער קריסטלעכער קאָמוניזם די טעכניק, די מאַשין, דעם פּראָגרעס.
צוזאַמען מיט דעם, וואָס איר רופט אָן הענדלערטום, מיט דעם געלט
און מיט די געלט-געשעפטן, וועלכע האָבן אין אַלטערטום געהאַט מער
ווערט ווי ערד-אַרבעט און מלאכה, פאַרניינט ער די פרייהייט. וואָרעם
עס איז קלאָר, עס שטעכט אויס די אויגן, אַז צוליב דעם וועלן אַלע
פּריוואַטע און עפנטלעכע באַציִונגען זיין געבונדן צו דער ערד און צום
אַקער, ווי אין מיטלאַלטער, אַפילו אויך (ס'קומט מיר נישט לייכט אָן דאָס
אַרויסצורעדן), אויך די פּערזענלעכקייט. אויב בלויז די ערד קאָן געבן
חיונה, קאָן נאָר זי געבן פרייהייט. בעל-מלאכהס און פּויערים, ווי
בכבודיק מ'זאָל זיי נישט האַלטן, — אויב זיי האָבן נישט קיין ערד,
זיינען זיי שקלאַפן פון יענע, וועלכע האָבן זי יאָ. פאַקטיש איז טיף ביזן
מיטלאַלטער אַריין באַשטאַנען דער גרויסער המון, אַפילו אין די שטעט,
פון בלויז אונטערטעניקע. אין משך פון שמועס האָט איר אַרויסגעזאָגט
דאָס און יענץ וועגן מענטשלעכער ווערדע. דערווייל האָט איר גענומען
פאַרטיידיקן אַן עקאָנאָמישע מאָראַל, וועלכע איז מחייב די אומפרייהייט
און בזיון פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט.
— וועגן ווערדע און בזיון — האָט נאַפטע געענטפערט — לאָזט
זיך ריידן. דערווייל וועל איך זיין צופרידן, ווען די דאָזיקע שייכותן

זאָלן גורם זיין, אַז איר זאָלט די פרייהייט באַנעמען נישט פאַר קיין שיינעב זשעסט, נאָר פאַר אַ פּראָבלעם. איר האָט פעסטגעשטעלט, אַז די קריסטלעכע עקאָנאָמישע מאָראַל שאַפט אין איר שיינקייט און מענטשלעכקייט אומפרייע מענטשן. איך דאַקעגן האַלט, אַז די אינטערעסן פון דער פרייהייט, קאָרעקטער גערעדט, די אינטערעסן פון די שטעט, וועלכע זיינען הויך עטיש, ווי מ'האַלט שטענדיק, זיינען היסטאָריש פאַרבונדן מיט דעם אוממענטשלעכסטן חורבן פון דער עקאָנאָמישער, מיט אַלע גרוילן פון מאָדערנעם הענדלערטום און שפּעקולאַנטנטום, מיט דער טייוולאָנישער מאַכט פון געלט, פון געשעפט.

— איך מוז פאָדערן, אַז איר זאָלט אַייך נישט וועלן אויסבאַהאַלטן הינטער אַנטינאָמיעס* און ספקות, נאָר קלאָר און נישט-צוויידייטיק ערקלערן, אַז איר געהערט צו דער שוואַרצסטער רעאַקציע.

— דער ערשטער טריט צו אמתדיקער פרייהייט און הומאַניטעט האָלט געווען אַרויסצושלאָגן פון זיך די ציטערנדיקע מורא פאַרן באַגריף „רעאַקציע“.

— נו, גענוג שוין — האָט סעטעמבריני דערקלערט מיט אַ לייכט ציטערנדיק קול, דערביי האָט ער אַוועקגערוקט פון זיך דאָס שעלעכל מיטן טעלער, וועלכע זיינען, אַגב, שוין געווען ליידיק און ער איז אויפגעשטאַנען. — עס איז גענוג פאַר היינט, גענוג פאַר איין טאָג, ווי מיר דאַכט זיך. פּראָפעסאָר, מיר דאַנקען פאַר דעם געשמאַקן כיבוד, פאַר דעם זייער ספּיריטועלן שמועס. מיינע פריינט פון בערגהאָף רופט די קוראַציע און איך האָב חשק אַייך צו ווייזן מיין שטיבל אויך, איידער איר גייט אַוועק. קומט, מיינע הערן! אַדיע, פאַדרע!**

איצט האָט ער גאָר אָנגערופן נאַפטען „פאַדרע“. האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס אויסגעהערט מיט הייך-פאַרצויגענע ברעמען. מ'האָט, הייסט עס, צוגעזען, ווי סעטעמבריני פאַרענדיקט דעם באַזוך, נעמט איבער די קוזינען אין זיין רשות און דערלאָזט אַפילו נישט צו דער פראַגע, צי נאַפטאַ וויל נישט אַמאָל מיטגיין. די יונגעלייט האָבן

* סתירות ביי דער אָנווענדונג פון כללים אָדער דינים.

** איטאַליעניש: פאָטער, אַזוי טיטולירט מען פּאַנאַכן.

זיך איך געזעגנט מיט אַ דאַנק און נאַפּטאַ האָט זיי פאַרבעטן צו קומען נאָכאַמאָל. זיי זיינען אַרויס מיט דעם איטאַליענער. האַנס קאַסטאָרפּ האָט פונדעסטוועגן מיטגענומען דאָס בוך De miseria humanae conditionis, אַ טוכלע באַנד, וועלכן ער האָט געבאָרגט ביי נאַפטען. אין קאָרידאָר האָבן זיי פאַרביייענדיק געזען אין דער אָפענער טיר לוקאַטשעקן מיט דער זויערער מינע, נאָך אַליין זיצן אויפן טיש און אויספּאַרטיקן דאָס קלייד מיט אַרבל פאַר דער אַלטער. באַלד דערנאָך זיינען זיי אַרויף אויף די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו דער פּאַציאַטע און דערמאָנט אין אַ פּשוטער לייטער. ס'איז, אַגב, בעסער געזען, נישט געווען קיין פּאַציאַטע. ס'איז געווען אַ פּשוטער בוידעם מיט נאַקעטע באַלקנס אונטער די שינדלען. ס'האָט זיך דאָרטן געשפּירט מיט דער זומערדיקער לופט פון אַ שפּייכלער, מיטן ריח פון אָנגעוואַרעמטן האָלץ. אָבער איבן בוידעם זיינען געווען צוויי שטיבלעך און דאָרטן האָט געוואוינט דער רעפּובליקאַנישער קאַפּיטאַליסט. זיי האָבן געדינט דעם ליטעראַרישן מיטאַרבעטער פון דער „סאָציאָלאָגיע פון ליידן” פאַר אַ סטודיע-קאַבינעט און שלאָף-חדר. ער האָט געוויזן די יונגע פריינט די שטיבלעך מיט אַ לוסטיקער מינע, געזאָגט, אַז זיי זיינען אָפּגעזונדערט און היימיש, כדי זיי אונטערצורוקן די ריכטיקע ווערטער אויף אַ קאָמפּלימענט — זיי האָבן אים טאַקע איינשטימיק געמאַכט. ס'איז זייער באַחנט — האָבן זיי ביידע געזאָגט — אָפּגעזונדערט און היימיש, אַקוראַט ווי ער האָט געזאָגט. זיי האָבן געכאַפּט אַ בליק אין שלאָף-צימערל. פאַר דעם שמאָלן און קורצן טאַפּטשאַן אין ווינקל פון דער מאַנסאַראַדע איז געלעגן אַ קליינער דיוואַן צונויפגענייט פון שטיקלעך. דערנאָך האָבן זיי צוריק זיך אויסגעדרייט צום אַרבעטס-צימער, וואָס איז אויך געווען אַזוי אָרעמלעך אויסגעמעבלירט. אָבער דערביי איז דאָרטן געווען אַ געוויסע פּאַראַדמעסיקע און אַפילו קאַלטע אָרדענונג. אין ביידע זייטן טיר זיינען סימעטריש געווען אויסגעשטעלט פיר אומגעלומפּערטע אַלט-מאָדישע שטולן, מיט זיץ-פלאַכן פון שטרוי. אויך די קאַנאַפּע איז געווען צוגערוקט האַרט צו דער וואַנט, אַזוי, אַז דער גרין-געדעקטער קיילעכיקער טיש איז געשטאַנען באַזונדער אינמיטן צימער. אויף

אים איז געשטאַנען אַ וואַסער-קאַראַפינקע לשם צירונג, אָדער אויף אַ דערקוויקונג, מיט אַן איבערגעקערט גלאָז איבערן העלזל. אויף אַ קליינער וואַנט-פּאָליצע זיינען געשטאַנען קרום ביכער — געבונדענע און בראָשירטע. ביי דעם אָפענעם פענסטערל איז געשטאַנען אַ לייכטער, הויך-פיסיקער שטענדער און פאַר דעם — אַ קליין, דיק שטיקל פילץ, אַקוראַט גענוג גרויס, כדי מ׳זאָל קאָנען דערויף שטיין. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויף אַ ווײַלע זיך דאָ אַוועקגעשטעלט לשם פּרווו, אויף סעטעמבריניס אַרבעטס-שטעל, וואו ער באַהאַנדלט די שיינע ליטעראַטור פונם שטאַנדפּונקט פון מענטשלעכע ליידן פאַר זיין ענציקלאָפּעדיע. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אויף דער משופּעדיקער פּלאַטע, און געפונען, אַז מען שטייט דאָ אָפּגעזונדערט און היימיש. אַזוי, האָט ער געטראַכט, איז מסתמא געשטאַנען לאָדאָוויקאָס פאָטער אין פּאַדווע ביי זיין שטענדער, מיט זיין לאַנגער און סובטעלער נאָז. באַלד איז ער געוואָר געוואָרן, אַז ער שטייט טאַקע באמת פאַר דעם אַרבעטס-שטענדער פון דעם געשטאָרבענעם געלערנטן. אויך די שטרוי-שטולן, דער טיש און אַפילו די קאַראַפינקע שטאַמען פון אים. נאָך מער: די שטרוי-שטולן האָבן אַפילו אַמאָל שוין געהערט זיין זיידן דעם קאַרבאָנאַראָ, אין מיילאַנד האָבן זיי באַצירט די ווענט פון זיין אַדוואָקאַטור-ביוראָ. דאָס האָט געמאַכט אַן איינדרוק. די פיזיאָנאָמיע פון די שטולן האָט אין די יונגעלייטס אויגן צוגעקריגן עפּעס פּאָליטיש-רעוואָלוציאָנערישס. יאָאַכים, וואָס איז, נישט ווּיסנדיק פון גאָרנישט, ביז איצט געזעסן אויף איינעם פון די שטולן מיט פּאַרלייגטע פיס, איז אויפגעשטאַנען, אַ קוק געטאָן אויף אים מיט חשד און שוין אַזוי געבליבן שטיין. האַנס קאַסטאָרפּ, וואָס איז געשטאַנען ביי סעטעמבריניס דעם אַלטנס שטענדער, האָט געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי דער זון אַרבעט ביי אים, פאַראייניקנדיק אין דער שיינער ליטעראַטור דעם זיידנס פּאָליטיק מיט דעם פאָטערס הומאַניזם. דערנאָך זיינען אַלע דריי אַרויסגעגאַנגען. דער שריפטשטעלער האָט פאָרגעלייגט, אַז ער וויל באַגלייטן די קוזינען אַהיים.

אַ שטיק וועגס האָבן זיי געשוויגן, אָבער זייער שווייגן איז געווען פאַרנומען מיט נאַפטען און האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַט גע-

דאָלד: ער איז געווען זיכער, אַז סעטעמבריני וועט סוף־כּל־סוף אָנ־הייבן ריידן וועגן זיין שכן, יאָ, אַז ער איז אַפילו צוליב דעם גע־גאַנגען זיי אָפּפּירן. ער האָט זיך טאַקע נישט גענאַרט. דער אי־טאַליענער האָט אײַנגעאָטעמט, ווי ער וואָלט זיך אָנגענומען מיט קוראַזש, און האָט אָנגעהויבן:

— מיינע הערן, איך וויל אײַך וואָרענען. —

אַזוי ווי ער האָט געמאַכט אַ פּויזע, האָט האַנס קאַסטאָרפּ, פאַר־שטייט זיך, מיט אַ פאַלשער פאַרוואונדערונג אַ פרעג געטאָן: פאַר־וואָס? ער האָט לכל־הפּחות געקאָנט פרעגן „פאַר וועמען”, אָבער ער האָט ספּעציעל אַזוי געפרעגט, כּדי אַרויסצווייזן זיין גאַנצע תּמימות, כאָטש יאָאַכים אַפילו האָט געוואוסט, וועמען מען מיינט.

—פאַר דער פּערזענלעכקייט, בײַ וועלכער מיר זיינען ערשט־וואָס געווען צו גאַסט — האָט געענטפערט סעטעמבריני — און מיט וועלכער איך האָב אײַך געמאַכט באַקאַנט, אומגערן און אָן חשק. איר ווייסט דאָך, ס׳איז געווען אַ צופאַל, כ׳האָב נישט גע־קאָנט אַנדערש. אָבער איך טראָג די אַחריות, אַ גאַנץ שווערע. עס איז מיין חוב, לכל־הפּחות, אָנצווייזן אײַך, יונגע מענטשן, אויף די גייסטיקע געפאַרן, אויף וועלכע איר זענט אויסגעשטעלט, פאַר־קערנדיק מיט דעם דאָזיקן מענטש און אײַך, אַגב, צו בעטן צו האַלטן דעם פאַרקער אין אַ געוויסער גרענעץ. זיין פאָרם איז לאָגיק, אָבער זיין מהות איז צעטומלונג.

— נאָ, ווי ס׳זאָל נישט זיין — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געענט־פערט — אַזוי שרעקלעך איז נאָך נישט דער נאַפטאַ, כאָטש זיינע רייד ווירקן טיילמאָל אַ ביסל מאָדנע. ס׳האָט ממש געמאַכט דעם אײַנדרוק, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט באַווייזן, אַז די זון דרייט זיך אַרום דער ערד. אָבער ס׳איז־כּל־סוף, ווי קאָן זיי, די קו־זינען, אײַנפאַלן, אַז מ׳זאָל נישט טאָרן האָבן קיין שייכות מיט זיין, סעטעמברינים, אַ פריינט? ער אַליין האָט דאָך געזאָגט: דורך אים האָבן זיי זיך באַקאָנט מיט נאַפטען, מיט אים האָבן זיי יענעם געטראָפן, ער גייט מיט אים שפּאַצירן, ער קומט פון גוטן ווילן אויסטרינקען בײַ אים אַ גלאָז טיי. דאָס באַווייזט דאָך —

— אַוודאי, אינזשיניער, אַוודאי — סעטעמברינים קול האָט געקלונגען מילה, רעזיגנירט און האָט דאָך שטילערהייט געציטערט — דאָס קאָן מען מיר ענטפערן און דערפאַר ענטפערט איר עס מיר. גוט, איך וועל מיך מיט פאַרגעניגן פאַרענטפערן. איך לעב מיט דעם דאָזיקן מענטש אונטער איין דאַך, באַגעגענישן זיינען אומפאַרמיידלעך, פון איין וואָרט קומט מען צו אַ צווייטן, מען באַקאָנט זיך. הער נאַפטאַ איז אַ מענטש מיט אַ מוח — דאָס איז זעלטן. עס איז אַ דיסקורסיווע נאַטור — איך בין עס אויך. מ'קאָן זאָגן אויף מיר, וואָס מ'וויל, אָבער איך נוץ אויס די מעגלעכקייט אידעיש צו פעכטן מיט אַ גלייכן קעגנער. איך האָב אויף דער גאַנצער גרויסער וועלט קיינעם נישט... בקיצור, ס'איז אמת, איך קום צו אים, ער קומט צו מיר, מיר גייען אויך שפּאַצירן איינער מיטן אַנדערן. מיר קעמפן. מיר קעמפן ביז בלוט, כמעט יעדן טאָג, אָבער איך בין מודה, אַז די היפּוכדיקייט און די פיינטלעכקייט פון זיינע געדאַנקען רייצן מיך נאָך מער זיך צונויפצוטרעפן מיט אים. איך דאַרף האָבן די פריקציע*. אידעען הערן אויף צו לעבן, ווען זיי האָבן נישט קיין געלעגנהייט צו קעמפן — און איך בין אין מיינע פעסט. אָבער ווי אַזוי קאָנט איר דאָס אייגענע זאָגן וועגן זיך — איר, לייטענאַנט, אָדער אַפילו איר, אינזשיניער? איר זענט נישט גענוג באַוואָפנט קעגן אינטעלעקטועלער בלענדעניש, איר זענט אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר, אַז אייער גייסט און נשמה זאָלן פאַרדאָרבן ווערן אונטער דער ווירקונג פון אָט־דעם האַלב־פאַנאַטישן, האַלב־צולהכעיסדיקן פּילפּול.

— יאָ, יאָ, האָט האַנס קאַסטאָרפּ געענטפערט, אַוודאי, ער און זיין קוזין, זיי זיינען מסתמא מער אָדער ווייניקער אין סכנה. עס איז די מעשה מיטן ציטערדיקן קינד פון לעבן — ער פאַרשטייט. אָבער קעגן דעם וואָלט מען געקאָנט ציטירן פּעטראַרקע** און זיין באַקאַנט ווערטל, הער סעטעמבריני ווייסט שוין. דאָס, וואָס נאַפטאַ

* איינרייבונג.

** איינער פון די באַדייטנדיקסטע איטאַליענישע פּאָעטן און געלערנטע אין פערצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָט זיך אומגעקערט דער ערשטער צום קלאַסישן אַלטערטום, איינער פון די שעפער פון הומאַניזם.

זאָגט אַרויס, איז פונדעסטוועגן, ווי ס'זאָל נישט זיין, כדאי אויסצו־הערן: מ'מוז גערעכט זיין: דאָס איז געווען אויסגעצייכנט, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן דער קאָמוניסטישער צייט, אַז קיינער דאַרף נישט באַקומען אַ פּרעמיע פאַר איר אָפּלויף. ס'האָט אים אייך אינטערעסירט צו הערן עפּעס וועגן פּעדאַגאָגיק, וואָס ער וואָלט אָן נאַפטען מסתמא קיינמאָל נישט געווען געהערט...

סעטעמברינִי האָט צונויפגעפּרעסט די ליפּן, ממילא האָט האַנס קאַסטאָרפּ געאײַלט זיך צוצוגעבן, אַז ער אַליין האַלט זיך, נאַטיר־לעך, אָפּ אָנצונעמען וועלכע ס'איז שטעלונג, ער האָט בלויז אײַנגע־פונען, אַז ס'איז כדאי געווען צו הערן דאָס, וואָס נאַפטאַ האָט געזאָגט וועגן דעם חשק פון דער יוגנט. — אָבער דערקלערט מיר נאָך איינס — האָט ער ווייטער גערעדט — דאָ האָט אָט־דער הער נאַפטאַ (איך זאָג „אָט דער הער", כדי אָנצודייטן, אַז איך סימפּאַטיזיר לחלוטין נישט מיט אים, נאָר פאַרקערט, כ'האַלט מיך צו אים אינערלעך אין דער העכסטער מאָס רעזערווירט) —

— דאָס טוט איר זייער גוט! — האָט סעטעמברינִי אויסגערופן דאַנקבאַר.

— דאָ האָט ער, הייסט עס, אויסגערעדט אָסור לדבר קעגן דעם געלט, וואָס איז די נשמה פון דער מלוכה, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, און קעגן דעם אייגנטום, ווייל ס'איז גנבה, בקיצור, קעגן קאַפּיטאַליסטישער רייכקייט, וועגן וועלכער ער האָט, דאַכט זיך, געזאָגט, אַז זי איז ברען־שטאָף פאַרן פייער פון גיהנום. אַזוי האָט ער זיך בערך אויסגעדריקט, אויב איך האָב נישט קיין טעות, און האָט געלויבט דעם מיטלאַלטערלעכן פאַרווער קעגן צינזן ביזן הימל אַרייַן. און דערביי, ער אַליין... אַנטשולדיקט, אָבער ער מוז דאָך... מען ווערט אויסערגעוויינטלעך איבעררַאַשט, ווען מ'קומט אַזוי אַרייַן צו אים. אַזויפיל זייד...

— אַיי יאָ — האָט סעטעמברינִי געשמייכלט — דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטישער געשמאַק אין דער אײַנאָרדענונג...

— דאָס שיינע אַלטע מעבל — האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ ווייטער דערמאָנט — די פּיעטאַ פון פערצנטן יאָרהונדערט... דער

ווענעציאַנישער הענגלייכטער... דער קליינער היידוק אין אַ ליווריע... עס איז אויך געווען אָן אַ שיעור שאָקאָלאַד־קוכן... ער מוז דאָך פּאַר זיך...

— הער נאַפּטאַ — האָט סעטעמבריני געענטפערט — איז פּערזענלעך פּונקט אַזוי ווייניק קאַפּיטאַליסט, ווי איך.

— אָבער? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפרעגט... אין אַייערע רייד מוז נאָך זיין אַן „אָבער", הער סעטעמבריני.

— נו, יאָ, זיי דאָרטן לאָזן נישט ליידן קיין נויט עמעצן, וואָס געהערט צו זיי.

— ווער „זיי דאָרטן"?

— יענע פּאָטערס.

— פּאָטערס? פּאָטערס?

— אַך, אינזשיניער, כ'מיין די יעזויטן.

דאָ איז געוואָרן אַ פּויזע. די קוזינען זיינען געווען נבהל־ונשתומם. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויסגערופן:

— וואָס? הימל עפן דיך, דער רוח זאָל עס נעמען! דער מענטש איז אַ יעזויט?

— איר האָט געטראָפן — האָט סעטעמבריני אַרויסגעזאָגט פיין.

— ניין, כ'וואָלט קיינמאָל אין לעבן נישט... ווער קען גאָר אַזאַ זאַך איינפאַלן! דערפאַר, הייסט עס, האָט איר אים טיטולירט „פּאַדרע"?

— דאָס איז געווען אַ קליינע גוזמא צוליב העפלעכקייט — האָט סעטעמבריני געענטפערט. — הער נאַפּטאַ איז נישט קיין פּאַטער. די קראַנקהייט איז שולדיק דערין, וואָס ער איז לעת־עתּה נישט דערגאַנגען אַזוי ווייט... אָבער ער האָט פאַרענדיקט דעם נאָוויציאַט* און געטאָן די ערשטע נדרים. די קראַנקהייט האָט אים געצוואונגען איבערצורייסן זיינע טעאָלאָגישע סטודיעס. ער איז דער־

* צוגרייטונגס־צייט פאַר די, וואָס ווילן ווערן מאָנאַכן. זי געדויערט אַ 2 — 3 יאָר און ענדיקט זיך מיט די ערשטע (נידעריקע) נדרים. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער קומען די צווייטע (העכערע) נדרים און דאַן ווערט מען אַ פולבאַרעכטיקטער מאָנאַך.

באָך עטלעכע יאָר געווען טעטיק ווי אַ פּרעפעקט אין אַ אָרדן־אינסטיטוט, דאָס הייסט: ווי אַן איפּזועער, פּרעצעפּטאָר, ערציער פון יונגע. דאָס איז געווען צוגעפּאַסט פאַר זיינע פּעדאַגאָגישע נייגונגען. דאָ קאָן ער זיי ווייטער אויסנוצן ווי אַ לערער פון לאַטיין אין פּרידעריציאַנום. ער איז דאָ שוין פינף יאָר. ס'איז נישט זיכער, צי ער העט מעגן פאַרלאָזן דאָס אָרט און ווען. אָבער ער געהערט צום יעזויטן־אָרדן. ווען זיין שייכות צום אָרדן וואָלט אַפּילו געווען אַ לויזערע, וואָלט אים שוין אויך אין ערגעץ גאָרנישט געפעלט. איך האָב אייך געזאָגט, אַז ער גופא איז אָרעם, כ'האָב געמיינט צו זאָגן: אַז ער פאַרמאָגט גאָרנישט. נאַטירלעך, דאָס פאָדערט דער רעגולאַמין. אָבער דער אָרדן האָט אומגעהייערע אוצרות און ער זאָרגט פאַר די זייניקע, ווי איר האָט געזען.

— צו אַלדי־טייוול — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געמורמלט — און איך האָב בכלל נישט געוואוסט און ס'איז מיר נישט איינגעפאַלן, אַז עפּעס אַזוינס עקסיסטירט נאָך אויף אַן אמת! אַ יעזויט. יאָ, אַזוי! אָבער זאָגט מיר איינס: אויב פון דאָרטן פאַרזאָרגט מען אים אַזוי, צו־וואָס אַזוינס, כ'בעט אייך, וואוינט ער... איך וויל נישט פּוגע בכבוד זיין אין אייער וואוינונג, הער סעטעמבריני, איר האָט דאָרטן באַהנטע צימערלעך ביי לוקאַטשעקן, אַזוי אָנגענעם אָפּגעזונדערט און אַחוץ דעם אַזוי ספּעציעל היימיש. איך מיין אָבער: אויב נאַפטאַ איז טאַקע אַזוי אָנגעשטאָפּט, פּשוט גערעדט, פאַר־וואָס נעמט ער זיך נישט קיין אַנדערע דירה, אַ אָנגעזעענערע, מיט אַ לייטישן אַריינגאַנג און מיט גרויסע צימערן, אין אַ פיין הויז? ס'איז עפּעס סודותדיק און אויסטערליש צוצוזען, ווי ער זיצט דאָ אין דעם לאָך מיט דעם גאַנצן ביכל זייד...

סעטעמבריני האָט אַ ציי געטאָן מיט די אַקסלען.

— מסתמא זיינען פאַראַן טאַקט־ און געשמאַק־סיבות — האָט ער געענטפערט — וואָס זיינען גורם דערצו. איך קלער, אַז ער וויל פאַרבעסערן זיין אַנטיקאַפּיטאַליסטיש געוויסן דערמיט, וואָס ער וואוינט אין צימערן פון אַן אָרעמאַן. דערביי נעמט ער זיך אָפּ מיט דער אייַנאָרדענונג פון צימער. דאָ קאָן אויך שפּילן אַ ראָל דיסקרעציע. מ'דאַרף זיך נישט וואַרפן אין די אויגן דערמיט, ווי

ווייט די רוחות פאַרזאָרגן הינטן־אַרום ווייערס אַ מענטש. מ׳באַהאַלט זיך אויס הינטער זייער אַ פּשוטער פּאַסאַדע און אינעווייניק צע־לייגט מען זיך מיט דעם גלחישן ווידנס.

— געוואַלדיק אינטערעסאַנט! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ גע־ענטפערט. — עס איז פאַר מיר אַבסאָלוט ניי און ס׳רעגט מיך ממש אויף, איך בין אייך מודה. באמת, מיר דאַרפן אייך פאַקטיש אָפּ־דאַנקען, הער סעטעמבריני, פאַר אָט־דער באַקאַנטשאַפט. איר וועט גלויבן, אַז מיר וועלן נאָך נישט איין מאָל צוגיין אַהין און אים באַ־זוכן? דאָס איז אַ באַשלאָסענע זאַך. אַזעלכע באַציִונגען פאַרברייטערן דעם האָריזאָנט אין אַן אומגעריכטער מאָס און מ׳קאָן דערזען פאַר זיך אַ וועלט, וועגן וועלכער מ׳האָט ביז איצט נישט געהאַט די מינד־סטע השגה. אַן אמתדיקער יעזויִט! ווען איך זאָג אַן אמתער, גיב איך מיר אַליין די רעפּליק צו דעם, וואָס איך טראַכט און וואָס איך מוז פּאָרט פאַרטיק מאַכן. איך פרעג: צי איז ער אַן אמתער? איך ווייס גאַנץ גוט, לויט אייער מיינונג איז בכלל נישט אמת עמעץ, וועמען ס׳פאַרזאָרגט הינטן־אַרום דער טייוול. מיין מיין האָט אָבער אַ שייכות צו דער פראַגע גופא: צי איז ער אמת ווי אַ יע־זויִט — דאָס איז מיר אַריין אין קאָפּ. ער האָט דאָ אויסגעדריקט מיינונגען — איר ווייסט, וועלכע איך מיין — וועגן דעם מאָדערנעם קאָמוניזם און וועגן קנאת השם פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס דאַרף נישט צוריקציען זיין האַנט פון בלוט, בקיצור — מיינונגען... מער זאָג איך נישט וועגן דעם. אָבער אייער זיידע מיט זיין בירגער־שפּיז איז דאָך קעגן אים ממש אַ לעמעלע — זייט מיר מוחל פאַרן אויס־דרוק. איז דאָס מעגלעך? צי זיינען די יעזויִטישע פירער מסכים דע־רויף? צי איז דאָס אין הסכם מיט דער רוימישער לערע, פאַר וועלכער אָט־דער אָרדן אינטריגירט איבער דער גאַנצער וועלט, אויף וויפיל איך ווייס? צי איז דאָס נישט — ווי הייסט עס דאָרטן — אַפּיקורסות, אָפּנייג, אומקאָרעקטקייט? דאָס טאַקע טראַכט איך וועגן נאַפטען און כ׳בין אַ בעלן צו וויסן, וואָס טראַכט איר וועגן דעם.

סעטעמבריני האָט געשמייכלט.

— זייער פּשוט. נאַפטאַ איז טאַקע קודם־כל אַ יעזויִט — אמת און ערלעך. פון דער צווייטער זייט אָבער איז ער אַ מענטש פון

גײסט — װען נישט, װאָלט איך נישט געהאַט צו טאָן מיט אים — און װי אַזעלכער זוכט ער נײַע קאָמבינאַציעס, צופּאַסונגען, אָנקניפּונגען, הײנטצײטיקע ענדערונגען. איך אַלײן בין אױך געװען אי־בערראַשט פון זײנע טעאָריעס. אַזױ װײט האָט ער זיך נאָך נישט אַרױסגעזאָגט פאַר מיר. איך האָב אױסגענוצט די אָנרעגונגען, װעלכע איך האָט אים, אַפּנים, געגעבן מיט אײער קומען, כּדי אים אַרױסצופּאָדערן, ער זאָל אין אַ געװיסער באַציִונג אַרױסזאָגן זײן לעצט װאָרט. עס איז געװען גענוג קאָמיש, גענוג שרעקלעך.

— יאָ, יאָ, אָבער פאַרװאָס איז ער נישט געװאָרן קײן פּאַטער? ער איז דאָך שױן, מסתּמא, אין די יאָרן.

— איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז די קראַנקהײט האָט אים לעת־עתּה געשטערט דערין.

— גוט, אָבער מײנט איר נישט: אױב ער איז ערשטנס אַ יעזױט און צװײטנס אַ מענטש מיט גײסט, מיט קאָמבינאַציעס — האָט דאָס צװײטע אַ שײַכות מיט זײן קראַנקהײט?

—װאָס מײנט איר דערמיט צו זאָגן?

— גאָרנישט, גאָרנישט, הער סעטעמבריני. איך מײן בלױז: ער האָט אַ פּײכט אָרט אין די לונגען און דאָס שטערט אים צו װערן אַ פּאַטער. אָבער זײנע קאָמבינאַציעס װאָלטן אים מסתּמא אױך געשטערט, אױף אַזױפיל האָבן די קאָמבינאַציעס און דאָס פּײכטע אָרט אַ שײַכות. ער איז אױף זײן שטײגער אױך אַ מין ציטערדיק קינד פון לעבן, אַ joli jêsuite* מיט אַ petite tache humiole**.

זײ זײנען צוגעקומען צו דער סאַנאַטאָריע. אױף דער פּלאַט־פאָרם פאַרן הױז זײנען זײ נאָך אַ ביסל געבליבן שטײן, אײדער זײ האָבן זיך געזעגנט, צונױפגעשאַרט זיך אין אַ קלײן רעדל. עט־לעכע פּאַציענטן, װאָס זײנען געזעסן אַרום פּאָרטאַל, האָבן זיך צוגעהערט. סעטעמבריני האָט געזאָגט:

---

* שײנער יעזױט (פראַנצױזיש).

** אַ קלײן פּײכט אָרט (פראַנצױזיש) — די װערטער פון מאַדאַם שאָשאַ װעגן האַנס קאַסטאָרפּ.

—איך חזר איבער, מיינע יונגע פריינט, איך וואָרן אייך. איך קאָן אייך נישט פאַרווערן צו קולטיווירן די באַקאַנטשאַפט, וועלכע איר האָט שוין געמאַכט, אויב די נייגעריקייט טרייבט אייך דערצו. אָבער פאַרפּאַנצערט דערביי אייערע הערצער און גייסטער מיט חשד, פאַרגעסט קיינמאָל נישט זיך קריטיש אַנטקעגנצושטעלן. איך וויל אייך דעם מענטש כאַראַקטעריזירן מיט איין וואָרט: ער איז אַ בעל־תאווהניק.

די קוזינען האָבן פאַרקרימט די פּנימער. דערנאָך האָט האַנס קאַסטאָרפּ אַ פרעג געטאָן:

— אַ... ווי? דערלויבט, ער געהער דאָך צו אַן אָרדן. אויף וויפיל איך ווייס, האָבן זיי דאָך געוויסע נדרים, אויף זיך און אַחוץ דעם איז ער אַזאַ קליינער און דאַרער...

— איר רעדט נאַרישקייטן, אינזשיניער — האָט סעטעמברִיני געענטפערט — מיט דאַרקייט האָט דאָס נישט קיין שום שייכות און וואָס ס'איז נוגע די נדרים — זיינען דאָ באַוואָרענישן. אָבער איך האָב דאָך גערעדט אין אַ ברייטערן און גייסטיקערן זין און כ'האָב געדאַרפט האָפן, אַז איר וועט מיך פאַרשטיין. איר דערמאָנט אייך מסתמא בעת איך האָב אייך איינמאָל באַזוכט אין אייער צימער — כ'איז שוין לאַנג, מוראדיק לאַנג זינט דעמאָלט. איר האָט גראָד פאַרענדיקט דאָס ליגן אין בעט נאָכדעם ווי מ'האָט אייך אַזוי ברייט איבערגענומען...

— פאַרשטייט זיך! איר זענט אַריינגעקומען אין דער פינצטער און איר האָט געמאַכט ליכטיק. כ'געדענק עס ווי היינט...

— גוט, דעמאָלט זיינען מיר אַזוי שמועסנדיק אַריבערגעקומען אויף העכערע ענינים, ווי ס'געשעט דאַנקען־גאָט אָפטלעך. דוכט זיך גאָר, אַז מיר האָבן גערעדט וועגן טויט און לעבן, וועגן דעם ווערט פון טויט, אויף וויפיל ער איז אַ באַדינג און האָט אַ שייכות צום לעבן, און פון דער מיאוסקייט, אין וועלכער ער פאַלט אַריין, בעת דער גייסט איזאָלירט אים אויף אַן עקלדיקן אופן פאַר אַ פּרינציפּ. מיינע הערן! — האָט סעטעמבריני ווייטער גענומען ריידן און איז צוגעטרעטן האַרט צו די יונגעלייט, דערביי האָט ער אויסגעשפּרייט פאַר זיי דעם גראָבן־און מיטל־פינגער פון דער לינקער

האַנט ווי אַ גאָפּל, גלייך ווי ער וואָלט אַזוי־אַרום געוואָלט דערוועקן זייער אויפֿמערקזאַמקייט און האָט אויפֿגעהויבן דעם ווייז־פֿינגער פֿון דער רעכטער צום וואָרענען... — קריצט עס אײַך אַרײַן אין זכּרון, אַז דער גייסט איז סיזווערען, זיין ווילן איז פֿריי, ער האָט צו זאָגן אין דער עטישער וועלט. אויב ער איזאָלירט דואַליסטיש דעם טויט, ווערט צוליב דעם דאָזיקן גייסטיקן ווילן דער טויט ווירקלעך און פֿאַקטיש actu *, פֿאַרשטייט איר מיך, אַן אייגענער כּוח, וואָס איז להיפּוך צום לעבן, אַ פּרינציפּ פֿון פֿאַרקערטקייט, אַ מקור פֿון בלאָנדזשעניש. זיין קיניגרייך איז — די תּאווה. איר פֿרעגט מיך: פֿאַרוואָס עפּעס די תּאווה? און איך ענטפֿער אײַך: ווייל ער באַפֿרייט און לייזט־אויס, ווייל ער איז אַן אויסלייזונג, אָבער נישט די אויסלייזונג פֿון שלעכטן, נאָר די שלעכטע אויסלייזונג. דער טויט באַפֿרייט פֿון עטיק און עטישקייט, לייזט אויס פֿון דיסציפּלין און האַלטונג, מאַכט פֿריי דעם וועג צו דער תּאווה. אויב איך וואָרן אײַך פֿאַר אָט דעם מענטש, מיט וועלכן איך האָב אײַך אומגערן באַקאָנט געמאַכט, אויב איך פֿאָדער אײַך אויף, איר זאָלט דריי מאָל אַרומגאַרטלען אײַערע הערצער מיט קריטיק בעת איר פֿאַרקערט און שמועסט מיט אים, איז עס דערפֿאַר, ווייל אַלע זיינע געדאַנקען זיינען תּאוותדיקע, ווייל זיי שטייען אונטער דעם שוץ פֿון טויט. עס איז אַ העכסט צעלאָזענער כּוח, ווי איך האָב אײַך דעמאָלט געזאָגט, אינזשעניער. איך דערמאָן מיך אין דעם אויסדרוק, איך באַהאַלט שטענדיק אין זכּרון גוטע און טרעפֿלעכע מיינונגען, וועלכע איך האָב געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצוזאָגן. עס איז אַ כּוח, וואָס איז געווענדט קעגן דער מאָראַל, קעגן פּראָגרעס, אַרבעט און לעבן. צו שיצן יונגע נשמות פֿאַר אָט־דעם מעפֿיטישן** הויך — איז דער פֿירנעמסטער חוב פֿון ערציער.

ס׳איז גאָר אוממעגלעך בעסער צו ריידן, ווי דאָס האָט געטאָן סעטעמבריני — קלאָרער און גלאַטיקער. האַנס קאַסטאָרפּ און יאָאַכים צימסען האָבן העפֿלעך געדאַנקט פֿאַר דעם געהערטן, האָבן זיך אָפּגעזעגנט און זיינען אַרויף צום פּאָרטאַל פֿון „בערגהאָף“. סעטעמברינ׳

* לאַטייניש: פֿאַקטיש.

** לאַטייניש: שטינקענדיקער.

איז צוריק אַוועק צו זיין הומאַניסטישן שטענדער אין זיין דירה מיט אַ שטאָק העכער פון נאַפטעס ווייַדן צימער.

עס איז געווען דער ערשטער באַזוך פון די קוזינען ביי נאַפטען און מיר האָבן אים געגעבן באַשריבן. זינט דעמאָלט האָבן זיי געמאַכט נאָך אַ צוויי אָדער דריי באַזוכן ביי אים. ביי איינעם איז אַפילו סעטעמ־בריני נישט בייגעווען. אויך די דאָזיקע באַזוכן האָבן געגעבן דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ שטאָף צום נאָכטראַכטן, ווען ער פלעגט אַוועקגיין אויף זיין בלוי־צעבליט התבודדות־אָרט „רעגירן“ און דאָס בילד Homo Dei האָט אים דערביי געשוועבט פאַר דער פאַנ־טאַזיע.

---

## צאָרן און נאָך עפּעס גאַנץ פּיינלעכס

אַזוי אַרום איז אָנגעקומען דער אַוגוסט. אין די ערשטע טעג פון חודש איז גליקלעך אַדורך דער יאָר־טאָג, זינט אונזער העלד איז אָנגעקומען אַהער דאָ אויבן. מילא גוט, וואָס ער איז שוין אַדורך — דער יונגער קאַסטאָרפּ האָט זיך פאַר אים אַ ביסל געשראָקן. אַזוי איז שוין די טבע פון דער זאַך. דעם טאָג, ווען מ'איז אָנגעקומען, האָט מען אים דאָ נישט ליב געהאַט. די יאָריקע און עטלעכע־יעריקע פּאַ־ציענטן פלעגן אים פאַרשווייגן. געוויינטלעך האָט מען נישט אַדורכ־געלאָזט קיין שום געלעגנהייט צו מאַכן זיך אַ יום־טוב און צו טרינקען משקה, די אַלגעמיינע און גרויסע באַטאָנונג אינם יאָר־ריטם און יאָר־פּולס האָט מען נאָך פאַרמערט ווי ווייט ס'האָט זיך געלאָזט מיט אַ סך פּריוואַטע און אומרעגולערע יום־טובים. געבוירן־טעג, גענע־ראַל־אונטערזוכונגען, פאָרשטייענדיקע ווילדע אָדער ריכטיקע נסיעות אַהיים און נאָך אַ סך אַזעלכע געלעגנהייטן זיינען געפייערט גע־וואָרן אין רעסטאָראַן מיט סעודות און אויפשיסנדיקע שאַמפּאַניער־פלעשער. בלויז איבער אָט דעם געדענק־טאָג איז מען אַדורך מיט שטילשווייגן, מ'האָט זיך אַרויסגענאַרט פון אים, טאַקע אויך באמת פאַרגעסן זיך, אומצוקוקן אויף אים און געקאָנט זיין זיכער, אַז אַנדערע האָבן אים בכלל נישט אַזוי געגעבן אין זכרון. מ'האָט, וואָס אמת, אין זינען געהאַט די איינטיילונג פון דער צייט, מ'האָט אַכטונג

געגעבן אויפן קאַלענדאַר, מ׳האָט געטראַכט וועגן סדר, וועגן איסערלעכן צוריקקער. אָבער די צייט, וועלכע האָט זיך פאַר די יחידים געבונדן מיט דעם שטח דאָ אויבן, די פערזענלעכע און אינדיווידועלע צייט, הייסט עס, האָבן געמאָסטן און געציילט בלויז די קורץ-טערמיניקע און ערשט-אָנגעקומענע. די איינגעזעסענע איז אויף דעם געביט מער געפעלן דאָס אומגעמאָסטענע און דאָס אומקאָנטראָלירט-אייביקע, דער טאָג, וואָס איז אַלעמאָל דער אייגענער. יעדער איינער האָט צאַרט אָפּגעפּילט ביים אַנדערן דאָס, צו וואָס ער אַליין האָט געשטרעבט. מ׳וואָלט דאָ געהאַלטן פאַר זייער אומגעלומפּערט און ברוטאַל, ווען עמעץ זאָגט דעם אַנדערן, אַז יענער איז שוין דאָ דריי יאָר, צום ביישפּיל. דאָס האָט זיך גאָרנישט געטראָפן. אַפילו פרוי שטער, מיט אַלע אירע חסרונות, איז אויף אָט דעם פונקט געווען טאַקטיש און געשליפן. מיט אַזאַ זאַך וואָלט זי זיך קיינמאָל אין דער וועלט נישט אַרויסגעכאַפּט. איר קרענק, די היץ פון איר קערפּער זיינען, וואָס אמת, געווען פאַרבונדן מיט גרויסער עם-הארצות. אוודאי. ערשט דאָ נישט לאַנג האָט זי ביים טיש גערעדט וועגן דער „אַפּעקטאַציע״ פון אירע לונגען-שפּיצן. שפּעטער, ווען דער שמועס איז אַריבער אויף היסטאָרישע ענינים, האָט זי ערקלערט, אַז געשיכטלעכע דאַטעס זיינען פאַר איר „פּאָליקראַטעסעס רינג״. דער עולם איז געבליבן זיצן נבהל ונשתומם. אָבער פונדעסטוועגן וואָלט געווען אַן אויסגעשלאָסענע זאַך, זי זאָל בערך אין פעברואַר דערמאָנען דעם יונגן צימסען אין זיין יאָר-טאָג, כאָטש זי האָט, אַפּנים, געדענקט דערין. ווייל איר פּוסטער קאָפּ איז, פאַרשטייט זיך, פול געווען מיט אומנוצלעכע דאַטעס און מעשׂות און זי האָט ליב געהאַט אַנדערע נאָכצוחשבונען. אָבער אין דעם פּרט האָט דער מנהג זי געהאַלטן אין דער צוים.

דאָס אייגענע איז געווען מיט האַנס קאַסטאָרפּס יאָר-טאָג. ביים עסן האָט זי אים, וואָס אמת, געפּרוּווט צווינקען מיט אָנצוהערעניש. אָבער ער האָט עס אויפגענומען אָן שום אויסדרוק אין פּנים און זי האָט זיך גיך צוריקגעכאַפּט. אויך יאָאַכים האָט זיך נישט געמאַכט וויסנדיק פאַר זיין קוזין, כאָטש ער האָט מסתמא גאַנץ גוט געדענקט די דאַטע, ווען ער האָט אָפּגעוואַרט דעם גאַסט אויף דער סטאַנציע „דאָרף״. אָבער יאָאַכים, וואָס איז בטבע נישט געווען ספּעציעל גענייגט

צום ריידן (ווייט נישט אַזוי, ווי האַנס קאַסטאָרפּ איז געוואָרן לפּחות דאָ אויבן, פון זייערע באַקאַנטע הומאַניסטן און פלפּוליסטן שוין אינגאַנצן אָפּגערעדט), האָט לעצטנס אָנגעהויבן צו שווייגן ספּעציעל און אויפפאַלנדיק. בלויז איינזילביקע ווערטער האָט ער נאָך אַרויסגעבראָכן פון צווישן די ליפּן; מ'האָט בלויז דערקאָנט אין פּנים, אַז עפּעס טוט זיך ביי אים. ס'איז קלאָר געווען, אַז מיט דער סטאַציע „דאָרף“ זיינען פאַר אים פאַרבונדן נאָך אַנדערע פאָרשטעלונגען אַחוץ די זכרונות פון אָנקומען און אָפּוואַרטן... ער האָט זיך שטאַרק דורכגעשריבן מיטן פלאַכלאַנד. באַשלוסן זיינען אין אים רייף געוואָרן. די צוגרייטונגען, וועלכע ער האָט געמאַכט, האָבן זיך דערנענטערט צום סוף.

דער יולי איז געווען אַ וואַרעמער און פריילעכער. אָבער מיטן אָנהייב פון נייעם חודש איז געוואָרן אַ שלעכט וועטער, אַ טריבע נאַסקייט, שנייִקער רעגן, דערנאָך האָט גאָר אומצווייִדייטיק געגומען שנייען. אַחוץ עטלעכע שיינע זומער-טעג אינמיטן, האָט עס אַזוי געדויערט ביז איבער סוף חודש, אין סעפּטעמבער אַריין. אין אָנהייב איז אין די צימערן געוואָרן נאָך וואַרעם פון די פריערדיקע זומער-חדשים. ס'איז געווען אינעווייניק צען גראַד און מ'האָט געהאַלטן, אַז ס'איז נישקשה. אָבער אינדערגיך איז געוואָרן אַלץ קעלטער און קעלטער און מ'האָט זיך געפריייט, וואָס ס'איז אָנגעפאַלן אַ שניי איבערן טאָל. וואָרעם נאָר דער שניי (נאָר ער, דאָס אָפּפאַלן פון דער טעמפּעראַטור אַליין וואָלט גאָרנישט געפּועלט) האָט געווירקט אויף דער פאַרוואַלטונג, מ'זאָל נעמען הייצן, אין אָנהייב נאָר אין עס-זאַל, דערנאָך אויך אין די צימערן. נאָכדעם ווי מ'האָט געמאַכט אויפן באַלקאָן ליג-קוראַציע, איינגעוויקלט אין ביידע דעקן, האָט מען אין צימער געקאָנט אָנוואַרעמען די פייכט-פאַרשטייפטע הענט אין די וואַרעמע רערן, וואָס זייער טרוקענער הויך האָט, וואָס אמת, פאַרשטאַרקט דאָס ברענען אין די באַקן.

איז דאָס שוין געווען ווינטער? די חושים זיינען געווען באַהערשט פון אָט-דעם איינדרוק און מ'האָט זיך געקלאָגט, אַז „דער זומער האָט אָפּגענאַרט“, כאָטש מ'האָט זיך אַליין אָפּגענאַרט אין אים צוליב נאַטירלעכע און קינסטלעכע סיבות, צוליב אַן אינערלעכע

און אויסערלעכער פאַרשווענדערישקייט פון צייט. מיטן שכל האָט מען גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז ס'וועלן נאָך קומען שיינע האַרבסט=טעג. ס'קאָן אַפילו אפשר זיין, אַז ס'וועלן קומען גאַנצע סעריעס אַזעלכע טעג און אַזעלכע פרעכטיק=וואַרעמע, אַז ס'וועט גאָרנישט זיין פאַר זיי צופיל כבוד, ווען מ'וועט זיי אָנרופן זומערדיקע, בתנאי, מ'זאָל זיך מאַכן נישט זעען, אַז די זון באַוועגט זיך שוין נידעריקער און אַז זי גייט שוין באַצייטנס אונטער. אָבער די ווירקונג, וואָס די ווינטער=לאַנדשאַפט אינדרויסן האָט געהאַט אויפן געמיט, איז געווען שטאַרקער פון אַזעלכע נחמות. מ'איז געשטאַנען ביי דער צוגעמאַכטער באַלקאָן=טיר און מ'האָט מיט עקל אַרויסגעקוקט אויף דעם שטויביקן שניי. יאָאַכים איז דאָס געווען דער, וואָס איז אַזוי געשטאַנען. מיט אַ געפּרעסט קול האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— זאָל זיך עס שוין ווידער האָבן אָנגעהויבן?

האַנס קאַסטאָרפּ, הינטער אים אין צימער, האָט געענטפערט:

— דאָס וואָלט געווען אַ ביסל צו=פרי. ס'קאָן נאָך נישט זיין ענדגילטיק ווינטער, אָבער דער אָנשטעל איז אַ שוידערלעך ענדגילטיקער. אויב ווינטער הייסט: טונקלקייט, שניי, קעלט און וואַרעמע רערן, איז ווידער ווינטער, ס'איז נישטאָ וואָס צו לייקענען. אויב מען גיט ווידער אַ טראַכט, אַז ס'איז ערשט דאָ נישט לאַנג געווען ווינטער און אַז דער שניי איז קוים ערשט=וואָס צעגאַנגען ביזן סוף (פאַר יעדן פאַל ווייזט אונז אויס אַזוי, נישט אמת, גלייך ווי עס וואָלט דאָ נאָר וואָס געווען פרילינג), דעמאָלט קאָן אַ ווײַלע באמת, נישט גוט ווערן, דאָס בין איך מודה. עס איז געפערלעך פאַר דעם מענטשלעכן לעבנס=חשק — לאָז דיר קלאָר מאַכן, וואָס איך מיין. איך מיין, אַז די וועלט איז נאָרמאַל אַזוי אײַנגעאָרדנט, ס'זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די באַדערפענישן פון מענטש און דער לעבנס=חשק זאָל באַקומען — דאָס מוז מען אָנערקענען. איך וויל נישט דערגיין אַזוי ווייט און זאָגן, אַז די נאַטור=אָרדענונג, לאָמיר טאַקע גלייך נעמען פאַר אַ ביישפּיל — די גרייס פון דער ערד, די צייט, וואָס זי פאַרברויכט, כדי זיך אַרומצודרייען אַרום איר אייגענער אַקס און אַרום דער זון, דער בייט פון טאָג=און יאָר=צייטן, דער קאָסמישער ריטם, אויב דו ווילסט, — אַז דאָס אַליין איז צוגעפּאַסט צו אונזערע באַדערפענישן. דאָס וואָלט געווען חוצפּהדיק

אין גרעבלעך, עס וואָלט געווען טעלעאָלאָגיע*, ווי דער דענקער זאָגט. אָבער די מעשה איז פשוט אַזעלכע, אַז אונזערע באַדערפעגישן אין די אַלגעמיינע פונדאַמענטאַלע נאַטור־פאַקטן זיינען, דאַנ־קען גאָט, אין איינקלאַנג צווישן זיך. איך זאָג דאַנקען גאָט, ווייל ס'איז באמת אַ סיבה צו לויבן גאָט. ווען ס'קומט אין פלאַכלאַנד דער זומער אָדער דער ווינטער, איז דער פריערדיקער זומער אָדער ווינטער גענוי אויף אַזויפיל אָפגערוקט, אַז דער זומער אָדער ווינטער זאָלן פאַר אונז זיין ווידער ניי און אָנגעלייגט. דערין באַשטייט טאַקע דער לעבנס־חשק. אָבער ביי אונז דאָ אויבן איז אָט־דער סדר און דער דאָזיקער איינקלאַנג געשטערט, קודם־כל ווייל ס'זיינען דאָ אין אמתן נישט פאַראַן קיין ריכטיקע צייטן פון יאָר, ווי דו אַליין האָסט שוין אַמאָל באַמערקט, נאָר בלויז זומער־טעג און ווינטער־טעג pêle mêle ** דורכאַנאַנד. אַחוץ דעם פליסט דאָ בכלל נישט אָפּ עמעצן די צייט, אַזוי אַז בעת ס'קומט דער נייער ווינטער, איז ער גאָרנישט ניי, נאָר ווידער דער אַלטער. אַזוי־אַרום דערקלערט זיך, פאַרוואָס דו קוקסט איצט דורך דער שויב אַזוי מרה־שחורהדיק.

— אַ שיינעם דאַנק — האָט יאָאַכים געענטפערט. — איצט, אַז דו האָסט עס שוין ערקלערט, ביסטו, מיין איך, אַזוי צופרידן, אַז ביסט שוין, אגב, אויך צופרידן מיט דעם פאַקט גופא, כאָטש... ניין! האָט יאָאַכים אַ זאָג געטאָן — אַ סוף! — האָט ער געזאָגט — ס'איז אַ חזירייַ. דאָס אַלץ צוזאַמען איז אַן אומגעהייערע, עקלדיקע חזירייַ און אויב דו פון דיין זייט... איך... — און ער איז מיט גיכע טריט אַרויס פון צימער, האָט מיט כעס פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. אויב האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט געהאַט קיין טעות, זיינען אין זיינע שיינע, מילדע אויגן געשטאַנען טרערן.

האַנס קאַסטאָרפּ איז געבליבן אַ געטראָפענער. אַזוי לאַנג ווי זיין קוזין האָט גערעדט הויך און ברייט וועגן געוויסע באַשלוסן זיינע, האָט

* טעלעאָלאָגיע = לערע פון דער צוועקמעסיקייט אין די איינאָרדענונגען פון נאַטור און וועלט.

** פעל־מעל, פראַנצויזיש = מישמאַש.

ער זיי נישט גענומען ערנסט. איצטער אָבער, ווען מ'האָט בלויז דערקאָנט אין זיין שווייגנדיקער מינע, וואָס מיט אים קומט פאָר און נאָך זיין איצטיקער באַנעמונג, האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ דערשראָקן, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער מיליטער-מענטש קאָן איבערגיין צו מעשים. ער איז אַזש בלאַס געוואָרן פון שרעק און טאַקע פאַר ביידע — פאַר זיך און פאַר אים. Fort possible quil va mourir *, האָט ער געטראַכט און היות ס'איז געווען אַ אידיעה פון דער דריטער האַנט, האָט זיך אויך אַריינגעמישט די פיין פון אַלטע, נישט-געשטילטע חשדים. גלייכצייטיק האָט ער געטראַכט: איז דאָס מעגלעך, אַז ער וועט מיך דאָ לאָזן אַליין — מיך, וואָס כ'בין בלויז געקומען, כדי אים צו באַזוכן?! און באַלד דערנאָך: דאָס וואָלט דאָך געווען אַ שגעון און שרעקלעך, ס'וואָלט געווען אַזאַ שגעון און אַזוי שרעקלעך, אַז כ'פיל, ווי ס'ווערט מיר אַלץ קאַלט אין פנים און מיין האַרץ נעמט קלאַפּן נישט רעגלמעסיק. וואָרעם ווען איך בלייב אַליין דאָ איבן (און אַזוי וואָלט געווען, ווען ער פאָרט אַוועק; כ'זאָל מיט אים מיט-פאָרן, איז ממש אויסגעשלאָסן), דעמאָלט וואָלט איך דאָ (איצט האָט מיין האַרץ אינגאַנצן אויפגעהערט צו קלאַפּן), וואָלט איך דאָ שוין געבליבן לעולם ועד. וואָרעם אַליין וועל איך מער קיינמאָל און ביי קיין פאַל נישט געפינען דעם וועג צוריק אין פלאַכלאַנד...

אַזוי ווייט — בנוגע האַנס קאַסטאָרפּס שרעקעדיקע געדאַנקען. נאָך אין זעלבן נאָכמיטאָג האָט ער געזאָלט דערוויסן זיך אויף קלאָר, ווי עס האַלט מיט די ענינים. יאָאַכים האָט געמאָלדן, אַז דער גורל איז געפאַלן, ס'איז געוואָרן אַ באַשלאָסענע זאַך.

נאָך דער טיי זיינען זיי אַראָפּ אין ליכטיקן קעלער אַריין צו דער חודשלעכער אונטערזוכונג. ס'איז געווען אין אָנהייב סעפּטעמבער. אַריינקומענדיק אין טרוקן-אָנגעהייצטן אָרדינאַציע-צימער, האָבן זיי געטראָפן דעם ד"ר קראָקאָווסקי אויף זיין אָרט ביים שרייב-טיש. דער הויפראַט איז — מיט זייער אַ בלוי פנים — געשטאַנען אָנגעלענט אין דער וואַנט. זיינע אָרעמס זיינען געווען פאַרלייגט. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ הער-רערל און געקלאַפּט זיך דערמיט איבערן

* פראַנצויזיש: עס איז גאָר מעגלעך, ער זאָל שטאַרבן.

אַקסל. ער האָט געגענעצט צום סופיט. —גאָט־העלף, קינדער! — האָט ער געזאָגט מאַט און מ׳האָט די גאַנצע צייט געזען, אַז ער איז אין אַן אָפּגעלאָזטע שטימונג, מרה־שחורה, אין אַן אַלגעמיינער רע־זיגנאַציע. ער האָט מסתמא געדיכערט. ס׳זיינען אָבער אויך געווען פּראַקטישע צרות, וועגן וועלכע די קוזינען האָבן שוין געהאַט געהערט, אינעווייניקסטע סאַנאַטאָריע־געשעענישן פון באַוואוסטן מין: אַ יונג מיידל, וואָס האָט געהייסן אַממי נעלטינג, איז דאָס ערשטע מאָל געקומען אַהער פאַר־אַיאָרן אין האַרבסט און אין ניין חדשים אַרום, אין אַווגוסט, האָט מען זי אַרויסגעלאָזט פאַר געזונט. נאָך איידער ס׳האָט זיך געענדיקט דער סעפּטעמבער, איז זי שוין ווידער געווען דאָ צוריק, ווייל אינדערהיים האָט זי זיך „נישט גוט געפילט״. אין פעברואַר האָט מען ווידער פעסטגעשטעלט, אַז זי האָט נישט קיין שום גערוישן אין דער לונג און מ׳האָט זי צוריקגעשיקט אין פלאַכלאַנד, אָבער זינט מיטן יולי איז זי שוין ווידער געווען צוריק און איז גע־זעסן ביי דער אילטיסעס טיש. טאַקע די אייגענע אַממי האָט מען איינס אַ זייגער ביינאַכט געכאַפּט אין איר צימער מיט אַ פּאַציענט פּאָלי־פּראַקסיאָס, דער אייגענער גריך, וועלכער האָט אין קאַרנאַוואַל־אָוונט שטאַרק און מיט רעכט אויסגענומען ביים עולם צוליב דער שיי־נער פאָרם פון זיינע פיס. ער איז געווען אַ יונגער כעמיקער און זיין פאָטער האָט פאַרמאָגט אַ פאַרבן־פאַבריק אין פּירעיס. געפּאַקט האָט זי אַ פריינדין, אַ צעדולטע פון אייפערזוכט, וועלכע האָט זיך אַריינגע־קריגן אין אַממיס צימער דורכן זעלבן וועג ווי פּאָליפּראַקסיאָס, דאָס הייסט: איבערן באַלקאָן. אַ צעריסענע פון ווייטאָג און צאָרן צוליב דעם, וואָס אירע אויגן האָבן דערזען, האָט זי געמאַכט אַ מוראדיקן געוואַלד, אַלץ געשטעלט אויף די פיס און אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל. בערנעס האָט געמוזט משלח זיין אַלע דריי—דעם אַטענער, די נעלטינג און איר פריינדין, וועלכע האָט פון גרויס היציקייט פאַרגעסן אין איר אייגענעם כבוד. איצט האָט ער טאַקע דורכגעשמועסט דעם פוילן ענין מיט זיין אַסיסטענט, וועלכער האָט, אגב, געהיילט פּריוואַט סיי אַממי סיי יענע, וועלכע האָט זי פאַרראַטן. אויך בשעת ער האָט אונטערגעזוכט די קוזינען, האָט ער נאָך אַלץ גערעדט וועגן דעם מיט אַ טאָן פון מרה־שחורה און יאוש. וואָרעם ער איז געווען אַזאַ

פולשטענדיקער קינסטלער פון אַסקולטאַציע, אַז ער האָט געקאָנט גלייכצייטיק צוהאָרכן זיך עמעצן צו די לונגען, ריידן דערביי וועגן אַן אַנדערן ענין און דיקטירן דעם אַסיסטענט די רעזולטאַטן פון דער אונטערזוכונג.

— יאָ, יאָ, דזשענטלמענס, די פאַרשאָלטענע ליבידאָ* — האָט האָט ער געזאָגט — איר האָט, פאַרשטייט זיך, נאָך אַ הנאה דערפון, וואָס אַרט עס אייך! — ווזיקולער**. — אָבער דער שעף פון דער סאַנאַטאָריע, יענער האָט אַראָפּגעלאָזט די נאָז, דאָס קאָנט איר מיר — טעמפּע טענער — דאָס קאָנט איר מיר גלויבן. בין איך דען שולדיק, וואָס טובערקולאָז איז פאַרבונדן מיט אַ באַזונדערער קאָנקופּיסצענץ***, אַ לייכטע רויקייט? איך האָב נישט געמאַכט, ס'זאָל אַזוי זיין, אָבער איידער מ'קוקט זיך אום, ווערט מען אַ באַלעבעסל, — פאַרקירצט דאָ אונטער דעם לינקן אַקסל. מיר האָבן דעם אַנאַליז, מיר האָבן דאָ ניין מאָס רייד. יאָ, גאָט העלף, וואָס מער די טומלדיקע באַנדע רעדט, אַלץ תאוותדיקער ווערט זי. איך בין אַן אָנהענגער פון מאַטעמאַטיק — דאָ איז בעסער, ס'רוישט מיר נישט.—די באַשעפטיקונג מיט מאַטעמאַטיק, זאָג איך, איז דאָס בעסטע מיטל קעגן תאווה. דער פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט, צו וועלכן דער יצר־הרע האָט זיך שטאַרק גענומען, האָט זיך געוואָרפן דערויף. ער האָט איצט צו טאָן מיט דער קוואַדראַטור פון קרייז און ס'איז אים אַ סך לייכטער געוואָרן. אָבער ס'רוב איז צו נאַריש און צו פויל דערצו, גאָט זאָל אויסהיטן. — ווזיקולער. — זעט איר, איך ווייס גאַנץ גוט, אַז ס'קומט גאָרנישט שווער אָן אָפּצוטאָן דאָ אַלדאָס בייז, אַמאָל האָב איך אַפילו געפּרוּווט זיך קעגנשטעלן קעגן די מיאוסע שטיק. אָבער איינמאָל האָט זיך מיר געטראָפן, אַז אַ ברודער אָדער אַ חתן האָט מיך געפרעגט גאַנץ פּשוט, וואָס אייגנטלעך ס'גייט מיך אָן. פון דעמאָלט אָן בין איך בלויז אַ דאָקטאָר — אַ שוואַך רוישן רעכטס אויבן.

מיט יאָאַכימען איז ער שוין געווען פאַרטיק, האָט אַריינגעשטעקט זיין הער־רערל אין דער קעשענע פון קיטל און האָט גענומען

* תאווה.

** בלעזלעך.

*** גלוסטונג.

רייבּן מיט דער לינקער האַנט בּיידע אויגן, ווי אַלעמאָל בּעת ער פלעגט אַראָפּפאַלן בּיי זיך און ווערן מרה־שחורהדיק. האַלבּ מעכאַניש און גענעצנדיק פון שלעכטן הומאָר, האָט ער אָפּגעזאָגט זיין פּזמון:

— נאָ, צימסען, נאָר לעבּעדיק. אַלץ איז נאָך, וואָס אמת, נישט אַזוי, ווי ס'שטייט געשריבּן אין בּוך פאַר פיזיאָלאָגיע, ס'הינקט נאָך אונטער דאָ און דאָרט און מיט גאַפקי זענט איר נאָך אויך נישט אינגאַנצן ריין, אייער סקאַלאַ איז אַפילו געוואָרן מיט אַ נומער גרע־סער ווי לעצטנס — דאָסמאָל האָט איר זעקס, אָבּער מאַכט נאָר נישט דערפון קיין גאַנצן וועלט־שמערץ. בּעת איר זענט געקומען אַהער, זענט איר קראַנקער געווען, דאָס קאָן איך אייך געבּן שוואַרץ אויף וויס. און אויבּ איר וועט נאָך פאַרבּלייבּן אַ פינף־זעקס מאָנאַטן — איר ווייסט, פריער פלעגט מען זאָגן „מאַנאַט" און נישט „מאָנאַט"? ס'איז טאַקע געווען אַ סך קלינגענדיקער. איך האָבּ בּאַשלאָסן צו זאָגן נאָר „מאַנאָט"...

— הער הויפראַט — האָט יאָאַכים אָנגעהויבּן... ער איז גע־שטאַנען מיליטעריש מיט אַ נאַקעטן אייבּערשטן טייל גוף, די בּריסט אַרויס, די קנאַפלען צוזאַמענגעקלאַפּט. זיין פּנים איז געווען אַקוראַט אַזוי פלעקיק ווי דעמאָלט, בּעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס ערשטע מאָל בּאַמערקט בּיי אַ בּאַשטימטער אָנגעלעגנהייט, אַז אַזוי ווערן בּלאַס די שטאַרק־אָפּגעבּרענטע.

— ווען איר — האָט בּערענס גערעדט, נישט צוהערנדיק זיך צו אים — וועט נאָך דאָ אַ האַלבּ יאָר סך־הכּל טאָן דינסט, דע־מאָלט וועט איר זיין אַ געהאָלפענער מענטש, דעמאָלט וועט איר קאָ־נען איינעמען קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איר וועט פון גרויס גבורה קאָנען ווערן אַ גענעראַל אין גבורים־לאַנד.

ווער ווייסט, וואָס ער וואָלט נאָך אַלץ אין זיין מרה־שחורה, אָנגע־פלאַפּלט, ווען יאָאַכימס פעסטע האַלטונג, זיין קלאָרער ווילן צו ריידן און טאַקע מוטיק צו ריידן, וואָלט אים נישט אַראָפּגעפירט פון קאָנצעפּט.

— הער הויפראַט — האָט דער יונגערמאַן אַ זאָג געטאָן. — איך וויל מעלדן מיט רעספּעקט, אַז איך האָבּ מיך דעצידירט אַוועק־צופאָרן.

— נו־נו? איר װילט גאָר װערן אַ רײזנדער? איך האָב געקלערט, אַז איר װילט שפּעטער, װי אַ געזונטער מענטש, אַרײַן אין מיליטער?

— נײן, איך מוז איצט אַװעקפֿאָרן, העד הױפֿראַט, אין אַכט טעג אַרום.

— װאָס רעדט איר, צי הער איך גוט? איר װילט אַװעקװאַרפֿן די ביקס, איר װילט מאַכן פּליטה. װײסט איר, אַז דאָס איז דע־זערציע?

— נײן, נישט דאָס איז מײַן מײנונג, הער הױפֿראַט. איך מוז אַװעק צום רעגימענט.

— כאָטש איך זאָג אײַך, אַז איך װעל אײַך אין אַ האַלב יאָר אַרום באַשטימט קאָנען אַהײמשיקן און אַז פֿריער קאָן איך אײַך נישט אַהײמשיקן?

יאָאַכימס האַלטונג איז געװאָרן אַלץ אָפֿיציעלער. ער האָט אײַנגעצױגן דעם בױך און געזאָגט קורץ און שטײף:

— איך בין דאָ איבער אָנדערהאַלבן יאָר, הער הױפֿראַט, לענגער קאָן איך נישט װאַרטן. דער הער הױפֿראַט האָט אין אָנהײב געזאָגט: אַ פֿערטל יאָר. דערנאָך איז מײַן קוראַציע בסדר פֿאַרלענגערט געװאָרן אױף פֿערטל און האַלבע יאָרן און כ׳בין נאָך אַלץ נישט געזונט.

— איז דאָס מײַן שולד?

— נײן, הער הױפֿראַט. אָבער איך קאָן נישט לענגער װאַרטן. אױב איך װיל נישט אינגאַנצן פֿאַרלירן דעם קאָנטאַקט, קאָן איך נישט אָפּװאַרטן דאָ אױבן, ביז כ׳װעל אינגאַנצן אױסגעהײלט װערן. איך מוז איצט אַװעקפֿאָרן. איך דאַרף נאָך האָבן אַ ביסל צײַט אױף עקװיפּירונג און אַנדערע צוגרײטונגען.

— טוט איר דאָס מיט דער הסכּמה פֿון אײַער פֿאַמיליע?

— מײַן מוטער איז מסכּים. אַלץ איז אָפּגערעדט. דעם ערשטן אָקטאָבער טרעט איך אַרײַן װי אַ פֿאָן־יונקער בײַ דעם זעקס־און זיבעציקער רעגימענט.

— פֿאַר יעדן פּרײַז? — האָט בערענס געפֿרעגט און אים אָנ־געקוקט מיט זײַנע בלוט־פֿאַרלאָפֿענע אױגן.

— צום באַפעל, העד הויפראַט — האָט יאָאַכים געענטפערט מיט ציטערנדיקע ליפּן.

— נו, אויב אַזוי, איז גוט, צימסען. — דער הויפראַט האָט געמאַכט אַן אַנדערע מינע, האָט באַקומען אַן אָפּגעלאָזטערע האַלטונג און געוואָרן בכלל צוגעלאָזטער — ס'גוט, צימסען. פּאָרט! זייט מצליח. איך זע, איר ווייסט וואָס איר ווילט, איר נעמט דעם ענין אויף זיך. אויף אַזויפיל איז אמת, אַז פון דעם מאָמענט אָן, ווי איר נעמט עס אויף דער אייגענער אחריות, ווערט דער ענין אייערער, נישט מיי־נער. „אַליין איז דער מענטש"*. איר פאָרט אָן גאַראַנטיע, איך בין פאַר גאָרניישט ערב. ס'קאָן אויך זיין גוט. עס איז אַ פּריילעכע פּראָ־פעסיע די, צו וועלכער איר נעמט אייך. ס'קאָן גאַנץ מעגלעך זיין, אַז זי וועט אייך וואויל באַקומען און אַז איר וועט אייך אַרויסדרייען.

— יאָ, הער הויפראַט.

— נאָ, און איר, יונגערמאַן פון ציוויל־עולם? איר ווילט מסתמא מיטפאָרן?

דערויף האָט געזאָלט ענטפערן האַנס קאַסטאָרפּ. ער איז גע־שטאַנען, פונקט אַזוי בלייך ווי מיט אַ יאָר צוריק ביי יענער אונטערזוכונג, בעת וועלכער מ'האָט אים געהייסן בלייבן. ער איז געשטאַנען אויפן זעלבן אָרט ווי דעמאָלט און מ'האָט ווידער געקאָנט זען, ווי זיין האַרץ פולסירט קעגן די ריפּן. ער האָט געזאָגט:

— איך מאַך עס אָפּהענגיק פון אייער מיינונג, הער הויפראַט.

— פון מיין מיינונג. גוט! און ער האָט אים צוגעצויגן צו זיך מיט דער האַנט, זיך צוגעהאָרכט צו אים און געקלאַפּט. ער האָט נישט דיקטירט. ס'איז צוגעגאַנגען גענוג שנעל. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער געזאָגט:

— איר קאָנט פאָרן.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך זאַהיקעט.

— דאָס הייסט... ווי אַזוי... כ'בין דען געזונט?

— יאָ, איר זענט געזונט. וועגן דעם אָרט לינקס אויבן איז מער נישט כדאי צו ריידן. אייער טעמפּעראַטור שטימט נישט מיט דעם

---

* אַ בריטיש שפּריכוואָרט.

אָרט. פון וואַנען זי נעמט זיך, קאָן איך אייך נישט זאָגן. איך נעם אָן, אַז זי האָט נישט קיין ספּעציעלע באַדייטונג. פון מיינטוועגן קאָנט איר פאָרן.

— אָבער... הער הויפראַט... דאָס איז אפשר אין דעם מאָמענט נישט אייער פולער ערנסט?

— נישט מיין ערנסט? וואָס הייסט דאָס? וואָס טראַכט איר זעגן מיר? וואָס טראַכט איר בכלל אַזוי אומגעפער וועגן מיר, וואָלט איך געוואָלט וויסן? פאַרוואָס האַלט איר מיך? פאַר אַ באַלעבעסל?

עס איז געווען אמתער צאָרן. די בלויקייט אין הויפראַטס פּנים איז געוואָרן פיאָלעט פון בלוט-צופלוס, די אין איין זייט פאַרריסענע ליפּ מיט דער וואָנסע האָט זיך נאָך מער פאַרריסן, אַזוי אַז מ'האָט אַרויסגעזען די זייטיקע אייבערשטע ציין. ער האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ, ווי אַן אָקס, זיינע אויגן זיינען געוואָרן קוועלנדיק פון טרערן און בלוטיק.

— איך דערלויב עס נישט! — האָט ער געשריגן. — איך בין קודם-כל בכלל נישט קיין אייגנטימער! איך בין אַן אָנגעשטעלטער דאָ! איך בין אַ דאָקטאָר! איך בין בלויז אַ דאָקטאָר, פאַרשטייט איר מיך? איך בין נישט קיין קופּלער! איך בין נישט קיין סעניאָר אַמאָראָזאָ פון טאָלעדאָ אינם שיינעם נעאַפּאָל, איר פאַרשטייט מיך? איך בין אַ דינער פון דערליידנדיקער מענטשהייט! און אויב איר האָט אייך אויסגעאַרבעט אַן אַנדער מיינונג וועגן מיין פּערזאָן, דעמאָלט קאָנט איר ביידע גיין צום טייוול, אין דער ערד אַריין, אָדער פאַר די הינט, ווי איר ווילט! אַ גליקלעכע רייזע!

ער איז מיט לאַנגע און ברייטע שפּרייזן אַרויס דורך דער טיר, דורך דער טיר, וואָס פירט אין פאָרערצימער פון דורכלויכטונגסזאַל, און האָט זי פאַרקלאַפּט הינטער זיך.

די קוזינען האָבן עצה-זוכנדיק אַ קוק געטאָן אויף ד"ר קראָקאָווסקי, אָבער ער האָט געמאַכט אַ מינע, אַז ער איז שטאַרק פאַרגראָבן אין פאַרטיפט אין זיינע פּאַפּירן. זיי האָבן זיך אינדערגיך אָנגעטאָן. אויף די טרעפּ האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט:

—דאָס איז באמת געווען שרעקלעך. דו האָסט אים שוין געזען אַמאָל אַזעלכן?

— ניין, אַזוי נאָך נישט. דאָס איז מעשה־תקנה. דאָס איינציק ריכטיקע איז, מ׳זאָל אים נישט אָפּענטפערן און עס אַזוי לאָזן. נאַטירלעך איז ער געווען אויפגערעגט צוליב דער מעשה מיט פּאָליפּראַקסיאָס און דער נעלטינג. אָבער דו האָסט געזען — האָט יאָאַכים ווייטער גערעדט און מ׳האָט געזען, אַז די פרייד צוליב דעם, וואָס ער האָט דאָס זייניקע אויסגעקעמפט, האָט אים אינגאַנצן אַרומגעכאַפּט און אים אַזש ענג געמאַכט די ברוסט — האָסט געזען, ווי ער האָט זיך אונטערגעגעבן און קאַפּיטולירט, ווען ער האָט אײַנגעזען, אַז איך מיין עס ערנסט? מ׳דאַרף נאָר ווייזן די ציין, זיך נאָר נישט לאָזן. איצט האָב איך אַזוי צו זאָגן אַ דערלויבעניש — ער אַליין האָט געזאָגט, אַז כ׳וויל מיך מסתמא אַרויסדרייען — און אין אַכט טעג אַרום פאָרט מען... אין דריי וואָכן אַרום וועל איך זיין אין רעגימענט — האָט ער זיך פאַרריכט, דאָס הייסט: אַרויסגעלאָזט האַנס קאַסטאָרפּן פון שפּיל און באַגרענעצט זיינע פריי־ציטערנדיקע ווערטער בלויז אויף זיין אייגענער פּערזאָן.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשוויגן. ער האָט גאָרנישט געזאָגט וועגן יאָאַכימס „דערלויבעניש“, נישט וועגן זיין אייגענער, וועגן העלכער מ׳וואָלט אַלנפאַלס געקאָנט ריידן. ער האָט געמאַכט טואַלעט צו ליג־קוראַציע, האָט אַריינגעשטעקט דעם טערמאָמעטער אין מויל, האָט מיט קורצע און זיכערע האַנט־באַוועגונגען, מיט פולשטענדיקער אויסגעאַרבעטער געניטשאַפט (לויט יענער געהייליקטער פּראַקטיק, וועגן וועלכער ס׳האָט קיינער נישט געהאַט קיין אַנונג אין פלאַכלאַנד) אַריבערגעוואָרפן איבער זיך ביידע דעקעס פון קעמל־האָר און איז דערנאָך געלעגן שטיל, ווי אַ גלייכער וואָלף, אויף זיין אויסגעצייכנטער ליג־שטול אין דער קאַלטער פייכטקייט פון פריי־האַרבסטיקן נאָכמיטאָג.

די רעגן־וואָלקנס האָבן געהאַנגען נידעריק, די פאַנטאַסטישע פאָן אונטן איז געווען אײַנגעוויקלט, אויף די נאַסע צווייגן פון די יאָדלעס זיינען געלעגן רעשטלעך שניי. פון דער אונטערשטער ליג־האַלע, פונוואַנען ער האָט פאַראַיאָרן צום ערשטן געהערט אַלבינס קול, איז איצט דערגאַנגען אַ שטילער שמועס צו האַנס קאַסטאָרפּן, ביי וועלכן די פינגער און דאָס פּנים זיינען באַלד געוואָרן

באַס=קאַלט און פאַרשטייפט. ער איז געווען געוויינט דערצו און האָט געקאָנט זיין דאַנקבאַר דעם היגן לעבנס=שטייגער, וואָס איז שוין פון לאַנג געווען פאַר אים דער איינציק מעגלעכער, פאַר דער גוטער געלעגנהייט, וואָס מ'קאָן ליגן צוגעדעקט און טראַכטן וועגן אַלץ.

ס'איז געווען באַשלאָסן. יאָאַכים וועט אַוועקפאָרן. ראַדאַמאַנטי האָט אים אָפּגעלאָזט, נישט געזעצלעך, נישט ווי אַ געזונטן, אָבער פונדעסטוועגן אָפּגעלאָזט מיט אַ האַלבער הסכמה, אויפן גרונד און צוליב דער אָנערקענונג פון זיין פעסטער פאָדערונג. ער וועט אַראָפּפאָרן מיט דער שמאָל=רעלסיקער באַן קיין לאַנדקוואַרט, קיין ראָמאַנסהאָרן, דערנאָך וועט ער שווימען איבער דער ווייטער תהומישער אָזערע, איבער וועלכער ס'איז געריטן דער ריטער פון דער לעגענדע. דערנאָך וועט ער דורכפאָרן גאַנץ דייטשלאַנד און קומען אַהיים. ער וועט דאָרטן לעבן, אין דער וועלט פון פלאַכלאַנד, בלויז צווישן מענטשן, וואָס האָבן קיין אַנונג נישט, ווי אַזוי מען דאַרף לעבן, וואָס ווייסן נישט פון קיין טערמאָמעטערס, פון דער קוניץ, ווי אַזוי זיך איינצוּוויקלען, פון פעלץ=זעק, פון דריי מאָל שפּאַצירן אין טאָג, פון... ס'איז שווער געווען צו זאָגן, אויסצורעכענען, וועגן וואָס אַלץ זיי ווייסן נישט דאָרט אונטן. אָבער די פאָרשטעלונג, אַז יאָאַכים וועט לעבן צווישן אָט=די עם=הארצים, נאָכדעם, ווי ער האָט דאָ פאַרבראַכט לענגער, ווי אָנדערטהאַלבן יאָר (אָט=די פאָרשטעלונג, וואָס איז חל=געווען דער עיקר אויף יאָאַכימען און אויף האַנס קאַסטאָרפּן — בלויז ווייט און טעאָרעטיש) האָט אים אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. — אוממעגלעך, אוממעגלעך – האָט ער געמורמלט.

היות ס'איז געווען אוממעגלעך, וועט ער טאַקע מוזן דאָ לעבן ווייטער אַליין אָן יאָאַכימען? יאָ. ווי לאַנג? ביז בערענס וועט אים אַרויסלאָזן ווי אַן אויסגעהיילטן, דאָס הייסט: אויף אַן אמת, נישט ווי היינט. אָבער קודם=כל איז דאָס געווען אַ טערמין, וועגן וועלכן מ'האָט בלויז (ווי אַמאָל יאָאַכים ביי עפּעס אַ געלעגנהייט) געקאָנט מאַכן אַ מינע: ווער ווייסט ווען. צווייטנס: צי וועט דעמאָלט דאָס אוממעגלעכע ווערן מעגלעך? פאַרקערט, ווייניקער. מ'קאָן נאָר לאָיאַל

צוגעבן, אַז איצט, בעת דאָס אומגעגלעכע איז נאָך אפשר נישט געווען אַזוי אוממעגלעך, ווי ס'וועט מסתמא ווערן שפּעטער, האָט ער אין יאָאַכימס אַוועקפאָרן געהאַט אַן אויסגעשטרעקטע האַנט, אַ אָנהאַלטעניש און אַ אָנווייז צוריק איפּן וועג צום פלאַכלאַנד, וועלכן ער וועט אַליין נישט צוריקגעפינען לעולם־ועד. ווי וואָלט דאָס די „הומאַניסטישע פּעדאַגאָגיק“ אים געוואָרנט, ער זאָל אָנגעמען אָט־די אויסגעשטרעקטע האַנט, ווען די „הומאַניסטישע פּעדאַגאָגיק“ וואָלט זיך דערוואוסט פון דער דאָזיקער געלעגנהייט! אָבער הער סעטעמ־בריני איז בלויז געווען אַ פאַרטרעטער פון כּוחות און זאַכן, וועלכע עס איז כּדאַי געווען צו הערן כאָטש נישט אַליין, נישט אומבאַדינגט. אויך מיט יאָאַכימען איז די לאַגע געווען אַזעלכע. ער איז געווען אַ מיליטער־מענטש, אַוודאי. ער פאָרט אַוועק — כּמעט אין דער רגע, ווען די גרויס־בוזעמדיקע מאַרוסיאַ האָט געזאָלט צוריקקומען (אין ערשטן אָקטאָבער קומט זי, ווי ס'איז באַקאַנט געווען, צוריק). אָבער אים, דעם ציוויליסטישן האַנס קאַסטאָרפּ, איז די נסיעה געווען, קורץ און שאַרף גערעדט, אוממעגלעך דערפאַר, ווייל ער האָט געמוזט וואַרטן אויף קלאַוודיאַ שאָשאַ, כאָטש וועגן איר צוריקקומען איז נאָך ווייט נישט געווען קיין רייד. „נישט דאָס איז מיין מיינונג“ — האָט יאָאַכים געזאָגט, בעת ראַדאַמאַנט האָט צו אים גענומען ריידן וועגן דעזערציע. בנוגע יאָאַכימען איז עס אָן ספק געווען פלוידעריי אין פלאַפּלעריי מצד דעם פאַרמרה־שחורהטן הויפראַט. אָבער פאַר אים, דעם ציוויליסט, זיינען דאָך די ענינים אינ־גאַנצן אַנדערש. פאַר אים יאָ, אָן שום ספק, אַזוי איז עס גע־ווען! טאַקע כּדי אַרויסצובריינגען אָט־די אַנטשלאָסענע געדאַנקען פון זיינע געפילן, האָט ער זיך היינט געלייגט אינם נאַס־קאַלטן וועטער), פאַר אים וואָלט עס באמת געווען דעזערציע, ווען ער כאַפּט זיך אָן אָן דער געלעגנהייט און פאָרט אַהיים אין פלאַכ־לאַנד ווילד אָדער האַלב־ווילד, דעזערציע מיט גרויסע פאַראַנטוואָרט־לעכקייטן, וועלכע זיינען פאַר אים אויסגעוואַקסן דאָ אויבן, אין שייכות מיט דעם גרויסן בילד, וואָס הייסט Homo Dei. עס וואָלט געווען אַ פאַרראַט אין די שווערע און דערהיצנדיקע, אָבער אַוואַנטורי־סטישע באַגליקנדיקע „רעגירונגס“־פליכטן, וועלכע זיינען איבערגעשטיגן זיינע

בּוחות און וועלכע ער האָט אויסגעפירט דאָ אויפן באַלקאָן און אויף דעם בּלוי־צעבּליטן אָרט.

ער האָט אַרויסגעריסן דעם טערמאָמעטער פון מויל, אַזוי האַסטיק, ווי אַמאָל, נאָכדעם ווי ער האָט אים באַנוצט צום ערשטן מאָל, בעת די אייבּערין האָט אים פאַרקויפט דעם שיינעם חפץ. איך פונקט מיט אַזאַ גערוקייט, ווי דעמאָלט, האָט ער איצט אַ קוק געטאָן אויף אים. מערקוריוס איז היפש אַרויף, ער האָט געוויזן זיבן־און־דרייסיק אַכט, כמעט ניין.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די דעקעס, איז אויפגעשפּרונגען פון דער שטול און האָט איינדעריגיך דורכגעשפּרייזט דאָס צימער, צום קאָרידאָר־צו און צוריק. דערנאָך האָט ער זיך ווידער אויסגעצויגן און שטיל אַ פרעג געטאָן בּיי יאָאַכימען, ווי ס'האַלט זיין דיאַגראַמע.

— איך מעסט מיר מער נישט — האָט יאָאַכים געענטפערט.

— נאָ, איך האָב טעמפּוס* — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט, נאָכמאַכנדיק דער פרוי שטער, וועלכע האָט גערעדט וועגן „שאַמפּוס"**. יאָאַכים האָט דערנאָך שוין אינגאַנצן געשוויגן הינטער דעם גלעזערנעם ווענטל.

ער האָט שפּעטער גאָרנישט ספּעציעלס געזאָגט אין יענעם טאָג און אין די איבּעריקע, האָט נישט געפּרוווט מיט רייד צו דערוויסן זיך וועגן זיין קוזינס פּלענער און באַשלוסן, וועלכע האָבּן סיי־ווי־סיי אַליין אין אַ קליינער צייט אַרום געמוזט קלאָר ווערן. די באַשלוסן האָבּן געמוזט זיך אויסדריקן אין מעשים, אָדער אין גאָרנישט טאָן. דאָס צווייטע איז טאַקע געשען. ער האָט, אַפּנים, געהאַלטן מיטן קוויעטיזם, וועלכער האָט געלערנט, אַז טאָן עפּעס, הייסט באַליידיקן גאָט, וועלכער וויל אַליך אַליין טאָן. אַלנפאַלס, האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּס אַקטיווקייט אין אָט די טעג באַגרענעצט אויף אַ באַזוך און אַ שמועס בּיי בּערענסן, ווי יאָאַכים האָט געוואוסט דערפון, און האָט געקאָנט דעם רעזולטאַט סיי־ווי־סיי אויסרעכענען

---

* טעמפּעראַטור.

** שאַמפּאַניער.

אויף די פינגער. זיין קוזין האָט דערקלערט, אַז ער דערלויבט זיך צו לייגן מער געוויכט אויף דעם הויפראַטס פריערדיקע פאַרשיי-דענע וואָרענונגען, ער זאָל זיך גרינטלעך אויסהיילן, כּדי מער קיינ-מאָל נישט צו דאַרפן צוריקקומען, ווי אויף די גיכע ווערטער אין אַ שלעכטער מינוט. ער האָט 37,8, ער פילט זיך נישט ווי עמעץ, וואָס קאָן געזעצלעך אַהיימפאָרן, אויב מ׳דאַרף נישט פאַרשטיין דעם הויפראַטס לעצטע ווערטער, ווי אַ רעלעגאַציע*, צו וועלכער ער, האַנס קאַסטאָרפּ, האָט לויט אַלע כּללים נישט געגעבן קיין שום סיבה. אויף וויפיל ער ווייסט — האָט ער באַשלאָסן, נאָך אַ רויִקן ישוב-הדעת און להיפוך צו יאָאַכים צימסען, נאָך צו בלייבן דאָ און אָפּצוואַרטן, ביז ער וועט אינגאַנצן אויסגעהיילט ווערן. אַזוי האָט האַנס קאַסטאָרפּ מסתּמא דאָרטן געזאָגט. דערויף האָט דער הויפראַט געענטפערט מער-ווייניקער: „באָן** און שיין" און: „האָט נישט קיין פאַראיבל" און: דאָס הייסט גערעדט ווי אַ קלוגער חברה-מאַן און: ער האָט דאָך גלייך געזען, אַז האַנס קאַסטאָרפּ האָט מער טאַלענט צו זיין אַ פּאַציענט, ווי דער נע-ונדניק און בעל-מלחמה. און אַזוי ווייטער.

אַזוי, הייסט עס, איז פאָרגעקומען לויט יאָאַכימס כּמעט זיכע-רער קאַלקולאַציע דער שמועס. דערפאַר טאַקע האָט ער גאָרנישט געפרעגט און האָט בלויז שווייגנדיקערהייט פּעסטגעשטעלט, אַז האַנס קאַסטאָרפּ נעמט נישט קיין אָנטייל אין זיינע צוגרייטונגען צום אַוועק-פאָרן. דער וואוילער יאָאַכים האָט גענוג געהאַט צו טאָן מיט זיך אַליין! ער האָט באמת נישט געקאָנט מער אַריינקלערן אין זיין קוזינס גורל און וועגן זיין בלייבן. אין זיין ברוסט האָט געבוי-שעוועט אַ שטורעם — מ׳קאָן זיך עס פאָרשטעלן. ס׳איז אפשר טאַקע גוט, וואָס ער מעסט זיך מער נישט און וואָס ער האָט דעם טערמאָמעטער כּלומרשט אַראָפּגעלאָזט און צעבראָכן. דאָס מעסטן וואָלט געקאָנט אים אינגאַנצן צעטומלען. וואָרעם יאָאַכים איז גע-ווען מוראדיק אויפגערעגט, דאָ טונקל-גליענדיק, באַלד בלייך פון

* דערוויטערונג.

** פראנצויזיש: גוט.

פרייד און געשפּאַנטקייט. ער האָט מער נישט געקאָנט אײַנליגן. אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך אַרומגעדרייט אַהין און צוריק אין זײַן צימער, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהערט: אין משך פון די אַלע שעהן פיר מאָל אין טאָג, בעת וועלכע ס'הערשט אין בערגהאָף די „האָריזאָנטאַלע לאַגע". אָנדערטהאַלבן יאָר! און איצט — אַראָפּ אין פלאַכלאַנד, אַהיים, אויף אַן אמת אין רעגימענט, כאָטש נאָר מיט אַ האַלבער דערלויבעניש! דאָס איז נישט געווען קיין קלייניקייט, אין קיין שום זין נישט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס געפילט אין דעם קוזינס אומרויִקן אַרומדרייען זיך. אַכצן חדשים, דער פולער יאָר־אומקרייז און דערצו נאָך אַ העלפט דערפון זיינען דאָ דורכגעלאָפן, ער האָט זיך טיף אײַנגעלעבט, אײַנגעפלאָכטן אין דעם ראָד פון אָרדענונג, אין דעם פעסטן לעבנס־גאַנג, אין וועלכן ער האָט דורכ־געלעבט אַלערליי צייטן אין משך פון זיבן מאָל זיבעציק טעג. און איצט — אַהיים אין דער פרעמד, צו די אומוויסנדיקע! מיט וואָס פאַר אַ אַקלימאַטיזאַציע־שוועריקייטן ס'שמעקט דאָרטן! און צי דאַרף מען זיך וואונדערן, הלמאַי יאָאַכימס שטאַרקע אויפגערעגטקייט האָט זיך גענומען נישט בלויז פון פרייד, נאָר וואָס אויך דאָס געפיל און דער ווייטאָג פון אָפּשייד האָט אים געטריבן איבערן צימער? — ווען מאַהוסיאַ איז שוין גלייכער צו שווייגן.

אָבער די פרייד איז געווען שטאַרקער. אַלץ אין אים איז איבער־געגאַנגען פון פרייד. ער האָט גערעדט וועגן זיך, זיך נישט גע־זאָרגט וועגן דעם קוזינס צוקונפט. ער האָט גערעדט וועגן דעם, ווי ניי און דערפרישנדיק אַלץ וועט זײַן, דאָס לעבן, ער אַלייִן, די צייט — יעדער טאָג, יעדע שעה. ער וועט ווידער האָבן צו טאָן מיט אַ סאָלידער צייט, פּאַמעלעכע, וואָגיקע יונגע יאָרן. ער האָט גערעדט וועגן זיין מוטער, האַנס קאַסטאָרפּס שטיף־מומע צימסען, וואָס האָט אַקוראַט אַזעלכע מילדע שוואַרצע אויגן, ווי יאָאַכים און וועלכע ער האָט נישט געזען די גאַנצע צייט, וואָס ר'איז דאָ געזעסן אין די בערג. מ'האָט זי, גלייך ווי אים, אָפּגעשלעפּט פון חודש צו חודש, פון יאָר צו יאָר און זי האָט דערפאַר קיינמאָל נישט געקאָנט פועלן בײַ זיך צו באַזוכן דעם זון. ער האָט גערעדט מיט אַ באַגייסטערטע שמייכעלע וועגן דער פאָן־שבועה וועלכע ער וועט

באַלד אָפּגעבן. בײַ דער פּאַן וועט פאָרקומען די פײַערלעכע צע־רעמאָניע פון דער שבועה און איר אַליין, דער פּאַן, וועט ער צושווערן.

— אַזוי גאָר? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפרעגט — ערנסט? דער שטאַנג? דעם שטיקל לײַוונט? — יאָ, אַוודאי. בײַ דער אַרטי־לעריע שווערט מען צו דעם האַרמאַט, סימבאָליש.

דאָס זײַנען פאַנטאַסטישע מנהגים — האָט געטענהט דער צי־וויליסט — שטאַרק־פאַנטאַסטישע, וואָלט מען געקאָנט זאָגן. יאָ־אַכים האָט דערויף בלויז שטאָלץ און גליקלעך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

ער האָט זיך אַלץ מער און מער געגרייט, ער האָט באַ־צאָלט אין דער פאַרוואַלטונג דעם לעצטן חשבון, האָט טאָג פאַר דעם באַשטימטן טערמין אָנגעהויבן פּאָרען זיך בײַ די וואַליזעס. ער האָט אַײַנגעפּאַקט זומער־און־ווינטער־אָנצוגן און האָט געלאָזט דעם דינער פאַרנייען די קעמל־האָר־דעקעס און דעם פעלץ־זאַק אין זאַק־לײַוונט. ס'קאָן אַמאָל זײַן, אַז בעת אַ מאַנעווער זאָלן זיי אים צו־נוץ קומען. ער האָט אָנגעהויבן זיך געזעגענען. ער האָט געמאַכט געזעגענונגס־וויזיטן בײַ סעטעמבריני און נאַפטאַ. ער האָט עס געטאָן אַליין, ווײַל זײַן קוזין איז נישט מיטגעגאַנגען דאָסמאָל און ער האָט אויך נישט געפרעגט, וואָס סעטעמבריני האָט געטראַכט און גע־זאָגט וועגן יאָאַכימס נסיעה און וועגן האַנס קאַסטאָרפּס בלײַבן: צי ער האָט געזאָגט „סע, סע", צי גאָר „אַסוי, אַסוי", — אָדער בײדע צוזאַמען, אָדער נאָר Poveretto * — דאָס אַלץ איז אים מכּוחמאַ געווען גלײַכגילטיק.

דערנאָך איז אָנגעקומען דער אָוונט פאַרן אַוועקפאָרן, ווען יאָ־אַכים האָט אַלץ געטאָן צום לעצטן מאָל, יעדע מאָלצײַט, יעדע ליג־קוראַציע, יעדן שפּאַציר און זיך געזעגנט מיט די דאָקטוירים און מיט דער אייבערין. דערנאָך איז אָנגעקומען דער פרימאָרגן גופא. יאָאַכים איז געקומען צום פרישטיק מיט דערהיצטע אויגן און מיט קאַלטע הענט, ווײַל ער איז נישט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט

* איטאַליעניש: נעבעך, אַ רחמנות.

קוים זיך צוגערירט צום עסן. ווען די קאַרליקיכע איז געקומען אין
געמעלדן, אַז דאָס געפּעק איז שוין אויפגעלאָדן, איז ער האַסטיק
אויפגעשפּרונגען פון דער שטול, כּדי זיך צו געזעגענען מיט די
טיש־שכנים. פרוי שטער האָט פאַרגאָסן ביים געזעגענען טרערן, האָס
האָבן לייכט געפלאָסן, וואַסערדיקע עס־האַרצישע טרערן. באַלד דער־
נאָך האָט זי הינטער יאָאַכימס רוקן געשאָקלט איבער אים פאַר
דער לערערין מיטן קאָפּ, געדרייט מיט דער האַנט און געמאַכט אַ
פוילע מינע, פול מיט אָרדינערער מסופּקדיקייט בנוגע יאָאַכימס רעכט
אויף אַוועקצופאָרן און בנוגע זיין געזונט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס
צוגעזען, בעת ער האָט שטייענדיקערהייט אויסגעטרונקען זיין טעפּל
קאַווע, כּדי באַלד מיטצוגיין מיטן קוזין. מ׳האָט נאָך געדאַרפט טיילן
טרינקגעלט און אָפּענטפערן דעם אַמטלעכן געזעגענונגס־גרוס פון אַ
פאַרוואַלטונגס־פאָרשטייער אין וועסטיביל. ווי אַלעמאָל אין אַזאַ פאַל,
זיינען געשטאַנען פּאַציענטן גרייט צוצוקוקן זיך צום אָפּפאָר: פרוי
אילטיס מיטן „סטערילעט“. די עלפאַנטביין־קאָליריקע לעוי, דער עולב־
הזהדיקער פּאָפּאָוו מיט זיין כּלה. בשעת דער וואָגן מיט די גע־
האַמעוועטע הינטערשטע רעדער האָט זיך אַ ריר געטאָן, האָט מען
גענומען פאָכן מיט די טיכלעך. יאָאַכים האָט באַקומען רויזן. ער האָט
געטראָגן אַ הוט אויפן קאָפּ. האַנס קאַסטאָרפּ — נישט.

דער פרימאָרגן איז געווען אַ פּרעכטיקער. דער ערשטער זו־
ניקער פרימאָרגן נאָך אַזויפיל טריבע. דער שיאַהאָרן, די „גרינע טו־
רעמס“, דער שפּיץ פון באַרג אין „דאָרף“ זיינען געשטאַנען אומ־
פאַרענדערלעך ווי סימבאָלישע צייכנס פאַר דער בלויקייט און יאָ־
אַכימס אויגן האָבן כּסדר געקוקט דערויף. ס׳איז כּמעט אַ שאָד —
האָט האַנס קאַסטאָרפּ געהאַלטן, וואָס גראָד צום אַוועקפאָרן איז
געוואָרן אַזאַ שיין וועטער. עס איז דאָ דערין צולהכעיסדיקייט, ווייל
נאָר אַ לעצטער איינדרוק פון אומגאַסטפריינדלעכקייט דערלייכטערט
דאָס שיידן זיך. דערויף האָט יאָאַכים געזאָגט: ער דאַרף נישט
קיין דערלייכטערונג און דאָס איז אַ אויסגעצייכנט וועטער אויף מי־
ליטערישע איבונגען, אונטן קאָן עס אים צונוץ קומען. בכלל האָבן
זיי גערעדט ווייניק. אַזוי ווי די לאַגע איז געווען ביי יעדן איינעם
און צווישן ביידע — האָט מען מסתּמא נישט געקאָנט אַרויסזאָגן

קיין לייטיש וואָרט. זיי האָבן אויך געהאַט פאַר זיך דעם הינקענ־דיקן איף דער קעלניע לעבן דעם פורמאַן.

זיצנדיק הויך און אונטערשפרינגענדיק אויף דער האַרטער איינ־בעטונג פון דער בריטשקע, זיינען זיי אַריבער דעם וואַסערפאַל, די שמאָלע שינעס, אַרויסגעפאָרן אויף דער נישט־רעגלמעסיק באַ־בויטער גאַס, וואָס גייט פּאַראַלעל מיט דער באַן און זיינען געבליבן שטיין אויף אַ ברוקירטן פּלאַץ פאַר דעם וואָקזאַל אין „דאָרף“, וועלכער איז געווען נישט מער ווי אַ פּשוטע שאָפּע. האַנס קאַס־טאָרפּ האָט מיט שרעק אַלץ דערקאָנט ווידער. זינט ער איז אָנ־געקומען אַהער מיט דרייצן חדשים צוריק, ביים צופאַלנדיקן בין־השמשות, האָט ער די סטאַציע מער נישט געזען.

אָט דאָ בין איך אָנגעקומען—האָט ער געזאָגט סתם איבעריק, און יאָאַכים האָט געענטפערט: „טיאַ, אַזוי איז“ און האָט באַצאָלט דעם פורמאַן.

דער רירעוודיקער הינקענדיקער משרת האָט אַלץ באַזאָרגט, די־ם באַן־בילעט, דעם באַגאַזש. זיי זיינען געשטאַנען צוזאַמען אויפן פּע־ראָן, ביים מיניאַטור־צוג, לעבן דעם קליינעם, גרוי־געבעטן וואַגאָן־קופּע, וואו יאָאַכים האָט רעזערווירט פאַר זיך אַן אָרט מיט זיין מאַנטל, מיט דעם איינגעוויקלטן פּלעד און מיט די רויזן. — נו, איצט דאַרפסטו בלויז טאָן דיין באַגייסטערטע שבועה — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט און יאָאַכים האָט געענטפערט: — ס'וועט שוין געמאַכט ווערן. — וואָס נאָך? לעצטע גרוסן זיינען איבערגעגעבן גע־וואָרן. גרוסן פאַר די דאָרט אונטן, פאַר יענע אויבן. דערנאָך האָט האַנס קאַסטאָרפּ געגומען צייכענען מיט זיין שטעקן אויפן אַספאַלט. ווען מ'האָט געהייסן איינשטייגן, האָט האַנס קאַסטאָרפּ אויפגעציטערט, אָנגעקוקט יאָאַכימען און יענער צוריק אים. זיי האָבן זיך דערלאַנגט די הענט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשמייכלט אומבאַשטימט. ביי יאָ־אַכימען זיינען די אויגן געווען ערנסט און טרויעריק־דורכדרינג־לעך.

האַנס! — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — גרויסער גאָט! צי האָט זיך שוין געטראָפן אַמאָל אַזאַ פּיינלעכע זאַך אין דער וועלט? ער האָט אָנגערופן האַנס קאַסטאָרפן מיטן פאָרנאָמען! נישט מיט „דו“,

אָדער „מענטש“, ווי דאָס גאַנצע לעבן, נאָר מיטן פּאַרנאָמען — צולהכעיס דער ביז איצטיקער געוויינלעכער האַרטקייט און אויף אַ אויסטערליש פּיינלעכן אופן! האַנס, — האָט ער געזאָגט און מיט דורכדרינגענדיקער שרעק געדריקט דעם קוזין די האַנט. דערביי האָט האַנס קאַסטאָרפּ באַמערקט, אַז ביים נישט־אויסגעשלאָפענעם, רייזע־פיבעריקן, אויפגערעגטן קוזין ציטערט האַלז און נאַקן, ווי אים בעתן „רעגירן“. האַנס — האָט ער אַלץ כסדר איבערגעחזרט — קום באַלד נאָך! דערנאָך איז ער פלינק אַרויף אויפן טרעפּל. די טיר איז צוגעקלאַפּט געוואָרן, ס'האָט אַ פּייף געטאָן, די וואַגאָנען האָבן זיך אָנגעשטויסן איינעם אינם אַנדערן. דער קליינער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ שלעפּ געטאָן, דער צוג האָט זיך אַוועקגעגליטשט. יאָאַכים האָט דורכן פענסטער געפּאַכט מיט דער הוט, האַנס קאַסטאָרפּ — מיט דער האַנט. מיט אַ צעשטורעמט האַרץ איז ער געשטאַנען לאַנג און אַליין. דערנאָך איז ער פּאַמעלעך געגאַנגען צוריק מיטן וועג, מיט וועלכן יאָאַכים האָט אים געפירט מיט העכער אַ יאָר צוריק.

## אַן אָפּגעשלאָגענער אַטאַק

דאָס ראָד האָט זיך אַוועקגעקוילערט. דער ווייזער רוקט זיך. אָדלערלעך האָבן שוין אָפּגעבליט, די ווילדע נעלקע אויך. אין פּייכטן גראָז האָבן זיך ווידער געוויזן די טיף־בלויע שטערן פון ענציאַן, די האַרבסט־בלום — אַ בלאַסע און גיפטיקע. די וועלדער זיינען געוואָרן רויטלעך. דער האַרבסטיקער טאָג־און־נאַכט־אויסגלייך איז אַריבער. ס'איז געגאַנגען צום טאָג פון „אַלע נשמות“ און פאַר געניטע צייט־פאַרנוצער — אויף דער ערשטער אַדווענט, דער קירצסטער טאָג און דער יום־טוב פון ווייַנאַכט. אָבער לעת־עתה האָבן זיך נאָך געצויגן שיינע אָקטאָבער־טעג — פון יענעם מין טעג, ווי דעמאָלט, בעת די קוזינען האָבן אָנגעקוקט דעם הויפראַטס אייל־בילדער.

זינט יאָאַכים איז אַוועקגעפאָרן, איז האַנס קאַסטאָרפּ מער נישט געזעסן ביי דער שטערס טיש, דאָרטן, פונוואַנען ס'איז אַוועק אויף

יענער וועלט ד״ר בלומענקאָל, און ביי וועלכן מאַדאַם האָט איר אומבאַגרינדעטן לאַך־חשק דערשטיקט מיט אַ פּערפומירט טיכל. איצט זיינען דאָרטן געזעסן נייע געסט, אינגאַנצן פרעמדע. אונזער פריינד האַנס קאַסטאָרפּ האָט מען — שוין דריטהאַלבן חדשים אין צווייטן יאָר אַריין — פון דער פאַרוואַלטונג אָנגעוויזן אַ נייעם פּלאַץ, ביי אַ שכנותדיקן טיש, וואָס איז געשטאַנען קרומלעך פון ערשטן, ווייטער קעגן דער לינקער וועראַנדע־טיר, צווישן דעם אַמאָליקן און דעם גוטן רוסן־טיש, בקיצור — ביי סעטעמברינים טיש. יאָ, אויף דעם הומאַניסטס פאַריתומט אָרט איז געזעסן איצט האַנס קאַסטאָרפּ, ווייטער ביים עק טיש, קעגנאיבער דעם דאָקטאָר־פּלאַץ, וועלכן מ׳האָט איבערגעלאָזט ביי אַלע זיבן טישן פאַר דעם הויפראַט און פאַר זיין „פאַמולוס״, בעת זיי קומען צו־גאַסט.

דאָרט איבן, לינקס פון דעם מעדיצינישן איבנאָן, איז געזעסן אויף אַ סך קישנס דער הויקער, דער אַמאַטאָר־פאָטאָגראַפיסט פון מעקסיקע. צוליב דעם, וואָס ער האָט מיט קיינעם נישט געקאָנט אַ וואָרט אַרויסריידן אויף זיין לשון, האָט זיין פּנים באַקומען דעם אויסדרוק פון אַ טויבן. אין אַ זייט פון אים איז געזעסן די עלטערע פרייַלין פון זיבנבירגען, וועלכע האָט — ווי סעטעמבריני האָט זיך שוין אַמאָל פאַרקלאָגט — געוואָלט די גאַנצע וועלט פאַראינטערעסירן מיט איר שוואָגער, כאָטש קיינער האָט גאָרנישט געוואוסט וועגן יענעם מענטש און נישט געוואָלט וויסן. אין באַשטימטע שעהן פון טאָג האָט מען זי געזען זיצן ביי דעם באַריער פון איר באַלקאָן. הינטערן קאַרק האָט זי געהאַלטן אין דער ברייט אַ שטעקעלע, מיט אַ טולער זילבערנעם הענטל. זי האָט עס אויך געטראָגן ביי די רעגולאַמין־שפּאַצירן און האָט היגיעניש טיף געאָטעמט אין אויסגעצויגן איר טעלער־פלאַכע ברוסט. קעגנאיבער איר איז געזעסן אַ טשעכישער מאַנסביל, וועלכן מ׳האָט גערופן הער ווענצל, ווייל קיינער האָט נישט געקאָנט אויסריידן זיין פאַמיליע־נאָמען. בשעתו האָט ער סעטעמבריני געפּרוווט טייל מאָל אַרויסצוברענגען דעם פּלאָנטער פון קאָנסאָנאַנטן, פון וועלכע אָט־דער נאָמען האָט זיך צונויפגעלייגט. אַוודאי האָט ער עס נישט געטאָן מיט אַ ערלעכער כוונה, ניכער האָט ער געוואָלט, מ׳זאָל צוליב זיין בכבודיקער לאַטיי־

נישער הילפלאָזיקייט לגבי דעם ווילדן קלאַנגען=פלאָנטער אַרויסשיסן
מיט אַ געלעכטער. נישט געקוקט דערויף, וואָס דער דאָזיקער פאַר=
שוין איז געווען אויסגעפאַשעט ווי אַ דאַקס און געהאַט אַן אַפע=
טיט, וועלכער האָט זיך אַפילו דאָ אויבן געוואָרפן אין די אויגן,—האָט אָט
דער טשעך אין משך פון פיר יאָר געטענהט, אַז ער מוז שטאַרבן.
ביי דעם אָוונט=צונויפקום האָט ער טיילמאָל אויסגעבאָמקעט אויף אַ
מאַנדאָלינע מיט סטענגעס די לידער פון זיין היים און האָט דערציילט
וועגן זיין פלאַנטאַציע פון צוקער=בוראַקעס, אויף וועלכער ס'אַרבעטן
בלויז שיינע מיידלעך. שוין נאָענט צו האַנס קאַסטאָרפן זיינען אין
ביידע זייטן טיש געזעסן הער און פרוי מאַגנוס, דאָס הייסט: דאָס
ביר=ברייער=פאָרל פון האַללע. פון דעם דאָזיקן פאָר האָט געהויכט
מיט מרה=שחורה, ווייל ביידע האָבן פאַרלוירן וויכטיקע פראָדוקטן
פון שטאָף=ווערקסל: הער מאַגנוס — צוקער, פרוי מאַגנוס דאַגעגן —
איווייס. זיי האָבן זיך געפילט, דער עיקר די בלייכע פרוי מאַגנוס,
אַפנים, פולשטענדיק יאושדיק, אַ גייסטיקע פוסטקייט האָט זיך גע=
טראָגן פון זיי, ווי דער הויך פון אַ קעלער. ביי דער פרוי מאַגנוס
האָט זיך נאָך בולטער ווי ביי דער שטער אַרויסגעוויזן די פאַר=
איניקונג פון קראַנקהייט און טיפשות, אויף וועלכער האַנס קאַס=
טאָרפ איז געווען אָנגעשטויסן, אין סעטעמבריני האָט אים טאַקע
דערפאַר געמוסרט. הער מאַגנוס איז געווען לעבעדיקער און באַ=
ריידעוודיקער, כאָטש אויף אַזאַ אופן ווי דעמאָלט, בעת ער האָט
סעטעמברינין אויפגעבראַכט מיט זיינע מיינונגען וועגן ליטעראַטור.
ער איז אויך געניגט געווען צו כעסן זיך און האָט זיך אָפט
געקריגט און געברוגזט מיטן הער ווענצל צוליב פאָליטישע אָדער
אַנדערע סיבות. אים האָבן פאַרדראָסן דעם טשעכס נאַציאָנאַלע אַספּי=
ראַציעס. דערצו האָט יענער נאָך געזאָגט, אַז ער איז אַן אַנטי=
אַלקאָהאָליקער און האָט זיך אויסגעדריקט באַליידיקנדיק וועגן דער
פרנסה פון ביר=ברויער. הער מאַגנוס האָט מיט אַ רויטן קאָפ פון
כעס איפגעוויזן, ווי ווייט אומשעדלעך עס איז דאָס געטראַנק, מיט
וועלכן ס'זיינען אַזוי טיף פאַרבונדן זיינע אינטערעסן. ביי אַזעלכע גע=
לעגנהייטן פלעגט אַמאָל סעטעמבריני מיט זיין הומאָר ברענגען צו
אַן אויסגלייך. האַנס קאַסטאָרפ איז יענעמס אָרט איז געווען ווייניק

געשיקט און האָט נישט געקאָנט האָבֿן די גענוגנדיקע אויטאָריטעט, כּדי יענעם צו פֿאַרבײַטן.

פֿערזענלעכע באַציִונגען האָט ער געהאַט בלויז מיט צוויי טיש־חבֿרים: דער ערשטער איז געווען א. ק. פֿערגע פֿון פּעטערבורג, זײַן שכן פֿון לינקס, אַט־דער גוטמוטיקער סבֿלן, וועלכער האָט פֿון זײַנע רויט־ברוינע געדיכטע וואָנצעס אַרויס דערציילט וועגן קאַלאָשן־פֿאַבריקאַציע און ווײַטע מקומות, וועגן פּאָלאַר־קרײַז, דעם אייבּיקן ווינטער בײַם נאָרדקאַפּ. האַנס קאַסטאָרפּ פֿלעגט אַפֿילו טיילמאָל מאַכן צוזאַמען מיט אים אַ רעגולאַמין־שפּאַציר. דער אַנדערער, וועלכער פֿלעגט בײַ יעדער געלעגנהייט זיך אָנשליסן צו זיי און וועלכער איז געזעסן בײַם אייבערשטן טיש־עק, קעגנאיבער דעם מעקסיקאַנישן הויקער — דאָס איז געווען דער שיטער־האָריקער מאַנהײמער. צײַן האָט ער געהאַט שלעכטע. געהייסן האָט ער ווייזאַל, פֿערדינאַנד ווייזאַל, פֿון פֿאַך אַ סוחר. ס׳איז געווען דער זעלבער, וועלכער פֿלעגט מיט אַזויפֿיל טריבן חשק קוקן אויף דער חנעוודיקער פֿרוי שאָשאַ. זינט דער קאַרנאַוואַל־נאַכט האָט ער כּסדר געוואָלט זיך דערנענטערן צו האַנס קאַסטאָרפּן.

יענער האָט עס געטאָן מיט עקשנות און הכנעה, געקוקט צו אים מיט אינטערטעניקייט פֿון אונטן אַרויף. דאָס האָט אויף האַנס קאַסטאָרפּן געווירקט דערווידערדיק און שווידערלעך. ווײַל ער האָט פֿאַרשטאַנען דעם קאָמפּליצירטן זין דערפֿון. ער האָט זיך אָבער באַמיט צו פֿאַרהאַלטן זיך קעגן אים מענטשלעך. ער האָט געוואוסט, אַז ס׳איז גענוג צו פֿאַרציען די ברעמען, אַז יענער עלנטער און פּילבאַרער מענטש זאָל זיך איבערשרעקן און אָפּרוקן. דערפֿאַר האָט ער מיט אַ רויִקן בליק אַריבערגעטראָגן דעם שקלאַפֿישן ווייזאַל, וואָס האָט אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט זיך פֿאַר אים צו פֿאַרבייגן און אים אַרויסצווײַזן אַ העפֿלעכקייט. ער האָט אַפֿילו דערלאָזט יענער זאָל טיילמאָל בײַם שפּאַציר טראָגן זײַן מאַנטל. ווייזאַל האָט עס געטאָן מיט אַ מין פֿרומען ערנסט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויך אַריבערגעטראָגן דעם מאַנהײמערס טריבע רייד. ווייזאַל איז געווען להוט צו שטעלן אַזעלכע פֿראַגן, ווי: צי ס׳האָט אַ זין און אַ שׂכל זיך צו ערקלערן אין ליבע אַ פֿרוי, וועלכע מען האָט ליב, אָבער וועלכע וויל פֿון דעם

מענטש גאָרנישט ווייסן — סתם אַזוי אָן יעדער פּערספּעקטיוו צו
ערקלערן זיך אין ליבע. ווי האַלט מען דערפון. ער פּערזענלעך
האַלט שטאַרק דערפון, ער האַלט, אַז דערמיט איז פאַרבונדן אומ=
ענדלעך גליק. נישט געקוקט דערויף, וואָס דער אַקט פון ליבע=ער=
קלערונג דערוועקט אין דעם פּאַל עקל און פאַרמאָגט אַ סך דער=
נידעריקונג, שטעלט עס פונדעסטוועגן פאָרט אַוועק אין דעם מאָ=
מענט די פולע ליבע=נאָענטקייט פון באַגערטן אָביעקט, ברענגט יע=
נעם אַריין אין אַ מצב פון פאַרטרויאונג, אין פייער פון דער אייגענער
ליידנשאַפט. דערמיט איז, אמת, אַליך געענדיקט, אָבער די פאַר=
צווייפלטע הנאה פון דער רגע שטייגט איבער די פיין פון אייביקן
פאַרלוסט. וואָרעם דאָס ערקלערן זיך איז אַ געוואַלד=טאַט און וואָס
גרעסער עס איז דער עקל מצד דעם געליבטן אָביעקט, אַליך גרעסער
איז די הנאה. ביי די ווערטער האָט אָבער האַנס קאַסטאָרפּ געמאַכט
אַ פינסטערע מינע און ווייזאַל האָט אויפגעהערט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט
עס אָבער געטאָן מער צוליב דעם גוטמוטיקן פּערגע, וועלכער איז,
ווי ער האָט אָפּט איבערגעחזרט, אינגאַנצן ווייט פון העכערע אין
שווערע ענינים, ווי צוליב אייגענער שטרענגקייט. היות מיר זיינען
תּמיד ווייט דערפון צו מאַכן אונזער העלד פאַר בעסער אָדער ערגער,
ווי ער איז געווען, וועלן מיר אַפילו דערציילן, אַז: אין איינעם אַן אָוונט
האָט דער אָרעמער ווייזאַל אונטער פיר אויגן גענומען מיט אָפּ=
געהאַקטע ווערטער בעטן, ער זאָל אים עפּעס נעענטערס דערציילן, ווי
גאָט איז אים ליב, וועגן די איבערלעבענישן און דערפאַרונגען
נאָכן אָוונט אין דער קאַרנאַוואַל=נאַכט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס
אים צוליב געטאָן מיט זיין רויִקער גוטמוטיקייט און דער לעזער
קאָן זיך פאָרשטעלן; אַז די דאָזיקע שטילע סצענע האָט נישט גע=
האַט אין זיך עפּעס נידעריק=לייכטזיניקס. פונדעסטוועגן האָבן מיר
אַ גרונט סיי אונז און סיי אים אויסצושליסן דערפון און מיר גיבן
נאָך צו, אַז ווייזאַל האָט נאָכדעם מיט טאָפּלטער אונטערטעניקייט גע=
טראָגן דעם פריינדלעכן האַנס קאַסטאָרפּס פּאַלטאָ.

אַזויפיל וועגן האַנס נייער טיש=חברשאַפט. דער פלאַץ רעכטס
פון אים איז געווען פריי און איז נאָר געווען באַזעצט אויף דערווייל,

בלויז אויף עטלעכע טעג: עסן איז געווען אַ האָספּיטאַנט, ווי אַמאָל האַנס קאַסטאָרפּ, אַ קרוב פון אַ פּאַציענט, אַ גאַסט פון פלאַכלאַנד און אַ שליח פון דאָרטן — בקיצור, ס'איז געווען האַנס קאַסטאָרפּס פעטער, זשעמס טינאַפּעל.

אוודאי איז געווען אַ געשעעניש, וואָס פּלוצלונג איז לעבן אים געזעסן אַ פאָרשטייער און אַ שליח פון דער היים. אין געוועב פון זיין ענגלישן אָנצוג האָט ער נאָך פריש געטראָגן אויף זיך די אַטמאָספער פון אַלטן, פאַרזונקענעם אַמאָליקן לעבן, פון דער אונטערשטער „אייבער-וועלט". אָבער עס האָט געמוזט געשען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט שוין זיך געריכט ביי זיך אין האַרץ אויף אַזאַ אַטאַק מצד דעם פלאַכלאַנד. ער האָט אַפילו אויף גענוי געזען די פּערזאָן, וועלכע איז איצט טאַקע באמת געקומען אין שליחות. ס'איז, אגב, נישט שווער געווען צו טרעפן. וואָרעם פעטער, דער ים-רייזנדער, האָט דאָ נישט געקאָנט גענומען ווערן אין חשבון און וועגן עלטער-פעטער טינאַ-פּעל אַליין איז געווען קלאָר, אַז מ'וועט אים מיט קיין פיר פּאָר אָקסן נישט אַרויפשלעפּן אין די דאָזיקע געגנטן, וואו ער קאָן האָבן אַלע צרות צוליב דעם היגן לופט-דרוק. אוודאי, נאָר זשעמס האָט געמוזט זיין דער, וואָס האָט געזאָלט אין שליחות פון דער היים קומען געוואָר ווערן צו דעם פאַרפאַלענעם האַנס קאַסטאָרפּ. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אויף אים געריכט נאָך פון פריער. אָבער זינט יאָאַכים איז אַהיימגעפאָרן אַליין און אָפּגעגעבן פאַר די קרובים אַ דין-וחשבון וועגן די היגע פאַרהעלטענישן, האָט מען זיך אויף דער אַטאַק געקאָנט ריכטן יעדע מינוט. האַנס קאַסטאָרפּ איז דערפאַר לחלוטין נישט געווען איבעראַשט, ווען דער משרת האָט אים בערך פערצן טעג נאָך יאָאַכימס אַהיימפאָרן איבערגעגעבן אַ טע-לעגראַם, וואו זשעמס טינאַפּעל האָט געמאָלדן, אַז ער קומט צו פאָרן אויף אַ קליינעם טערמין. האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס גע-אַנט תיכף ביים עסנען. יענער האָט אינטערעסן אין דער שווייץ און האָט זיך דעצידירט צו מאַכן אין איינוועגס אַן אויספלוג צו האַנס קאַס-טאָרפּן אין דער הייך. איבערמאָרגן האָט ער שוין געראַפּט דאָ זיין.

— גוט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט — וואויל — האָט ער געטראַכט. ער האָט אַפילו אין זיך אַ זאָג געטאָן בערך עפּעס

אַזױנס, װי „אדרבה״. װען דו װאָלסט געהאַט אַ השגה! — האָט ער אין דער מחשבה געזאָגט צו דעם אָנקומענדיקן. בקיצור, ער האָט אױפגענומען די ידיעה מיט גרױסער רויִקײט. דערנאָך איז ער, א.ג.ב, אַװעק צום הױפּראַט בערענס און צו דער פאַרװאַלטונג, האָט געלאָזט צוגרײטן אַ צימער (יאָאַכימס צימער איז נאָך געשטאַנען לײדיק). איבערמאָרגן איז ער — אין דער שעה װען ער אַלײן איז אָנגעקומען, אַרום אַכט אַ זײגער אינאָװנט (ס׳איז שױן געװען טונקל) — צוגעפאָרן מיט דער זעלבער האַרטער בריטשקע, מיט װעלכע ער האָט אָפּגעפירט יאָאַכימען, צום װאָקזאַל אין „דאָרף״, כדי אָפּצוװאַרטן דעם שליח פון פלאַכלאַנד, װעלכער איז געקומען געװאָר װערן דעם אמת.

רױט װי צינאָבער, אין בלױזן אָנצוג, איז ער געשטאַנען בײַם ברעג פּעראָן, בעת דאָס קלײנע צוגל איז אָנגעפאָרן. ר׳איז געשטאַנען אונטער זײַן קרובס פענסטער און אים געהײסן אױסזיצן, װײל ער איז שױן אָנגעקומען. קאָנסול טינאַפּעל (ער איז געװען װיצע־קאָנסול און האָט אױך אױף אָט דעם בכבודיקן אַמטלעכן געביט זײער גוט באַפרײַט דעם אַלטן פון דעם עול) איז געװען פאַרפרױרן אײַנגעהילט אין זײַן מאַנטל. דער אָקטאָבער־אָװנט איז באמת געװען שטאַרק קאַלט, ס׳האָט נישט געפעלט אַ סך, ס׳זאָל קאָנען זײַן אַ רײד װעגן אַן אמתן פראָסט; אינדערפרי װעט זיכער כאַפּן אַ פרעסטל. ער איז אױפגעשטאַנען פון דער קופּע מיט אַן אומגעריִרטער לוסטיקײט, װעלכע האָט זיך אױסגעדריקט אין די אַ ביסל דינע, זײער ציװיליזירטע פאָרמען פון דעם פײַנעם צפון־מערב דײַטשן הער. ער האָט באַגריסט האַנס קאַסטאָרפּן און באַטאָנט זײַן צופרידנקײט, װאָס ער זעט אַזױ אױסגעצײכנט אױס. נאָכדעם װי דער הינקעדיקער האָט שױן אײַנגעפּאַקט באַזאָרגט די װאַליזעס, האָט טינאַפּעל צוזאַמען מיט האַנס קאַסטאָרפּן אַרױפגעקלעטערט אױף דעם הױכן און האַרטן געזעס פון דער בריטשקע. זײ זײַנען געפאָרן אונטער אַ געדיכט־אױסגעשטערנטן הימל. האַנס קאַסטאָרפּ האָט פאַרלײגט דעם קאָפּ און מיטן װײַז־פינגער אין דער לופט ערקלערט דעם פעטער־קוזין ענינים פון די הימלשע ספערן, האָט מיט װערטער און באַװעגונגען באַצײכנט אַלעמאָל אַן אַנדער פינקלדיקע שטערן־גרופּע און האָט אָנגערופן די פּלאַנעטן בײַ די נעמען. זשעמס טינאַפּעל האָט זיך מער איצט פאַראינטערעסירט מיט דער פּערזאָן

פון זיין באַגלייטער, ווי מיטן קאָסמאָס, און געטראַכט אין זיך, אַז ס'איז אפשר מעגלעך און ס'איז נישט דווקא אַ משוגעת תיכּף אָנצוהייבן ריידן וועגן די שטערן, פונדעסטוועגן וואָלטן אים נעענטער געווען אַנדערע רייד. פון ווען אָן איז ער געוואָרן אַזאַ ידען אין די זאַכן, האָט ער געפרעגט האַנס קאַסטאָרפן. דערויף האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט דאָס זיך אויסגעלערנט בעת די אָוונטיקע ליג-קוראַציעס אויפן באַלקאָן אין פרילינג, זומער, האַרבסט און ווינטער? ווי? ביינאַכט ליגט ער גאָר אויפן באַלקאָן? — אָ, יאָ, דער קאָנסול וועט עס אויך מוזן טאָן. ער וועט נישט האָבן קיין אַנדער ברירה.

— אַוודאי, זעלבסטפאַרשטענדלעך — האָט זשעמס טינאַפּעל געפרווּט מסכּים זיין און איז געווען אַ ביסל אומדרייסט. האַנס קאַסטאָרפ האָט גערעדט הויך און איינטאָניק: אָן אַ הוט, אָן אַ פּאַלטאָ איז ער געזעסן לעבן אים אין דעם כּמעט פראָסטיקן פרישן האַרבסט-אָוונט.— ס'איז דיר גאָרנישט קאַלט? — האָט אים געפרעגט זשעמס. וואָרעם ער אַליין האָט געציטערט אונטער דעם צאָל-דיקן טוך פון זיין מאַנטל און ער האָט גערעדט אי האַסטיק אי עפּעס אָפּגעריסן, ווייל זיינע ציין האָבן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג זיך אָנצושלאָגן—אונז איז נישט קאַלט — האָט געענטפערט האַנס קאַסטאָרפ רויק און בקיצור.

דער קאָנסול האָט אים נישט אויפגעהערט צו באַטראַכטן פון דער זייט. האַנס קאַסטאָרפ האָט זיך נישט נאָכגעפרעגט וועגן די קרובים און באַקאַנטע אינדערהיים. זשעמס האָט אים איבערגעגעבן גריסן, אויך אַ גרים פון יאָאַכימען, וואָס איז שוין אין רעגימענט און לייכט פשוט פון גליק און שטאָלץ. ער האָט דאָס אויפגענומען רויק, האָט געדאַנקט און זיך מער נישט אינטערעסירט, ווי ס'זעט דאָרטן אויס. זשעמס איז געווען אומרויק צוליב עפּעס אומבאַשטימטס און ער האָט אַליין נישט געוואוסט, צי קומט עס פון האַנס קאַסטאָרפן אָדער פון אים אַליין, צוליב זיין פיזישן מצב דורך דער נסיעה. ער האָט זיך אומגעקוקט, ווייניק-וואָס געזעסן אין דער לאַנדשאַפט פון הויך-פליין, האָט טיף איינגעצויגן די לופט, וועגן וועלכער ער האָט אויסאָטעמענדיק געזאָגט, אַז זי איז הערלעך. אוודאי — האָט געענטפערט האַנס קאַסטאָרפ — נישט אומזיסט איז זי אַזוי באַרימט, זי איז שטאַרק. כאָטש די אַלגעמיינע פאַרברענונג קומט פאָר אין אָט-דער לופט גיכער, לייגט פונדעסטוועגן

דער קערפער אין איר אָפ איוויַס. זי איז בכּוח צו היילן קראַנקהייטן, וועלכע דער מענטש טראָגט אין זיך פאַרבאָרגן. אָבער קודם־כּל רופט זי זיי שטאַרק אַרויס, ברענגט זיי, מיט דער הילף פון אַן אַלגעמיינער אָרגאַנישער אָנרעגונג, צו אַ פייערלעכן אויסבראָך, אַזוי צו זאָגן. — זיי מוחל, צו אַ פייערלעכן? — יאָ, אַזוי איז: צי האָט זשעמס נישט באַמערקט, אַז דער אויסבראָך פון אַ קראַנקהייט האָט אין זיך עפעס פייערלעכס, אַ מין קערפערלעכע תּאווה. — אַוודאי, זעלבסטפאַרשטענדלעך — האָט דער פעטער אַרויסגעזאָגט אינדערגיך, מיט אַ שוואַך געוואָרענעם אונטערשטן קין און האָט באַלד דערנאָך מודיע געווען, אַז ער וועט קאָנען דאָ בלייבן אַכט טעג, דאָס הייסט: אַ וואָך, זיבן טעג, קומט אויס, און אפשר נאָר זעקס. היות האַנס קאַסטאָרפס אויסזען איז, ווי געזאָגט, אויסגעצייכנט גוט און קרעפטיק אַדאַנק דער קוראַציע, וועלכע האָט זיך אומגעריכט אַזוי לאַנג פאַרשלעפט, קלערט ער, אַז ער וועט גלייך מיט אים צוזאַמען אַהיימפאָרן.

— נאָ, נאָ, נאָר נישט גלייך מיטן קאָפ דורך דער וואַנט — האָט האַנס קאַסטאָרפ געזאָגט. — דער פעטער זשעמס רעדט באמת ווי איינער פון אונטן. זאָל ער זיך נאָר ביי אונז אַ ביסל אַרומקוקן און אַיינלעבן, וועט ער שוין ענדערן זיינע אידעען. עס גייט וועגן אויסהיילן אינגאַנצן; — דאָס איז דאָס דעצידירנדיקע און בערענס האָט אים איצט פונסניי אַריינגעבראָקט נאָך אַ האַלב יאָר. דערויף האָט דער פעטער צו אים גערעדט בלשון „יונג" און געפרעגט צי ער איז משוגע געוואָרן. — ביסט אינגאַנצן משוגע געוואָרן? — האָט ער געפרעגט. די פעריען דויערן שוין, דאַנקען גאָט, פינף פערטל יאָר און איצט גאָר נאָך אַ האַלבס! גאָט אין הימל, וואו נעמט מען אַזויפיל צייט! דערויף האָט האַנס קאַסטאָרפ רויִק און קורץ אַ לאַך געטאָן צו די שטערן. — יאָ, צייט! וואָס איז נוגע דעם, דער מענטשלעכער צייט, וועט זשעמס זיין געצוואונגען צו רעווידירן קודם־כּל זיינע מיטגעברענגטע באַגריפן, איידער ער נעמט זיך ריידן דאָ אויבן וועגן דעם. ער וועט צוליב האַנס טובה זיך שוין מאָרגן ערנסט דורכשמועסן מיט דעם, דער הויפראַט — האָט טינאַפעל פאַרזיכערט. — אדרבא, טו עס! האָט האַנס קאַסטאָרפ געענטפערט — ער וועט דיר געפעלן. אַן אינטערעסאַנטער כאַראַקטער, פעסט און מעלאַנכאָליש

צוזאַמען. דערנאָך האָט ער אָנגעוויזן אויף דער סאַנאַטאָריע „שאַץ-אַלפּ“ און האָט בינו-לבינו דערציילט וועגן די מתים, וועלכע מ'לאָזט אַראָפּ אין באָב-שליטנס.

זיי האָבן געגעסן אָוונט-ברויט צוזאַמען אין בערגהאָף-רעסטאָראַן. פאַר דעם האָט האַנס קאַסטאָרפּ דעם גאַסט אַריינגעפירט אין יאָאַכימס צימער און אים געגעבן אַ געלעגנהייט זיך אַ ביסל אָפּצופרישן. מיט $H^2CO$ איז דאָס צימער אויסגערויכערט געוואָרן — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — נישט גלייך ווי נאָך אַ ווילדן אַהיימפאָר, נאָר ווי נאָך אַן אַנדערן, נישט אַ exsodus *, נאָר אַ exitus **. דער פעטער האָט זיך איבערגעפרעגט וועגן דעם זין פון די ווערטער, און האַנס קאַסטאָרפּ האָט געענטפערט: דער היגער זשאַרגאָן! אַזוי רעדט מען דאָ! — האָט ער געזאָגט — יאָאַכים האָט דעזערטירט, דעזערטירט צו דער פאָן, דאָס טרעפט זיך אויך. אָבער זע אײַל דיך צו, זאָלסט נאָך קאָנען באַקומען וואַרעם עסן! — איצט זיינען זיי שוין געזעסן אין אָנגענעם וואַרעמען רעסטאָראַן אייגער קעגנאיבער דעם אַנדערן אויף העכערע ערטער. די קאַרליקיכע האָט זיי באַדינט און זשעמס האָט געהייסן דערלאַנגען אַ פלאַש בורגונדישן וויין, וועלכן מ'האָט דערלאַנגט אין אַ קיישעלע. זיי האָבן אָנגעקלאַפּט און דורכגענומען זיך מיט דער מילדער ברענענדיקער משקה. דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ האָט גערעדט וועגן לעבן דאָ אויבן אין משך פון די צייטן פון יאָר, וועגן איינצלנע ערשיינונגען אין עס-זאַל, וועגן פנעומאָטאָראַקס. ער האָט ערקלערט דעם מהות דערפון און געברענגט פאַר אַ ביישפּיל דעם באַל פון גוט-מוטיקן פערגע. ער האָט זיך אַפילו צעשפּרייט מיט ערקלערונגען וועגן דער שרעקלעכקייט פון אַ לונגען-אייפּטרייסלונג, האָט דערמאָנט די דריי-קאָלירקע מינים חלשות, אין וועלכע יענער איז אַריינגעפאַלן, האָט גערעדט וועגן די ריח-האַלוצינאַציעס, וועלכער יענער האָט געהאַט בעת דער אויפּטרייסלונג און וועגן דעם געלעכטער, מיט וועלכן ער האָט אַרויסגעזעצט ביים אויפכאַפּן זיך. די עובדא פון ווײַלן דעם פעטער האָט האַנס קאַסטאָרפּ גענומען אויף זיך. זשעמס האָט פעסט געגעסן

* לאַטייניש: אָפּגאַנג.

** לאַטייניש: אויסגאַנג, טויט.

און געטרונקען, ווי ער איז געוויינט געווען. דורך דער רייזע און צוליב דעם, וואָס ער האָט געטווישט די לופט, איז נאָך דער אַפּעטיט פאַרשאַרפטער געוואָרן. פונדעסטוועגן האָט ער טיילמאָל אויפגעהערט קייען — געבליבן זיצן מיט אַ פול מויל עסן, האָט געהאַלטן מעסער און גאָפּל אין אַ טעמפּן ווינקל איבערן טעלער און האָט נישט רירנדיק זיך באַטראַכט האַנס קאַסטאָרפּן, אַפּנים אַליין נישט וויסנדיק. אויך יענער האָט עס נישט ספּעציעל אָפּגעפּילט. אויף קאָנסול טינאַפּעלס שלייפן, וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט דינע בלאָנדע האָר, האָבן זיך אָפּגעצייכנט אָנגעשוואָלענע אָדערן.

וועגן היימישע זאַכן האָט מען נישט געשמועסט, נישט פון קיין פּערזענלעך=משפּחה=דיקע, נישט פון שטאָטישע, נישט פון געשעפטלעכע, נישט פון דער פירמע טונדער און ווילמס, שיף=וואַרשטאַט, מאַשינען=פאַבריק און קעסל=שמידעריי, וועלכע האָט נאָך אַלץ געוואַרט אויף דעם אַריינטרעטן פונם יונגן פּראַקטיקאַנט. זי האָט עס אָבער אַזוי ווייניק אין זינען געהאַט, אַז מ'האָט געקאָנט אַ קלער טאָן, צי זי וואַרט נאָך בכלל. בשעתן זיצן אין וואָגן און שפּעטער האָט אַפילו זשעמס טינאַפּעל באַרירט אָט=די ענינים, אָבער זיי זיינען אַראָפּגעפאַלן און געבליבן ליגן — אָפּגעשטויסן פון האַנס קאַסטאָרפּס באַשטימטער און נישט=געקינסטלטער גלייכגילטיקייט, אַ מין אומבאַרירבאַרקייט אָדער פאַרהאַרטעוועטקייט, וואָס האָט דערמאָנט אין זיין נישט פילן די האַרבסטלעכע אָוונטיקע קילקייט און אין זיין אויסדרוק „מיר פרירן נישט". דאָס איז אפשר טאַקע געווען די סיבה דערפון, וואָס זיין פעטער האָט אים טיילמאָל באַטראַכט אַזוי פרעמד. מען האָט גערעדט וועגן דער אייבערין, וועגן די דאָקטוירים, וועגן ד"ר קראָקאָווסקיס רעפעראַטן. אויב זשעמס וועט דאָ זיין אַכט טעג, וועט אויסקומען צו זיין אויף איינעם פון זיי. ווער האָט געזאָגט האַנס קאַסטאָרפּן, אַז זיין פעטער וועט וועלן ביוואוינען דעם רעפעראַט? — קיינער נישט. ער האָט עס אָנגענומען, האָט מיט אַזאַ רויִקער זיכערקייט אַוועקגעשטעלט די הנחה, אַז יענעם האָט שוין דער געדאַנק, אַז ס'איז מעגלעך דערין נישט צו נעמען קיין אָנטייל, אויסגעזען עפּעס אומנאַטירלעך. ער האָט דערפאַר מיט אַ אַייליקן „זעלבסטפאַר=סטענדלעך" געוואָלט אָפּווישן יעדן חשד, גלייך ווי ער וואָלט איין רגע אין זינען געהאַט עפּעס אַן

אוממעגלעכע זאַך. אָט דאָס טאַקע איז געווען יענער פּוח, וועלכן הער
טינאַפּעל האָט אָפּגעפּילט אומבאַשטימט און וואָס האָט אים אומבאַ-
וואוסטזיניק געצוואונגען צו באַטראַכטן האַנס קאַסטאָרפּן. איצט האָט
ער עס אַגב געטאָן מיט אַן אָפֿן מויל, ווייל די נאָז איז אים פֿאַר-
שטאָפּט געוואָרן, כאָטש דער קאָנסול האָט, אויף וויפיל ער'האָט געוואוסט
נישט געהאַט קיין קאַטער. ער האָט געהערט זיין קרוב ריידן וועגן דער
קראַנקהייט, וועלכע איז דאָ אַלעמענס געמיינזאַמע פּראָפּעסיע און אויך
וועגן דער געניינטקייט אויפצונעמען קראַנקהייטן. ער האָט געהערט
ריידן פון האַנס קאַסטאָרפּס אייגענעם באַשיידענעם אָבער עקשנותדיקן
פאַל, וועגן דעם רייץ, וועלכן די באַצילן האָבן אַרויסגערופן אין די
געוועב-קעמערלעך פון לופט-רער-סיסטעם און אויף די לונגען-
בלעזלעך, וועגן דער בילדונג פון טובערקולאָז-באַצילן און
וועגן דער פּראָדוקציע פון באַרוישונגס-גיפטן, וועגן פונאַנדערפאַלן
זיך פון קעמערלעך און וועגן פאַרקעזונגס-פּראָצעס. אין דעם פאַל איז
ערשט די פראַגע, צי דורך דער קאַלך-פעטריפיצירונג* און דער פאַר-
היילונג פון די בינד-געוועבן שטעלט זיך די קרענק אָפּ, אָדער ס'שאַפן
זיך אַלץ גרעסערע פאַרהייכונגס-נעכטן, ס'ווערן אויסגעפרעסן שפּאַרע לע-
כער אין דער אָרגאַן ווערט צעשטערט. ער האָט געהערט וועגן דעם
ווילד-צוגעאיילטער, גאַלאָפּירנדיקער פאָרם פון אָט דעם פּראָצעס, וואָס
דערפירט אין משך פון עטלעכע חדשים, אַפילו אין עטלעכע וואָכן,
צום עקזיטוס, האָט געהערט וועגן פּנעאומאָטאָמיע**, דעם הויפּראַטס
מייסטעריש-געניטע מלאכה, פון לונגען- רעסעקציע, וואָס דאַרף פאָר-
קומען מאָרגן אָדער איבערמאָרגן ביי אַ ניי-אָנגעקומענער שווער-קראַנ-
קער שאָטלענדערין, וואָס איז אַמאָל געווען רייצנד און וועלכע האָט
שפּעטער באַקומען Gangraena pulmonum, אַ לונגען-בראַנד,
אַזוי אַז אירע לונגען זיינען שוואַרצלעך-גרין פאַרסמט און זי עטעמט
אַ גאַנצן טאָג מיט אַ צעלאָזטער מישונג פון קאַרבאָל-אָקסיד, כדי
נישט צו פאַרלירן דעם פאַרשטאַנד פון עקל צו זיך אַליין. פלוצלונג איז
געשען מיטן קאָנסול אינגאַנצן אַן אומגעריכטע זאַך, פון וועלכער

* פאַרשטיינערונג.

** לונגען-אָפּעראַציע צום דערווייטערן פון אייטער; אָפּגעשטאָרבענע לונגען-טיילן וכדומה.

ער האָט זיך געוואַלדיק פאַרשעמט: ער האָט אַרויסגעזעצט מיט אַ גע-
לעכטער. ער האָט אַ לאַך אַרויס געטאָן, תיכף זיך געכאַפּט און באַ-
הערשט זיך אַ דערשראָקענער, האָט אָפּגעהוסט און אָנגעשטרענגט
זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן צו פאַרטושן דאָס געשעענע. דערביי האָט
ער אָבער באַמערקט (עס האָט אים באַרויִקט, אָבער אויפסניי באַאומ-
רויִקט), אַז האַנס קאַסטאָרפּ מאַכט זיך גאָרנישט פון דעם, כאָטש
ער האָט עס נישט געקאָנט נישט באַמערקן. פאַרקערט, ער האָט דערויף
קיין שום אַכט נישט געלייגט. אָבער דאָס האָט זיך נישט גענומען פון
טאַקט, דרך-ארץ, העפלעכקייט, נאָר פון ריינער גלייכגילטיקייט און
קאַלטקייט, עס איז געווען אַ מין אומהיימלעכע טאָלעראַנץ, גלייך ווי ער
וואָלט שוין לאַנג זיך געהאַט אָפּגעוויינט זיך צו פילן געטראָפן פון
אַזעלכע זאַכן. צי דער קאָנסול האָט שפּעטער געוואָלט פאַרהילן זיין
פריילעכקייט אין אַ מענטעלע פון שכל און זין, צי אין וועלכן ס'איז
אַנדערן צוזאַמענהאַנג — אַ פאַקט איז, אַז פּלוצלונג האָט ער גענומען
פירן פון דער העלער הויט מענער-און קלוב-שמועס. די אָדערן אין
שטערן זיינען אים דיק אָנגעלאָפן און ער האָט אָנגעהויבן ריידן פון
אַן אַזוי-גערופענער „שאַנסאָנעטקע", וועגן אַ זינגערין, אַ ווילדע
נקבה, וועלכע אַרבעט מעשים אין סט. פּאַולי. דושעמס האָט געשיל-
דערט אירע טעמפּעראַמענטפולע רייצן, וועלכע פאַרכאַפּן פּשוט די
מענער-וועלט אין דער היים. זיין צונג האָט זיך אַ ביסל געפּלאָנטערט,
בעת ער האָט דאָס דערציילט, אָבער דאָס האָט אים נישט געאַרט, ווייל
האַנס קאַסטאָרפּס פעסטע טאָלעראַנץ איז, אַפּנים, חל געווען אויך
אויף אָט-דעם שמועס. אַלנפאַלס איז אים ביסלעכווייז אַזוי בולט גע-
וואָרן די רייזע-מידקייט, וועלכע האָט אים באַהערשט, אַז האַלב עלף
אַ זייגער האָט ער שוין געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וויל ענדיקן דעם
שמועס. דערפאַר טאַקע איז ער אינערלעך געווען קנאַפּ צופרידן,
וואָס ער האָט אין דער האַלע זיך געמוזט באַקאָנען מיט ד"ר קראָקאָווס-
קי, וועלכן מ'האָט פריער אַ סך מאָל דערמאָנט. ער איז געזעסן ביי דער
טיר פון אַ צימער און געלייענט צייטונגען. באַקאַנט געמאַכט האָט זיי
האַנס קאַסטאָרפּ. טינאַפּפעל האָט אויף דעם דאָקטאָרס פעסטע פריי-
לעכע דיבורים בלויז געקאָנט ענטפערן מיט אַן „אוודאי, זעלבסט-
פאַרס-טענדלעך" און איז געווען צופרידן בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט
איב צוגעזאָגט צו קומען מאָרגן אַכט אַ זייגער נעמען אויף פרישטיק

און מיטן באַלקאָן-וועג אַרויס פון יאָאַכימס דעזינפיצירטן צימער צו זיך. זשעמס אַליין האָט זיך מיט זיין געוויינטן לעצטן פּאַפּיראָס אַריינגעוואָרפן אינם בעט פון דעזוערטיר. ער האָט שיר נישט אָנגעמאַכט קיין שרפה, ווייל ער איז צוויי מאָל איינגעשלאָפן מיטן ברענענדיקן פּאַפּיראָס צווישן די ליפּן.

זשעמס טינאַפּעל וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט טיילמאָל אָנגערופן „פּעטער זשעמס“ און טיילמאָל פּשוט „זשעמס“, איז געווען אַ הויך-פיסיקער מאַן בערך פון אַ יאָר פערציק, אָנגעטאָן אין ענגלישע שטאָפן, אין געבלימלטער וועש, מיט שיטערע, געלע האָר, ווי ביי אַ קאַנאַריק. זיינע בלוי אויגן זיינען געווען צו-נאָענט. ער האָט געהאַט שטרויענע, אויסגעשאָרענע, האַלב-אָפּראַזירטע האָנסעלעך און זייער פיין געפלעגטע הענט. ער איז שוין זינט עטלעכע יאָר געווען אַ מאַן און אַ פּאָטער און האָט פונדעסטוועגן נישט געמוזט אַרויסציען זיך פון אַלטן קאָנסולס רחבותדיקער ווילע ביים האַרוועסטעהודער וועג. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי פון זיין געזעלשאַפטלעכער סביבה, וועלכע איז געווען אַקוראַט אַזוי ציוויליזירט און פיין און וועלכע האָט גערעדט אַקוראַט אַזוי גיך און שפּיציק-העפלעך ווי ער אַליין. אינדערהיים איז ער געווען זייער אַן ענערגישער, מיושבדיקער און ביי דער גאַנצער עלעגאַנץ — אַ קאַלט-זאַכלעכער געשעפטס-מענטש. אָבער אין פרעמדע סביבות, אויף רייזעס, למשל אין דרום-דייטשלאַנד האָט זיין נאַטור אָנגענומען עפּעס אַ מין פלוצלינגדיקע נייגונג אַנטקעגנצוקומען די פרעמדע מנהגים, אַ העפלעך-איילִיקע גרייטקייט צו פאַרלייקענען זיך אַליין. דאָס האָט זיך נישט גענומען פון אומזיכערקייט אין דער אייגענער קולטור, נאָר פאַרקערט — פון באַוואוסטזיין, אַז זי איז שטאַרק אָפּגעשלאָסן. דערביי האָט ער געהאַט דעם פאַרלאַנג, אַ ביסל צו פּאַרטושן זיין אַריסטאָקראַטישע באַזונדערקייט און נישט אַרויסצוווייזן קיין פרעמדקייט צווישן אַזעלכע לעבנס-פאָרמען, וועלכע זיינען אים אויסגעקומען אויסטערליש. „נאַטירלעך, אוודאי, זעלבסטפאַרשטענדלעך“ — האָט ער זיך געאיילט צו ענטפערן, כדי קיינער זאָל נישט מיינען, אַז ער איז אַ גאַנץ פיינער מענטש, נאָר אַ באַגרענעצטער. אַהער איז ער געקומען אין אַ באַשטימטער זאַכלעכער שליחות, דאָס הייסט: מיט דעם באַפעל און מיט דער כוונה ענערגיש זיך אומצוקוקן,

„צעוואַרעמען" דעם פֿאַרזאָמטן יונגן קרוב, ווי ער האָט זיך אינערלעך אויסגעדריקט, און אים צו ברענגען אַהיים. פֿונדעסטוועגן האָט ער געפֿילט, אַז ער וועט דאָ דאַרפֿן אָפּפֿירן אויף אַ פֿרעמדן באָדן. שוין אין דער ערשטער רגע האָט ער שטאַרק דערשפּירט, אַז ער איז צו גאַסט אין אַ וועלט און אין אַ ספֿערע, וועלכע שטייט נישט אָפּ מיט איר אָפּגעשלאָסענער זיכערקייט פֿון זיין אייגענער, נאָר וואַקסט זי נאָך אַפֿילו אַריבער. דערפֿון האָט זיך גענומען, וואָס זיין געשעפֿטלעכע ענערגיע איז תיכף אַריין אין אַ סתירה מיט זיין גוטער דערצויגנקייט און טאַקע אין זייער אַ שווערער, וואָרעם די זיכערקייט פֿון דער אָרטיקער ספֿערע האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ סך שטאַרקער.

טאַקע דאָס האָט האַנס קאַסטאָרפּ פֿאָרויסגעזען, בעת ער האָט אויף דעם קאָנסולס טעלעגראַם אָפּגעענטפֿערט אינערלעך מיט אַ געלאַסענעם „אדרבה". מען דאַרף אָבער נישט טראַכטן, אַז ער האָט באַוואוסטזיניק אויסגענוצט די כאַראַקטער-שטאַרקייט פֿון דער סביבה קעגן זיין פֿעטער. ער איז שוין צו-לאַנג געווען אַ טייל פֿון אָט-דער סביבה, ער זאָל דאָס קאָנען זען. ער האָט זיך, הייסט עס, נישט באַנוצט מיט איר קעגן דעם אָנגרייפֿער, נאָר פֿאַרקערט, אַזוי אַז אַלץ איז פֿאָרגעקומען זאַכלעך און פּשוט, אָנגעהויבן פֿון דער ערשטער רגע, בעת ס'האָט פֿון האַנס קאַסטאָרפּן אומבאַשטימט אַ ווייע געטאָן אויפֿן קאָנסול די אַנונג, אַז זיין שליחות וועט צו גאָרנישט דערפֿירן, ביז צום סוף און אויסגאַנג, צו וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט געמוזט זיך צוקוקן מיט אַ מעלאַנכאָליש שמייכעלע.

אין ערשטן פֿרימאָרגן נאָכן פֿרישטיק, ביי וועלכן דער אײַנגעזעסענער האָט באַקאַנט געמאַכט דעם האָספּיטאַנט מיט דעם שיינדל פֿון די טיש-שכנים, איז טינאַפּעל געוואָר-געוואָרן פֿון הויפֿראַט בערענס (אַ לאַנגער און אַ בונט-פֿאַרביקער, איז ער דאַמאָלס צוזאַמען מיט דעם שוואַרץ-בלייכן אַסיסטענט הידערנדיק אַריינגעקומען אין זאַל און אינדערגיך אַרומגעגאַנגען מיט זיין רעטאָרישער פֿראַגע „גוט געשלאָפֿן?"), אַז ס'איז געווען נישט בלויז אַ גלענצנדיקע ביר-אידעע, ער זאָל אַ ביסל היימלעך מאַכן מיט זיין געזועלשאַפֿט דעם איינזאַמען קרוב דאָ אויבן, נאָר ער וואָלט עס געטאָן ווי צוליב זיינע אייגענע אינטערעסן, ווייל ער איז, אַפּנים, פֿולשטענדיק אַנעמיש. — אַנעמיש, ער, טינאַפּעל? —

נאָ, און נאָך ווי אַזוי! — האָט בערענס געזאָגט און האָט אים מיטן ווייז־פינגער אַראָפּגעצויגן אַן אונטערשטע וויע. — זייער שטאַרק! — האָט ער געזאָגט — דער הער פעטער וואָלט זייער קלוג געטאָן, ווען ער רוט זיך אַ ביסל אָפּ עטלעכע וואָכן אויפן באַלקאָן און ווען ער טוט בכלל נאָך אַלץ וואָס זיין קרוב טוט. אין זיין צושטאַנד קאָן מען גאָרנישט טאָן עפּעס בעסערס, ווי לעבן אַזוי אַ שטיקל צייט ווי ביי אַ לייכטער „טובערקולאָזיס פולמאָנום"*, וועלכע איז אגב זייער שכיח.— אוודאי, זעלבסטפאַרס־טענדלעך! — האָט דער קאָנסול געזאָגט אינ־דערגיך און האָט אַ ווילע נאָכגעקוקט דעם אַוועקרודערנדיקן בערענס מיטן אַרויסגעזעצטן קאַרק געריררט־העפלעך און מיט אַ געעפנט מויל. האַנס קאַסטאָרפּ איז דערביי געשטאַנען לעבן אים אַ רויקער און אַ גלייכגילטיקער. דערנאָך זיינען זיי צוזאַמען אַוועק אויף אַ שפּאַציר צו דער באַנק ביים וואַסער־פאַל, ווי דער רעגולאַמין האָט געהייסן. דערנאָך האָט זשעמס טינאַפּעל געמאַכט זיין ערשטע שעה ליג־קוראַציע. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים צוגעהאָלפן דערביי, און אים צוגעבאָרגט צום מיטגעבריינגטן פלעד איינע פון זיינע קעמלהאָר־דעקעס. דאָס וועטער איז געווען אַ שיינס און ער אַליין האָט געהאַט איבער גע־נוג איינע. ער האָט אַפילו דעם קאָנסול געטריי געלערנט די טראַ־דיציאָנעלע קונץ פון אַרומוויקלען זיך. ער האָט עס געטאָן זייער פּאַ־מעלעך און נאָכדעם ווי ער האָט אים שוין געהאַט איינגעוויקלט און פאַרגלעט ווי אַ מומיע, האָט ער אויפסניי צערודערט, כדי דער קאָנ־סול זאָל איצט אַליין איבערחזרן די פּראָצעדור בלויז מיט זיין הילף, ווען ס'איז נייטיק. ער האָט אים אויך געלערנט, ווי אַזוי צוצובינדן דעם ליינענעם שירעם צו דער ליג־שטול און צו ווענדן אים קעגן דער זון.

דער קאָנסול האָט זיך געוויצלט. דער גייסט פון מלאַכלאַנד איז נאָך שטאַרק געווען אין אים און ער האָט געשפּאַסט דערפון, וואָס מ'האָט אים איצט געלערנט אַקוראַט, ווי ער האָט געשפּאַסט פון דעם אָפּגעמאָסטענעם שפּאַציר נאָכן פרישטיק. אָבער בעת ער האָט באַמערקט דעם רויק־אומפאַרשטייענדיקן שמייכל, מיט וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט אָפּגעענטפערט אויף זיין ליצנות און אין וועלכן ס'האָט

* לונגען־טובערקולאָז.

זיך אָפּגעמאָלט די גאַנצע געשלאָסענע זיכערקייט אין זיך פון אָט־דער
ספערע, האָט ער זיך דערשראָקן. ער האָט מורא געקריגן פאַר זיין
געשעפטס־ענערגיע און האַסטיק באַשלאָסן ווי מעגלעך באַלד שוין
דעם היינטיקן נאָכמיטאָג דערפירן צו אַן אַנטשיידענעם שמועס מיטן
הויפראַט בנוגע זיין קרוב, כל־זמן ער האָט נאָך אייגענעם גייסט, כּוחות
פון אונטן. וואָרעם ער האָט געפילט, אַז אָט־די כּוחות גייען אים אויס,
אַז דער גייסט פון דעם היגן אָרט אין בונד מיט זיין גוטער דער־
צויגנקייט שטייט ווי אַ געפערלעכער שונא קעגן זיי.
ווייטער האָט ער געפילט, אַז אומזיסט האָט אים דער הויפראַט
געעצהט, ער זאָל דאָ אויבן צוליב זיין אַנעמיע פירן זיך ווי די
קראַנקע. דאָס איז געשען סיי־ווי־סיי. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז
ס'איז, אַפּנים, גאָר נישט מעגלעך געווען צו טראַכטן אַנדערש. ווי ווייט
דאָס האָט — אַראַנק האַנס קאַסטאָרפּס רויִקייט און אומבאַרידלעכער
זיכערקייט אין זיך — זיך בלויז אַזוי אויסגעוויזן, ווי ווייט ס'איז פּאַק־
טיש און אומבאַדינגט נישט מעגלעך געווען אַנדערש צו טאָן און צו
טראַכטן — דאָס האָט דער גוט־ערצויגענער מענטש פון אָנהייב אָן
נישט געקאָנט אונטערשיידן. ס'האָט גאָרנישט געקאָנט זיין פאַר־
שטענדלעכער, ווי דאָס, אַז נאָך דער ערשטער ליג־קוראַציע זאָל גיין
דאָס זעטיקע צווייטע פרישטיק. נאָכדעם מוז שוין קלאָר ווי דער
טאָג קומען דער שפּאַציר אַראָפּ קיין „פּלאַץ“. דערנאָך האָט האַנס
קאַסטאָרפּ ווידער איינגעוויקלט דעם פעטער. ער האָט אים איינגע־
וויקלט — דאָס איז דאָס ריכטיקע וואָרט. און אין דער האַרבסט־זון
האָט ער אים געלאָזט ליגן אויף דער שטול, וואָס איר באַקוועמלעכקייט
איז געווען בלתי שום ספק און אַפילו אויסגעצייכנט — אַקוראַט ווי ער
אַליין איז געלעגן. עס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז דער דער־
שיטערנדיקער גלאָק האָט נישט אַרויף געטאָן צו מיטאָג אין קרייז
פון די פּאַציענטן. דאָס מיטאָג איז געווען ערשטקלאַסיק, טוב־ומטיב
און אַזוי היפּש, אַז די גענעראַל־ליג־קוראַציע נאָכדעם איז שוין מער
נישט געווען פאַר אים בלויז אַן אויסערלעכער מנהג, נאָר אַן אי־
נערלעכע נויטווענדיקייט און זי איז געמאַכט געוואָרן מיט פערזענלעכער
איבערצייגונג. אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז צו דער ריזיקער אָוונט־
מאָלצייט און צו דעם צונויפקום אין סאַלאָן מיט די אָפּטישע שפּאַס־

אינסטרומענטן. דער סדר פון טאָג האָט זיך אָנגעוואָרפן מיט אַזאַ מיל־דער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז ס'איז פשוט נישט געווען וואָס אים פאַרצוואַרפן. ס'וואָלט אויך נישט געווען קיין געלעגנהייט אויף פאַר־זאָרפן, ווען נישט דאָס, וואָס די קריטישע פעיִקייטן פונם קאָנסול זיינען פאַרמינערט געוואָרן דורך אַ געפיל, וועלכעס ער האָט נישט געוואָלט אָנרופן ספּעציעל שלעכט, פונדעסטוועגן איז עס באַשטאַנען פון מידקייט און איבערעגונג, דערביי איז אים געווען קאַלט און הייס צוזאַמען.

כדי צו דערפירן צו דעם אומרויִק־דערוואַרטן שמועס מיטן הויפּראַט בערענס, האָט מען געדאַרפט גיין מיט אַן אַמטלעכן וועג. האַנס קאַסטאָרפּ האָט וועגן דעם געמאָלדן דעם באָד־מייסטער, יענער האָט עס איבערגעגעבן דער אייבערין. ביי דער געלעגנהייט האָט זיך דער קאָנסול טינאַפּעל באַקאַנט מיט דער אָריגינעלער אייבערין. פלוצלונג איז זי אויסגעוואַקסן אויף זיין באַלקאָן, וואו זי האָט אים געטראָפן ליגן און מיט איר פרעמדער אויפפירונג שטאַרק אַטאַקירט די גוטע דערצויגנקייט פונם הילפלאָזן וואַלך־פאָרמיק איינגעוויקלטן קאָנסול. דאָס חשובע מענטשן־קינד — האָט זי געטענהט —זאָל זיין אַזוי גוט און עטלעכע טעג האָבן געדולד, דער הויפּראַט איז שטאַרק פאַרנומען, אָפּעראַציעס, גענעראַל־אונטערזוכונגען, לויט די קריסט־לעכע פּרינציפּן האָט די ליידנדיקע מענטשהייט פאָרהאַנט. היות ער איז כלומרשט געזונט, מוז ער זיך צוגעוויינען צום געדאַנק, אַז ער איז דאָ נישט דער סאַמע ערשטער, נאָר מוז זיך אָפּרוקן און וואַרטן. אַן אַנדערע מעשה איז, ווען ער וויל אַ שטייגער, מ'זאָל אים אונטער־זוכן. זי, אַדריאַטיקאַ, וואָלט זיך גאָרנישט געוואונדערט דערויף, זאָל ער זי נאָר אָנקוקן, אויג אויף אויג. יאָ, זיינע זיינען אַ ביסל מוטנע און דערהיצט. בסך־הכל, אַז מ'קוקט זיך צו צו אים, זעט ער גאָר־נישט אויס אַ סך אַנדערש, ווי ס'זאָל ביי אים אויך נישט זיין אינ־גאַנצן אין אָרדענונג, נישט אַזוי אינגאַנצן ריין. זאָל ער זי גוט פאַר־שטיין. זאָל ער זיך באַשליסן, צו ער וויל אַ אונטערזוכונג צי אַ פּרי־וואַטן שמועס. — ניין, זעלבסטפאַרס־טענדלעך, אַ פּריוואַטן שמועס! — האָט דער ליגנדיקער פאַרזיכערט — אויב אַזוי, זאָל ער צוזוואַרטן, ביז

מען זעט אים געבן צו וויסן. אויף פּריוואַטע שמועסן האָט דער הויפראַט זעלטן צייט.

בקיצור, אַלץ איז צוגעגאַנגען אַנדערש, ווי ששעמס האָט זיך פאָרגעשטעלט. דער שמועס מיט דער אייבערין האָט געהאַט אַ שלעכטע ווירקונג אויף זיין גלייכגעוויכט. ער איז געווען צופיל ציוויליזירט, כּדי צו זאָגן האַנס קאַסטאָרפּן (זיין איינשטימיקייט מיט דעם היגן לעבן איז בולט אַרויסגעדרונגען פון זיין אומבאַרירבאַרער רויִקייט) אויף אַן אומהעפלעכן אופן, ווי אָפּשרעקנדיק די פרוי זעט־אויס אין זיינע אויגן. דערפאַר האָט ער בלויז פאָרזיכטיק אָנגעקלאַפּט און אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז די אייבערין איז אַן אָריגינעלע דאַמע. האַנס קאַסטאָרפּ האָט פאַרשנדיק און אינדערויִגיך אַ קוק געטאָן אין דער לופט און האָט מסכּים געווען מיט אַ האַלב מויל, צוריקענטפערנדיק מיט דער פראַגע, צי די מילענדאָנק האָט אים פאַרקויפט אַ טערמאָמעטער. — ניין, מיר? דאָס איז איר בראַנזשע? — האָט געענטפערט דער פעטער... דאָס ערגסטע איז, וואָס דער קאָנסול האָט בולט דערקאָנט אין האַנס קאַסטאָרפס מינע, אַז ווען אַפילו יאָ — וואָלט עס אים אויך נישט געוווען פאַרוואונדערט. „אונז איז נישט קאַלט“, איז געווען אָנגעשריבן אין אָט דער מינע. אָבער דעם קאָנסול איז קאַלט געווען, ׳אים איז כּסדר געווען קאַלט און ער האָט געהאַט דערביי אַ הייסן קאָפּ. ער האָט געטראַכט, אַז ווען די אייבערין האָלט אים באמת געווען פאָרגעלייגט אַ טערמאָמעטער, וואָלט ער זיך זיכער אָפּגעזאָגט דערפון, כאָטש ס׳וואָלט, צוריקגעשמועסט, נישט געווען ריכטיק, ווייל ס׳פּאַסט נישט פאַר אַ ציוויליזירטן מענטש, ער זאָל באַנוצן עמעצנס טערמאָמעטער, צום ביישפּיל, — האַנס קאַסטאָרפּס.

אַזוי זיינען אַוועק עטלעכע טעג, פיר אָדער פינף. דאָס לעבן פונם שליח איז געגאַנגען ווי אויף רעלסן. עס זיינען געווען רעלסן, וועלכע מ׳האָט אים אונטערגעלייגט. אַז מ׳קאָן גיין אויסער זיי, האָט אויסגעזען צו זיין אַן אוממעגלעכע זאַך. דער קאָנסול האָט געהאַט זיינע איבערלעבענישן, האָט באַקומען זיינע איינדרוקן. מיר ווילן זיך מער נישט אונטערהערן צו אים. אין איינעם אַ טאָג האָט ער אין האַנס קאַסטאָרפּס צימער געפונען אין דער האַנט אַריין אַ שוואַרץ קליישעלע, וואָס איז — צווישן די אַנדערע פּריוואַט־חפצים, מיט וועל־

כע האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויסגעפּוצט זיין זויבערע נעסט — געשטאַנען אויף דער קאָמאָדע אָנגעשפּאַרט אויף אַ געשניצטן מיניאַטור-געשטעל. ווען מ'האָט עס אויפגעהויבן קעגן דער ליכט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז אַ פאָטאָגראַפישער נעגאַטיוו. — וואָס איז דאָס אַזוינס? — האָט דער פעטער געפרעגט אַריינקוקנדיק זיך... ער האָט געקאָנט גוט פרעגן! דער פאָרטרעט איז געווען אָן אַ קאָפּ, ס'איז געווען דער סקעלעט פון אַ מענטשלעכן אייבערשטן טייל קערפּער מיט אַ נעפּלדיקן אומהויל פון פלייש. ס'איז, אגב, געווען אַ ווייבלעכער טאָרס, ווי מ'האָט געקאָנט דערקענען. — דאָס? אַן אָנדענק — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געענטפערט. דערויף האָט דער פעטער געזאָגט „פּאַרדאָן", האָט צוריק אַוועקגעשטעלט דאָס בילדל אויף דעם קליינעם געשטעל און זיך גיך דערווייטערט דערפון. דאָס איז בלויז אַ ביישפּיל פון זיינע איבערלעבענישן און איינדרוקן אין משך פון די פיר אָדער פינף טעג. ער האָט אויך אָנטייל גענומען אין אַ „קאָנפערענס" פון ד"ר קראָקאָווסקי, ווייל ס'איז געווען אוממעגלעך זיך דערפון אָפּצוזאָגן. וואָס ס'איז נוגע דעם פּריוואַט-שמועס מיט דעם הויפראַט בערענס — איז עס ערשט געשען אין זעקסטן טאָג. מען האָט אים באַשטעלט און ער איז נאָכן פרישטיק אַראָפּ אין דער סוטערינע, דעצידירט צו ריידן מיט דעם מענטש אַ פּאָר ערנסטע ווערטער וועגן זיין קרוב און וועגן דער צייט, וואָס יענער פּטרט.

בשעת ער איז צוריק אַרויפגעקומען, האָט ער געפרעגט מיט אַ שטיל קול:

— האָסט שוין געהערט עפּעס אַזוינס?

אָבער ס'איז געווען קלאָר, אַז האַנס קאַסטאָרפּ האָט שוין גאַנץ באַשטימט געהאַט די געלעגנהייט צו הערן אויך עפּעס אַזוינס, אַזוי, אַז עס וועט אים דערפון אויך נישט ווערן קאַלט. דערפאַר האָט דער קאָנסול אָפּגעהאַקט און האָט אָפּגעענטפערט אויף האַנס קאַסטאָרפּס קנאַפּ נייגעריקער פראַגע מיט אַ — „גאָרנישט, גאָרנישט". אָבער פון איצט אָן האָט ער אַרויסגעוויזן אַ נייע טבע: ערגעץ קרום אַ קוק צו טאָן פאָרויס מיט פאַרצויגענע ברעמען און אויסגעשפּיצטע ליפּן, דערנאָך אַ ווארף צו טאָן האַסטיק דעם קאָפּ און זעלבן בליק

אַ ווענד צו טאָן אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג... צי איז דער שמועס מיט בערענס פֿאַרלאָפֿן אַנדערש ווי דער קאָנסול האָט געקלערט? צי האָט מען אין דער צייט גערעדט נישט בלויז וועגן האַנס קאַסטאָרפֿ, נאָר אויך וועגן אים גופֿא, וועגן זשעמס טינאַפּעל, אַזוי אַז עס האָט פֿאַרלוירן דעם כאַראַקטער פֿון אַ פּריוואַטן שמועס? מ'האָט עס געקאָנט דערקענען אין זיין פּירונג. דער קאָנסול איז געווען שטאַרק אויפֿגערוימט, האָט אַ סך גערעדט, האָט געלאַכט אָן שום סיבה און האָט אַ שטויס געטאָן האַנס קאַסטאָרפֿן מיט דער פֿויסט אין דער זייט, רופֿנדיק: — האַלאָ, אַלטער חברה=מאַן! אינצווישן האָט ער אַ קוק געטאָן, ווי פֿריער, דאָ אַהער און דאָ אַהין. אָבער זיינע אויגן האָבן אויך געקוקט אין באַשטימטע ריכטונגען, סיי ביים טיש, סיי אויפֿן רעגולאַמין=שפּאַציר, סיי ביים אָוונטיקן צונויפֿקום.

אין אָנהייב האָט דער קאָנסול קיין שום באַזונדער אַכט נישט געלייגט אויף אַ געוויסער פֿרוי רעדיש, די פֿרוי פֿון אַ פּוילישן אינדוסטריעלער, וואָס איז געזעסן ביים טיש פֿון דער פֿרוי סאַלאָמאָן, וועלכע איז צייטווייליק נישט הי געווען און פֿון זולל=וסובאדיקן גימנאַזיסט מיט די קיילעכיקע ברילן. זי איז פּאַקטיש געווען אַ דאַמע פֿון דער ליג=האַלע ווי אַלע אַנדערע, דערביי, אגב, אַ פֿעסטע און פֿולע ברונעטין, נישט אין דער סאַמע יוגנט, שוין אַ ביסל גרויליך, אָבער מיט אַ שיינעם גוידער און לעבעדיקע ברוינע אויגן. ס'האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין דערפֿון, אַז זי זאָל אין הלכות ציוויליזאַציע קאָנען פֿאַרמעסטן זיך מיט דער פֿרוי טינאַפּעל אונטן אין פֿלאַכלאַנד. ערשט זונטאָג אינאָוונט, נאָכן אָוונט=ברויט, אין דער האַלע, האָט דער קאָנסול — אַדאַנק דעם, וואָס זי האָט געטראָגן אַ דעקאָלטירט שוואַרץ דזשעטן קלייד — געמאַכט די אַנטדעקונג, אַז פֿרוי רעדיש האָט בריסטן, מאַט=ווייסע, שטאַרק=צוזאַמענגעפּרעסטע ווייבלעכע בריסטן און ער האָט היפּש טיף אָנגעזען דעם שפּאַלט צווישן זיי. די דאָזיקע אַנטדעקונג האָט דעם רייפֿן און פֿיינעם מענטש דורכגענומען און באַגייסטערט ביזן סאַמע גרונט פֿון דער נשמה, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ פֿולשטענדיקע נייע, נישט=געאַנטע און אומדערהערטע זאַך. ער האָט זיך באַמיט און טאַקע באַקאָנט מיט דער פֿרוי רעדיש, האָט לאַנג

מיט איר געשמועסט, אין אָנהייב — שטייענדיקערהייט, דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט. שלאָפן געגאַנגען איז ער אונטערזינגענדיק. צו־מאָרגנס איז פרוי רעדיש מער נישט געווען אָנגעטאָן אין קיין שוואַרץ דזשעטן קלייד, נאָר זי איז געווען פאַרהילט. אָבער דער קאָנסול האָט שוין געוואוסט, וואָס ער האָט געוואוסט און איז גע־בליבן טריי זיינע איינדרוקן. ער האָט זיך באַמיט צו געפינען די דאַמע אויף אירע רעגולאַמין־שפּאַצירן, כּדי צו קאָנען כאַפּן מיט איר אַ שמועס און אויף אַ באַזונדערן, אויפמערקזאַמען און שאַרמאַנטן אופן צונייגן זיך צו איר בשעתן גיין. ביים טיש האָט ער געטרונקען צו איר און זי האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל; דערביי האָבן אויפגעבליצט די גאָלדענע קאַפּסלען, מיט וועלכע ס'איז געווען צוגעדעקט דער רוב פון אירע ציין. אין אַ שמועס מיט האַנס קאַסטאָרפּן האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט, אַז זי איז אַ „געטלעכע פרוי". און גלייך האָט ער ווידער גענומען אונ־טערזינגען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויף דעם אַלעמען געקוקט מיט אַ רויִקער טאָלעראַנץ, מיט אַ מינע, גלייך ווי ס'מוז אַזוי זיין. אָבער די אויטאָריטעט פון דעם עלטערן קרוב האָט דאָס ווייניק פאַרשטאַרקט און עס האָט זיך שלעכט געפּאָרט מיט דעם קאָנסולס שליחות.

בשעת דער מאָלצייט, ביי וועלכער ער האָט געגריסט צו פרוי רעדיש מיט אַן אויפגעהויבן גלאָז (ער האָט עס געטאָן צוויי מאָל: ביים פיש־ראַגו און שפּעטער ביים סאָרבעט), איז גראָד דער הויפראַט בערענס געזעסן ביי האַנס קאַסטאָרפּס און זיין גאַסטס טיש. ער האָט לויט דער ריי האָספּיטירט ביי אַלע זיבן טישן און אומעטום איז גע־ווען געדעקט פאַר אים דער אויבנאָן. די ריזיקע הענט פאַרלייגט פאַרן טעלער — איז ער געזעסן מיט זיין פאַרדריסענער וואָנסע צווישן דעם הער ווייזאַל און דעם מעקסיקאַנישן הויקער, מיט וועלכן ער האָט גערעדט שפּאַניש. וואָרעם ער האָט געקאָנט אַ מאַסע שפּראַכן, אַפילו טערקיש און אונגאַריש. מיט זיינע בלוי־אַפּערקוועלנדיקע, רויט־אונ־טערגעלאָפענע אויגן האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי קאָנסול טינאַפּעל באַגריסט די פרוי רעדיש אַקעגנאיבער מיט זיין גלאָז באָרד־ווין. שפּעטער האָט דער הויפראַט, בעת דער מאָלצייט, געהאַלטן אַ קליי־נעם רעפעראַט. אָנגערעגט דערצו האָט אים דזשעמס, וועלכער האָט

אים איבער דער גאַנצער לענג פון טיש מיר נישט דיר נישט אַ פרעג געטאָן, וואָס טוט זיך מיטן מענטשן בעת ער פוילט. דער הויפראַט האָט דאָך שטודירט די קערפערלעכע ענינים, דער קערפער איז דאָך לחלוטין זיין בראַנזשע, ער איז, אַזוי צו זאָגן, אַ מין קערפער־פירשט, אויב מען קאָן זיך אויסדריקן. אויב אַזוי, זאָל ער אַזוי גוט זיין דער־ציילן, ווי ס'זעט אויס בשעת דער קערפער צעפאַלט זיך.

— קודם־כל פלאַצט אייך דער בויך — האָט דער הויפראַט געענט־פערט, איינבייגנדיק זיך מיט פאַרלייגטע הענט און אָנשפּאַרנדיק די עלנבויגנס אויפן טיש, — איר ליגט אייך אויף אייער הויבלעכן און אויף אייער זעגעכן און די גאַזן, פאַרשטייט איר, יודען אייך אויף, זיי בלאָזן אייך אָן געוואַלדיק, אַזוי ווי ווייסע חברה־ניקעס טוען מיט אַ זשאַבע, וועלכע זיי בלאָזן אָן מיט לופט. צום סוף ווערט איר אַ פולשטענדיקער באַלאָן. דערנאָך קאָן אייער בויך־וואַנט מער נישט אויסהאַלטן דעם שטאַרקן דרוק און פּלאַצט. בענק, עס ווערט אייך תיכף לייכטער, איר מאַכט עס ווי יהודה איש קריות, בשעת ער איז אַראָפּגעפאַלן פון צווייג — איר גיסט זיך אויס. מילא, דערנאָך ווענט איר אייגנטלעך ווידער אַ מענטש צווישן מענטשן. ווען איר באַקומט אור־לויב, קאָנט איר באַזוכן אייערע אייגענע און נישט אַרויסרופן קיין עקל. מ'רופט דאָס אָן — זיך אויסגעשטונקען. ווען מ'קומט צוריק אַרויס אויף דער לופט, ווערט מען צוריק אַ גאַנץ פיינער בחור, אַ שטיי־גער ווי די ביתגער פון פּאַלערמאָ, וועלכע הענגען אין די קעלער־קאָרידאָרן פון די קאַפּוצינער פאַר פּאָרטאָ נואָוואַ. טרוקענע און עלעגאַנטע הענגען זיי און מ'האָט פאַר זיי גרויס דרך־ארץ. דער עיקר גייט ווענן דעם, מ'זאָל זיך האָבן אויסגעשטונקען.

— זעלבסטפאַרש־טענדלעך! — האָט געזאָגט דער קאָנסול — אַ שיינעם דאַנק. און — אויף צו מאָרגנס אינדערפרי איז ער נעלם געוואָרן.

ער איז געהאַט אַוועק, אַוועקגעפאָרן אין פלאַכלאַנד מיט סאַמע פריסטן צוגל. נאַטירלעך נישט איידער ער האָט אויסגעגליכן זיינע חשבונות. ווי קאָן גאָר מעגלעך זיין אַנדערש! ער האָט באַצאָלט זיין רעכענונג, באַלייגט דעם האָנאָראַר פאַר אַן אונטערזוכונג, האָט זייער שטיל — נישט זאָגנדיק קיין איין וואָרט דעם קרוב — איינגעפּאַקט

זיינע ביידע האַנט־וואַליזעס. דאָס איז געשען מסתמא אינאָוונט, אָדער אינדערפרי, ווען מ'איז נאָך געשלאָפן. שפעטער, ווען האַנס קאַסטאָרפ איז אין דער שעה פון ערשטן פרישטיק אַריין צום פעטער אין צימער, האָט ער עס געטראָפן ליידיק.

ער איז געבליבן שטיין מיט אונטערגעשפאַרטע הענט אויף די זייטן און געזאָגט: אַזוי, אַזוי. אין דעם מאָמענט מאַקע האָבן זיינע פנים־שטריכן אָנגענומען אַ מעלאַנכאָלישן שמייכל. אַך אַזוי — האָט ער געזאָגט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפ. דאָ האָט איינער געמאַכט פליטה. מיט האַק און פאַק, אין שטומער אײַלעניש, גלייך ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אויגנבליקלעכן באַשלוס, וועלכן מ'טאָר נישט פאַרזוימען, האָט ער זיינע זאַכן אַריינגעוואָרפן אין די וואַליזעס און איז אַוועק פון דאַנען: אַליין, נישט אין צווייען, נישט נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעפירט זיין בכבודיק שליחות, אָבער גליקלעך, וואָס ער אַליין קאָן אַרויס פון דאַנען, דער וואוילער מענטש און דער אַנטלאָפענער צו דער פאָן פון פלאַכלאַנד. נאָ, אַ גליקלעכע רייזע!

האַנס קאַסטאָרפ האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט פאַר קיינעם, אַז ער האָט נישט געוואוסט, אַז זיין קרוב וועט זיך פלוצלינג אַרויסכאַפן, דער עיקר נישט — פאַר דעם הינקעדיקן, וואָס האָט אָפגעפירט דעם קאָנסול צום וואָקזאַל. ער האָט באַקומען פון דער באַדענער אָזערע אַ קאַרטל. דאָרטן איז געשטאַנען, אַז זשעמס האָט דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע, צוליב וועלכער ער האָט געשעפטלעך תיכף געמוזט אַראָפפאָרן אין פלאַכלאַנד. ער האָט האַנס קאַסטאָרפ נישט געוואָלט שטערן. אַ קאָנווענציאָנעלער ליגנט. ער ווינטשט אים זיך דאָ צו פילן אָנגענעם ווייטער. — איז דאָס געווען חוזק? — אויב יאָ, איז עס געווען אַ היפש געמאַכטער חוזק, — האָט האַנס קאַסטאָרפ איינגעפונען — ווייל דעם פעטער איז גאַנץ זיכער נישט געלעגן אין זינען קיין חוזק, בעת ער האָט זיך געמוזט אַרויסכאַפן. ער האָט פשוט געשפירט, אינערלעך און אין דער פאָרשטעלונג געשפירט מיט בלאַסער שרעק, אַז אויב ער וועט איצט, נאָך אַכט טעג זיין דאָ אויבן, צוריקקומען אין פלאַכלאַנד, וועט אים אַ היפש שטיקל צייט אויסזען אינגאַנצן פאַלש, אומנאַטירלעך און נישט אויפן אָרט נאָכן פרישטיק נישט צו מאַכן קיין רעגולאַמין־שפאַציר און דערנאָך זיך

אַיינוויקלען לויטן דין און זיך אַוועקלייגן האָריזאָנטאַל אויף דער פרייער לופט, נאָר — אָנשטאָט דעם צו גיין אין קאַנטאָר אַריין. די דאָזיקע דערשרעקנדיקע שפּירונג איז געווען די דירעקטע סיבה פון זיין אַנטלויפן.

אַזוי אַרום האָט זיך געענדיקט דער פּרוּוו פונם פלאַכלאַנד ווידער צוריקצונעמען צו זיך דעם אויסנגעבליבענעם האַנס קאַסטאָרפּ. דער יונגערמאַן האָט זיך נישט געמאַכט קיין סוד דערפון, אַז די זייער נישט געלונגענע אַטאַקע, וועלכע ער האָט פאָרויסגעזען, וועט האָבן אַ דעצידירנדיקע באַדייטונג פאַר זיין פאַרהעלטניש צו זיינע אייגענע אונטן. דאָס פלאַכלאַנד האָט זיך פשוט מיאש געווען פון אים און אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, פאַר אים איז דאָס געווען פולע פרייהייט, הגם וועלכער ער האָט מער נישט געמוזט טראַכטן מיט אַ ציטערנדיק האַרץ.

---

## Operationes spirituales *

לעאָ נאַפטאַ האָט געשטאַמט פון אַ קליין אָרט נישט ווייט פון דער גאַליציש־וואָלינישער גרענעץ. זיין פאָטער, וועגן וועלכן ער האָט גערעדט מיט דרך־ארץ (ער האָט מסתמא געהאַלטן, אַז ער איז געגאַנגען דערווייטערט פון יענער וועלט, כדי צו קאָנען אָפּצושאַצן זיי גינציק), איז דאָרטן געווען אַ שוחט, אַ שעכטער. די דאָזיקע פּראָפעסיע איז הימל־ווייט פון דעם קריסטלעכן פליישער, וואָס איז אַ פּשוטער בעל־מלאכה און געשעפטס־מענטש. לעאָס פאָטער איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדער מענטש. ער האָט געהערט צו די כלי־קודש. אַ רב האָט אים פאַרהערט די דינים און אים אַרויסגעגעבן אַ היתר צו שעכטן בהמות כדת־משה און לויט די דינים פון תלמוד. ר' אלי נאַפטאַ, וואָס זיינע בלויע אויגן האָבן — ווי דער זון האָט זיי געשילדערט — געלויכטן, ווי די שטערן, איז דערפאַר פול געווען מיט שטילער יראת־שמים און האָט אין זיך אַליין גע־

---

* לאַטייניש: גייסטיקע איבונגען.

האָט עפּעס רבנישס, אַ פייערלעכקייט, וועלכע האָט דערמאָנט דעריןָ, אַז אַמאָליקע צייטן האָט געהערט די עובדא פון שעכטן בהמות די כּהנים. לעאָ, אָדער לייב, ווי מ'האָט אים גערופן קינדווייז, האָט געמוזט צוקוקן זיך, ווי זיין פאָטער טוט זיין הייליקע מלאכה אויפן הויף, און עס האָט אים געהאָלפן דערביי אַ ריזיקער יונג, אַן אַטלעטיש-געבויטער, יידיש-ראַסאָווער בחור, קעגן וועלכן דער שוואַכער ר' אלי מיט זיין קיילעכיקער בלאָנדער באָרד האָט אויסגעזען נאָך שענער און איידעלער. ער האָט געזען, ווי ער האָט אויפגעהויבן דעם גרויסן חלף קעגן דער געבונדענער, געפּענטעטער, אָבער נישט פאַרטויבטער בהמה און אַ טיפן שניט געטאָן אין האַלז אַריין. דערביי האָט דער יונג דאָס אַרויסזעצנדיקע, פאַרעדיקע בלוט אויפגעכאַפּט אין שיסלען, וואָס זיינען גיך פול געוואָרן. דאָס יינגל האָט דאָס צוגעזען מיט יענעם קינדערשן בליק, וועלכער דרינגט אַריין דורך די חושים אין סאַמע מהות. ר' אלים זון האָט זיך אויסגעצייכנט דערמיט אין אַ באַזונדערער מאָס. ער האָט געוואוסט, אַז די קריסטלעכע קיילערס זיינען מהויב, איידער זיי הרגענען די בהמה, פריער צו באַטויבן זי מיט דעם קלאַפּ פון אַ האַק אָדער פון אַ פאַלקע און אַז זיי מוזן דאָס טאָן, כּדי איינצושפּאָרן די בהמות יסורים און אַכזריות. זיין פאָטער דאַקעגן — כאָטש ער איז געווען אַ סך איידעלער און קליגער, ווי יענע כאַמעס, און נאָך געהאַט אויגן ווי שטערן ווי קיינער נישט פון זיי — האָט געמוזט על-פּי-דין שניידן די בהמה אָן שום פאַרטויבונג און זי לאָזן אָפּגיין מיט בלוט. דאָס יינגל לייב האָט געפילט, אַז די מעטאָדע פון יענע פּראָסטע גויים האָט זיך גענומען פון אַ באַקוועמער און פּראָפאַנער גוטמוטיקייט, וואָס האָט נישט אָפּגעגעבן דער הייליקער מלאכה דעם זעלבן כּבוד, ווי זיין פאָטער מיט זיין פייערלעכער אומבארחמנותדיקייט. אַזוי-אַרום האָט זיך ביי אים די פאָרשטעלונג פון פרומקייט אַזוי ווייט פאַרבונדן מיט אַכזריות, אַקוראַט ווי אין זיין פאַנטאַזיע האָט זיך פאַרבונדן דאָס בילד און דער ריח פון שפּרודלענדיקן בלוט מיט דער אידעע פון הייליקייט און גייסטיקייט. וואָרעם ער האָט גאַנץ גוט געזען, אַז זיין פאָטער האָט נישט אויסגעקליבן זיין בלוטיקע מלאכה צוליב דער גראָבקייט פון די גבורישע קיילער-

שקצים אָדער פֿון זיין אייגענעם יידישן יונג, נאָר צוליב פֿרומקייט, נישט געקוקט אויף זיין איידעלן כאַראַקטער, און וועלכן ס'האָבן דערמאָנט זיינע שטערן־אויגן.

ר' אלי נאַפּטאַ איז באמת געווען אַ למדן און אַ זוכער, נישט בלויז אַ תלמיד־חכם, נאָר אויך אַ בעל־מחדש, וואָס האָט געהאַט וויכּוחים מיטן רב און נישט זעלטן געפֿירט מיט אים מחלוקת. אין דער געגנט האָט ער געשמט — נישט בלויז צווישן יידן — פֿאַר אַ זעלטענעם מענטש, פֿאַר איינעם, וואָס ווייסט מער פֿון אַנדערע — אַ טייל אין נגלה, אַחוץ דעם — אויך אויף אַן אופֿן, וואָס איז נישט אינגאַנצן פּשוט און אַלנפֿאַלס נישט געוויינלעך. ער האָט אין זיך געהאַט עפּעס סעקטיש־אויסטערלישס, עפּעס פֿון אַ גאָט־מענטש, פֿון אַ בעל־שם אָדער צדיק, דאָס הייסט: פֿון אַ וואונדער־מענטש. ער זאָל אַפֿילו האָבן איינמאָל אויסגעהיילט אַ פֿרוי פֿון צרעת, אַ צווייט מאָל — אַ יינגל פֿון קראַמף. דאָס אַלץ מיט בלוט און לחשים. אָבער טאַקע דער דאָזיקער נימב פֿון עפּעס אַ דרייסטער פֿרומקייט, ביי וועלכער ס'שפּילט אַ ראָל דער בלוט־ריח פֿון זיין פּראָפֿעסיע, איז פֿאַר אים געוואָרן אַן אומגליק. וואָרעם בשעת אַ פֿאָלקס־באַוועגונג און אַ פּאַניק פֿון צאָרן, וועלכער איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך דעם נישט־אויפֿגעקלערטן טויט פֿון צוויי קריסטלעכע קינדער, איז ר' אלי אומגעקומען אויף אַ שרעקלעכן אופֿן. מ'האָט אים געפֿונען הענגען אויף דער טיר פֿון זיין ברענענדיק הויז, געקרייציקט מיט טשוועקעס. זיין ווייב — כאָטש זי איז געווען אַ שווינדזיכטיקע און איז געלעגן צו־בעט — האָט גענומען די קינדער, דאָס יינגל לייב און די איבעריקע פֿיר און איז מיט אויפֿגעהויבענע הענט, וויינענדיק און שרייענדיק, אַנטלאָפֿן פֿון דעם לאַנד.

אַדאַנק ר' אלים פֿאַרזאָרגונג איז די משפּחה געווען נישט אינגאַנצן אָן מיטלען און אַזוי־אַרום האָט זי זיך דערשלעפּט צו אַ שטעטל פֿון פֿאַראַרלבערן. די פֿרוי נאַפּטאַ האָט דאָרטן געפֿונען אַרבעט אין אַ בוימוואָל־פֿאַבריק, וואו זי האָט געאַרבעט אַזוי לאַנג, ווי די כּוחות האָבן געקלעקט. די גרעסערע קינדער האָבן באַזוכט די פֿאָלקס־שול. אויב אָבער די גייסטיקע שפּייז פֿון דעם דאָזיקן אַנשטאַלט

איז גענוג געווען פאַר דער השגה און פאַר די באַדערפעניישן פון לעאָס שוועסטער, איז עס, וואָס ס׳איז נוגע אים, דעם עלטסטן, ווייט נישט געווען אַזוי. פון דער מוטער האָט ער געהאַט דעם שורש פון ברוסט־קראַנקהייט, פון פאָטער אָבער האָט ער, אַחוץ אַן איידעלער געשטאַלט, געירשנט אַן אויסערגעוויינלעכן פאַר־שטאַנד, גייסטיקע מעלות, וואָס האָבן זיך פרי פאַרבונדן מיט גאווה־דיקע אינסטינקטן, העכערער אַמביציע, מיט בויערנדיקער בענק־שאַפט נאָך פיינערע לעבנס־פאָרמען און גורם געווען, ער זאָל ליידנשאַפטלעך זיך וועלן אַרויסרייסן איבער דער ספערע פון זיין אָפּשטאַמונג. לעבן דער שול האָט דער פערצן־פופצן־יעריקער בחור אַראַנק ביכער, וועלכע ער האָט פאַרשטאַנען זיך צו שאַפן, אָן אַ סדר און אומגעדולדיק ווייטער אויסגעבילדעט זיין גייסט און גע־געבן זיין פאַרשטאַנד די גייסטיקע שפּייז. ער האָט געטראַכט און אַרויס־געזאָגט זאַכן, וועלכע האָבן גורם געווען, אַז זיין קראַנקע מאַמע זאָל טיף אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען און אויסצו־שפּרייטן ביידע אויסגעצערטע הענט. דורך זיין נאַטור, זיינע ענט־פערס האָט ער בשעת די לעקציעס פון רעליגיע דערוועקט די אויפמערקזאַמקייט פון קרייז־ראַבינער, אַ פרומער און געלערנטער מענטש, וועלכער האָט אים געמאַכט פאַר זיינס אַ פּריוואַטן תלמיד און האָט געזעטיקט זיין פאָרמעלן דראַנג מיט לעקציעס פון העב־רעיש און קלאַסישע שפּראַכן, און זיין לאָגישן דראַנג — מיט מאַטע־מאַטיק. אָבער דער וואוילער מענטש איז שלעכט באַלוינט געוואָרן. וואָס ווייטער, האָט זיך אַלץ מער אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אויס־געהאָדעוועט אַ שונא. אַקוראַט ווי אַמאָל צווישן ר׳ אלי נאַפּטאַ און זיין רבין, איז אויך איצט געשען מיט זיי: מען האָט זיך נישט פאַרטראָגן, צווישן לערער און שילער איז געקומען צו רעליגיעזע און פילאָסאָפישע רייבונגען, וועלכע האָבן זיך כסדר פאַרשאַרפט. דער וואוילער תלמיד־חכם האָט היפש געמוטשעט ליידן פון דער גייס־טיקער חוצפה, פון דער אָפּפרעגעריי און סקעפּטישקייט, איבערשפּאַ־רעדישקייט און שניידנדיקער דיאַלעקטיק פון יונגן לעאָ. דערצו נאָך האָט לעאָס חריפות און גייסטיקע אומרויקייט לעצטנס אָנגענומען אַ רעוואָלוציאָנערן חותם. די באַקאַנטשאַפט מיט דעם זון פון אַ

סאָציאַל־דעמאָקראַטישן דעפּוטאַט און מיט דעם מאַסן־העלד גופא האָט גורם געווען, אַז זיין גייסט זאָל געלענקט ווערן אין אַ פּאָליטישן וועג און געגעבן זיין לאָגישער ליידנשאַפט אַ געזעלשאַפטלעכע ריכטונג. ער האָט גערעדט ווערטער, וועלכע האָבן גורם געווען, אַז ביי דעם גוטן תלמודיסט, וואָס האָט געהיט די אייגענע לאָיאַלקייט, זאָלן זיך אויפשטעלן די האָר אויפן קאָפּ און וועלכע האָבן אַ סוף געמאַכט פון די באַציִונגען צווישן לערער און שילער. בקיצור, ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז נאַפטאַ איז פאַרשטויסן געוואָרן פון זיין רבין און אויף אייביק אַרויסגעיאָגט געוואָרן פון זיין שטודיר־צימער. געשען איז עס גראָד דעמאָלט, ווען זיין מוטער, רחל נאַפטאַ, איז געלעגן אויפן טויטן־בעט.

טאַקע דעמאָלט, באַלד נאָך דער מוטערס טויט, האָט זיך נאַפטאַ באַקאַנט מיטן פּאַטער אונטערפּערטינגער. דער זעכצן־יעריקער בחור איז געזעסן אַליין אויף אַ באַנק אין פּאַרק פון אַזוי־גערופענעם מאַרגאַרענטנקאָפּ, אַ בערגל אין מערב־זייט פון שטעטל ביים ברעג פון איל, פונוואַנען מ'האָט געקאָנט האָבן אַ ווייטן און לעבעדיקן אויסבליק איבער דעם טאָל פון ריין. ער איז דאָרטן געזעסן, אַ פאַרזונקענער אין מרה־שחורהדיקע און ביטערע געדאַנקען וועגן זיין גורל, זיין צוקונפט. פּלוצלונג האָט זיך לעבן אים אַוועקגעזעצט אַ מיטגליד פון פּעדאַגאָגישן ראַט פון דעם אינטערנאַט ביי דער יעזוס־געזעלשאַפט, וועלכער האָט זיך אָנגערופן „מאָרגנשטערן". יענער איז דאָ גראָד געגאַנגען שפּאַצירן. איצט האָט ער אַוועקגעלייגט דעם הוט לעבן זיך, האָט פאַרלייגט איין פוס איבערן אַנדערן אונטער דעם וועלטלעך־גלחישן מלבוש און נאָכדעם ווי ער האָט אַ ביסל געלייענט אין ברעוויער*, האָט ער פאַרפירט מיט אים אַ שמועס, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט זייער לעבעדיק און וואָס האָט געזאָלט דעצידירן לעאָס גורל. דער יעזויִט — אַ מענטש, וואָס איז אויסגעווען אַ וועלט, מיט אַ געבילדעטער האַלטונג, אַ פּעדאַגאָג פון ליידנשאַפט, אַ מענטשן־קענער און מענטשן־פאַנגער, האָט זיך תיכף גענומען צוהערן צו די ערשטע חוזקדיקע קלאָר־

* געבעטס-בוך פאַר קאַטוילישע גלחים.

אַרטיקולירטע זאַצן, מיט וועלכע דאָס אָרעמע יידישע יינגל האָט
געענטפערט אויף זיינע פראַגן. אַ שאַרפע און געפייניקטע גייס=
טיקייט האָט אַ ווייע געטאָן דערפון און אַריינדרינגענדיק טיפער, האָט
זיך דער יעזויט אָנגעשטויסן אויף אַ וויסן און אויף אַ בייזער עלע=
גאַנץ פון דענקען, וועלכע האָט נאָך איבעראַשנדיקער געווירקט צו=
ליב דעם, וואָס דער יונגער בחור איז געווען אָנגעטאָן אָפגעריסן.
מ'האָט גערעדט וועגן מאַרקסן, וואָס זיין „קאַפּיטאַל" האָט לעאָ נאַפטאַ
געהאַט שטודירט אין אַ ביליקער אויסגאַבע, דערנאָך איז מען אַרויף
אויף העגעלן, וועלכן אָדער וועגן וועלכן ער האָט אויך געהאַט
גענוג געלייענט, כדי אַרויסצוזאָגן עפּעס אינטערעסאַנטס. צי ער האָט
עס געטאָן צוליב אַן אַלגעמיינער נייגונג צו פּאַראַדאָקסן, אָדער צו=
ליב אַ העפלעכער כוונה — אַ פאַקט איז, אַז ער האָט אָנגערופן
העגעלן „קאַטוילישער דענקער". און אויף דער שמייכלענדיקער פראַגע
פון פאַטער, ווי אַזוי ער קאָן עס בעגרינדן, ווייל העגעל איז דאָך
געווען אַ פּרייסישער מלוכה=פילאָסאָף און מוז גילטן בעיקר ווי אַ
פּראָטעסטאַנט, האָט נאַפטאַ געענטפערט: גראָד דאָס וואָרט „מלוכה=
פילאָסאָף" פאַרשטאַרקט דעם פאַקט, אַז ער איז אין רעליגיעזן —
כאָטש נישט אין קירכלעך=דאָגמאַטישן — זין גערעכט מיט זיין
באַהויפּטונג וועגן העגעלס קאַטוילישקייט. וואָרעם (דאָס דאָזיקע
בינד=וואָרט האָט נאַפטאַ באַזונדערס ליב געהאַט. עס האָט ביי אים
אין מויל אָנגענומען עפּעס טריומפירנדיק=אומברחמנותדיקס און זיינע
אויגן הינטער די ברילן=גלעזער האָבן אויפגעבליצט יעדעס מאָל, ווען
ער האָט געקאָנט באַנוצן אָט=דאָס וואָרט), וואָרעם דער באַגריף פון
פּאָליטיק איז פּסיכאָלאָגיש פאַרבונדן מיטן באַגריף פון קאַטוילציזם,
זיי בילדן איין קאַטעגאָריע, וועלכע נעמט אַרום אַלדאָס אָביעקטיווע,
שאַפנדיקע, טעטיקע, פאַרווירקלעכנדיקע, וואָס ווירקט אין דער אויסער=
לעכער וועלט. להיפּוך צו אָט דער קאַטעגאָריע שטייט די פּיעטיסטישע,
די פּראָטעסטאַנטישע ספערע, וואָס ציט איר שורש פון דער מיסטיק.
אין יעזויטנטום — האָט ער צוגעגעבן — ווערט דער פּאָליטיש=
פּעדאַגאָגישער מהות פון קאַטוילציזם קלאָר. דער דאָזיקער אָרדן
האָט אַלעמאָל געהאַלטן פאַר זיין געביט מלוכה=קונסט און דער=
ציונג. דערביי האָט ער אָנגערופן געטען, וועלכער איז טאַקע גע=

הען אַיינגעוואָרצלט אין פּיעטיזם און זיכער געווען אַ פּראָטעסטאַנט, אָבער ער האָט געהאַט אַ שטאַרק קאַטוילישע זייט, נעמליך אַדאַנק אַביעקטיוויזם אין זיין טעטיקייט-לערע. ער האָט פּאַרטיידיקט דעם געהיימען ווידוי און איז ווי אַ דערציער כמעט געווען אַ יעזויט.

צי נאַפּטאַ האָט די דאָזיקע ווערטער אַרויסגעבראַנגט דערפאַר, ווייל ער האָט געגלויבט דערין, אָדער צוליב שפּאַס, אָדער כדי צו געפעלן זיין צוהערער, ווי אַלעמאָל אַן אָרעמאַן, וואָס מוז הנפהנען און ווייסט גאַנץ גוט, וואו ער קאָן זיך ברענגען נוצן און וואו שאָדן — דער פּאַטער, אַלנפאַלס, האָט זיך ווייניקער אינטערעסירט מיט זייער אמתדיקער כוונה, ווי מיט דער אַלגעמיינער קלוגשאַפט, אויף וועלכער זיי האָבן עדות געזאָגט. דער שמועס איז זיך צעוואַקסן. באַלד האָט דער יעזויט שוין געוואוסט וועגן לעאָס פּערזענלעכן מצב און די באַגעגעניש האָט זיך געענדיקט מיט אַ פּאָרשלאָג מצד אינטערפּערטינגער, אַז לעאָ זאָל אים באַזוכן אין פּעדאַגאָגיום.

אַזוי אַרום האָט נאַפּטאַ געהאַט די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן דעם באָדן פון דער Stella matutina *, וואָס איר וויסנשאַפטלעך און געזעלשאַפטלעך העכערע אַטמאָספער האָט שוין לאַנג געריצט זיין פאָרשטעלונג און זיין בענקשאַפט. נאָך מער: אַדאַנק דעם צופאַל האָט ער געקריגן אַ נייעם לערער און מדריך, וועלכער איז געווען אַ סך מער געניגט אָפּצושאַצן זיין מהות און אים צו פירן ווייטער, ווי דער פריערדיקער. עס איז געווען אַ מייסטער, וואָס זיין גוטסקייט, וועלכע איז בטבע געווען אַ קילע, האָט זיך געשטיצט אויף ברייטע יסודות. אַריינצודרינגען אין זיין לעבנס-קרייז איז געווען פאַר נאַפּטען דער סאַמע גרעסטער באַגער. ווי אַ סך גייסטרייכע יידן, איז נאַפּטאַ געווען אינסטינקטיוו אַ רעוואָלוציאָנער און אַן אַריסטאָקראַט צוזאַמען. אַ סאָציאַליסט, וואָס איז גלייכצייטיק געווען באַהערשט דורכן חלום אויסצולעבן זיך אין שטאָלצע און גרויסאַרטיקע, עקסקלוזיווע און געזעצלעכע עקסיסטענץ-פאָרמען.

---

* מאָרגנשטערן.

די קעגנוואַרט פון אַ קאַטוילישן טעאָלאָג האָט תּיכּף געווירקט, ער זאָל זיך דערקלערן אין ליבע דער רוימישער קירך, כאָטש ער האָט עס אויסגעדריקט ריין אַנאַליטיש-פאַרגלייכנדיק. די רוימישע קירך, האָט ער געפילט, איז גלייכצייטיק אַ בּכּבודיקע און אַ גייסטיקע, דאָס הייסט — אַנטי-מאַטעריעלע, קעגן-רעאַלע און קעגן-וועלטלעכע און ממילא רעוואָלוציאָנערע מאַכט. די דאָזיקע אָנערקענונג איז געווען אַן עכטע און האָט געשטאַמט פון זיין סאַמע מהות. וואָרעם דאָס ייִדנטום — ווי ער אַליין האָט אויסגעפירט — שטייט, אַדאַנק זיין ריכטונג צום ערדיש-זאַכלעכן, אַדאַנק זיין סאָציאַליזם און פּאָליטישער גייסטיקייט, אַ סך נעענטער צו דער קאַטוילישער ספערע, ווי דער פּראָטעסטאַנ-טיזם מיט זיין דבקות און מיסטישער סוביעקטיווקייט. דערפאַר טאַקע איז דאָס איבערגיין פון אַ ייד צו דער רוימישער קירך אַ סך מער אַן אומגעצוואונגענער פּראָצעס, ווי דאָס איבערגיין פון אַ פּראָטעס-טאַנט.

צעריסן מיט דעם פאַסטעך פון זיין אַמאָליקער רעליגיעזער קהילה, פאַריתומט און פאַרלאָזן, דערצו פול מיט בענקשאַפט צו ריינערער לעבנס-לופט, צו עקסיסטענץ-פאָרמען, אויף וועלכע ער האָט געהאַט רעכט לויט זיינע פעיִקייטן — איז נאַפטאַ, וועלכער האָט שוין געהאַט דערגרייכט דעם געזעצלעכן עלטער, געווען אַזוי אימ-געדולדיק צום שמד, אַז זיין „אַנטדעקער“ האָט נישט געהאַט קיין שום מי ביים געווינען אָט-די נשמה, אָדער בעסער: אָט-דעם אומ-געווינלעכן קאָפּ פאַר זיין אמונה. נאָך איידער מ'האָט אים געטויפט, האָט לעאָ אַדאַנק די באַמיִונגען פון פאַטער באַקומען אין „Stella“ דערווייל דירה, לייבלעכע און גייסטיקע פאַרזאָרגונג. ער האָט זיך אַהין איבערגעצויגן און האָט מיט דער גרעסטער רויִקייט, מיט דער אומבּרהמנותדיקייט פון אַ גייסטיקן אַריסטאָקראַט איבערגעלאָזט זיינע ייִנגערע שוועסטער אויפן באַראָט פון די צדקה-חברות, ווי ס'קומט זיי לויט זייערע קלענערע פעיִקייטן.

דער גרונט און די פּלעצער פון דער דערציִונגס-אַנשטאַלט זיי-נען געווען רחבותדיק, אַקוראַט ווי די געביידעס, וואו ס'איז געווען אָרט פאַר הונדערט שילער. דער קאָמפּלעקס האָט אַרומגענומען וועל-דער און פּאַשע-ערטער, אַ האַלב טוץ שפּילפּלעצער, לאַנדווירטשאַפט-

לעכע געביידעס, שטאַלן פאַר הונדערטער קי. דער אינסטיטוט איז געווען גלייכצייטיק אַן אינטערנאַט, אַ מוסטער־גוט, אַ ספאָרט־אַקאַ־דעמיע, אַ שול פאַר געלערנטע און אַ מוזע־טעמפל; וואָרעם ס'איז אַלעמאָל געווען טעאַטער און מוזיק. דאָס לעבן דאָ איז געווען אַריסטאָקראַטיש־קינסטלעריש. דאָס לעבן דאָ מיט זיין דיסציפלין און עלעגאַנץ, מיט זיין לוסטיקער שטילקייט, גייסטיקייט און זאָר־געוודיקייט, פינקטלעכקייט און פאַרשיידנטאָנקער טאָג־אַיינטיילונג האָט אין לעאָנען דערפרייט זיינע טיפסטע אינסטינקטן. ער איז געווען אי־בערגליקלעך. ער האָט באַקומען זיינע אויסגעצייכנטע מאָלצייטן אין בריטן רעפעקטאָריום *, וואו ס'האָט על־פּי־דין געמוזט זיין שטיל, אַקוראַט ווי אין די קאָרידאָרן פון דעם אַנשטאַלט. אינמיטן זאַל איז געזעסן אַ יונגער פּרעפעקט** אויף אַ הויכער קאַטעדרע און האָט פאָרגעלייענט פאַר די עסנדיקע. לעאָס חשק צו לערנען איז גע־ווען אַ ברענענדיקער און נישט געקוקט אויף זיין שוואַכער ברוסט, האָט ער אַלץ געטאָן, כדי נאָכמיטאָג נישט אָפּצושטיין אין שפּיל און אין ספּאָרט. די פרומקייט, מיט וועלכער ער האָט יעדן טאָג געהערט די פרימאָרגן־מעסע און זונטאָג אָנטייל גענומען אין די פייערלעכע תּפילות, האָט געמוזט דערפרייען די פּאַטערס־פּעדאַגאָגן. נישט ווייניקער האָט זיי באַפרידיקט זיין געזעלשאַפטלעכע האַלטונג. אין יום־טוב־טעג, נאָכמיטאָג, נאָך דעם כּיבוד פון קוכן מיט ווין, איז ער געגאַנגען שפּאַצירן אין דער ריי אין אַ גרוי־גרינער אוני־פאָרם, מיט אַ שטייענדיקן קאָלנער, אין הויזן מיט פּאַסיקלעך און אין אַ היטעלע.

ער איז פול געווען מיט דאַנקבאַרער אַנטציקונג, זעענדיק, ווי ווייט מ'האָט זיך באַציִגן דיסקרעט צו זיין אָפּשטאַמונג, זיין שמד און זיינע פּערזענלעכע פאַרהעלטעניִשן. אַז ער איז אין דעם אַנ־שטאַלט אומזיסט, האָט מען זיך נישט ווּסנדיק געמאַכט. די גע־זעצן פון דער אַנשטאַלט האָבן נישט צוגעלאָזט, די חברים זאָלן אויפמערקזאַם ווערן אויף דעם פאַקט, אַז ער האָט נישט קיין פאַ־

* עס־זאַל אין קלויסטער.

** אויפזעער אין קלויסטער.

מיליע, קיין היים. דאָס באַקומען פּאַקעטן מיט לעבנסמיטלען און נאַשערייען איז בכלל געווען פאַרווערט. אויב ס'איז יאָ עפּעס אָנגעקומען, האָט מען עס צעטיילט און אויך לעאָ האָט געקריגן אַ חלק. דער קאָסמאָפּאָליטיזם פון דעם אַנשטאַלט האָט גורם געווען, אַז זיין כאַראַקטעריסטישע ראַסיקייט זאָל נישט ווערן אויפפאַלנדיק. ס'זיינען דאָ געווען עקזאָטישע יונגעלייט, פּאָרטוגעזישע דרום־אַמעריקאַנער, וואָס האָבן אויסגעזען „יידישער“ ווי ער, אַזוי, אַז דער דאָזיקער באַגריף האָט זיך פאַרווישט. דער עטיאָפּישער פּרינץ, וועלכן מ'האָט אַריינגענומען צוזאַמען מיט נאַפטען, איז אַפילו געווען אַ קודלאַטער נעגער־טיפּ, כאָטש זייער עלעגאַנט.

אין דעם רעטאָרישן קלאַס האָט לעאָ אַרויסגעוויזן זיין פאַרלאַנג צו שטודירן טעאָלאָגיע, כדי צו קאָנען אַמאָל געהערן צום אָרדן, אויב ער וועט ווערט זיין. דאָס האָט גורם געווען, אַז אָנשטאָט דעם בחינמדיקן פּלאַץ אין „צווייטן פּענסיאָנאַט“, וואו די הוצאות און דער לעבנסשטייגער זיינען געווען באַשיידענער, האָט ער געקריגן אַ גראַטיס־פּלאַץ אין „ערשטן“. דאָ האָבן אים שוין דינער דערלאַנגט ביים טיש און זיין שלאָפשטיבל האָט זיך געגרענעצט אין איין זייט מיט אַ שלאָפשטיבל פון שלעזישן גראַף פאָן־האַרבוואַל און שאַמאַרע, פון דער אַנדערער זייט — פון מאַרקיז די־ראַנגאָני־סאַנטאַקראָטשע פון מאָדענאַ. ער האָט גלענצנדיק געענדיקט און האָט, ווי ער האָט באַשלאָסן, פאַרביטן זיין לעבן אין פּעדאַגאָגיום אויף אַ לעבן אין אַ נאָוויציאַט־הויז אין שכנותדיקן טיזיס, אויף אַ לעבן פון דינענדיקער הכנעה, שווייגנדיקער אונטערגעוואָרפנקייט און רעליגיעזע סיגופים. אַדאַנק דעם, האָט ער דערגרייכט גייסטיקע תענוגים, לויט די אַמאָליקע פאַנאַטישע קאָנצעפּציעס.

דערווייל אָבער איז זיין געזונט קאַליע געוואָרן, און נישט אַזוי ווייט צוליב דעם שטרענגן נאָוויציאַט־לעבן, וואו ס'האָט נישט געפעלט קיין קערפּערלעכע דערפרישונג , ווי פון אינעווייניק. די פּראַקטיקעס, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט ביי דער דערציונג, האָבן מיט זייער קלוגקייט און ראַפינירטקייט צוגעטראָפן צו זיינע פערזענלעכע נייגונגען און האָבן זיי גלייכצייטיק אַרויסגערופן.

ביי די גייסטיקע איבונגען, מיט וועלכע ער האָט פאַרבראַכט דעם טאָג און נאָך אַ טייל פון דער נאַכט, ביי די אַלע מינים געוויסן־פאָרשונגען, באַטראַכטונגען, הירהורי־תשובה און דביקות — האָט ער מיט אַ בייזער, זיך־פיינקנדיקער לײדנשאַפט זיך פאַרפלאָנטערט אין טויזנטער שוועריקייטן, סתירות און מחלוקות. ער האָט דערפירט צו פאַרצווייפלונג, כאָטש אויך אייגנצייטיק געוועקט גרויסע האָפענונגען, זיין אָנפירער פון די איבונגען, וועלכן ער האָט מיט זיין דיאַלעקטישער חריפות און מאַנגל אין פשטות אָנגעטאָן געברענטע צרות. *ad haec quid tu? — האָט ער געפרעגט מיט פינקלענדיקע ברילן־גלעזער... און דער פאַטער, וואָס איז געווען אין קלעם, האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי אים צו הייסן תפילה טאָן, ער זאָל קומען צו מנוחת הנפש. „Ut in aliquem gradum quietis in animam perveniat“ **. אָבער די דאָזיקע „רו“ — איז מ'האָט זי שוין דערגרייכט — איז באַשטאַנען אין אַ פולשטענדיקער אָפּגעטעמפּטקייט פונם אייגענעם לעבן און אַ אָפּטויטונג ביז צו דער מדרגה פון אַ געציִג, אַ גייסטיקע בית־עולם־רו. אירע אומהיימלעכע אויסערלעכע אייגנשאַפטן האָט ברודער נאַפטאַ געקאָנט גאַנץ גוט שטודירן אין נישט איין הויל־קוקנדיקן פנים אין זיין סביבה, אָבער דערגרייכן דערצו וואָלט אים קיינמאָל נישט געלונגען, סיידן איינעם וועג פון קערפּערלעכער רויִן.

דער פאַקט, אַז זיינע מנהיגים האָבן ביי די אַלע ספיקות און מניעות נישט אָנגעהייבן קוקן אויף אים שלעכט, באַווייזט זייער הייכן גייסטיקן ווערט. צום סוף האָט אים דער פאַטער פּראָווינציאַל*** אַליין, נאָך דעם צווייאָריקן נאָוויציאַט גערופן צו זיך, האָט געשמועסט מיט אים און מסכים געווען אים אַריינצונעמען אין אָרדן. און דער יונגער סכאָלאַסטיקער, וואָס האָט שוין באַקומען די פיר קלענערע זאַלבונגען, נעמלעך: פון אַ טיר־היטער, מיניסטראַנט,

* לאטייניש: וואס זאגסט דו דערצו?

** לאטייניש: עס זאל אין א געוויסער מאס קומען מנוחה אין דער נשמה.

*** דער אנפירער פון אן ארדן אדער א קלויסטער.

לעקטאָר און עקזאָרציסט *, וועלכער האָט שוין געהאַט געטאָן די „געוויינלעכע" נדרים און שוין ענדגילטיק געהערט צו דער חבורה, איז אַוועקגעפאָרן אין אַ קאָלעגיענהויז אין האָלענדישן פאַלקענבורג, כּדי זיך ווייטער צו פאַרנעמען מיט טעאָלאָגישע סטודיעס.

ער איז דעמאָלט אַלט געווען צוואַנציק יאָר און אין משך פון דריי יאָר האָט זיין געירשנטע קרענק צוליב דעם געפערלעכן קלי־מאַט פאַר אים און צוליב גייסטיקע אָנשטרענגונגען אויף אַזוי ווייט פּראָגרעסירט, אַז זיין בלייבן דאָרטן איז געוואָרן פאַר אים אַ לעבנס־סכּנה. ער האָט באַקומען אַ בלוט־שטורץ, וואָס האָט אויפגערודערט זיינע עלטסטע און נאָך דעם, ווי ער האָט זיך וואָכן־לאַנג געראַנגלט צווישן לעבן און טויט, האָבן זיי אים, ווי נאָר ער איז אַ ביסל געקומען צו זיך, צוריקגעשיקט אויף דעם ערשטן אָרט. אין דעם זעלבן דערציִונגס־אַנשטאַלט, וואו ער איז געווען אַ תּלמיד, איז ער איצט געווען אַ פּרעפעקט, אַן אויפזעער פון די שילער און אַ לערער פון הומאַניסטיק און פילאָסאָפיע. דער דאָזיקער איבערדריי האָט סיי־ווי געשטימט מיטן רעגולאַמין, אָבער נאָך עטלעכע יאָר מוז מען געוויינלעך צוריק אַוועק אין קאָלעגיום, כּדי צו פאַרענדיקן די זיבניעריקע טעאָלאָגישע סטודיעס. אָבער דאָס האָט דער ברודער נאַפטאַ נישט געטאָרט. ער האָט אַליך געקרענקט. דער דאָקטאָר און די עלטסטע האָבן איינגעזען, אַז לעת־עתּה איז פאַר אים צום פּאַסיקסטן די אַרבעט דאָ אין דער געזונטער לופט צוזאַמען מיט די שילער און ביי לאַנדווירטשאַפטלעכער טעטיקייט. ער האָט אַפילו באַקומען די ערשטע העכערע הייליקונגען, געהאַט דאָס רעכט צו זינגען עפּיסטאָל** זונטאָג ביי די פייערלעכע תּפילות. ער האָט עס, אַגב, נישט אויסגענוצט, קודם־כּל, ווייל ער איז געווען אינ־גאַנצן נישט מוזיקאַליש און צווייטנס דערפאַר, ווייל צוליב זיין קרענק־לעך קול איז ער נישט געווען פעיִק צום זינגען. מער ווי אַ

* די פיר „נידריגע" הייליקונגען אויף אַ מאָנאַך. אַ מאָל זיינען זיי געווען פאַרבונדן מיט די דערמאָנטע פונקציעס, היינט האָבן זיי בלויז אַ פאָר־מעלע באַדייטונג.

** טיילן פון בריוו פון די אַפּאָסטאָלן, וואָס זיינען אַנטהאַלטן אין נייעם טעסטאַמענט און ווערן געזונגען בעת די תּפילות.

סובדיאַקאָן * איז ער נישט געוואָרן — נישט קיין דיאַקאָן און נישט קיין גלח. היות, דער בלוט־שטורץ האָט זיך איבערגעחזרט און אויך די היץ איז נישט אָפּגעטרעטן, האָט מען אים אויף די הוצאות פון אָרדן געשיקט אַהער אויף אַ לענגערער קוראַציע און זי האָט זיך שוין געצויגן דאָס זעקסטע יאָר. ס'איז כמעט שוין נישט געווען קיין קוראַציע. ער האָט גאַנץ פשוט געמוזט האָבן די היגע לעבנס־באַדינגונגען, לעבן אין שיטערער בערג־לופט, באַשיינט מיט אַ ביסל אַרבעט ווי אַ לאַטיין־לערער אין דער גימנאַזיע פאַר קראַנקע...

סיי דאָס, סיי נאָך אַנדערע און געגנזייטיגע זאַכן איז האַנס קאַסטאָרפּ געוואָר געוואָרן שמועסנדיק מיט נאַפטען אַליין, בעת ער האָט אים באַזוכט אין זיידענעם צימער, אַמאָל אַליין און טייל־מאָל צוזאַמען מיט די טיש־חברים פערגע און וויזאַל, וועלכע ער האָט דאָרטן אַריינגעפירט. טיילמאָל האָט ער אים געטראָפן אויפן שפּאַציר און מיט אים צוזאַמען צוריקגעגאַנגען פון אַן אויספלוג אין „דאָרף". ער איז די אַלע זאַכן געוואָר געוואָרן צופעליק, טיילנווייז און אין דער פאָרם פון המשכדיקע שמועסן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַלטן, אַז זיי זיינען שטאַרק אינטערעסאַנט נישט בלויז פאַר אים אַליין, נאָר ער האָט געווירקט אויף פערגע און אויף וויזאַל, יענע זאָלן אויך אַזוי האַלטן, און זיי האָבן אים געפאָלגט. פערגע האָט דערביי דערמאָנט, אַז העכערע ענינים זיינען אים ווייט (וואָרעם דאָס איינציקע, וואָס האָט אים אויפגעהויבן איבער דעם מענטשלעך־פשוטן, איז געווען די לונגען־צעטרייסלונג). דער צווייטער — מיט דער באַשיינפּערלעכער אָנערקענונג פאַר דער גליקלעכער קאַריערע פון איינעם, וועלכן מ'האָט אַמאָל געטוליעט, כאָטש איצט האָט זיך די דאָזיקע קאַריערע אָפּגעשטעלט, כדי ער זאָל נישט ווערן צו־גרויס ביי זיך. איצט איז ער געווען אַ קראַנקער גלייך מיט אַלעמען.

* די ערשטע פון די דריי „העכערע" הייליקונגען (סובדיאַקאָן, דיאַקאָן, גלח).

האַנס קאַסטאָרפּ פון זיין זייט האָט באַדויערט דעם דאָזיקן שטילשטאַנד און האָט מיט שטאָלץ און זאָרג געטראַכט וועגן דעם אַמביציעזן יאָאַכימען, וועלכער האָט מיט העלדישער אָנשטרענגונג צעריסן ראַדאַמאַנטיס שטאַרקע נעץ פון גערייִדעריי און אַוועק צו זיין פאָן. לויט האַנס קאַסטאָרפּס פאָרשטעלונג קלאַמערט ער זיך איצט צו דער שטאַנג פון דער פאָן, הייבט־אויף דריי פינגער און שווערט איר צו בלייבן טריי. אויך נאַפטאַ האָט געשוואוירן צו אַ פאָן, אויך אים האָט מען אויפגענומען אונטער אַ פאָן, ווי נאַפטאַ האָט זיך אַליין אויסגעדריקט, בעת ער האָט דערציילט האַנס קאַסטאָרפּן וועגן מהות פון זיין אָרדן. אָבער ער איז איר, דאַכט זיך, געווען וויניקער געטריי מיט זיינע אָפּווייכונגען און קאָמבינאַציעס, ווי יאָאַכים זיינער. בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט צוגעהערט זיך צום נישט־דערגאַנגענעם אָדער צוקונפט־יעזויִט, איז ער, ווי אַ ציוויליסט און ווי אַ קינד פון פרידן, אַלץ שטאַרקער געוואָרן אין דער מיינונג, אַז יעדן פון זיי ביידן וואָלט גאַנץ גוט געפעלן דער שטאַנד און די פּראָפעסיע פון אַנדערן, דערפאַר טאַקע האָט ער געהאַלטן, אַז ס'איז דאָ צווישן זיי אַ קרובהשאַפט. ווייל סיי דער ערשטער, סיי דער צווייטער זיינען ביידע געווען מיליטערישע שטאַנדן, אויף פאַרשיידענערליי אופנים: לויט דער „אַסקעזע“ און לויט די ראַנגעס, לויט דער דיסציפּלין און לויט דער שפּאַנישער ערע. די לעצטע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין נאַפטאַס אָרדן, וועלכער האָט דאָך אויך געשטאַמט פון שפּאַניע. דער גייסט־לעכער עקזערציר־רעגלאַמענט (אַ מין פּענדאַנט צו דעם, וואָס דער פּרייסישער פרידריך* האָט איינגעפירט פאַר זיין אינפאַנטעריע) איז לכתחילה געווען פאַרפאַסט אין דער שפּאַנישער שפּראַך. דערפאַר טאַקע האָט נאַפטאַ אין זיינע שמועסן אָפט באַנוצט זיך מיט שפּאַנישע אויסדריקן. אַזוי, אַ שטייגער, האָט ער גערעדט פון די „dos banderas“, פון די „צוויי פאָנען“, אַרום וועלכע די מחנות זאַמלען זיך צום גרויסן מלחמה־מאַרש: די טייוולאָנישע און די גייסטלעכע. איין מחנה אין דער געגנט פון ירושלים, וואו קריס־

---

* פרידריך דער גרויסער, קיניג פון פּרייסן, 1740 — 1786.

טום, דער „capitan general“ קאָמאַנדירט מיט אַלע גוטע, די צווייטע מחנה — אין טאָל פון בבל, וואו לוציפער איז דער „Caudillo“ אָדער דער עלטסטער...

צי איז נישט די אַנשטאַלט „מאָרגענשטערן“ געווען אַן אמת-דיק קאַדעטן-הויז, וואו מ'האָט די יונגע מענטשן — איינגעטיילט אין „דיוויזיעס“ — מיט כבוד צוגעגרייט צו אַ גייסטלעך-מיליטערי-שער פירונג — אַ מין פאַרבינדונג צווישן „שטייפן קראַגן“ און דער „שפּאַנישער קרויז“, אויב מ'מעג זיך אַזוי אויסדריקן? די אידעע פון כבוד און אויסצייכענונג, וועלכע שפּילט אין יאָאַכימס שטאַנד אַזאַ גלענצנדיקע ראָל, טרעט אויך בולט אַרויס — האָט האַנס קאַס-טאָרפּ געטראַכט — אין יענעם שטאַנד, וואו נאַפּטאַ איז, לײַדער, צוליב זיין קרענק, נישט דערגאַנגען ווייט! ווען מען האָט זיך צוגעהערט צו אים, איז אויסגעקומען, אַז דער אָרדן באַשטייט פון בלויז העכסט-אַמביציעזע אָפּיצירן, וועלכע ווערן באַגייסטערט בלויז פון איין זאַך: זיך אויסצוצייכענען אין דער דינסט („Insignes esse“ — הייסט עס אויף לאַטייניש). לויט דער לערע און דעם רעגלאַמענט פון גרינדער און ערשטן גענעראַל פון אָרדן, דער שפּאַניער לאָיאָלאַ*, טוען זיי מער, טוען זיי הערלעכער זייער דינסט, ווי אַלע יענע, וואָס פירן זיך בלויז לויט זייער געזונטן פאַרשטאַנד. זיי טוען דאָס זייעריקע „ex super erogatione“, לפנים משורת-הדין, ווייל נישט נאָר, וואָס זיי שטעלן זיך אַנטקעגן דער מרידה פון לייב („rebelioni carnis“), וואָס איז נישט מער ווי אַ זאַך פון דורכשניטלעך געזונטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד, נאָר זיי טרעטן אַפילו אַרויס אין קאַמף קעגן די נייגונגען פון דער תאווה, קעגן דער אייגנליבע און ליבע צום וועלטלעכן, אַפילו אין אַזעלכע זאַכן, וואָס זיינען געוויינלעך דערלויבט. ווייל קעמפן קעגן דעם שונא, „agere contra“, אַטאַקירן, הייסט עס, איז מער און בכבודי-קער, ווי בלויז פאַרטיידיקן זיך („resistere“). דעם פיינט אָפּשוואַכן און צעברעכן! — הייסט עס אין מלחמה-רעגולאַמין און זיין מחבר,

* איגנאַציוס לאָיאָלאַ, דער גרינדער פון דעם יעזויטן-אָרדן און דער מחבר פון אָרדן-רעגולאַמין, האָט געלעבט פון 1491 ביז 1558.

דער שפּאַניער לאָאָלאַ, איז דאָ ווידער אינגאַנצן מסכּים מיט יאָאַכימס „capitan general", מיט דעם פּרייסישן פרידריך, און מיט זיין מלחמה־כּלל „אַטאַק, אַטאַק" זיצן דעם שונא אין די הויזן! „Attaquez donc toujours!" *

אָבער דאָס, אין וואָס נאַפטעס וועלט און יאָאַכימס זיינען געווען אינגאַנצן אידענטיש, איז געווען זייער באַציִונג צו בלוט און זייער אַקסיאָם, אַז מ'דאַרף נישט צוריקציען די הענט דערפון: באָטש צוויי וועלטן, אָרדנס און שטאַנדן — זיינען זיי ספּעציעל געווען איינ־שטימיק אויף דעם געביט. פּאַר אַזאַ ציוויליסט ווי האַנס קאַס־טאָרפּ איז געווען זייער אינטערעסאַנט צו הערן, ווי נאַפטאַ האָט דערציילט פון די מיטלאַלטערלעכע קריגערישע מאָנאַכן, וועלכע זיי־נען געווען אַסקעטיש ביז צום אויסגיין און פול מיט גייסטלעכער מאַכט־גיריקייט. זיי האָבן נישט געשוינט קיין בלוט, ווען ס'איז געגאַנגען וועגן דערפירן צו דער גאָט־מלוכה, צו דער וועלט־הערשאַפט פון איבערנאַטירלעכן. ער האָט דערציילט וועגן קעמפנדיקע טעמפּל־ברידער**, וועלכע האָבן געהאַלטן דעם טויט אין קאַמף קעגן די נישט־גלויביקע פאַר בכבודיקער, ווי דעם טויט אין בעט, און געהרגעט ווערן אָדער צו הרגענען אין נאָמען פון קריסטוס האָבן זיי נישט געהאַלטן פאַר קיין פאַרברעכן, נאָר פאַר דעם גרעסטן כּבוד. נאָך גוט, וואָס סעטעמבריני איז נישט בייגעווען ביי אָט־די רייד! ער וואָלט ווידער געוואָרן אַ שטערנדיקער קאַטאַרינאַזיש און וואָלט געדרייט אַ קאָפּ וועגן שלום. דערביי האָט ער זיך גאָרנישט קעגנגעשטעלט קעגן דעם נאַציאָנאַל־און ציוויליזאַציע־קריג קעגן עסט־רייך, און נאַפטאַ האָט גראָד די דאָזיקע פּאַסיע און שוואַכקייט אויסגעלאַכט מיט ביטול. אַזוי לאַנג, לכל־הפּחות, ווי דער איטאַליע־נער האָט זיך הייס געהאַלטן ביי אַזעלכע געפילן, האָט נאַפטאַ גע־פּרעדיקט אַ קריסטלעכן קאָסמאָפּאָליטיזם, האָט געטענהט, אַז יע־דעם לאַנד איז זיין פאָטערלאַנד און קיינעמס נישט. דערביי האָט ער

* פראַנצויזיש: אַטאַקירט דעריבער שטענדיק.

** אַ גייסטלעכער ריטער־אָרדן, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1113 בעת די קרייצצוגן.

שניידנדיק איבערגעחזרט דאָס וואָרט פון אַן אָרדן־גענעראַל ניקעל, וועלכער האָט געזאָגט, אַז די ליבע צום פאָטערלאַנד איז „אַ פעסט און דער זיכערסטער טויט פון דער קריסטלעכער ליבע".

פאַרשטייט זיך, אַז צוליב דער אַסקעזע האָט נאַפטאַ אָנגע־רופן די ליבע צום פאָטערלאַנד — פעסט. וואָרעם, וואָס האָט ער אַליין נישט פאַרשטאַנען אונטער דעם דאָזיקן וואָרט און וואָס אַליין איז, לויט אים, נישט געווען אין היפוך צו דעם מלכות־שמים און צו אַסקעזע! נישט בלויז דאָס הענגען אין פאַמיליע און אין פאָטער־לאַנד איז עס געווען, נאָר אויך די שטרעבונג צו געזונט און לעבן. טאַקע דאָס לעצטע האָט ער פאָרגעוואָרפן דעם הומאַניסט, בעת יענער האָט געזונגען וועגן שלום און גליק. ער האָט אים אין מחלוקת באַשולדיקט אין דער ליבע צום פלייש, אין amor carnalis, אין דער ליבע צו קערפּערלעכע באַקוועמלעכקייטן, commodorum corporis, און ער האָט עס אים אין פּנים אַריין געטענהט, אַז די מינדסטע אַכטונג צו לייגן אויף לעבן און געזונט איז סנאָביסטישע אירעליגיעזיטעט.

דאָס איז געווען דער גרויסער שמועס וועגן געזונטקייט און קראַנקהייט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין איינעם אַ טאָג שוין נישט ווייט צו ווייַנאַכט צו, בעת אַ שניי־שפּאַציר קיין „פּלאַץ" און צוריק. אַלע האָבן דערין גענומען אָנטייל, סעטעמבריני, נאַפטאַ, האַנס קאַסטאָרפּ, פערגע און וועזאַל, אַלע האָבן דערבייַ לייכט גע־פיבערט, באַטייבט און איבערגערעגט פון גיין און ריידן אין גרויסן פראָסט, אָן אויסנאַם געניגט צו ציטערן, סיי יענע, וואָס האָבן גענומען אַ מער טעטיקן אָנטייל אין שמועס, ווי נאַפטאַ און סעטעמ־ברינִי, סיי יענע, וואָס האָבן דער עיקר זיך צוגעהערט און בלויז קורץ זיך מיט עפּעס אָנגערופן. אַלע זיינען דערבייַ געווען אַזוי באַרקאָכט, אַז מ'איז אָפט פון פאַרגעסנקייט געבליבן שטיין. עס איז געוואָרן אַ רעדל טיף־פאַרנומענע, זשעסטיקולירנדיקע שמועסער, וואָס האָט פאַרשטעלט דעם דורכגאַנג. ס'האָט זיי אַפילו נישט גע־אַרט דאָס, וואָס מענטשן האָבן געמוזט אַרומגיין אַרום זיי אין אַ בויגן. אַנדערע האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט, צוגענייגט אַן איי־ער און האָבן זיך שטוינענדיק צוגעהערט צו זייערע לאַנגע דיבורים.

אייגנטלעך האָט זיך אָנגעהויבן דער וויכּוח פון קאַרען קאַרס=
טעדט, פון דער אָרעמער קאַרען מיט די אָפענע פינגער=שפיצן, וואָס
איז לעצטנס געשטאָרבן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט גאָרנישט געוואוסט
וועגן איר פלוצלונגדיקער פאַרערגערונג און פון איר טויט. ווען
נישט, וואָלט ער זיכער חבריש אָנטייל=גענומען אין איר לוויה —
בפרט נאָך, אַז ער האָט אַזוי ליב געהאַט קבורות, ווי ער האָט
אַליין מודה געווען. אָבער אַדאַנק דער היגער דירעקציע איז ער גע=
וואָר געוואָרן צו=שפעט וועגן קאַרען קאַסטעדטס סוף און אַז זי
האָט שוין אָנגענומען איר אייביק אייף איר האָריזאָנטאַלע פּאָזיציע אין
דעם גאָרטן, וואו ס׳שטייט דאָס געטל מיטן קרומען שניי=היטעלע.
Requiem aeternam...* ער האָט איר אָנדענק גע=
ווידמעט עטלעכע פריינדלעכע ווערטער. דאָס האָט באַוואויגן סעטעמ=
בריני, ער זאָל זיך אויסדריקן מיט חוזק וועגן האַנס קאַסטאָרפּס
מעשים=טובים, וועגן זיינע באַזוכן ביי ליילאַ גערנגראָס, ביים פרוי
ראָטביין, ביי דער איבערפולטער צימערמאַן, ביים באַרימערישן זון
פון Tous le deux און ביי דערליידנדיקער נאַטאַל=
יע פאָן מאַלינקראָדט. באַזונדערס האָט ער זיך פונאַנדערגערעדט וועגן
די טייערע בלומען, מיט וועלכע דער אינזשיניער האָט אַרויסגעוויזן
דרך=ארץ אָט דעם פאַרלוירענעם און לעבערלעכן געזינדל. האַנס
קאַסטאָרפּ האָט אָנגעוויזן דערויף, אַז אַלע, וואָס האָבן באַקומען
פון אים בלומען — אַחוץ דער פרוי פאָן מאַלינקראָדט און דאָס
יינגל טעדי — זיינען גאַנץ ערנסט געשטאָרבן. דערויף האָט סע=
טעמבריני געפרעגט, צי ס׳קומט, מ׳זאָל פאַר זיי דרך=ארץ האָבן
צוליב דעם. ס׳איז דאָך אָבער פאַראַן עפעס אַזוינס — האָט האַנס
קאַסטאָרפּ געענטפערט — וואָס מ׳קאָן רופן קריסטלעכע רעווערענ=
פאַר דעם עלנט. און איידער סעטעמבריני האָט באַוויזן אים אָפּצו=
ענטפערן, האָט נאַפטאַ אָנגעהויבן ריידן וועגן פרומע אויסטערליש=גרויסע
מעשים לשם ליבע, וועלכע פלעגן פאָרקומען אין מיטלאַלטער, דערשטוי=
נענדיקע פאַלן פון פאַנאַטיזם און מסירת=נפש ביים פלעגן קראַנקע:
קיניגלעכע טעכטער האָבן געקושט די שטינקענדיקע וואונדן פון מצורעים,

* לאַטייניש: אייביקע רו.

האָבן בכיוון זיך אָנגעשטעקט מיט דער צרעת און די בלאָטערן, וואָס זיי האָבן געקריגן, האָבן זיי אָנגערופן זייערע רויזן. זיי האָבן געטרונקען דאָס וואַסער, מיט וועלכן זיי האָבן געוואַשן די אייטערנ־דיקע, און דערנאָך געטענהט, אַז זיי האָבן נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזאַ גוטן טעם.

סעטעמברִיני האָט געמאַכט אַ מינע ווי צום ברעכן. נישט אַזוי ווייט דאָס פיזיש־עקלהאַפטע פון אָט די בילדער און פאָרשטעלונגען שלאָגט אים צו דער גאַל — האָט ער געזאָגט — ווי די מאַנסטרעזע משוגעת, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין אַזאַ באַנעמען די טעטיקע מענטשן־ליבע. און ער האָט זיך אויסגעלאַכט, האָט ווידער אָנגענומען זיין וועדריקע האַלטונג און גענומען ריידן וועגן די נייצייטיקע פּראָגרעסיווע פאָרמען פון הומאַניטאַרער פלעגע, וועגן זיגפולן אויסראָטן די מגפות, און ער האָט אַנטקעגנגעשטעלט די היגיענע, די סאָציאַל־רעפאָרמען און די דערגרייכונגען פון דער מעדיצינישער ווּיסנשאַפט קעגן יענע מיטלאַלטערלעכע מעשיות.

פון די דאָזיקע בירגערלעך־בכבודיקע ענינים, האָט נאַפטאַ גע־ענטפערט, וואָלט די יאָרהונדערטער, וועגן וועלכע ער האָט פריער גערעדט, זייער ווייניק אַרויסגעקומען. ביידע צדדים נישט. די קראַנקע און עלנטע אַקוראַט אַזוי ווייניק ווי די געזונטע און גליקלעכע, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן זייער גוטסקייט צו די ערשטע נישט אַזוי ווייט צוליב רחמנות, ווי צוליב דער אויסלייזונג פון זייערע אייגענע נשמות. וואָרעם דורך דערפאָלגרייכע סאָציאַל־רעפאָרמען וואָלטן די געזונטע פאַרלוירן די וויכטיקסטע געלעגנהייטן אויף אַ תיקון, ביי די קראַנ־קע ווידער וואָלט צוגענומען געוואָרן זייער הייליקער שטאַנד. דער־פאַר איז אין אינטערעס פון ביידע צדדים געלעגן, ס'זאָל שטענדיק זיין אָרעמקייט און קראַנקהייט. די דאָזיקע באַנעמונג וועט אַזוי לאַנג זיין אַ מעגלעכע, ווי לאַנג ס'איז מעגלעך צו האַלטן זיך ביים ריין־רעליגיעזן קוק־פונקט.

— ס'איז אַ שמוציקער קוק־פונקט — האָט סעטעמברִיני דער־קלערט — און אַ באַנעמונג, וואָס ס'איז כמעט אונטער זיין כבוד, ער זאָל באַקעמפן איר טיפשות, וואָרעם די אידעע פון „הייליקן שטאַנד“ און אויך דאָס, וואָס דער אינזשיניער האָט נישט זעלבשטענדיק

אָנגערופן די „קריסטלעכע רעווערענץ פאַר דעם עלנט" — דאָס אַלץ איז שווינדלעריי, שטיצט זיך אויף אָפּנאַרעריי, אויף פאַלשער אָפּ־פילונג, אויף אַ פּסיכאָלאָגישן טעות. דאָס רחמנות, וואָס דער גע־זונטער האָט אויפן קראַנקן און וואָס ער דערהויבט ביז יראת־הכבוד, ווייל ער קאָן זיך באין־אופן נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי ער וואָלט אין אַזאַ פאַל געקאָנט פאַרטראָגן אַזעלכע יסורים, — אָט דאָס רחמנות איז אין אַ גרויסער מאָס איבערגעטריבן. עס איז גאָר־נישט חל אויפן קראַנקן און איז דערפאַר אַ רעזולטאַט פון אַ דענ־קונג־און פאַנטאַזיע־טעות, ווייל דער געזונטער שטעלט זיך פאַר דעם קראַנקן אין זיין הויט און מיינט, אַז דער קראַנקער איז אַ גע־זונטער, וועלכער דאַרף אויסשטיין די פיין פון אַ קראַנקן. דאָס איז אַ פולשטענדיקער טעות. דער קראַנקער איז טאַקע אַ קראַנקער, מיט דער טבע פון אַזעלכן און מיט זיין מאָדיפיצירטן אופן פון איבערלעבן. די קראַנקהייט דערגייט די מענטשן אַזוי, אַז זיי קאָ־נען אויסקומען צווישן זיך. עס זיינען דאָ פאַראַן פאַרמינערונגען פון געפילן, איבעררייסן, זיסע פאַרגעסונגען, גייסטיקע און מאָראַ־לישע מיטלען מצד דער נאַטור, דער קראַנקער זאָל זיך קאָנען צופּאַסן און זיך פאַרלייכטערן. דער געזונטער פאַרגעסט דאָס אַלץ, צוליב תמימות, אַריינצורעכענען אין חשבון. דער בעסטער ביישפּיל איז דאָס געזינדל ברוסט־קראַנקע דאָ אייבן מיט זייער לייכטזיניקייט, נאַרישקייט און צעלאָזנקייט, מיט זייער מאַנגל אין גוטן ווילן גע־זונט צו ווערן. בקיצור, ווען דער געזונטער בעל־רחמנות וועט אַליין קראַנק ווערן און מער נישט זיין געזונט, וועט ער שוין זען, אַז קראַנק זיין איז טאַקע, אמת, אַ שטאַנד פאַר זיך, אָבער אַבסאָלוט נישט קיין בכבודיקער און אַז ער האָט אים גענומען צו־ערנסט.

דאָ האָט זיך שוין צעבייזערט אַנטאָן קאַרלאָוויטש פערגע און האָט פאַרטיידיקט זיין לונגען־צעטרייסלונג קעגן ביטול און פּראָ־פאַנאַציע. ווי? וואָס? צו־ערנסט גענומען זיין לונגען־צעטרייסלונג? אַ שיינעם דאַנק, געהערט אַ מעשה? זיין גרויסער ליסער קאָפּ און זיינע גוטמוטיקע וואָנצעס האָבן זיך אַזש געהויבן אַראָפּ און אַרויף און ער האָט פאַרבאָטן יעדע גרינגשעצונג בנוגע דעם, וואָס ער האָט דעמאָלט דורכגעמאַכט. ער איז אַ פּשוטער מענטש, אַ פאַרזיכערונגס־

וואָיאַזשאָר — האָט ער געטענהט — און אַלע הויכע ענינים זיינען אים ווייט, אַפילו אָט־דער שמועס גייט איבער זיינע השגות. אויב הער סעטעמבריני האָט בדעה אין דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, אריינצונעמען אויך זיין לונגען־צעטרייסלונג, צום ביישפּיל — אָט דאָס טייוולאָנישע קיצלעניש מיט געשטאַנק פון שוועבל און מיט די דריי־קאָליריקע חלשותן — דעמאָלט דאַנקט ער שוין העפלעך. וואָס דעם דאָ איז נישט געווען קיין שפּור פון פאַרמינערונגען פון געפילן, פון זיסע פאַרגעסונגען און פון פאַנטאַזיע־פעלערן, נאָר ס'איז געווען די גרעסטע און שטאַרקסטע פאַסקודסטווע אויף דער וועלט. יענער, וואָס האָט נישט דורכגעמאַכט דאָס, וואָס ער, קאָן בכלל פון אַזאַ געמיינקייט נישט האָבן קיין —

— איי־איי, איי־איי! — האָט סעטעמבריני געזאָגט — וואָס לענגער ס'ווערט פון דער צייט, ווען הער פּערגע האָט באַקומען זיין קאָלאָפּס*, אַלץ גרויסאַרטיקער ווערט ער כסדר. ער טראָגט זיך אַרום דערמיט, ווי מיט אַ הייליקייט. ער, סעטעמבריני, האָט ווייניק דרך־ארץ פאַר יענע קראַנקע, וואָס האָבן פּרעטענזיעס באַוואונדערט צו ווערן. ער איז אַליין קראַנק און נישט לייכט. אָבער ער איז אָן גוזמא גיכער געניגט צו שעמען זיך דערמיט. אַגב, האָט ער גערעדט נישט־פּערזענלעך, פילאָסאָפיש. דאָס, וואָס ער האָט באַמערקט וועגן די אונטערשיידן אין דער טבע און אופן פון איבערלעבן צווישן געזונטן און קראַנקן, איז אַלט ווי די וועלט. זאָלן די הערן אַ קלער טאָן וועגן גייסטיקע קראַנקהייטן, וועגן האַלוצינאַציעס, צום ביישפּיל. ווען איינער פון אונז דאָ, דער אינזשעניער, למשל, אָדער הער ווייזאַל, זאָל היינט אינאָוונט אין בין־השמשות דערזען זיין געשטאָרבענעם פאָטער אין אַ ווינקל און ער זאָל אים אָנקוקן און צו אים ריידן — וואָלט דאָס געווען פאַר דעם באַטרעפנדיקן מענטש פשוט אַן אומגעהייערע זאַך, אַ איבערלעבעניש, וואָס דערשיטערט און מאַכט נבהל־ונשתומם ביז דער העכסטער מדרגה. עס וואָלט דעם מענטשן געקאָנט ברענגען פון זין, פון שכל און גורם זיין, ער זאָל אַוועק פונדאַנען און מיזן אַריין

* שלאַפקייט.

אין אַ נערוון־סאַנאַטאָריע. אָדער נישט אַזוי? דער וויץ באַשטייט, אָבער, דערין, וואָס אַייך קאָן זיך עס נישט טרעפן, ווייל איר זענט גייסטיק געזונט. ווען ס׳טרעפט זיך אַייך אָבער יאָ, וואָלט איר שוין נישט געווען געזונט, נאָר קראַנק און איר וואָלט נישט רעאַגירט דערויף ווי אַ געזונטער, דאָס הייסט: מיט שרעק און בהלה, נאָר איר וואָלט אויפגענומען די דערשיינונג, גלייך זי וואָלט געווען אינגאַנצן אין אָרדענונג און איר וואָלט אַייך מיט דעם פּאַטער אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס, ווי ס׳איז טאַקע דער שטייגער ביי האַלוצינאַנטן. גלויבן, אַז אים דערשרעקט די האַלוצינאַציע ווי אַ געזונטן — דערין באַשטייט טאַקע דער פֿאַנטאַזיע־פֿעלער, וועלכן ס׳באַגייט דער נישט קראַנקער.

סעטעמבריני האָט גערעדט זייער וויציק און פּלאַסטיש פֿון דעם פּאַטער אין ווינקל. אַלע האָבן זיך געמוזט צעלאַכן, פּערגע אויך, כאָטש ס׳האָט אים פֿאַרדראָסן, פֿאַרוואָס יענער איז מבטל זיין שוידערלעכע איבערלעבונג. דער הומאַניסט פֿון זיין זייט האָט באַנוצט דעם גוטן הומאָר, כדי ווייטער זיך צו צערעדן ברייט וועגן דער גאָרנישטיקייט פֿון די האַלוצינאַנטן און וועגן אַלערליי pazzi * בכלל. די דאָזיקע מענטשן, האָט ער געטענהט, פֿאַרגינען זיך נישקשה צו מיספּרויכן מיט זייער צושטאַנד און זיינען גאַנץ אָפֿט בכּוח איינצוהאַלטן זייער משוגעת, ווי ער אַליין האָט געזען ביי געלעגנהייטן אין משוגעים־הייזער. וואָרעם תּיכּף, ווי דער דאָקטאָר אָדער אַ פֿרעמדער באַווייזן זיך אויף דער שוועל, הערט אויף דער האַלוצינאַנט צו מאַכן זיינע העוויות, זיינע זשעסטן, הערט אויף צו ריידן און האַלט זיך אָנשטענדיק אַזוי לאַנג, ווי לאַנג ער ווייסט, אַז מ׳קוקט אויף אים. ערשט שפּעטער לאָזט ער זיך ווידער אָפּ, וואָרעם משוגעת איז אָן ספק אָפֿט אַ מין אָפּלאָזן זיך, אַ מקום־מקלט פֿאַר גרויסע צרות און אַ באַשיצונג פֿאַר אַ שוואַכער נאַטור קעגן צושווערע קלעפּ פֿון גורל, וועלכע אַזאַ מענטש וואָלט מיט אַ קלאָרן זין נישט געקאָנט ביישטיין. דאָס קאָן זיך, אַזוי צו זאָגן, יעדן טרעפן און ער, סעטעמבריני, האָט שוין עטלעכע משוגעים צוריק־

* איטאַליעניש: משוגעים.

געבּרענגט צו קלאָרקייט, מינדסטנס צייטווייליק, בלויז דורך זיין בּליק, דורך דעם, וואָס ער האָט זייער צעמישונג קעגנגעשטעלט זיין עקשנות־דיקן שׂכל...

נאַפטאַ האָט געלאַכט מיט חוזק און האַנס קאַסטאָרפּ האָט פאַרזיכערט, אַז ער גלויבט סעטעמבּרינין דאָס, וואָס ער האָט דער־ציילט, אויפן וואָרט. בעת ער שטעלט זיך פאָר, ווי ער האָט גע־שמייכלט אונטער זיין וואָנסע און דעם מטורף געקוקט אין די אויגן מיט עקשנותדיקן שׂכל, פאַרשטייט ער שוין, אַז דער אומגליקלעכער חברה־מאַן האָט געמוזט זיך נעמען אין דער האַנט אַריין און באַ־קומען דרך־ארץ פאַרן ביסל קלאָרן פאַרשטאַנד, כאָטש ער האָט גאַנץ זיכער אָפּגעפילט אין הער סעטעמבּרינים דערשיינען אַ שטע־רונג, פון וועלכער ער איז געוועזן אומצופרידן... אָבער אויך נאַפטאַ איז געוועזן אין משוגעים־הייזער, ער האָט זיך דערמאָנט אין אַ באַזוך אין איינעם פון זיי, אין דעם „אומרויִקן הויז". דאָרטן האָט מען צוגעזען בּילדער און בצענעס, צו וועלכע הער סעטעמבּרינים שׂכל־פולער בּליק און ציכטיקער איינפלוס וואָלטן גאַנץ ווייניק געפּועלט. ס'האָבן זיך דאָרטן אָפּגעטאָן דאַנטישע סצענעס, גראָטעסקע בּיל־דער פון שרעק און פּיין: די נאַקעטע משוגעים האָבן זיך אַרומגע־דרייט, ווי אין אַ באָד, אין אַלע פּאָזעס פון גייסטיקער שרעק און מוראדיקער אָפּגעטעמפּטקייט. טייל פון זיי האָבן הויך געשריגן און גע־יאָמערט, אַנדערע האָבן מיט אויפגעהייבּענע הענט און מיט קריצנ־דיקע מיילער אויסגעשאָסן מיט געלעכטערס, אין וועלכער ס'האָבן זיך אויסגעמישט אַלע איינגרעדיענצן פון גיהנום...

— אַהאַ — האָט געזאָגט פערגע און האָט זיך דערלויבּט צו דערמאָנען אין זיין אייגן געלעכטער, וועלכעס ער האָט דערהערט בּיים אויפקומען.

בקיצור, הער סעטעמבּרינים עקשנותדיקע פּעדאַגאָגיק וואָלט זיך געמוזט איינגאַנצן באַהאַלטן אין דעם דאָזיקן „אומרויִקן הויז", אויף וועלכן דער שוידער פון רעליגיעזן יראת־הכבוד וואָלט געווען אַ סך אַ מענטשלעכערע רעאַקציע, ווי דער גאַוווהדיקער שׂכל־מאָראַ־

ליזם, וועלכן אונזער ליכטיקסטער זון-ריטער און וויקאַריוס סאַלאָ-מאָנים * וויל קעגנשטעלן דעם שיגעון.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט געהאַט קיין צייט אַ קלער צו טאָן וועגן די טיטלען, וועלכע נאַפּטאַ האָט דאָ ווידעראַמאָל געגעבן סעטעמ-ברינין. ער האָט אַייליק בײַ זיך באַשלאָזן בײַ אַ געלעגנהייט צו דער-גיין זייער באַטייט. דערווייל איצט האָט דער לויפּנדיקער ישמועס אינ-גאַנצן פאַרשלונגען זיין אויפמערקזאַמקייט. וואָרעם נאַפּטאַ האָט גראָד מיט שאַרפקייט אַנאַליזירט די אַלגעמיינע טענדענצן, וואָס ווירקן אויפן הומאַניסט אָפּצוגעבן פּרינציפּיעל דעם גאַנצן כבוד דער געזונטקייט און די קראַנקהייט ווי ווייט מעגלעך מבזה צו זיין און צו פאַרקלענערן איר ווערט. דערבײַ האָט ער אַרויסגעוויזן אַ מערקווערדיקע עניוות, וואָס האָט פאַרדינט מ'זאָל זי לויבן, וואָרעם סעטעמברינִי אַליין איז דאָך אויך געווען קראַנק. נישט געקוקט אויף דער אומגעוויינטלעכער בכבודיקייט, איז זיין האַלטונג געבליבן אַ פעלערהאַפטיקע; זי האָט זיך גענומען פון אַכטונג און דרך-ארץ צום לייב, כאָטש דאָס וואָלט געקאָנט זיין באַרעכטיקט נאָר דעמאָלט, ווען דאָס לייב וואָלט געווען אין זיין אַמאָליקן קדמונישן מצב, נישט אין מצב פון דערנידערי-קונג, in statu degradationis **, וואָרעם דאָס לייב איז באַשאַפן געוואָרן אומשטערבלעך. בלויז צוליב דעם ערשטן חטא איז די טבע געוואָרן ערגער, דער קערפּער איז געוואָרן עפּעס אַזוינס, וואָס ווערט פאַרדאָרבן און מיאוס, שטערבלעך און פויל, אַזוי אַז מ'זאָל אויף אים מוזן קוקן ווי אויף דער תּפיסה און שטראָף-קאַמער פאַר דער נשמה און ער איז בלויז געאייגנט צו דערוועקן דאָס געפיל פון חרטה און צעמישונג, Pudoris et confusionis sensum ***, ווי דער הייליקער איגנאַציוס **** האָט געזאָגט.

— דאָס דאָזיקע געפיל — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אַ רוף געטאָן — האָט אויך אויסגעדריקט דער הומאַניסט פּלאָטינוס. אָבער סעטעמ-

* שלמה המלכס פאַרטרעטער (וויקאַריוס = פאַרטרעטער פון אַ גלח).

** דאָס זעלבע לאַטייניש.

*** דאָס זעלבע לאַטייניש.

**** לאָיאָלאַ.

בריני האָט אַריבערגעוואָרפן די האַנט פון אַקסל־געלענק איבער דעם קאָפּ און האָט אים אויפגעפאָדערט נישט צו פּאַרמישן די באַגריפן און זיך ליבערשט צו פאַרהאַלטן רעצעפּטיוו.

דערווייל האָט נאַפטאַ אַרויסגעפירט דעם יראת־הכבוד, וועלכן דער קריסטלעכער מיטלאַלטער האָט געהאַט פאַר דעם עלנט פון קערפּער, פון דעם רעליגיעזן אָפּשוי, וועלכן דער מיטלאַלטער האָט געהאַט פאַר קערפּערלעכע ליידן. וואָרעם די וואונדן אויפן קערפּער האָבן נישט בלויז בולט געמאַכט זיין געזונקענקייט, נאָר האָבן אויך אויף אַ אויסבעסערנדיקן אופן, וואָס דערוועקט גייסטלעכע צופרידנ־קייט, דערמאָנט אין דער גיפטיקער פאַרדאָרבנקייט פון דער נשמה — אין דער צייט, ווען אַ בליענדיקער קערפּער איז געווען אַן ערשיינונג, וואָס האָט אַריינגעפירט אין אַ טעות און באַליידיקט דאָס געוויסן. מ'האָט דערפאַר אויסגעצייכנט גוט געטאָן דערמיט, וואָס מ'האָט אָט־דעם געזונטן מצב פאַרלייקנט און געהאַט טיפע הכנעה פאַר דעם בעל־מום. Quis me liberabit de corpore mortis hujus? * ווער וועט מיך באַפרייען פון דעם קערפּער פון אָט דעם טויט? דאָס איז געווען די שטים פון גייסט, וועלכע איז אייביק געווען די שטים פון אמתער מענטשלעכקייט, — ניין, דאָס איז געווען אַ נאַכטיקע שטים — לויט סעטעמ־בריניס מיינונג, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט אַ געריטערטער — דאָס איז געווען די שטים פון אַ וועלט, אויף וועלכער ס'האָט נאָך נישט געשיינט די זון פון שכל און מענטשלעכקייט. יאָ, כאָטש ער אַליין איז קער־פּערלעך אָנגעשטעקט, אָבער זיין גייסט האָט ער אויפגעהאַלטן אין אַ געזונטן און אַ נישט פאַרסמטן צושטאַנד, כדי ער זאָל קאָנען אויף אַ שיינעם אופן איבערשפּאַרן דעם גלחשן נאַפטאַ אין קערפּערלעכע עניניס און חוזק מאַכן פון דער נשמה. ער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט אָנגערופן דעם מענטשלעכן קערפּער — דער אמתער טעמפּל פון גאָט. דערויף האָט נאַפטאַ ערקלערט, אַז דאָס דאָזיקע געוועב איז נישט מער ווי אַ פאָרהאַנג צווישן אונז און דער אייביקייט. דאָס האָט גורם געווען, אַז סעטעמבריני האָט אים ענדגילטיק פאַרווערט צו באַנוצן זיך מיט דעם וואָרט מענטשהייט — און אַזוי ווייטער.

* לאַטייניש — ווערט גלייך איבערגעזעצט אין צווייטן זאַץ.

זיי האָבן געהאַט פאַרגליווערטע פנימער פון פראָסט, געווען אָן די היטלען און האָבן מיט זייערע גומענע קאַלאָשן דאָ געטראָטן אויף דעם האַרטן קריצנדיקן שניי באַשיט מיט אַש, וואָס האָט העכער גע־מאַכט דעם טראָטואַר. באַלד האָבן זיי מיט די פיס געאַקערט אין די שיטערע שניי-מאַסן פון פאָר-וועג. סעטעמבריני איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווינטער-פאַלטאָ. דער ביבערנער קאָלנער און די אַרבל-זוימען האָבן צוליב זייער אויסגעקראָכנקייט אויסגעזען, ווי פאַרשיווע. פונ־דעסטוועגן האָט ער אים געטראָגן גאַלאַנט. נאַפטאַ איז געווען אָנגע־טאָן אין אַ שוואַרצן מאַנטל ביז אַראָפ, הויך פאַרקנעפלט. איַנעווייניק איז ער געווען אינגאַנצן אונטערגעשלאָגן מיט פוטער, אָבער אויס־ווייניק האָט מען גאָרנישט אָנגעזען. אַזוי האָבן זיי זיך געשפאַרט איבער די פרינציפן און אַליץ מער געקאָכט; דערביי איז אָפט געשען, אַז זיי האָבן זיך נישט געווענדט איינער צום אַנדערן, נאָר צו האַנס קאַסטאָרפן, צו וועלכן מען האָט גערעדט און פאַרטיידיקט זיך, ווייזנדיק בלויז אויפן קעגנער מיטן קאָפ, אָדער מיטן גראָבן פינגער. ער איז געגאַנגען צווישןביידע, האָט געווענדט דעם קאָפ דאָ אין דער זייט דאָ אין יענער, האָט מסכים געווען דאָ מיט דעם, דאָ מיטן אַנדערן. טיילמאָל פלעגט ער בלייבן שטיין, האָט קרום צוריקגעבויגן דעם אייבערשטן טייל קערפער און האָט זשעסטיקולירט מיט דער האַנט אין דער ציגן-לעדערנער הענטשקע, אַרויסזאָגנדיק דערביי עפעס אייגנס און, פאַרשטייט זיך, זייער נישט צו דער זאַך. פערגע און ווייזאַל האָבן זיך געדרייט אַרום די דריי, זיינען געגאַנגען אָט פון פאָרנט און אָט פון הינטן, אָדער גאָר אין איין ריי, ביז מ'האָט געמוזט עמעצן דורכלאָזן.

אונטער דעם איינפלוס פון זייערע צווישן-באַמערקונגען איז די דיסקוסיע פלוצלונג אַרויף אויף זאַכלעכע ענינים. אַזוי האָט מען אינדערגיך און ביי אַלעמענס פאַראינטערעסירונג באַהאַנדלט דאָס פראָבלעם פון מתים-פאַרברענונג, פון קערפערלעכע שטראָפן, טאָר־טורן און טויט-שטראָף. אויף דער טעמע פון קערפערלעכע שטראָפן האָט אַרויפגעפירט פערדינאַנד ווייזאַל און די טעמע האָט אים געפאַסט צום פנים, ווי האַנס קאַסטאָרפ האָט אַיינגעפונען. ס'איז גאָרנישט געווען קיין וואונדער, אַז סעטעמבריני האָט מיט הויכע ווערטער און אין

נאָמען פון מענטשלעכן כבוד שאַרף זיך אַרויס־געזאָגט קעגן די מיאוסע מעשים, סיי אין דער פּעדאַגאָגיק, סיי אין דער יוסטיץ. נאַפּטאַ האָט גערעדט לטובת די שמיץ און כאָטש עס האָט נישט איבערראַשט, האָט עס פאַרוואונדערט צוליב אַ מוטנער חוצפה אין זיין טאָן. לויט אים איז עס געווען אַן אַבסורד אין דעם פאַל צו פּלאַפּלען וועגן מענטשן־ווערדע, ווייל די אמתע מענטשלעכע ווערדע איז אין גייסט, נישט אין פלייש. היות די מענטשלעכע נשמה איז שוין צו פיל גענייגט אַרויסצוזויגן פון קערפּער איר גאַנצן לעבנס־חשק, במילא זיינען די יסורים, וועלכע מ׳טוט אָן דעם קערפּער, לחלוטין אַ גוט מיטל צו פאַרמיאוסן איר די תאווה און אַזוי אַרום צוריקצוברענגען זי אין גייסט אַריין, כדי דער גייסט זאָל ווידער קומען צו זיין ממשלה. קוקן אויף דעם שטראָף־מיטל פון שמיץ ווי אויף עפּעס אַ באַזונדער חרפה, איז זייער נאַריש. דער בעל־ווידוי פון דער הייליקער עליזאַבעט, קאָנראַד פאָן מאַרבורג, האָט זי געשלאָגן ביז בלוט און דערפאַר איז איר נפש, ווי די לעגענדע דערציילט, „דערהויבן געוואָרן ביז צום דריטן כאָר”. זי אַליין האָט געשלאָגן מיט ריטער אַן אַלטע פרוי, וועלכע איז געווען פויל זיך מתוודה צו זיין. צי קאָן מען באמת האָבן דעם מוט אָנצורופן באַרבאַריש, אוממענטשלעך די עינויים, וואָס די אָנגעהעריקע צו געוויסע אָרדנס און סעקטן, און בכלל טיפע מענטשן האָבן זיך אַליין אָנגעטאָן, כדי שטאַרק צו מאַכן אין זיך דעם פּרינציפּ פון גייסטיקן? דער גלויבן, אַז די געזעצלעכע אָפּשאַפונג פון קלעפּ אין די לענדער, וואָס האַלטן זיך פאַר פיין, איז אַן אמתדיקער פּראָגרעס, ווערט נאָך קאָמישער צוליב זיין אַיינגערעדקייט.

— נו, דאָס מוז מען אַבסאָלוט מודה זיין, — האָט האַנס קאַסטאָרפּ זיך אָנגערופן — אַז אין דעם קעגנזאַץ גופא צווישן קערפּער און גייסט איז אָן שום ספק דער קערפּער דער, וואָס... פאַרקערפּערט, כאַ־כאַ, יאָ, פאַרקערפּערט דעם שלעכטן, טייוולאָנישן פּרינציפּ. וואָרעם דער קערפּער איז דאָך נאַטירלעך נאַטור — „נאַטירלעך נאַטור”, דאָס איז אויך נישט שלעכט געזאָגט! — און די נאַטור איז, אין קעגנזאַץ צום גייסט, צום שכל, אינגאַנצן שלעכט, מיסטיש שלעכט, קאָן מען זאָגן, אויב מ׳וויל אַ ביסל ריזיקירן מיטן ביסל בילדונג

און קענטעניש. ווען מ'האַלט זיך פעסט ביים דאָזיקן קוק־פונקט, איז די קאָנסעקווענץ אַ גאַנץ ריכטיקע, אַז מען זאָל דעם קערפּער אַזוי באַהאַנדלען, דאָס הייסט, אים געבן אַזעלכע דיסציפּלין־מיטלען, וועלכע אַנטשפּרעכן אים און וועלכע מ'וואָלט אויך געקאָנט אָנרופן מיסטיש־שלעכטע, ווען מ'וויל ווידער־אַמאָל אַ ביסל ריזיקירן. אפשר, ווען הער סעטעמבריני וואָלט דעמאָלט, בעת זיין קערפּערלעכע שוואַכקייט האָט אים געשטערט צו פאָרן אויפן פּראָגרעס־קאָנגרעס קיין באַרצעלאָנע, געהאַט לעבן זיך אַ הייליקע עליזאַבעט...

מ'האָט זיך צעלאַכט. און היות דער הומאַניסט האָט געוואָלט אַרויסשפּרינגען, האָט האַנס קאַסטאָרפּ אינדערגיך גענומען דערציילן פון די קלעפּ, וועלכע ער אַליין האָט באַקומען אַמאָל: אין די נידעריקע קלאַסן פון זיין גימנאַזיע האָט מען נאָך טיילמאָל אָנגעווענדט אַזעלכע שטראָפן. ס'זיינען געווען דערצו ספּעציעלע שטעקנס און כאָטש די לערערס האָבן נישט געוואָלט אויפהייבן אויף אים אַ האַנט צוליב געזעלשאַפטלעכע סיבות, האָט אים פונדעסטוועגן אַ שטאַרקערער שילער דערמיט אויסגעקלאַפּט. דער גרויסער דראָנג האָט אים געגעבן מיט אַ בויגעוודיקן שטעקן איבערן אייבערשענקל און איבער די ליטקעס, וואָס זיינען צוגעדעקט געווען בלויז מיט זאָקן. ס'האָט טאַקע גאַנץ פעסט וויי־געטאָן, פּאַסקודנע, נישט צו פאַרגעסן, ממש מיסטיש. ער האָט אויף אַ מיאוסן אופן זיך צעשלוכצט און די טרערן האָבן אים גענומען רינען בלויז פון כעס און חרפּהדיקן וויי. ער האָט אויך געלייענט, אַז אין די תּפיסות ביים באַקומען די שמיץ וויינען די שטאַרקסטע מערדער ווי קליינע קינדער.

בשעת סעטעמבריני האָט באַדעקט זיין פּנים מיט ביידע הענט אין די זייער אָפּגעריבענע לעדער־הענטשקעס, האָט נאַפטע געפרעגט מיט מלוכה־מאַנישער קאַלטקייט, ווי אַזוי מ'וואָלט געקאָנט אַנדערש צוימען ווידערשפּעניקע פאַרברעכער, אויב ניט מיט שטעקנס, וואָס זיינען, אגב, אין תּפיסות זייער אין סטיל. אַ הומאַנע תּפיסה איז אַ עסטעטישע אומפאַרענדיקטקייט, אַ פּשרה, און הער סעטעמבריני, כאָטש ער איז אַ שיינער רעדנער, פאַרשטייט זיך אין גרונט לחלוטין נישט אויף קיין שיינקייט. וואָס ס'איז שייך די פּעדאַגאָגיק, וואַקסט אַרויס, לויט זיין מיינונג, דער באַגריף פון מענטשן־

חערדע ביי יענע, וואָס ווילן מבטל זיין די קערפּערלעכע שטראָפן, פון דעם ליבעראַל-אינדיווידואַליזם אין דער תקופה פון בירגערלעכער הומאַניטעט. עס איז אַ אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיזם פון „איך“, וואָס האַלט שוין ביים אָפּשטאַרבן. ער וועט געבן אָרט פאַר ניי-אָנ-קומענדיקע געזעלשאַפט-אידעען, ווייניקער ווייכע, אידעען פון בינדן און ביגן, פון צוואַנג און געהאָרזאַמקייט. מען וועט זיך דאָ נישט באַגיין אויך אָן קיין הייליקער אכזריות און מען וועט אויך קוקן מיט אַנדערע אויגן אויף דער שטראָף פון קאַדאַווער*.

— דערפון נעמט זיך טאַקע דער נאָמען „קאַדאַווער-געהאָרכ-זאַמקייט“ — האָט סעטעמברינזי חוזק-געמאַכט. היות נאַפטע האָט אַריינגעוואָרפן, אַז אויב גאָט האָט באַשטימט, אונזער לייב זאָל פאַר אַ שטראָף אויף די זינד טראָגן אויף זיך די מיאוסע חרפה פון פאַרפוילט ווערן, איז עס סוף-כל-סוף נישט קיין מאַיעסטעט-פאַרברעך, ווען מ'גיט דעם זעלבן גוף עטלעכע שמיץ — איז מען תיכף אַרויף אויף דער טעמע פון מתים-פאַרברענונג.

סעטעמברינזי האָט עס געלויבט. יענע חרפה קאָן מען אויסמיידן, האָט ער געזאָגט אַ צופרידענער. צוליב צוועקמעסיקייט און צוליב אי-דעאַלע מאָטיוון האַלט די מענטשהייט דערביי, מ'זאָל זי אויסמיידן. און ער האָט דערציילט, אַז ער נעמט אָנטייל אין די הכנות צו אַ אינ-טערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס וועגן מתים-פאַרברענונג, וועלכער וועט מסתמא פאָרקומען אין שוועדן. מען פּלאַנט צו ווייזן אַ מוסטערהאַפטע קרע-מאַטאָריע, וואָס וועט זיין אַיינגעאָרדנט לויט אַלע דערפאַרונגען, וועלכע מ'האָט אָנגעזאַמלט ביז איצט. ס'וועט אויך דאָרטן זיין אַ האַלע מיט אור-נעס. מ'דאַרף דערפון ערוואַרטן ווייטגייענדיקע אָנרעגונגען און דער-מוטיקונגען. וואָס פאַר אַ נאַריש-פאַרעלטערטער פּראָצעס עס איז דאָס מקבר זיין, אין אַ צייט, ווען די ציוויליזאַציע האַלט שוין אַזוי ווייט! דאָס וואַקסן פון די שטעט! דאָס אַרויסשטופן די אַזוי-גערופענע בית-עולמס, וועלכע פאַרשלינגען אַזוי פיל פּלאַץ, אויף די פּעריפעריעס!

* לאַטייניש: פּגר.

די פּריִזן פון ערד! די וואָכעדיקייט פון די לוויות צוליב דעם, וואָס מ'מוז באַנוצן די מאָדערנע פּאַרקער־מיטלען! סעטעמבריני האָט גע־קאָנט וועגן דעם אַלעמען אַרויסזאָגן עפּעס ניכטערן־צוטרעפנדיקס. ער האָט זיך געוויצלט איבער דעם טיף־געבויגענעם אלמן, וואָס איז יעדן טאָג עולה־רגל צום קבר פון זיין טייערער געשטאָרבענער, כדי זיך דורכצושמועסן מיט איר אויפן אָרט. אַזאַ מין אידיליקער מוז קודם־כל האָבן אַ ווילדע שפע פון יענעם טייערן אוצר, וואָס מ'רופט אָן צייט. אגב וועט אים דער מאַסן־כאַראַקטער פון אַ מאָדערנעם צענטראַלן בית־הקברות אינגאַנצן פאַרמיאוסן זיין אַטאַוויסטישע סענטימענטאַלקייט. דאָס אָפּרוימען טויטע גופים מיט דער הילף פון פייער — וואָס פאַר אַ ריינע, היגיענישע און ווירדיקע, יאָ, העלדישע פאָרשטעלונג איז דאָס איז פאַרגליכן מיט לאָזן דעם גוף צעפאַלן זיך אַליין און אַסי־מילירט ווערן דורך נידעריקע ברואים! יאָ, ביי דער נייער איינאָרדענונג וועט אויך מער באַפרידיקט זיין דאָס געמיט, די מענטשלעכע באַ־דערפעניש צו בלייבן. וואָרעם דאָס, וואָס ווערט פאַרברענט אין פייער, האָט סיי ווי סיי געהערט צו די פאַרענדערלעכע באַשטאַנד־טיילן פון קערפּער, וועלכע זיינען אַפילו ביים לעבן אונטערגע־וואָרפן געווען דעם שטאָף־וועקסל. די יעניקע באַשטאַנדטיילן, דאַ־קעגן, וועלכע האָבן אַמווייניקסטן גענומען אָנטייל אין אָט־דעם שטראָם פון איבערבייט און וועלכע האָבן כמעט אומפאַרענדערט באַגלייט דעם דערוואַקסענעם מענטש, — זיי ווערן נישט פאַרברענט אין פייער, פון זיי באַשטייט דאָס אַש. אין דעם אַש האָבן די איבער־געבליבענע קרובים דאָס, וואָס איז אינם אַוועקגעגאַנגענעם געווען אומפאַרענדערלעך.

— זייער וואויל — האָט געזאָגט נאַפטע. — אָ, דאָס איז זייער אָרנטלעך. דעם מענטשנס נישט־פאַרגענגלעכער טייל — דאָס אַש.

— אָ, פאַרשטייט זיך, נאַפטע האָט זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז די שטעלונג פון דער מענטשהייט צו די ביאָלאָגישע פאַקטן איז אַ אירראַציאָנעלע. ער האָט געהאַלטן פון דער פרימי־טיוו־רעליגיעזער מדרגה, אויף וועלכער דער טויט איז געווען אַ שרעקלעכע זאַך און אַזוי שטאַרק איינגעהילט מיט סודות־דיקער אימה,

אַז ס׳איז אַן עבֿרה אַ קוק צו טאָן אויף דעם דאָזיקן פּענאָמען מיטן קלאָרן שכל. וואָס פֿאַר אַ באַרבאַרישקייט! די פּחדים פֿאַרן טויט שטאַמען פֿון עפּאָכן פֿון דער סאַמע נידעריקסטער קולטור, וואו מ׳איז כּמעט שטענדיק אומגעקומען שלא כּדרך הטבע. אַט דאָס באמת שרעקלעכע, וואָס איז געגאַנגען האַנט בײַ האַנט מיטן טויט, האָט זיך אויף לאַנגע צײַטן אין מענטשלעכן געפֿיל פֿאַרמישט מיט דעם געדאַנק פֿון טויט בכלל. אָבער אַדאַנק דער אַנטוויקלונג, דער אַלגעמיינער היגיענע און דער פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון דער פּערזענלעכער זיכערקייט, ווערט אַלץ מער און מער דער נאַטירלעכער טויט אַ נאָרם. פֿאַר דעם מאָדערנעם אַרבעט־מענטש איז דער געדאַנק פֿון אײַביקער רו נאָך דער צוזעקמעס׳קער אויסשעפּונג פֿון די כּוחות לחלוטין נישט שרעקלעך, נאָר גיכער נאָרמאַל און געוואונטשן. ניין, דער טויט איז נישט קיין שרעק און נישט קיין מיסטעריע, ער איז אַ פּשוטע, שכלדיקע, פֿיזיאָלאָגיש־נייטיקע און געוואונטשענע ערשיינונג. ס׳וואָלט געווען אַן עוולה פֿאַרן לעבן, ווען מ׳קוקט אויפֿן טויט ווײַטער אַזוי ווי ביז איצט. דערפֿאַר פֿלאַנט מען טאַקע, בײַ יענער מוסטער־קרעמאַטאָריע און אורנעס־האַלע, די „האַלע פֿון טויט“ אַוועקצושטעלן אויך אַ „האַלע פֿון לעבן“, וואו ס׳זאָלן זיך פֿאַרייניקן אַרכיטעקטור, מאָלערײַ, סקולפּטור, מוזיק און דיכטונג, כּדי די געדאַנקען פֿון די לעבעדיקע אָפּציִען פֿונם טויט, פֿון טעמפּן טרויער און פּאַסיווער קלאָגערײַ און אים צו לענקען אויף די ווערטן פֿון לעבן...

— וואָס גיכער! — האָט נאַפּטע חוזק געמאַכט. — כּדי דער טרויער זאָל נישט ווערן צו שטאַרק, כּדי עס זאָל נישט דערגיין צו דער יראת־הכּבֿוד פֿאַר אָט דעם פּשוטן פֿאַקט, אָן וועלכן ס׳וואָלט בכלל נישט געווען נישט קיין אַרכיטעקטור, נישט קיין מאָלערײַ, נישט קיין סקולפּטור, נישט קיין מוזיק, נישט קיין דיכטונג.

— ער דעזערטירט צו דער פֿאָן — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט טרויעריק.

— אין דער אומפֿאַרשטענדלעכקייט פֿון אײַער אויסדרוק, אינזשיניער — האָט אים געענטפֿערט סעטעמבריני — קאָן מען זיך אָנשטויסן, אַז איר ווילט זאָגן עפּעס שלעכטס. די איבערלעבונג

פון טויט מוז סוף־כל־סוף ווערן אַן איבערלעבונג פון לעבן, ווען נישט, איז עס בלויז אַ געשפּענסט.

— צי וועט מען אין דער „האַלע פון לעבן" אַוועקשטעלן פּאָרנאָגראַפישע סימבאָלן, ווי אויף געוויסע אַנטיקע טרומנעס? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפרעגט מיט אַן ערנסטער מינע.

— אַלנפאַלס וועט זיין פּאַשע פאַר די חושים לרוב — האָט נאַפטע זיך אָנגערופן. אין מאַרמאָר און אין אַיל־פאַרב וועט אַ קלאַסיציסטישער געשמאַק אַוועקשטעלן מיט גלאַנץ דאָס לייב, אָט דאָס זינדיקע לייב, וועלכעס מ'האָט נישט געלאָזט פאַרפוילט ווערן. און ס'איז גאָר קיין וואונדער נישט, וואָרעם פון גרויס צערטלעכקייט האָט מען עס אַפילו נישט געלאָזט שטראָפן...

דאָ איז ווייזאַל פּלוצלונג אַרויף אויף דער טעמע פון טאָרטורן — ס'האָט אים געפּאַסט צום פּנים. וואָס טראַכט איר וועגן די פאַרשיידענע־מינים אינקוויזיציעס? ער, פערדינאַנד, האָט אויף געשעפטלעכע נסיעות אַלעמאָל אויסגענוצט די געלעגנהייט אין אַלטע קולטור־ערטער צו באַקוקן יענע פאַרשוויגענע מקומות, וואו מ'האָט אַמאָל אויף אַזאַ מין אופן געפּאָרשט דאָס געוויסן. ער קאָן די טאָרטורן־קאַמערן פון נירענבערג, פון רעגענסבורג. ער האָט זיך נעענטער צוגעקוקט דערצו צוליב בילדונגס־צוועקן. ווי ס'זאָל נישט זיין, האָט מען דאָרטן דעם קערפּער פאַר דער נשמהס וועגן גאָר נישט איידל געמוטשעט, טיילמאָל מיט גאַנץ רייכע איינפאַלן. מ'האָט אַפילו קיין געשריי נישט געטאָן. מ'האָט אַריינגעהאַקט די באַרנע אין אָפענעם מויל אַריין, די באַרימטע באַרנע, וואָס איז אַליין אויך נישט געווען קיין מחיהדיקער ביסן. און דאַן האָט מען זיך געפּאָרעט אין דער שטיל...

— Porcheria * — האָט סעטעמבריני אַ מורמל געטאָן.

פּערגע האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די באַרנע און בכלל די גאַנצע שטילע פּאָרעריי איז געווען אַ גאַנץ וויכטיקע. אָבער עפּעס פּאַסקודנערס ווי דאָס אַרומטאַפּן דאָס ריפּן־הייטל האָט מען דעמאָלט אויך נישט געקאָנט אויסטראַכטן.

---

* איטאַליעניש: חזיריי.

— דאָס האָט מען געטאָן כדי אים צו היילן! די פאַרעקשנטע נשמה, דער באַליידיקטער יושר באַרעכטיקן אויך די צייטוויייליקע אומבּרחמנותדיקייט. צווייטנס זיינען די טאָרטורן געווען אַ פועל־יוצא פון ראַציאָנאַלן פּראָגרעס.

נאַפטאַ איז מסתמא נישט געווען אינגאַנצן ביים זינען.

אָבער ניין, ער איז געווען ביים גאַנץ קלאָרן זינען. הער סעטעמבריני איז געווען אַ שיין־גייסט און די מיטלאַלטערלעכע געשיכטע פון יוסטיץ איז אים, אַפנים, אין דער רגע נישט געווען אַזוי קלאָר. פאַקטיש איז עס געווען אַ פּראָצעס פון פּראָגרעסיווער ראַציאָנאַליזירונג. אַזוי אַרום האָט מען ביסלעכווייז, אויפן יסוד פון ראַציאָנאַליזם, אויסגעשיילט גאָט פון דער יוסטיץ. דאָס גאָט־געריכט* איז געפאַלן דערפאַר, ווייל מ'האָט סוף־כל־סוף געמוזט באַמערקן, אַז דער שטאַרקער זיגט אויך דעמאָלט, ווען ער איז אומגערעכט. מענטשן פון דעם מין, וואָס סעטעמבריני, צווייפלערס, קריטיקער, האָבן דאָס באַמערקט און דערפירט דערצו, אַז אויפן אָרט פון דער אַלטער נאַיווער פּראָצעדור זאָל קומען די אינקוויזיציע, וואָס האָט זיך מער נישט פאַרלאָזט אויף גאָטס אַריינמישן זיך לטובת דעם אמת, נאָר זי האָט דווקא געשטרעבט צו דערגיין דעם אמת דורך דעם, וואָס דער אָנגעקלאָגטער וועט זיך מודה זיין. קיין שום פאַרמשפּטונג, אויב מ'איז זיך נישט מודה! — נאָך היינט קאָן מען עס הערן צווישן פאָלק. עס איז שוין אַזאַ איינגעגעסענער אינסטינקט, אַז ווי פעסט ס'זאָל נישט זיין די קייט פון באַווייזן, וועט מען אַלץ זאָגן, אַז מ'האָט געמשפּט נישט גערעכט, אויב יענער וועט זיך נישט מודה זיין. ווי אַזוי קאָן מען אָבער דערגיין דערצו? ווי אַזוי אַרויסברענגען דעם אמת איבער די בלויזע השערות, איבער די בלויזע חשדים? ווי אַזוי קאָן מען אַריינקוקן אינם האַרץ און אינם מוח פון אַ מענטש, וועלכער באַהאַלט אויס דעם אמת? אויב דער גייסט איז געווען בייזוויליק, איז נישט געבליבן קיין אַנדער עצה, ווי זיך צו נעמען צום קערפּער, וועלכן מ'קאָן גובר זיין. די טאָרטורן, ווי אַ מיטל צו דערפירן צו דעם מודה זיין, זיינען

---

* אַ פּראָצעס־פאָרם אין די אַלט־גערמאַנישע פאָלקס־געזעצן, וואו ביידע צדדים האָבן געקעמפט און דער מנצח האָט געגאָלטן פאַר גערעכטן.

געווען דאָס געבאָט פון שכל. אויב ס'האָט עמעץ געשטערבט דערצו און עס איינגעפירט, אַז מ'זאָל קאָנען פאַרמשפטן בלויז ווען דער אָנגעקלאָגטער איז זיך מודה, איז עס געווען נישט קיין אַנדערער ווי דער הער סעטעמבריני. ממילא איז ער געווען דער מחבר פון די טאָרטורן.

דער הומאַניסט האָט געבעטן די איבריקע, זיי זאָלן דאָס נישט גלויבן. דאָס זיינען טייוולאָנישע שפּאַסן. ווען אַלץ וואָלט געווען פאָרגעקומען אַזוי, ווי הער נאַפטאַ לערנט, ווען דער שכל וואָלט באמת געווען דער ערפינדער פון דעם שרעקלעכן, וואָלט עס בלויז באַוויזן, ווי ווייט ער דאַרף האָבן שטענדיק הילף און אויפקלערונג, ווי ווייניק די אָנהענגער פון נאַטור-אינסטינקטן דאַרפן מורא האָבן, אַז די וועלט זאָל נישט ווערן צופיל שכלדיק! אָבער נאַפטאַ האָט זיכער געמאַכט אַ טעות. מ'קאָן יענע יוסטיץ-שוידערלעכקייט נישט אַרויסלייגן אויפן חשבון פון שכל שוין דערפאַר, ווייל איר יסוד איז געווען דער גלויבן אין גיהנום. מ'קאָן דאָך אַ קוק טאָן אין מוזייען און אין די טאָרטור-קאַמערן: דאָס קנייפן, ציען, שרויפן און ברענען האָט געשטאַמט פון אַ קינדיש פאַרבלענדטער פאַנטאַזיע, פון דעם פאַרלאַנג נאָכצומאַכן די אייביקע יסורים, וואָס ווערן אָנגעטאָן אויף יענער וועלט. אַחוץ דעם האָט מען נאָך געוואָלט העלפן דעם בעל-עבירה. מ'האָט אָנגענומען, אַז זיין אייגענע אָרעמע נשמה וויל מיט אַלע כוחות זיך מודה זיין, בלויז דאָס לייב, ווי דער פּרינציפּ פון שלעכטן, שטעלט זיך אַקעגן. אַזוי אַרום האָט מען געמיינט, אַז מען טוט אים אַ טובה דערמיט, וואָס מ'האָט דורך טאָרטורן געבראָכן דאָס לייב. אַסקעטישער שיגעון..

— צו די אַלטע רוימער האָבן אויך געליטן דערפון?

— די רוימער? !Ma che *

— אָבער זיי האָבן זיך שוין אויך באַנוצט מיט טאָרטורן ביי־פּראָצעסן.

אַ לאָגישע סתירה. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דערפאַר געוואָלט אַרויסהעלפן איבערגיין אויף אַן אַנדער טעמע און האָט מיט השיבות און גלייך ווי ער וואָלט געווען בכוח צו פירן אַזאַ שמועס, אַריינגעוואָרפן

* איטאַליעניש: אָבער וואָס (רעדט איר)!

די פּראָבלעם פון טויט=שטראָף. די טאָרטורן זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן, כאָטש די אויספאָרשונגס=ריכטער האָבן זייערע מיטלען, ווי אַזוי ווייך צו מאַכן דעם אָנגעקלאָגטן. אָבער די טויט=שטראָף איז, אַפּנים, אומשטאַרבלעך און מ׳קאָן זיך נישט באַגיין אָן איר. די סאַמע ציווי=ליזירטסטע פעלקער האַלטן זיך נאָך דערין. די פראַנצויזן האָבן פון זייערע רעפּאָרטאַציעס געהאַט זייער שלעכטע דערפאַרונגען. מ׳ווייסט פּשוט נישט, וואָס מ׳זאָל טאָן מיט געוויסע באַשעפענישן, וואָס זיינען ענלעך צו מענטשן, סיידן מ׳זאָל זיי מאַכן מיט אַ קאָפּ קירצער.

— דאָס זיינען נישט קיין באַשעפענישן, וואָס זיינען ענלעך צו מענטשן — האָט איס סעטעמברי̇ני געזאָגט מעשה לערער — דאָס זיינען מענטשן, ווי ער, דער אינזשיניער, און ווי ער, סעטעמבריני, אַליין. זיי האָבן בלויז שוואַכע ווילנס און זיינען קרבנות פון אַ שלעכטער געזעלשאַפט. און ער האָט דערציילט וועגן אַ שווערן פאַר=ברעכער, אַ פילפאַכיקן מערדער, וואָס האָט געהערט צו יענעם טיפּ, וועלכע די פּראָקוראָרן רופן אָן אין זייערע רעדעס „פאַרחיה׳שטע“, אָדער „חיות אין מענטשן=געשטאַלט“. דער דאָזיקער מענטש האָט באַדעקט די וואַנט פון זיין תפיסה=קאַמער מיט פּערזן. און עס זיינען לחלוטין נישט געווען קיין שלעכטע פּערזן — אַ סך בעסערע פון יענע, וועלכע פּראָקוראָרן מאַכן טיילמאָל ביי געלעגנהייטן.

— דאָס וואַרפט אַ מאָדנע שיין אויף דער קונסט — האָט גע=ענטפערט נאַפטאַ — אָבער אַזוי איז עס אין קיין פאַל נישט מערק=ווירדיק.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך געריכט דערויף, אַז נאַפטאַ וועט פאַרטיידיקן די טויט=שטראָף. נאַפטאַ, האָט ער געהאַלטן, איז אַקוראַט אַזוי אַ רעוואָלוציאָנער ווי סעטעמבריני, אָבער אין דערהאַלטנדיקן זין, אַ רעוואָלוציאָנער פון דער דערהאַלטונג.

— די וועלט — האָט סעטעמבריני געשמייכלט אַ זיכערער אין זיך — וועט איבער דער רעוואָלוציע פון דער אַנטי=הומאַניסטישער רע=אַקציע איבערגיין צום טאָג=אָרדענונג. דעם הער נאַפטאַ איז ליבער צו וואַרפן אַ חשד אויף דער קונסט איידער מודה צו זיין, אַז זי קאָן הייליקן אויך דעם סאַמע געפאַלענעם מענטש. מיט אַזאַ פאַנאַטיזם

איז אוממעגלעך צוצוציען יוגנט, וואָס זוכט ליכט. עס האָט זיך ערשט דאָ טאַקע געשאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלע ליגע, וואָס איר ציל איז אָפּצושאַפן די געזעצלעכע טויט־שטראָף אין אַלע ציוויליזירטע לענדער. סעטעמבריני האָט דעם כבוד צו געהערן צו איר. מ׳דאַרף ערשט באַשטימען דעם פּלאַץ פון ערשטן קאָנגרעס, אָבער די מענטשהייט האָט אַ גרונט צו גלויבן, אַז די רעדנער, וואָס וועלן זיך דאָרט לאָזן הערן, וועלן זיין באַוואָפנט מיט אַרגומענטן! און ער האָט גענומען דערלאַנגען אַרגומענטן, צווישן אַנדערע אויך דאָס, אַז ס׳איז מעגלעך אַ טעות, אַ יוסטיץ־מאָרד, און אויך וועגן דער קיינמאָל נישט פאַר־לאָרענער האָפענונג, אַז דער פאַרברעכער זאָל בעסער ווערן. ער האָט אַפילו ציטירט דעם פּסוק „די נקמה איז מיינע“. ער האָט אויך גע־טענהט אין אַ באַלערנדיקן טאָן, אַז אויב די מלוכה וויל איידעלער מאַכן די בירגער און ניט טאָן קיין גוואַלדטאַטן, טאָר זי נישט צאָלן מיט שלעכטס פאַר שלעכטס. צום סוף האָט ער אָפּגעוואָרפן דעם באַגריף פון „שטראָף“ נאָכדעם ווי ער האָט באַקעמפט אויפן יסוד פון אַ וויסנשאַפטלעכן דעטערמיניזם דעם באַגריף פון „שולד“.

דערנאָך האָט „די יוגנט, וואָס זוכט ליכט“, געמוזט צוזען, ווי נאַפטאַ האָט איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ אַלע אַרגומענטן, איי־נעם נאָך דעם אַנדערן. ער האָט חוזק געמאַכט פון דעם מענטשן־פריינדלעכן סעטעמברינים עקל צו בלוט און פאַרערונג פון לעבן, האָט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז די דאָזיקע פאַרערונג פון יחידס לעבן איז אייגן די סאַמע פלאַכסטע בירגערלעכע צייטן. דערפאַר, אויב ס׳איז ביי ליידנשאַפטלעכע צייט־באַדינגונגען פאַראַן אַן איינצי־קע אידעע, וואָס הייבט זיך אויף איבער דער „זיכערקייט“, אויב ס׳איז דאָ עפּעס איבער־פּערזענלעכס, איבער־אינדיווידועלס (און דאָס אַליין איז דער איינציק מענטשן־ווערדיקער און ממילא אין העכערן זין דער נאָרמאַלער צושטאַנד) — דעמאָלט איז מען נישט בלויז מקריב אַן שום שהיות דאָס לעבן פון יחיד צוליב דער העכערער אידעע, נאָר אַפילו דער יחיד אַליין שטעלט אין קאָן זיין לעבן אָן שום קווענקלעניש. די פילאַנטראָפּיע פון זיין צד שכנגד, האָט נאַפטאַ געזאָגט, שטרעבט צוצונעמען ביים לעבן אַלע שווערע און טויט־ערנסטע אַקצענטן. זי איז אויסן צו קאַסטרירן דאָס לעבן, אויך מיט דעם דעטערמיניזם פון

איר אַזויגערופענער וויסנשאַפט. אָבער דער אמת איז, אַז דער באַ־גריף פון שולד ווערט דורך דעם דעטערמיניזם נישט בלויז נישט אָפּ־געשאַפט, נאָר ער ווערט נאָך צוליב דעם שווערער און שוידערלעכער.

דאָס איז געווען געזאָגט ניט שלעכט. צי וויל ער בערך, אַז דער אומגליקלעכער קרבן פון דער געזעלשאַפט זאָל זיך פילן ערנסט שול־דיק און זאָל פרייוויליק נעמען אויף זיך דעם בלוט־קרבן פון אי־בערצייגונג?

— אָן שום ספק. דער פאַרברעכער איז דורכגעדרונגען מיט זיין שולד ווי מיט זיך אַליין. ווארעם ער איז ווי ער איז און קאָן נישט און וויל נישט זיין אַנדערש. דאָס טאַקע איז די שולד. נאַפטאַ האָט דעם ענין שכר ועונש אַרויסגענומען פון עמפּירישן און אים אַוועקגעשטעלט אין דער מעטאַפיזיק. אין טאָן, אין די מעשים הערשט אוודאי דע־טערמינאַציע, דאָ איז נישטאָ קיין פרייהייט. זי איז אָבער דאָ אינם זיין. דער מענטש איז, ווי ער האָט געוואָלט זיין און ווי ער וועט נישט אויפהערן וועלן זיין ביז מ׳וועט אים פאַרטיליקן. ער האָט „מיט לייב און לעבן“ געהרגעט אַנדערע און דאָס וואָס ער באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן, איז גאָרנישט קיין צו הויכער פרייז. ער קאָן שוין שטאַרבן, וואָרעם ער האָט געננאָסן די טיפסטע הנאות.

— די טיפסטע הנאות?

— די טיפסטע.

מ׳האָט פאַרביסן די ליפּן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אונטערגע־הוסט. וויזאַל האָט אויסגעקרימט די אונטערשטע קין. פערגע האָט גע־זיפצט. סעטעמבריני האָט באַמערקט פיין:

— מ׳זעט, ס׳איז דאָ אַן אופן פון פאַראַלגעמיינערן, וועלכער גיט צו דער זאַך אַ פּערזענלעכן קאָליר. איר האָט חשק צו הרגענען?

— דאָס גייט אייך נישט אָן. אָבער ווען איך וואָלט עס געטאָן, וואָלט איך געלאַכט אין פנים אַריין יענער הומאַניטאַרער עם־הארצות, וואָס וואָלט מיך געוואָלט פאַשען מיט לינזן ביזן נאַטירלעכן טויט. עס האָט קיין שום זין נישט, וואָס דער מערדער לעבט איבער דעם דערמאָרדעטן. זיי האָבן, אונטער פיר אויגן, בלויז צווישן זיך, איינער אַקטיוו, דער צווייטער פּאַסיוו (ווי דאָס געשעט צווישן צוויי מענטשן

נאָך בײַ אַ צווייטער ענלעכער געלעגנהייט) געטיילט אַ סוד, וועלכער האָט זײַ פֿאַרבונדן אויף אייביק. זײַ געהערן איינער צום אַנדערן.

סעטעמברינין האָט קיל זיך אַרויסגעזאָגט, אַז אים פֿעלט דער אָרגאַן פֿאַר אַזאַ טויט־און מאָרד־מיסטיציזם און עס טוט אים נישט באַנג! ער האָט גאָרנישט קעגן דעם רעליגיעזן טאַלענט פֿון הער נאַפּטאַ. ער איז אָן שום ספֿק העכער פֿון זײַן אייגענעם. פֿונדעסטוועגן איז ער אים נישט מקנא דערמיט. צוליב אָן אײַנגעוואָרצלט ריינלעכקייט־באַדערפֿעניש מוז ער זיך האַלטן ווייט פֿון אַ ספֿערע, וואו יענער יראת־הכּבֿוד פֿאַר דעם עלנט, וועגן וועלכן די עקספּערימענטירנדיקע יוגנט האָט פֿריער גערעדט, הערשט אַפֿנים נישט בלויז פֿיזיש, נאָר אויך פּסיכיש. בקיצור, עס איז אַ ספֿערע, וואו גוטע מעשׂים, שׂכל און געזונטקייט זײַנען גאָרנישט, פֿאַר שלעכטע מידות און קראַנקהייט דערפֿאַר האָט מען דעם גרעסטן דרך־ארץ.

נאַפּטאַ האָט באַשטעטיקט, אַז גוטע מעשׂים און געזונטקייט זײַנען באמת נישט קיין רעליגיעזער מצבֿ. מ׳קאָן אַ סך געווינען, האָט ער געזאָגט, ווען מ׳מאַכט איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל קלאָר, אַז רעליגיע מיט שׂכל און מאָראַל האָבן בכלל קיין שום שײַכות נישט. וואָרעם — האָט ער צוגעגעבן — זי האָט גאָרנישט קיין שײַכות מיטן לעבן. דאָס לעבן שטיצט זיך אויף באַדינגונגען און יסודות, וואָס טייל פֿון זײַ געהערן צו דער דערקענטניש־לערע, טייל צום מאָראַלישן געביט. די ערשטע זײַנען צײַט, רוים און קאַוזאַליטעט*, די לעצטע — מאָראַל און שׂכל. די אַלע זאַכן זײַנען דעם מהות פֿון רעליגיע נישט בלויז פֿרעמד און גלײַכגילטיק, נאָר זײַ שטייען אַפֿילו דערמיט אין אַ פֿײַנדלעכער סתּירה. וואָרעם זײַ טאַקע זײַנען יענע עלעמענטן, פֿון וועלכע ס׳באַשטייט דאָס לעבן, די אַזוי־גערופֿענע געזונטקייט, דאָס הייסט: די סאַמע פֿיליסטעריע און די אור־בירגערלעכקייט. דער אַבסאָלוטער און טאַקע אַבסאָלוט־געניאַלער קעגנזאַץ דערצו איז די רעליגיעזע וועלט. אגבֿ, וויל ער, נאַפּטאַ, נישט צונעמען אינגאַנצן בײַ דער לעבנס־ספֿערע די מעגלעכקייט פֿון געניאַליטעט. עס איז פֿאַראַן אַ בירגער־לעכקייט אין לעבן, וואָס איר מאָנומענטאַלע פּשטות איז אויסער יעדן

* אורזאַכלעכקייט.

ספק, אַ פּיליסטער־מאַיעסטעט, פאַר וועלכער מ׳קאָן אַפילו האָבן דרך־ארץ, אויף וויפיל מ׳האַלט זיך פעסט ביי דער מיינונג, אַז זי איז אין איר ברייט־פּיסיק אַוועקגעשטעלטער בכבודיקייט, מיט די הענט אויפן רוקן און מיט דער ברוסט אַרוים די פּאַרקערפּערטע אירעלי־גיאָזקייט.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויפגעהויבן דעם ווייז־פינגער, ווי אין שול. ער וויל נישט טשעפּען קיין שום צד — האָט ער געזאָגט — אָבער דאָ האָט מען דאָך געערעדט פון פּראָגרעס, פון מענטשלעכן פּראָגרעס, דאָס הייסט: אין אַ געוויסער מאָס פון פּאָליטיק און וועגן דער באַ־רעדעוודיקער רעפּובליק און וועגן דער ציוויליזאַציע פון געבילדעטן מערב. האַלט ער טאַקע, אַז דער אונטערשייד, אָדער — ווען הער נאַפטאַ וויל דווקא — דער קעגנזאַץ צווישן לעבן און רעליגיע שטיצט זיך אויף דעם קעגנזאַץ צווישן צייט און אייביקייט. ווייל פּראָג־רעס איז נאָר מעגלעך אין דער צייט; אין דער אייביקייט איז נישטאָ פאַראַן קיין פּראָגרעס, אויך נישט קיין שום פּאָליטיק און עלאָקווענץ. דאָרט טוליעט מען זיך, אַזוי צו זאָגן, צוריק איין אין גאָט און מ׳פאַר־מאַכט די אויגן. און דאָס איז דער אונטערשייד צווישן רעליגיע און מאָראַל, כאָאָטיש אויסגעדריקט.

— די נאַיִווקייט פון זיין אופן אויסדריקן זיך — האָט סעטעמבריני געזאָגט — איז ווייניקער געפערלעך ווי זיין מורא נישט צו טשעפּען און זיין נייגונג צו גיין אויף פּשרות מיטן טייוול.

— נאָ, וועגן טייוול האָבן זיי שוין דיסקוטירט מיט אַ לאַנגער צייט צוריק, הער סעטעמבריני און ער, האַנס קאַסטאָרפּ. O Satana, o ribellione! * מיט וועלכן טייוול האָט ער זיך דאָס דעמאָלט געלאָזט אויף פּשרות, מיט דעם טייוול פון מרידה, אַרבעט און קריטיק, אָדער דעם צווייטן? עס איז דאָך אַ לעבנס־סכנה — איין טייוול רעכטס און איינער לינקס. ווי קאָן מען אין טייוולס נאָמען זיך דאָ אַן עצה טאָן!

— אויף אַזאַ אופן — האָט נאַפטאַ געזאָגט — איז דער ענין, ווי סעטעמבריני וויל האָבן, נישט ריכטיק כאַראַקטעריזירט. דאָס דע־צידירנדיקע אין זיין וועלט־בילד איז דאָס, וואָס ער מאַכט פון גאָט

---

* איטאַליעניש: אָ טייוול, אָ מרידה!

און טייוול צוויי פאַרשיידענע פּערזאָנען אָדער פּרינציפּן. דאָס לעבן, אָבער, שטעלט ער אַוועק — אגב, לויט אַ שטרענגן מיטלאַלטערלעכן מוסטער — פאַר אַ קאַמף=אָביעקט צווישן ביידע. אין אמתן אָבער זיינען זיי איינס און זיי שטייען ביידע צוזאַמען אין סתירה צום לעבן, צו דער לעבנס=בירגערלעכקייט, צו דער עטיק, צום שכל און צו די גוטע מעשים — ווייל ביידע צוזאַמען שטעלן זיי מיט זיך פאָר דעם רעליגיעזן פּרינציפּ.

— וואָס פאַר אַן עקלהאַפטיקער מישמאַש — che guazzabuglio proprio stomachevole! * — האָט סעטעמבריני אַרוף געטאָן. — גוט און שלעכטס, קדושה און טומאה — אַלץ אויסגעמישט! אָן שום משפט! אָן ווילן! אָן דער פעיִקייט אָפּצוּוואַרפן דאָס, וואָס מ'דאַרף אָפּוואַרפן! צי ווייסט איר נאַפּטאַ, אין וואָס ער לייקנט, בשעת ער מישט צונויף אין די אויערן פון דער יוגנט גאָט און טייוול און פאַרניינט אין נאָמען פון דער דאָזיקער ווּסטער צוויי=איינקייט דעם עטישן פּרינציפּ! ער לייקנט אינם ווערט — אין יעדער ווערטגעבונג — אַזש אַן עקל אַרויסצוזאָגן. גוט, ס'איז, הייסט עס, נישטאָ קיין גוטס און שלעכטס, נאָר די נישט=עטישע אַלוועלט! עס איז אין איר אויך נישטאָ קיין יחיד מיט זיין קריטישער ווערדע, נאָר די אַלץ=פאַרשלינגענדיקע און אויסגלייכנדיקע בשותּפותדיקייט, דער מיסטישער אונטערגאַנג! דער אינדיווידום —

— אויסגעצייכנט, וואָס הער סעטעמבריני האָט זיך ווידער אַרויסגעזאָגט, אַז ער איז אַ אינדיווידואַליסט! כּדי צו זיין אַן אינדיווידואַליסט, מוז מען אָבער קענען דעם אונטערשייד צווישן עטיק און גליק, אָבער ביי דעם חשובן אילומינאַט* און מאָניסט** איז עס ווייט נישט דער פאַל. דאָרטן, וואו מ'נעמט אָן דאָס לעבן אויף אַ נאַרישן אופן פאַר אַ זעלבסט=צוועק און מ'פרעגט דערפאַר נישט וועגן אַ העכערן זין און צוועק דערפון, דאָרטן הערשט מין=און סאָציאַל=עטיק, זויג=

---

* איטאַליעניש: וואָס פאַר אַ אמת עקלדיקער מישמאַש!

** אויפגעקלערטער.

*** אַנהענגער פון מאָניזם, וואָס לערנט די איינהייט פון גייסט און מאַטעריע.

חיה־מאָראַלקייט, אָבער נישט קיין אינדיווידואַליזם, וועלכער איז פֿאַראַן בלויז אין רעליגיעזן און מיסטישן, אין דער אַזוי־גערופֿענער: „נישט־עט׳ישער אַלוועלט“. וואָס איז זי דען און וואָס וויל זי זיין, די עטיק פֿון הער סעטעמברינין? זי איז צוגעבונדן צום לעבן, דאָס הייסט, נישט מער ווי נוצלעך, ממילא נישט העראָיִש אויף אַ נעבעכדיקן אופֿן. זי עקסיסטירט דערויף, מ׳זאָל ווערן אַלט און גליקלעך, רייך און געזונט אין דערמיט — פֿונקט. די דאָזיקע שכל־און אַרבעט־פֿיליס־טעריע איז פֿאַר אים עטיק. וואָס ס׳איז, דערפֿאַר, נוגע נאַפֿטען, ערלויבט ער זיך נאָכאַמאָל צו באַצייכענען זי פֿאַר ברודיקער לעבנס־בירגער־לעכקייט.

סעטעמברינין האָט געבעטן נישט איבערצוכאַפּן די מאָס, פֿונ־דעסטוועגן איז זיין אייגן קול געווען ליידנשאַפֿטלעך געריר׳ט, בעת ער האָט געזאָגט, אַז ער האַלט עס פֿאַר אומדערטרעגלעך, וואָס הער נאַפֿטאַ רעדט, איין גאָט ווייסט פֿאַרוואָס, שטענדיק וועגן „לעבנס־בירגערלעכקייט“ אין אַ אַריסטאָקראַטיש־ביטולדיקן טאָן, גלייך ווי דער היפּוך — און מ׳ווייסט דאָך, וואָס ס׳איז דער היפּוך פֿון לעבן— וואָלט געווען דאָס סאַמע פֿיינע!

נייע שלאָג־ווערטער! איצט האָט מען גערעדט וועגן פֿיינקייט, וועגן דער פֿראַגע פֿון אַריסטאָקראַטיזם. האַנס קאַסטאָרפּ איז גע־ווען שטאַרק דערהיצט און אויסגעשעפּט פֿון פֿראָסט און פּראָבלע־מאַטיק, און ער האָט אַפֿילו אַליין נישט רעכט געוואוסט, צי דאָס וואָס ער זאָגט, איז פֿאַרשטענדלעך און אויף וויפֿיל עס איז היציק־געוואַגט. מיט פֿאַרשטאַרטע ליפּן האָט ער דערציילט, אַז ער האָט דעם טויט פֿון אַלעמאָל אָן זיך פֿאַרגעשטעלט אין אַ געקראָכמאָלטער שפּאַנישער קרויז, אָדער אַלנפֿאַלס אין אַ קליינער אוניפֿאָרם, אַזוי צו זאָגן, מיט אַ פֿאָטער־מערדער. דאָס לעבן דערפֿאַר — אין אַ געווײנלעכן מאָדערנעם קליינעם שטייפֿן קראַגן... אָבער באַלד האָט ער זיך אַליין דערשראָקן צוליב די שיכור־טרוימערישע און נישט געזעלשאַפֿטלעכע רייד זיינע און ער האָט פֿאַרזיכערט, אַז נישט דאָס האָט ער געוואָלט זאָגן. אָבער צי איז דאָס דען נישט אמת, אַז ס׳זיינען פֿאַראַן מענטשן, געוויסע מענטשן, וועלכע מ׳קאָן זיך נישט פֿאָרשטעלן טויט דערפֿאַר, ווייל זיי זיינען באַזונדערס אָרדינער! ער מיינט צו זאָגן: זיי מאַכן אַן איינדרוק פֿון אַזעלכע לעבנס־טיכטיקע, אַז ס׳קאָן זיך דוכטן, זיי וועלן קיינמאָל

נישט שטאַרבן, גלייך ווי זיי וואָלטן נישט ווערט געווען געהייליקט צו ווערן דורכן טויט.

סעטעמברייני איז זיך, דוכט זיך, נישט טועה, אויב ער נעמט אָן, אַז האַנס קאַסטאָרפּ רעדט אַזעלכע רייד נאָר, כּדי מען זאָל אים איבער־שפּאַרן. ער איז אַלעמאָל גרייט דעם יונגנמאַן גייסטיק אָפּצושלאָגן אַזעל־כע אַטאַקעס. „לעבנס־טיכטיק", האָט ער געזאָגט? און ער האָט באַנוצט דאָס וואָרט אין אַ ביטולדיקן זין? „לעבנסווערדיק"! אָט דאָס וואָרט דאַרף ער באַנוצן אויף דעם אָרט און די באַגריפן וועלן זיך אים אַוועקשטעלן אין אַן אמתער און שיינער אָרדענונג. „לעבנסווערדיקייט" — און באַלד אויפן וועג פון דער לייכטסטער און פּשוטסטער אַסאָציאַציע וועט אַרויסקומען די אידעע פון ליבנסווערדיקייט. דאָס לעצטע איז אַזוי טיף פאַרבונדן מיט דעם ערשטן, אַז מ'מעג זאָגן: נאָר דאָס אמתדיק לעבנסווערדיקע איז אויך אמתדיק ליבנסווערדיק. ביידע צוזאַמען, אָבער, די לעבנס־און ליבנסווערדיקייט זיינען דאָס, וואָס מ'רופט אָן דאָס פיינע.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַלטן, אַז די רייד זיינען רייצנד און שטאַרק אינטערעסאַנט. הער סעטעמבריני האָט אים אינגאַנצן גע־וואונען — האָט ער געזאָגט — מיט זיין פּלאַסטישער טעאָריע. וואָרעם מ'קאָן זאָגן, וואָס מ'וויל — מ'קאָן אַפילו זאָגן, צום ביישפּיל, אַז די קראַנקהייט איז אַ העכערער לעבנס־מצב און ממילא עפּעס פייערלעכס: — נאָר איינס איז זיכער: אַז די קראַנקהייט איז אַ צו־שטאַרקע באַטאָנונג פון קערפּערלעכן. זי מאַכט דעם מענטש אינגאַנצן אָנגעוויזן און אָנגע־וואָרפן אויף דעם קערפּער, אַזוי אַז זי מאַכט אינגאַנצן אַ תּל פון דער מענטשלעכער ווערדע, ווייל זי דריקט אַראָפּ דעם מענטשן צו דער מדרגה פון אַ בלויזן קערפּער. קראַנקהייט איז, הייסט עס, אַן אוממענטש־לעכע זאַך.

— קראַנקהייט איז אַ העכסט־מענטשלעכע זאַך — האָט נאַפטאַ תּיכּף איבערגעשפּאַרט. — וואָרעם זיין מענטש, הייסט זיין קראַנק. אָן שום ספק, דער מענטש איז קראַנק אין זיין מהות, טאַקע זיין קראַנק־זיין מאַכט אים פאַר אַ מענטש און ווער ס'וויל אים גע־זונט מאַכן, וויל גורם זיין, ער זאָל שליסן שלום מיט דער נאַ־טור, „זאָל זיך אומקערן צו דער נאַטור" (כאָטש ער איז קיינמאָל נישט געווען נאַטירלעך), די אַלע נביאותן, וואָס ווערן היינט גע־

טריבן מצד רעגענעראַטאָרן, רוי־עסעס, פריי־לופטערס, זון־באָד־מייס־טער און אַזוי ווייטער, בקיצור יעדער מין רוסאָציזם, — איז אויבן נישט עפּעס אַנדערש, ווי דאָס, דער מענטש זאָל ווערן אויס מענטש און זאָל פאַרחיתשט ווערן... מענטשלעכקייט? פיינקייט? דער גייסט איז דאָס, וואָס צייכנט אויס פון אַלע אָרגאַנישע ברואים דעם מענטשן, אָט־דאָס באַשעפעניש, וואָס איז אין אַזאַ גרויסער מדרגה אָפּגע־ריסן פון דער נאַטור, וואָס פילט זיך אין אַזאַ שטאַרקער מאָס אין קעגנזאַץ צו איר. אין גייסט, הייסט עס, אין דער קראַנקהייט ליגט די ווערדע פון מענטש און זיין פיינקייט. ער איז, מיט איין וואָרט, אַלץ מער מענטש, וואָס מער ער איז קראַנק און דער גע־ניוס פון דער קראַנקהייט איז מענטשלעכער, ווי דער געניוס פון דער געזונטקייט. ס'זעט אויס אויסטערליש, אַז איינער, וואָס שפּילט די ראָלע פון אַ מענטשן־ליבהאָבער, זאָל פאַרמאַכן די אויגן פאַר אַזעלכע פּרינציפּיעלע מענטשלעכע אמתן. הער סעטעמברייני רעדט כסדר וועגן פּראָגרעס, גלייך ווי מיר האָבן נישט צו פאַרדאַנקען דעם פּראָגרעס, אויב ער עקסיסטירט בכלל, בלויז דער קראַנקהייט, דאָס הייסט: דעם זשעני, וואָס איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי די קראַנקהייט אַליין! גלייך ווי די געזונטע פון אַלע צייטן וואָלטן נישט געלעבט מיט די דערגרייכונגען פון דער קראַנקהייט! עס זיינען אַמאָל געווען מענטשן, וועלכע האָבן באַוואוסטזיניק און מיטן אייגענעם ווילן גענומען אויף זיך קרענק און שיגעון, כדי צו געבן דער מענטש־הייט דערקענטעניש, וועלכע זיינען געזונט, כאָטש זיי זיינען דער־גרייכט געוואָרן דורך שיגעון; איצט, נאָך די דאָזיקע העראָאישע קרבנות, קאָן מען זיי שוין באַניצן און באַנוצן אָן קרענק און שיגעון. דאָס איז דער אמתדיקער טויט אויפן קרייץ...

אַהאַ, האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט, דו נישט־קאָרעקטער יעזויִט מיט דיינע קאָמבינאַציעס און מיט דיינע אויסטייטשונגען פון טויט אויפן קרייץ! מ'זעט שוין, פאַרוואָס ביסט נישט געוואָרן קיין פּאַטער, joli jêsuite á la petite tache humide!*

* פראַנצויזיש: דער שיינער יעזויִט מיטן קליינעם פייכטן אָרט (אין די לונגען).

נו, איצט בריל דו, לייב! — האָט ער אין דער מחשבה זיך געווענדט צו סעטעמברינין. און יענער האָט טאַקע „געברילט“, דערקלערנדיק דאָס אַלץ, וואָס נאַפטאַ האָט נאָר-וואָס גערעדט, פאַר הוילע בלענדעניש, פּילפּול, וועלט-צעטומלונג. זאָגט-זשע עס דאָך — האָט ער אַ רוף געטאָן צו זיין קעגנער — זאָגט-זשע עס אַרויס אויף אייער אַחריות ווי אַ דערציער, זאָגט עס אין די אויערן פון דער לערנענדיקער יוגנט, אַז גייסט — איז קראַנקהייט! באמת, דערמיט וועט איר טאַקע זיי צוגעבן חשק צום גייסט, זיי געווינען פאַר דעם גלייבן אין גייסט! דערקלערט-זשע פון דער צווייטער זייט קראַנקהייט און טויט פאַר פיין, געזונטקייט און לעבן פאַר געמיין — דאָס איז טאַקע דער זיכערסטער מעטאָד צו ווירקן אויף דעם תלמיד, ער זאָל דינען דער מענטשהייט! Davvero, ècrimionoso!*

און ווי אַ ריטער האָט ער זיך איינגעשטעלט פאַר דעם אַדל פון דער געזונטקייט און פון לעבן, פאַר יענעם, מיט וועלכן די נאַטור האָט באַשאָנקען און וועלכער דאַרף נישט מקנא זיין דעם גייסט. די געשטאַלט! — האָט סעטעמבריני געזאָגט, און נאַפטאַ האָט געזאָגט מיט אַ גרויסן פאַרנעם: „דער לאָגאָס“**. דער, וואָס האָט פון לאָגאָס גאָרנישט געוואָלט וויסן, האָט געזאָגט „דער שכל“, און דער אָנהענגער פון לאָגאָס האָט פאַרטיידיקט די „פּאַסיע“. דאָס האָט צעטומלט. „דער אָביעקט“ האָט איינער געזאָגט און דער צווייטער — „דער איך“. צום סוף האָט איין צד אַפילו גערעדט וועגן „קונסט“ און דער צווייטער וועגן „קריטיק“ און אַלץ ווידער וועגן „נאַטור און גייסט“ און וועגן דעם, וואָס עס איז דאָס פיינערע, וועגן „אַריסטאָקראַטישן פּראָבלעם“. אָבער ס'איז דאָ נישט געווען קיין אָרדענונג און קיין קלאָרקייט, אַפילו נישט קיין צוויי-צדדימדיקע און קריגערישע. ווייל אַלץ איז דאָ געגאַנגען נישט בלויז קעגנאַנאַנד, נאָר אַפילו דורכאַנאַנד און די דיסקוסיע-פירער זיינען נישט בלויז געווען אין סתירה איינער מיטן צווייטן, נאָר אויך מיט זיך אַליין. סעטעמבריני האָט כסדר געשיט מיט תהילות ותשבחות אויף דער „קריטיק“ און

* איטאַליעניש: באמת, ס'איז פאַרברעכעריש!

** גריכיש: דאָס וואָרט, דער גייסט.

דעם היפּוך דערפון, וואָס האָט געדאַרפט זיין די „קונסט“, באַצייכנט ווי דעם אַריסטאָקראַטישן פּרינציפּ. נאַפטאַ איז נישט איין מאָל געווען דער פאַרטיידיקער פון „נאַטירלעכן אינסטינקט“ און איז אַרויסגעטרעטן קעגן סעטעמברינין, וועלכער האָט טראַקטירט די נאַטור בלויז ווי אַ „גאַרישן כּוח“, ווי אַ בלויזן פאַקטום און פאַטום, פאַר וועלכע דער שכל און דער מענטשלעכער שטאָלץ דאַרפן נישט אָפּטרעטן. נאַפטאַ האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון גייסט און דער „קראַנקהייט“, ווייל נאָר דאָ קאָן מען געפינען דעם אַדל און די מענטשהייט. סעטעמבריני איז דערווייל געוואָרן דער פאַרטיידיקער פון דער נאַטור און איר געזונטהייטס-אַדל, פאַרגעסנדיק די גאַנצע עמאַנציפּאַציע. נישט ווייניקער צעטומלונג האָבן אַריינגעטראָגן דער „אָביעקט“ און דער „איך“. יאָ, דאָ איז די צעטומלונג, וועלכע איז, אַגב, שטענדיק געווען די זעלבע, געווען צום ערגסטן און איז דערגאַנגען ממש אַזוי ווייט, אַז קיינער האָט מער נישט געוואוסט, ווער אייגנטלעך ס'איז דאָ דער פרומער און ווער דער פרייער. נאַפטאַ האָט סעטעמברינין פאַרווערט מיט שאַרפע ווערטער זיך אָנצורופן „אינדיווידואַליטעט“, וואָרעם ער לייקנט אָפּ דעם קעגנזאַץ צווישן גאָט און נאַטור און אונטער דער פּראָבלעם פון מענטשן גופא, דעם מענטשלעכן קאָנפליקט, פאַרשטייט ער בלויז די פראַגע פון די איינצלנע אָדער קאָלעקטיווע אינטערעסן. ממילא שטייט ער שטאָל און אייזן ביי דער בירגערלעכער מאָראַל, וואָס איז צוגעבונדן צום לעבן און האַלט עס פאַר אַ זעלבסטצוועק, וואָס צילט אויף אַ אומהעראָישן אופן בלויז צו דער נוצלעכקייט און זעט אין דעם צוועק פון דער מלוכה בלויז דאָס מאָראַלישע געזעץ. ער דערפאַר, נאַפטאַ, ווייסט גאַנץ גוט, אַז די פּראָבלעם פון מענטש גופא שטיצט זיך גאָר אויף דעם קאָנפליקט צווישן חושימדיקן און מעטאַפיזישן, ממילא איז ער דער פאַרטרעטער פון אמתן, פון מיסטישן אינדיווידואַליזם און ער איז טאַקע דער אמתדיקער מענטש פון פרייהייט און פון סוביעקט. אָבער אויב ער איז עס — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט — ווי אַזוי שטימט עס איין מיט דער „אַנאָנימקייט און בשותפותדיקייט“, — מ'זאָל אַפילו בלויז דערמאָנען איין

סתירה? — און וואָס איז העמאָלט מיט די אינטערעסאַנטע דיבורים, מיט וועלכע ער האָט אין שמועס מיט פאַטער אונטערפערטינגער כאַ־ראַקטעריזירט די „קאַטוילישקייט" פון מלוכה־פילאָסאָף העגעל? די אינערלעכע פאַרבונדנקייט פון די באַגריפן „פּאָליטיש" און „קאַטוי־ליש" און די קאַטעגאָריע פון אָביעקטיוויטעט, וועלכע איז זיי בשותּפות? צי איז דען נישט מלוכה־קונסט און דערציִונג פון אַלעמאָל אָן גע־ווען דאָס ספּעציעלע פעלד פאַר טעטיקייט אין נאַפּטעס אָרדן? און נאָך וואָס פאַר אַ דערציִונג! סעטעמבריני איז אַוודאי געווען אַ פאַר־ברענטער פעדאַגאָג, פאַרברענט ביז צו שטערן יענעם און זיך אָנ־צוּוואַרפן. אָבער וואָס שייך דאָס אַסקעטישע מבטל זיין דעם איך, האָבן זיינע פּרינציפּן מיט נאַפּטעס אַפילו נישט געקאָנט זיך פּרוּוון פאַרמעסטן. אַבסאָלוטער באַפעל! אײַזערנער צוואַנג! פאַרגוואַלטיקונג! געהאָרזאַמקייט! טעראָר! דאָס קאָן אפשר זיין בכבודיק, אָבער מיט דער קריטישער ווערדע פונם יחיד האָט עס אַ קנאַפּן עסק. עס איז דער עקזיציר־רעגולאַמין פון פרייסישן פרידריך און פון שפּאַנישן לאָיאָלאַ, פרום און שטרענג, ביז בלוט. דערביי פרעגט זיך בלויז איין זאַך: ווי קומט נאַפּטאַ צו בלוטיקער אַבסאָלוטקייט, בעת ער האָט אַליין מודה געווען, אַז ער גלייבט נישט אין קיין ריינער דער־קענטעניש און אין פאָרשונג אָן פריער־אָנגענומענע הנחות, בקיצור, אין דעם אָביעקטיוון וויסנשאַפטלעכן אמת, וואָס צו שטרעבן צו אים איז פאַר לאָדאָוויקאָ סעטעמבריני געווען דער העכסטער גע־זעץ פון יעדער מענטשלעכער מאָראַל? דאָס איז מצד סעטעמבריניִן געווען אַ פרומקייט און אַ שטרענגקייט, אין דער צייט, ווען פון נאַפּטעס זייט איז געווען ווייך און צעלאָזן, אָנצושפּאַרן דעם אמת אויפן מענטש און צו דערקלערן, אַז אמת איז דאָס, וואָס עס נוצט פאַר אים! צי איז עס נישט גראָד אַ לעבנס־בירגערלעכקייט און אַ פיליסטעריע פון נוצלעכקייט אויף אַזאַ אופן צו מאַכן אָפּ־העניגיק דעם אמת פון די מענטשלעכע אינטערעסן? קיין אײַזערנע זאַכלעכקייט איז עס, געטרײַ גענומען, נישט געווען. ס'איז דאָ גע־ווען מער עלעמענט פון פרייהייט און סוביעקטיווקייט, ווי לעאָ נאַפּטאַ האָט געוואָלט האָבן, כאָטש ס'איז אויף אַ גאַנץ ענלעכן אופן געווען „פּאָליטיק", ווי סעטעמבריניס באַלערנדיקער אויסדרוק: פריי־

הייט איז דאָס געזעץ פון מענטשן=ליבע. דאָס האָט, אַפּנים, גע=
הייסן בינדן די פרייהייט, ווי נאַפטאַ האָט געבונדן דעם אמת: נעמ=
לעך, אינם מענטש. עס איז געווען גאַנץ זיכער מער פרום, ווי
פריי און דאָס ווידער איז געווען אַן אונטערשייד, וועלכער איז אין
אַזעלכע באַשטימונגען געווען אין דער סכנה פאַרלוירן צו ווערן.
אַך, דער דאָזיקער סעטעמברִיני! נישט אומזיסט איז ער געווען אַ
ליטעראַט, דאָס הייסט: אַן אייניקל פון אַ פּאָליטיקער און אַ זון
פון אַ הומאַניסט. ער האָט ברייטהאַרציק גערעדט וועגן קריטיק און
שיינער עמאַנציפּאַציע און האָט פאַרטשעפּעט מיידלעך אין די גאַסן,
בשעת דעם שאַרפן, קליינעם נאַפטען האָבן געבונדן שווערע נדרים.
און פונדעסטוועגן איז דער געווען כמעט איבערגעלאַסן פון גרויס
פרייגייסטעריי און יענער דאַקעגן משוגע אויפן געביט פון מאָ=
ראַל. פאַר דעם „אַבסאָלוטן גייסט" האָט זיך סעטעמבריני גע=
שראָקן און האָט דווקא געוואָלט פאַרבינדן דעם גייסט מיט דעם
דעמאָקראַטישן פראָגרעס. ער איז געווען מלא=כעס אויף דעם מילי=
טערישן נאַפטעס רעליגיעזער הפקרות, וואָס מישט צונויף אין איין
טאָפּ גאָט און טייוול, קדושה אין טומאה, זשעני און קראַנקהייט
און וויל נישט אָנערקענען קיין שום ווערט=געבונג, קיין שכלדיק
אורטיילן, קיין ווילן. ווער אייגנטלעך איז געווען פריי און ווער פרום,
אין וואָס איז באַשטאַנען דער אמתדיקער שטאַנד און מלוכה פון
מענטש: צי דאָס אונטערגיין אין אַ אַלץ=פאַרשלינגענדיקער און אייב=
גלייכנדיקער בשותפותדיקייט, וואָס איז גלייכצייטיק צעלאָזנקייט און
אַסקעזע, אָדער דער „קריטישער סוביעקט", ביי וועלכן לייכטזיניקייט
און בירגערלעך=מאָראַלישע שטרענגקייט זיינען זיך משיג=גבול. אַך,
די פּרינציפּן און אַספּעקטן מישן זיך אַלעמאָל צונויף, ס'פעלט נישט
אין זיי קיין סתירות. עס איז אַזוי אויסערגעוויינלעך שווער געווען
פאַר אַ ציוויליזירטן אַחריותדיקן מענטשן נישט בלויז צו דערצידירן
זיך צווישן די סתירות, נאָר אַפילו זיי צו האַלטן, ווי באַזונדערע און
זויבערע פּרעפּאַראַטן, אַז ס'איז געווען אַ צו גרויסע פאַרמעסטונג זיך
אַריינצוּוואַרפן אין נאַפטעס „נישט=עטישער אַלוועלט". ס'איז גע=
ווען אַן אַלגעמיינע איבערקרייצונג און אַ פּלאָנטער, אַ גרויסער תוהו=
ובוהו און האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַלטן, אַז די קעמפנדיקע וואָלטן

געווען ווייניקער פאַרביטערט, ווען דער דאָזיקער תוהו=ובוהו וואָלט זיך זיי בעתן וויכּוח נישט געלייגט אויף דער נשמה.

מ'איז צוזאַמען געקומען ביז צום „בערגהאָף“, דערנאָך האָבן די דריי, וואָס האָבן דאָרטן געוואוינט, אָפּגעפירט די פרעמדע צוריק צו זייער הייזל. דאָרטן איז מען נאָך לאַנג געשטאַנען אין שניי און נאַפטאַ מיט סעטעמברינין האָבן נאָך אַלץ זיך מתווכּח געווען — פּעדאַגאָגיש, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט געוואוסט, כּדי צו האָבן אַן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון דער ליבטזוכנדיקער יוגנט. פאַר פערגעזן זיינען די זאַכן געווען צו=הויכע, ווי ער האָט בסדר איבערגעחזרט און געגעבן צו פאַרשטיין. ווייזאַל האָט גענומען אַ קנאַפּן אָנטייל פון דער מינוט, ווען מ'האָט אויפגעהערט ריידן וועגן שמייך און טאָרטורן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ געגראָבן מיטן שטעקן אין שניי און האָט געטראַכט וועגן דעם גרויסן תוהו=ובוהו.

צום סוף האָט מען זיך צעשיידט. מ'האָט דאָך נישט געקאָנט אַזוי אייביק שטיין און דער וויכּוח האָט נישט געהאַט קיין ברעג. די דריי „בערגהאָף“=געסט האָבן זיך צוריק אומגעקערט אַהיים און ביידע פּעדאַגאָגישע פאַרברענטע קעמפער האָבן געמוזט צוזאַמען צוריקגיין אין זייער הייזל אַריין, איינער — אין דעם יידענעם צימער אַריין, דער צווייטער — אין זיין הומאַניסטיש שטיבל מיטן שטענדער און מיט דער קאַראַפינקע. האַנס קאַסטאָרפּ איז אַוועק צו זיך אויף זיין באַלקאָן, די אויערן פול מיטן ווירוואַר און וואָפן=קלאַנג פון די צוויי מחנות, וואָס זיינען אָנגעקומען פון ירושלים און בבל און האָבן זיך אונטער די dos banderas* צונויפגעשטויסן אין אַ כאַאָטישן מלחמה=טומל.

---

# ש נ י י

פינף מאָל אין טאָג איז ביי די זיבן טישן איינשטימיק געקומען צום אויסדרוק די אומצופרידנקייט מיט די וועטערן אין היי=יעריקן

* שפּאַניש: צוויי פאָנען (אָן אָנצוהערעניש צו לאָיאָלאַ).

ווינטער. מ'האָט געטענהט, אַז ער פּירט ווייניק איס זיינע התחייבותן,
ווי אַ ווינטער אין די הויכע בערג, אַז ער שטעלט לחלוטין נישט צו
די מעטעאָראָלאָגישע קראַציע=מיטלען, אַדאַנק וועלכע די ספערע
האָט אַזאַ שם, ווי ס'פאַרזיכערט דער פּראָספּעקט, ווי ס'זיינען שוין
צוגעוווינט געוואָרן די פּיליעריקע און ווי ס'האָבן זיך פאָרגעשטעלט
די ניי אָנגעקומענע. ס'האָט געוואַלדיק איבערגעפּעלט זון, זון=שטראַלן,
יענער וויכטיקער הייל=פאַקטאָר, וואָס אָן זיין מיטהילף ווערט אָן שום
ספק אָפּגעשלעפּט יעדע היילונג... און ווי סעטעמבריני האָט נישט
געזאָלט קלערן וועגן דער איפּריכטיקייט פון די בערג=געסט בײַ זייער
היילן זיך און וועלן צוריקקומען „אַהיים“: אַ פאַקט איז, אַז זיי האָבן
אַלנפאַלס פאַרלאַנגט דאָס, וואָס ס'קומט זיי. אַלנפאַלס האָבן זיי
געוואָלט, זיי זאָלן עפּעס האָבן פאַר די הוצאות, וואָס ס'האָבן גע=
מאַכט פאַר זיי זייערע עלטערן, זייערע מענער. מ'האָט דערפאַר גע=
האַט תּרעומות דערויף בײַ די טישן, אין דער ווינדע און אין דער
האַלע. די אָנפירונג האָט אויך געהאַט אַיינזען און געגעבן אַ גע=
וויסע אַנטשעדיקונג. מ'האָט אַראָפּגעבראַנגט אַ נייעם אַפּאַראַט פאַר
„קינסטלעכער בערג=זון“, ווייל די צוויי אַפּאַראַטן, וואָס זיינען דאָ
געווען שוין פון לאַנג, האָבן נישט געקלעקט. אַזוי גרויס איז גע=
ווען דער נאָכפרעג מצד פּאַציענטן, וואָס האָבן זיך געוואָלט לאָזן
אָפּברענען דורך עלעקטרישע שטראַלן. די יונגע מיידלעך און פרויען
האָט די אָפּגעברענטקייט זייער געפּאַסט און די מענער האָט עס
צוגעגעבן — נישט געקוקט אויף דער האָריזאָנטאַלער לעבנס=פּאָ=
זיציע — אַ פרעכטיק ספּאָרטישע און העלדישע צורה. יאָ, די דאָ=
זיקע צורה האָט באמת געברענגט פּרוכטן. נישט געקוקט דערויף,
וואָס די פרויען האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די דאָזיקע מענ=
לעכקייט איז אַ טעכניש=קאָסמעטישע, זיינען זיי פונדעסטוועגן געווען
גענוג נאַריש אָדער אויסגעהונגערט, גענוג אַריינגעטאָן אין דער זינ=
לעכקייט, כּדי זיך צו לאָזן באַרוישן פון דער אילוזיע און ווייבלעך
זיך צו לאָזן פאַנגען. — מיין גאָט — האָט פרוי שענפעלד, אַ
רויט=האָריקע און רויט=אייגיקע קראַנקע פון בערלין, געזאָגט אינ=
אָוונט אין דער האַלע צו אַ קאַוואַליער מיט לאַנגע פיס און מיט
אַן איינגעפאַלענער ברוסט, וואָס האָט זיך אויף זיינע וויזיט=קאַרטן

אָנגעטאָן Aviateur diplomê et enseigne de la Marine alle-mande * און האָט געהאַט אַריינגעזעצט אַ פּנעאומאָטאָראַקס. אַגב, פלעגט ער צו־מיטאָג אַריינקומען אין אַ סמאָקינג און אינ־אָווגט האָט ער דאָס מלבוש צוריק אויסגעטאָן, טענהנדיק, אַז אין דער מאַרינע געהער דאָס צום רעגולאַמין. — מיין גאָט – האָט די געזאָגט און גיריק באַטראַכט דעם Enseigne ** — ווי הער־לעך ברוין איר זיינט פון דער באַרג־זון! ווי אַן אָדלער־יעגער זעט איר אויס, איר, טייוול! — וואַרט, מכשפה – האָט ער אין דער ווינדע איר געשעפּטשעט אין אויער אַריין, אַזוי אַז זי האָט באַ־קומען אַ געגזענע הויט — איר וועט מוזן באַשטראָפט ווערן פאַר אייער דעמאָנישן אויגן־פלירט. און איבער די באַלקאָנען, פאַרביי די גלעזערנע שייד־ווענטלעך האָט דער טייוול און אָדלער־יעגער געפונען דעם וועג צו דער מכשפה...

פינדעסטוועגן האָט אַ סך געפעלט דערצו, אַז די קינסטלעכע באַרג־זון זאָל פאַקטיש קאָנען אַנטשעדיקן פאַר דעם היי־יעריקן מאַנגל אין אמתדיקער הימלישער ליכטיקייט. צוויי אָדער דריי זוניקע טעג אין משך פון חודש (עס זיינען געווען טעג, וואָס האָבן באמת מיט טיף־טיפער סאַמעט־בלויקייט הינטער די ווייסע באַרג־שפּיצן און מיט דימענטענער צעפינקלטקייט באַזונדערס הערלעך אָפּגעשיינט פון דער צעשוואומענער, געפלדיקער גרייקייט און דיקער פאַרהי־לונג און פרעכטיק געברענט אין די פּנימער און נאַקנס), צוויי אָדער דריי אַזעלכע טעג אין משך פון וואָכן — דאָס איז געווען צו־ווייניק פאַר דעם געמיט פון עולם, וואָס זייער גורל האָט זיי באַ־רעכטיקט צו אויסערגעוויינלעכע הגאות און וועלכע האָבן זיך פאַר־רופן אויף זייער פּריווילעגיע, וואָס האָט זיי טאַקע צוגענומען די פריידן און צרות פון פלאַכלענדישן מענטשנטום, און דערפאַר זיי גאַראַנטירט אַ טויטלעך, אָבער לייכט און אָנגענעם לעבן, אַ זאָרג־לאָזס ביז פאַרגעסונג פון צייט און אויסגעצייכנט ביז גאָר. עס

* פראַנצויזיש: דיפּלאָמירטער פליער און אונטער־לייטענאַנט אין דער דייטשער מאַרינע.

** אונטער־לייטענאַנט.

האָט דעם הויפּראַט וויניק געהאָלפֿן דאָס, וואָס ער האָט דערמאָנט, אַז אויך בײַ אַזעלכע באַדינגונגען איז דאָס זיצן אין „בערגהאָף“ זייער ווייט פֿון געפֿינען זיך אין ערגעץ אַ „באַגנאָ“ אָדער אויף סיבירישער קאַטאָרגע. ער האָט אויך געטענהט, אַז די היגע לופֿט, אַזאַ שיטערע און לײַכטע ווי זי איז, כּמעט ליידיקער עטער פֿון קאָס־מאָס, זייער אָרעם אין ערדישע צומישונגען, גוטע צי שלעכטע, באַשיצט אויך אָן זון פֿון פּלאַכלענדישע שטויבן און אויסהויכונ־גען. דער עולם האָט געהאַט טענות און מ'האָט פּראָטעסטירט, דראָ־ונגען אָפּצופֿאָרן אָן אַ זיי־געזונט זיינען געווען איפֿן טאָג־אָרדע־נונג. ס'האָט זיך אויך געטראָפֿן, אַז מ'האָט זיי טאַקע מקיים גע־ווען. מ'האָט זיך אַפֿילו נישט אַראָפּגענומען קיין מוסר פֿון דער טרויעריקער מעשה, וואָס האָט דאָ ערשט געטראָפֿן מיט דער פֿרוי סאָלאָמאָן. פֿריער איז איר פֿאַל נישט געווען קיין שווערער, כאָטש אַ פֿאַרשלעפּטער. איצט, צוליב דעם, וואָס זי איז אויף אייגענער אחריות אַוועק אין דעם נאַסן און ווינטיקן אַמסטערדאַם, האָט איר קרענק באַקומען אַ לעבנסלענגלעכן כאַראַקטער...

אָבער אָנשטאָט דער זון איז געווען שניי, מאַסן שניי, קאָלאָסאַל אַ סך שניי: זינט האַנס קאַסטאָרפּ לעבט, האָט ער נאָך אַזויפֿיל שניי נישט געזען. פֿאַראַיאָרן ווינטער האָט חלילה אויך נישט אויסגעפֿעלט, אָבער קעגן הײַנטיקן ווינטער איז עס געווען גאָרנישט. די איצ־טיקע שנייען זיינען געווען ריזיקע און אָן אַ שיעור, האָבן אָנ־געפֿילט דאָס געמיט מיטן באַוואוסטזיין פֿון דער אויסטערלישקייט און עקסצענטרישקייט פֿון אָט־דער ספֿערע. ס'האָט געשנייט טאָג־איין, טאָג־אויס און אויך אין די נעכט, שיטער אָדער געדיכט. די עטלעכע וועגן דורכצוגיין האָבן אויסגעזען ווי באַרג־דורכריסן, מיט שניי־ווענט אין ביידע זייטן, העכערע פֿון אַ מענטשלעכן וואוקס, אַלבאַסטער־ווייסע ווענט, וועלכע ס'איז אָנגענעם געווען אָנצוקוקן ,אין זייער קערניק־קריסטאַלענער צעפֿינקלטקייט און אויף וועלכע די בערג־געסט האָבן געשריבן און געצייכנט. מ'האָט אַזוי־אַרום אי־בערגעגעבן אַלערליי ידיעות, וויצן און שטעך־ווערטלעך, אָבער אויך צווישן די ווענט איז מען נאָך געטרעטן אויף אַ גענוג־באַלייגטן גרונט, נישט געקוקט דערויף, וואָס דער שניי איז געווען אַזוי טיף

אָפּגעריימט. מ'האָט דאָס געקאָנט דערקענען אין די שיטערע ערטער און אין די לעכער, וואוהין מ'איז פּלוצלונג אַריין מיט אַ פוס, טיף אַראָפּ, ביז צו דער קני. מ'האָט געדאַרפט גוט אַכטונג געבן, מען זאָל נישט צעברעכן קיין פוס. די אָפּרו-בענק זיינען פאַרשוואונדן, פאַרזונקען געוואָרן. בלויז אַ שטיק אָנלען האָט נאָך אַרויסגעשטאַרט דאָ און דאָרטן פון דער ווייסער באַגרעבעניש. אונטן אין שטעטל איז דער ניוואָ פון די גאַסן געווען אַזוי מאָדנע פאַרלייגט, אַז די געוועלבן האָבן אויסגעזען ווי קעלערס, אין וועלכע מ'האָט געמוזט אַראָפּגיין פון דער גאַס דורך שניי-טרעפּ.

און אויף די אָנגעפאַלענע מאַסן האָט ווידער געשנייט, טאָג-אויס, טאָג-איין. ביי אַ געוויינלעכן פראָסט איז דער שניי געפאַלן פאַמעלעך און שטיל, עס זיינען געווען אַ צען אָדער פופצן גראַד, וואָס האָבן ווייניק געטשעפּעט, מ'וואָלט אויך געקאָנט מיינען, אַז ס'זיינען פינף אָדער גאָר צוויי גראַד. צוליב דעם, וואָס ס'האָט נישט געבלאָזן קיין ווינט און צוליב דער טרוקנקייט פון דער לופט האָט דער פראָסט נישט וויי-געטאָן. אינדערפרי איז געווען זייער טונקל. מען האָט געפרישטיקט ביי דער קינסטלעכער שיין פון די קיילעכיקע לאָמפּן אין זאַל מיט די לוסטיק-שאַבלאָנירטע געוועלב-פּאַסן. אינדרויסן האָט געהערשט דער טריבער גאָרנישט, די וועלט אין גרוי-ווייסער וואַטע, וועלכע האָט זיך געשטופּט צו די שויבן, געדיכט פאַרפּאַקט אין שניי-רויך און אין נעפּל. די בערג האָט מען נישט געזען. פון די נאָענטסטע נאָדל-וועלדער, אַלנפאַלס, האָט מען מיט דער צייט אַ ביסל אַרויסגעזען. זיי זיינען געשטאַנען באַלאָדן, גיך פאַרלוירן געוואָרן אין דער געדיכטעניש און בלויז פון צייט צו צייט האָט אַ סאָסנע אַראָפּגעוואָרפן פון זיך איר צו-שווערע משא און האָט אָפּגעטרייסלט פון זיך די שטויביקע ווייסקייט אין דער גרויקייט אַריין. אַרום צען אַ זייגער האָט די זון אַ שיין געטאָן ווי אַ שוואַך באַלייכטענער רויך איבער די בערג, און האָט אַריינגעברענגט אַ מאַט געשפּענסטיש לעבן, אַן אַש-גרויע שיין פון זינלעכקייט אין דער אָפּגעווישטער לאַנדשאַפט נישט צום דערקענען. פונדעסטוועגן איז אַלץ געבליבן ווי צעגאַנגען אין אַ גייסטערהאַפטיקער צאַרטקייט און בלאַסקייט, אָן יעדער ליניע, וועלכע דאָס אויג

וואָלט געקאָנט אָנכאַפּן מיט זיכערקייט. די קאָנטורן פון די באַרג־שפּיצן זיינען צעשוואומען געוואָרן, זיינען צעגאַנגען אין נעפּל, אין רויך. די בלייך־באַשיינטע שניי־פלאַכן, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן הינטער־און־איבעראַנאַנד, האָבן נישט געגעבן דעם בליק קיין שום אָנהאַלטעניש. טיילמאָל האָט פון אַ פעלזן־וואַנט זיך אַ הויב געטאָן אַ באַלייכטענער וואָלקן, אַ רויכיקער, אַ לאַנגער, וואָס האָט נישט געענדערט די גאַנצע צייט זיין געשטאַלט.

אינמיטן טאָג האָט די זון, האַלב־דורכרייסנדיק זיך, געפּרוווט צוצוגעבן דעם נעפּל אַ בלויקייט. איר פּרוו האָט זיך נישט איינ־געגעבן. פונדעסטוועגן האָט מען אַ ווײַלע פּאָרט געקאָנט דערזען אַ רמז פון הימלישער בלויקייט און דאָס ביסל ליכט איז שוין גע־נוג געווען, אַז די געגנט, וועלכע איז דורך די משונהדיקע שנייען אויף אַ וואונדערלעכן אופן דעפאָרמירט געוואָרן, זאָל ווייט און ברייט צעפינקלען זיך מיט דימענטן. געוויינלעך, האָט עס אין דער שעה אויפגעהערט צו שנייען, גלייך ווי דער הימל וואָלט געוואָלט אַ קוק געבן אויף דעם אָפּגעטוענעם. יאָ, דערויף, דאַכט זיך, האָט מען אויך געדאַרפט די עטלעכע זוניקע טעג, אין וועלכע ס׳האָט מער נישט געשיט זיך און די דירעקטע הימלישע היץ האָט גע־פּרוווט אַ שמעלץ טאָן דעם שיינעם זויבערן איבערפלאַך פון די נייע שניי־מאַסן. די וועלט האָט אויסגעזען ווי אין אַ מעשהלע, קינדיש און קאָמיש. די דיקע, שטערע קישנס אויף די צווייגן, ווי אויסגעבעטע, די ערד־הויקערס, אונטער וועלכע ס׳האָבן זיך באַ־האַלטן קאַרליקוואַטע ביימער אָדער אַרויסגעשטאַרטע פעלזן, די איינ־געקאָרטשעטקייט, די פאַרגראָבנקייט, די גרימאַסיקע פאַרשטעלטקייט פון דער לאַנדשאַפט האָט איר צוגעגעבן אַ קאַרליקוואַטן אויס־זען און עפּעס ווי פון אַ מעשה־בוך. אויב אָבער די נאָענטע סצענע, אין וועלכער מ׳האָט זיך באַוועגט מיט מי, האָט געווירקט פאַנ־טאַסטיש־שפּאַסיק, האָבן אָבער דער אַריינקוקנדיקער ווייטער הינטער־גרונד, די געטורעמטע מאָנומענטן פון די פאַרשנייטע אַלפּן געוועקט געפילן פון דערהויבנקייט און הייליקייט.

נאָכמיטאָג, צווישן צוויי און פיר אַ זייגער, איז האַנס קאַס־טאָרפּ געלעגן אויף זיין באַלקאָן אַ גוט־פאַרפּאַקטער, דעם קאָפּ

אָנגעשפאַרט אויף דעם נישט=צו=היבן, נישט צו=פלאַכן אָנלען פון
זיין אויסגעצייכנטער ליג=שטול און ער האָט געקוקט איבער דער
אויסגעבעטער באַריערע צו די וועלדער און צו די בערג. דער גרין=
שוואַרצער, מיט שניי באַשוועדטער סאָסנע=וואַלד, איז געלעגן משופּע
און צווישן די ביימער איז די גאַנצע ערד געווען ווייך, ווי קישנס
פון שניי. איבער דעם וואַלד האָבן זיך אויפגעהויבן גרוי=ווייסע פעלזן=
בערג, מיט אומגעהייערע שניי=פלאַכן, פון וועלכע ס'האָבן אויף טייל
ערטער אַרויסגעשטאַרט איינצלנע, טונקעלע פעלזן=שפיצן און צאַרט=
פאַרנעפּלטע קאַם=ליניעס. עס האָט געשנייט שטיל. אַלץ איז
פאַרשוואומען געוואָרן אַלץ מער און מער. דער בליק, וואָס האָט
געבלאָנדזשעט איבער דער מאַטער גאָרנישטדיקייט, איז לייכט צו=
געפאַלן צו דרעמלען. ביים אַיינשלאָפן איז אַדורכגעלאָפן אַ פרעסטל,
פונדעסטוועגן האָט גאָרנישט עקסיסטירט קיין ריינערער שלאָף ווי
דאָ אין דער אַייזיקער קעלט, פריי פון יעדער חלומדיקער פלאָנ=
טערניש, וואָס נעמט זיך פון אומבאַוואוסטזיניק=געשפּירטער אָרגאַני=
שער לעבנס=לאַסט. וואָרעם דאָס אָטעמען אין דער ליידיקער, נאָר=
נישטיקער לופט, אָן יעדן ריח, איז פאַר דעם אָרגאַניזם נישט
געווען שווערער, ווי דאָס נישט=אָטעמען פון אַ טויטן. ביים אויפ=
כאַפן זיך זיינען די בערג אַרום געווען פולשטענדיק פאַרווישט אין
נעפל. בלויז שטיקער פון זיי, עטלעכע שפיצן, אַן אַרויסשטאַרנדיק
שטיק פעלז האָבן זיך אויסגעשיילט דאָ איינס, דאָ דאָס אַנדערע אין
משך פון עטלעכע מינוט און באַלד ווידער פאַרהילט געוואָרן. דאָס
דאָזיקע שטילע גייסטער=שפיל איז געווען אויסערגעוויינלעך אינ=
טערעסאַנט. מען האָט געמוזט שטאַרק זיך קאָנצענטרירן, כדי צו
פאַרנעמען די פאַנטאַסמאַגאָרע אין אירע סודותדיקע פאַרוואַנדלונ=
גען. ווילד און גרויס האָט זיך געוויזן אין סאַמע מיטן נעפל אַ
גרופּע בערג, ביי וועלכע מ'האָט נישט געזען, נישט די שפיצן, נישט
דעם גרונט. אָבער אויב מ'האָט זיי נאָר אויף איין רגע אַרויסגע=
לאָזט פון אויג, זיינען זיי נעלם געוואָרן.

דערנאָך האָבן זיך געמאַכט שניי=שטורמען, וועלכע האָבן בכלל
אוממעגלעך געמאַכט צו זיצן אויפן באַלקאָן, וואָרעם דער שטויבי=
קער שניי האָט אַריינגעיאָגט קופּעסווייז און אַלץ, די פּאָדלאָגע און

דאָס מעבל, דיק באַדעקט. יאָ, איך שטורמען האָבן געקאָנט זײַן אין דעם שלווהדיקן הויך-פלײַן. די לײדיקע אַטמאָספער איז אויפגערודערט געוואָרן, זי איז אַזוי פול געווען מיט דער געדיכטעניש פון שנייעלעך, אַז מ'האָט נישט געזען קיין טריט פאַר זיך. צפונדיקע שטורעמווינטן, וואָס האָבן שיר נישט דערשטיקט, האָבן צעיאָגט דעם שניי-שטויב אין ווילדע, טרייבנדיקע קרומע באַוועגונגען, געדרייט אים אין אַ ווירבל פון אונטן אַרויף, פון דעם טאָל-פלאַך אין דער לופט אַרויף, האָבן אים דורכגעמישט אין איין ווילדן טאַנץ. דאָס איז מער נישט געווען קיין שניי-פאַלן, דאָס איז געווען אַ תוהו-ובוהו פון ווייסער פינסטערניש, אַ טייוולאָנישע שפיל. אַ פענאָמענאַלע דערשײַנונג פון אַ ספערע, וואָס איז אַרויס פון די כלים. בלויז די שניי-פייגל, וואָס זײַנען פּלוצלונג אָנגעקומען מחנותווייז, האָבן זיך דאָ געקאָנט פילן היימיש.

פונדעסטוועגן האָט האַנס קאַסטאָרפ ליב געהאַט דאָס לעבן אין שניי. ער האָט געהאַלטן, אַז מ'איז אויף אַ סך אופנים ענלעך צום לעבן אויף די ברעגן פון ים. די אור-מאָנאָטאָניע פון נאַטורבילד איז גלײַך אין אָט-די ביידע ספערן. דער שניי, אָט-דער טיפער, ווייכער, ריינער שטויב-שניי האָט דאָ אינגאַנצן געשפּילט די ראָלע, ווי אונטן דאָס געל-ווייסע זאַמד. די באַרירונג מיט זיי ביידע איז געווען גלײַך אַ ריינע. מען האָט אַראָפּגעשיט פון די שיך און פון די מלבושים די פראָסט-טרוקענע ווייסקייט און אונטן דעם שטויב-פרייען שטיין-און מושל-פולווער פון ים-גרונט און ס'איז דערביי נישט געבליבן קיין שפור. עס איז אויך אַקוראַט אַזוי שווער אָנגעקומען דאָס גיין אין שניי ווי דאָס קריכן אין זאַמד-אָנשיטן. סיידן די אייבערפלאַך פלעגט פון דער זון נעמען שמעלצן און איבערנאַכט איז זי צוריק האַרט געפרוירן געוואָרן. דעמאָלט איז זיך געגאַנגען דערויף לײַכטער און אָנגענעמער, ווי אויף אַ פּאַרקעט, אַקוראַט אַזוי לײַכט און אָנגענעם, ווי אויף דעם גלאַטיקן, פעסטן, אויסגעשווענקטן און פיכיקן זאַמדיקן באָדן ביים זוים פון ים.

צוליב די שנייען און די אָנגעפאַלענע שניי-מאַסן האָבן הייאָר אַלע, אַחוץ די סקי-לויפער, ווייניק געהאַט מעגלעכקייטן אויף באַוועגונג אין דער פרייער לופט. די שניי-שופלעס האָבן געאַר-

בעט. אָבער עס איז שווער אָנגעקומען צו האַלטן ריין אַפילו די סאַמע נייטיקסטע סטעזשקעס אין די הויפּט-גאַס פון קוראָרט. אויף די עטלעכע וועגן דערפאַר, וואָס ס'זיינען געשטאַנען אָפן און האָבן זיך גלייך פאַרשפּאַרט, איז מען געגאַנגען געדיכט: סיי געזונטע, סיי קראַנקע, סיי איינגענע און סיי דער אינטערנאַציאָנאַלער האָטעל-עולם. אָבער די, וואָס האָבן זיך געלאָזט אויף שליטלעך, האָבן זיך אָנגעשטויסן אין די פיס פון די גייער. עס זיינען געווען הערן און דאַמען, וועלכע זיינען געזעסן אויסגעבייגן אויף צוריק, די פיס פאָרויס און לויט דעם טאָן פון די וואָרנונגס-רופן האָט מען געקאָנט דערקענען, ווי ווייט זיי זיינען געווען דורכגענומען מיט דער זיכטיקייט פון זייער אונטערנעמונג. גליטשנדיק און איבערקערנדיק זיך, זיינען זיי אויף זייערע קינדערשע שליטלעך געפלויגן באַרג-אַראָפּ פון שיפּוע און אַראָפּקומענדיק אונטן, האָבן זיי זייער מאָדיש שפּילעכל פונסניי אַרויפגעשלעפּט מיט שטריק אינדערהויך.

די דאָזיקע שפּאַצירן האָט האַנס קאַסטאָרפּ געהאַט איבערן האַלז. ער האָט געהאַט צוויי פאַרלאַנגען: דער שטאַרקסטער איז געווען דער — ער זאָל קאָנען בלייבן אַליין מיט זיינע געדאַנקען און מיט זיינע „רעגירונגס"-אינטערעסן. דערצו האָט אים זיין באַלקאָן-לאָזשע געגעבן אַ מעגלעכקייט, כאָטש בלויז אַן איבערפלעכלעכע. דער אַנדערער איז געווען פאַרבונדן מיטן ערשטן און איז באַשטאַנען דערין, ער זאָל קאָנען פריי קומען אין אַן ענגערער באַרירונג מיט די שניי-פאַרוויסטע בערג, צו וועלכע ער האָט באַקומען אַן אינטערעס. דער דאָזיקער פאַרלאַנג איז געווען אַ נישט-דערפילבאַרער, כל-זמן ס'האָט זיך מיט אים אַרומגעטראָגן אַ נישט-באַוואָפנטער און נישט-באַפליגלטער פוסגייער. וואָ־עס אַזעלכער וואָלט תיכף פאַרזונקען איבער דער ברוסט אין שניי, ווען ער פרוווט בלויז מאַכן אַ טריט ווייטער פון דעם אָפּגערייניקטן פאַרקער-וועג, וועלכן מ'גייט אויס גאָר גיך.

דערפאַר האָט האַנס קאַסטאָרפּ באַשלאָסן אין איינעם אַ טאָג אין אָט-דעם צווייטן ווינטער זיינעם דאָ אויבן, זיך צו קויפן שניי-שיך און זיך אויסצולערנען באַנוצן זיך מיט זיי, אויף וויפל ער וועט עס דאַרפן האָבן. קיין ספּאָרטסמען איז ער נישט; ער איז

עס קיינמאָל נישט געווען, צוליב זיין צו־קנאַפּן חוש פאַר קערפּער=
לעכע ענינים. ער האָט זיך אויך נישט געמאַכט פאַר אַזעלכן, ווי אַ
טייל געסט פון בערגהאָף, וועלכע האָבן צוליב דעם גייסט פון
אָרט און צוליב דער מאָדע אויסגעפּוצט זיך אין אַזעלכע קאָסטיומען;
דער עיקר האָבן עס געטאָן ווייבער, למשל, הערמינע קלעפעלד. פון
מאַנגל אין אָטעם זיינען איר שפּיץ נאָז און די ליפּן אַלעמאָל
געווען בלוי, פונדעסטוועגן האָט זי ליב געהאַט צו באַווייזן זיך
צום לונטש אין וואָלענע הויזן, אין וועלכע זי פלעגט נאָכן עסן אין
דער האַלע מיט צעשפּרייטע פיס זיך אַריינזעצן אין אַ שטרויענער
שטול און צעלייגט זיך גאַנץ פאַרשייט. ווען האַנס קאַסטאָרפּ וואָלט
געווען געפרעגט ביים הויפראַט אַ דערלויבעניש פאַר זיין דרייסטן
פּלאַן, וואָלט יענער אים אומבאַדינגט עס פאַרווערט. ספּאָרטלעכע
טעטיקייט צווישן עולם דאָ אויבן איז געווען אומבאַדינגט פאַר=
ווערט סיי אין בערגהאָף, סיי אין אַלע אַנדערע ענלעכע אַנשטאַלטן,
וואָרעם סיי־ווי־סיי האָט די לפנים אַזוי לייכטע אַטמאָספער גע=
שטעלט דעם האַרץ שווערע פאָדערונגען און וואָס ס׳איז נוגע האַנס
קאַסטאָרפן פערזענלעך, איז זיין חריפיש וואָרט וועגן דער „געוויי=
נונג און דעם, אַז ער וועט זיך שוין נישט צוגעוויינען" געבליבן
אין דער פולער קראַפט און זיין נייגונג צו היץ, וועלכע ראַדאַמאַנט
האָט דערקלערט דורך אַ פייכט אָרט, האָט עקשנותדיק געדויערט
ווייטער. ווען נישט, וואָס דען האָט ער געהאַט צו טאָן דאָ אויבן?
אַזוי איז אויסגעקומען, אַז זיין פאַרלאַנג און זיין פּלאַן איז געווען
אַ סתירה און נישט אויפן אָרט. מ׳האָט אים אָבער באַדאַרפט גוט
פאַרשטיין. אים איז נישט געגאַנגען אין דער אַמביציע נאָכצו=
טאָן די דאַטשע־פּאַציענטן און מאָדע־ספּאָרטמענער, וועלכע וואָלטן
מיט דעם זעלביקן השובדיקן ברען אָפּגעלעגן אין אַ ענגן צי=
מער ביי קאָרטן, ווען דאָס וואָלט געווען דער שלאָגער. ער האָט
געפילט, אַז ער געהער צו אַן אַנדערן, געבונדענערן כלל, ווי צו די
טוריסטלעך. ליט אַ ווייטערן און נייערן קוק־פּונקט, אויפן סמך פון
עפּעס אַ אָפּפרעמדנדיקער ווערדע און פון אַ סודותדיקער התחייבות
האָט ער געפילט, אַז ס׳איז עפּעס נישט זיין זאַך זיך צו טומ=
לען גלייך ווי יענע און צו וואַלגערן זיך אין שניי ווי אַ

נאַר. ער האָט נישט אין זינען געהאַט קיין שום ווילדקייטן, האָט זיך געוואָלט האַלטן מעסיק און צו דעם, צו וועלכן ער האָט גע־פּלאַנט, וואָלט ראַדאַמאַנט גאַנץ זיכער מיט אים מסכּים געווען. הגם ער וואָלט עס אָבער געמוזט פאַרווערן צוליב דעם רעגולאַמין פון דער אַנשטאַלט, האָט האַנס קאַסטאָרפּ באַשלאָסן צו טאָן עס אָן יענעמס וויסן.

ביי אַ געלעגנהייט האָט ער גערעדט מיט סעטעמברינין פון זיין פּלאַן. סעטעמבריני דאָט אים שיר נישט אַרומגעכאַפּט פון פרייד, „יאָ, יאָ, אַוודאי, אינזשיניער, אומבאַדינגט, זעט עס צו טאָן! פרעגט קיינעם נישט און טוט עס, אַ גוטער מלאך האָט אייך אַרויס־געפירט דערויף! טוט עס תיכּף! איידער איר וועט פאַרלירן דעם גוטן חשק! איך גיי מיט אייך, איך וועל אייך באַגלייטן צום גע־שעפט און אויף איין פוס וועלן מיר איינקויפן די געבענטשטע אינסטרומענטן! איך וועל אייך באַגלייטן אין די בערג, כ׳וועל מיט אייך מיטפאָרן, מיט פליגל־שיך אויף די פיס, ווי מערקוריאָ, אָבער איך טאָר עס נישט... איי, טאָרן! כ׳וואָלט עס שוין געטאָן, ווען כ׳זאָל בלויז „נישט טאָרן“, אָבער איך קאָן עס נישט, איך בין אַ פאַרלוירענער מענטש. דאַקעגן איר... עס וועט אייך נישט שאַטן, לחלוטין נישט, אויב איר וועט עס נאָר טאָן מיט שכל און נישט איבערכאַפּן די מאָס. אַך, וואָס, ווען ס׳זאָל אייך אַפילו אַ ביסל שאַטן, האָט אייך נאָך אַלץ אַ גוטער מלאך... מער זאָג איך גאָר־נישט. וואָס פאַר אַן אויסגעצייכנטער פּלאַן! צוויי יאָר דאָ און נאָך אַלץ פעיק אויף אַזאַ פּלאַן, אָ, יאָ, אייער שורש איז אַ גו־טער, ס׳איז נישטאָ קיין שום סיבה צו צווייפלען אין אייך. בראַוואָ, בראַוואָ! איר וועט אייער שאָטן־פירשט * דאָרט אויבן וויזן אַ פייג, איר וועט קויפן די סקי. איר וועט זיי הייסן צושיקן צו מיר, אָדער צו לוקאַטשעקן אָדער צו דעם בשמים־קרעמער אונטן אין אונזער הייזל. דאָרטן וועט איר זיי נעמען, כּדי זיך צו לערנען און דער־נאָך וועט איר זיך אַוועקגליטשן“...

* ראדאמאנט.

אַקוראַט אַזוי איז עס טאַקע געשען. אונטער סעטעמברינים השגחה, וועלכער האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ מבין, כאָטש ער האָט נישט געהאַט קיין שום השגה וועגן ספּאָרט, האָט האַנס קאַסטאָרפּ באַקומען אין אַ ספּעציעל געשעפט אויף דער הויפּט=גאַס אַ פּאָר זייער שיינע סקיס, העל=ברוין לאַקירטע, פון אַ גוט יעשאָן=האָלץ, מיט פּרעכטיקע לעדערנע פּאַסקעס און מיט אויסגעבוי=גענע שפּיצן פון פאָרנט. ער האָט אויך געקויפט די שטעקנס מיט די אַייזן=שפּיצן און רעדלעך און ער האָט דווקא אַליין אַליך אַוועק=געטראָגן אויף די אַקסלען ביז צו סעטעמברינים דירה, וואו מ'איז באַלד דורכגעקומען מיטן קרעמער וועגן דעם, „מ'זאָל דאָס אַליך יעדן טאָג אַריינשטעלן צו אים. אַיינקוקנדיק זיך אַ סך מאָל, ווי מען באַנוצט זיי, האָט ער אָנגעהויבן אויף אייגענער אַחריות יעדן טאָג אויף זיי אַרומצוהאָצקען ווייט פון טומל אויפן איבונג=פּלאַץ, אויף כמעט אַ פרייען שיפּוע, נישט ווייט פון דער סאַנאַטאָריע „בערג=האָף". עטלעכע מאָל איז דאָרטן געשטאַנען אַ ביסל אָפּגערוקט סע=טעמברינו, אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן, די פיס שיין געקרייצט און וויפיל מאָל האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַרויסגעוויזן פלינקייט, האָט יענער אים באַגריסט מיט אַ בראַוואָ. אין איינעם אַ טאָג האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ געגליטשט אויף דער אָפּגעריינקטער סטעזשקע צו „דאָרף" צו, כדי אַוועקצולייגן ביי דעם קרעמער די שניי=שיך און האָט געטראָפן דעם הויפראַט. ס'איז אָבער אַדורך גלאַטיק. בע=רענס האָט אים נישט דערקאָנט, כאָטש ס'איז געווען אינמיטן העלן טאָג און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך, ווי אַן אָנפאַנגער, כמעט אָנגע=שטויסן אין אים. ער האָט זיך אַיינגעהילט אין זיין וואָלקן ציגאַרן=רויך און פאַרביי געשטאַפּעט.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַיינגעזען, אַז מ'קאָן זייער גיך דערגיין צו געניטקייט, אויב מ'האָט אינערלעך אַ באַדערפעניש צו איר. ער האָט נישט געהאַט קיין שום פּרעטענזיעס אויף ווירטואָזיש=קייט. דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט, האָט ער זיך אויסגעלערנט אין עטלעכע טעג, נישט דערשוויצנדיק זיך און נישט סאָפּנדיק. ער האָט זיך באַמיט צו האַלטן די פיס פעסט צוזאַמען און איבערצולאָזן פּאַ=ראַלעלע שפּורן. ער האָט אויסגעפּרוווט, ווי אַזוי זיך צו באַנוצן

מיטן שטעקן בײַם רירן פון אָרט, האָט זיך אויסגעלערנט אַריבערצופליען איבער שטרויכלונגען, איבער קלײנע העכערע ערטער, דערבײַ האָט ער געהאַלטן אויסגעשפּרייט די הענט און האָט זיך געוויגט אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ שיף אויף אַ שטורמישן ים. נאָך דעם צוואַנציקסטן פּרווו איז ער מער נישט אומגעפאַלן, בעת ער האָט אינמיטן פולן לויפן פאַרהאַמעוועט מיט אַ שוואונג, האַלטנדיק דערבײַ איין פוס אויסגעשטרעקט און דעם אַנדערן אײַנגעבויגן אין דער קני. ביסלעכווייז האָט ער אַליך מער אויסגעברייטערט דעם קרייז פון זײַנע איבונגען. אין אײנעם אַ טאָג האָט אים סעטעמבריני געזען פאַרשווינדן ווערן אין ווײַסן נעפּל. ער האָט אים דורך די הענט נאָכגערופן אַ וואָרענונג און איז אַהײמגעגאַנגען פּעדאַגאָגיש־באַפרידיקט.

ס'איז געווען שיין אין די ווינטערדיקע בערג, נישט שיין אויף אַ מילדן און פרײַנטלעכן אופן, נאָר אַזוי ווי דער ווילדער צפון־ים איז שיין בײַ אַ שטאַרקן מערב־ווינט. ס'איז דאָ, וואָס אמת, נישט געווען קיין דונערנדיקער רעש, נאָר אַ טויטע שטילקייט. פונדעסטוועגן האָבן די בערג געוועקט ענלעכע געפילן פון יראת־הכבוד. האַנס קאַסטאָרפּס לאַנגע, בויגעוודיקע זוילן האָבן אים געטראָגן אין אַלע ריכטונגען: לענגאויס דעם לינקן שיפּוע צו קלאַוואַדעל, אָדער רעכטס איבער פרויענקירך און גלאַרוס, הינטער וועלכע ס'האָט געשפּענסטיש אַפּערגעקוקט פון נעפּל דער שאָטן פון מאַסיוו אַמזעלפלו. זיי האָבן אים אויך געטראָגן אין דישמאַ־טאָל אָדער הינטער „בערגהאָף“ אין דער ריכטונג צום באַוואַלדיקטן זעהאָרן, וואו בלויז דער שניי־שפּיץ האָט אַרויסגעשטאַרט איבער דער בוימערגרענעץ, און צום וואַלד דרוזאַטשאַ, הינטער וועלכן מ'האָט געזען דעם בלײַכן שאָטן־קאָנטור פון דער טיף־באַשנייטער רעטיקאָן־קייט. ער האָט זיך אויך געלאָזט מיט זײַנע העלצער אַרויף שאַרף פון דער דראָט־באַן צום שאַצאַלפּ און האָט זיך דאָרטן ברייט אַרומגעפאָרעט — צוויי טויזנט מעטער הייך — אויף קרומע צעפּינקלטע פּלאַכן פון פודריקן שניי. בײַ אַ דורכזיכטיק וועטער האָט מען פון דאָרטן געקאָנט ווייט קוקן איבער דער ווילדער לאַנדשאַפט.

ער האָט זיך געפּרײט מיט זײַנע דערגרײכונגען, פאַר װעלכע אַלע מעגלעכקײטן זײַנען באַזײַטיקט געװאָרן און די מניעות זײַנען געװאָרן כּמעט צו גאָרנישט. דאָס האָט אים אַרומגערינגלט מיט אַן אײנזאַמקײט, נאָך װעלכער ער האָט גענבענקט אַפילו מיט דער סאַמע טיפסטער, װעלכע מ׳קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, אַן אײנזאַמקײט, װאָס דערװעקט אין האַרץ געפילן פון מענטשלעך־װילד־פרעמדן און סקעפּטישן. פון אײן זײַט איז דאָ אַראָפּגעפאַלן אין שנײיִקן נעפּל אַ װאַלדיקע באַרג־װאַנט, פון דער צװײטער זײַט איז געװען אַ פעל־דיקער אױפהױב מיט אומגעהײַערע, ציקלאָפּישע, געװעלבטע און גע־הױקערטע שנײ־מאַסן, װאָס האָבן געשאַפן מיט זיך הײלן און קאָפּ־טורן. װען ער איז געבליבן שטײן אומבאַװעגלעך, כּדי זיך אַלײן נישט צו הערן, איז די שטילקײט געװען אַ אומבאַדינגטע און אַ פולקומע, אַ װאַטירטע שטילקײט, אַ אומבאַקאַנטע, קײנמאָל נישט־פאַרנומענע, אַזעלכע, װאָס טרעפט זיך קײנמאָל נישט. ס׳איז דאָ נישט געװען קײן הויך פון קײן װינט, װאָס זאָל די בײמער באַ־װעגן װי לײַכט ס׳זאָל נישט זײַן, מ׳האָט נישט געהערט קײן רױשן, קײן שװישטשען פון פײגל. עס איז געװען דאָס אורשװײַגן — דאָס, װאָס האַנס קאַסטאָרפּ האָט פאַרנומען, בעת ער איז אַזױ געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף זײַן שטעקן, דעם קאָפּ אַראָפּגעבױגן איבער די אַקסלען, מיט אַן אָפן מױל. און שטיל און אָן אױפהער האָט עס װײטער געשנײט און דער שנײ איז אַראָפּגעפאַלן רױִק, אָן אַ שאָרך.

נײן, די דאָזיקע װעלט מיט דער אָן־דנאָיִקער שטילשװײַגעניש איז לחלוטין נישט געװען גאַסטפרײַנדלעך, זי האָט אױפגענומען דעם פרעמדן אויף זײַן אײגענער אַחריות און געפאַר. אײגנטלעך האָט זי אים גאָרנישט אױפגענומען. זי האָט בלױז טאָלערירט זײַן אַרײַנ־רײַסן זיך, זײַן עקסיסטענץ, אויף עפּעס אַן אומהײמלעכן אופן, װאָס איז פאַר גאָרנישט ערב. עס האָט געװײעט פון איר מיט די גע־פילן פון שטיל־באַדראָענדיקן עלעמענטאַרן כּוח, אַפילו נישט קײן פײַנטלעכן, נאָר גלײַכגילטיק־טױטלעכן. דאָס קינד פון דער ציװילי־זאַציע, װאָס איז פון דער יוגנט אָן װײַט און פרעמד דער װיל־דער נאַטור, קאָן אַ סך בעסער פילן איר גרױסקײט, װי דער פרײַ־

מיטיווער באַרג־מענטש, וואָס איז פון סאַמע קינדווייז אָנגעוויזן אויף איר און לעבט מיט איר אין אַ ניכטערער היימישקייט. דער לעצ־טער וועט קוים פילן די רעליגיעזע מורא, מיט וועלכער דער ערש־טער טרעט אַריין אין איר מיט הויך־אויפגעהויבענע ברעמען. אָט־די רעליגיעזע מורא באַשטימט זיין גאַנצע אינערלעכע טיפע באַציִונג צו איר, רופט־אַרויס אַ שטענדיקע רעליגיעזע דערשיטערונג און יראת־הכבוד אין זיין נשמה. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען אָנגעטאָן אין זיין לאַנג־אַרבלדיקן קעמל־האָריקן סוועטער, אין וויקל־שנורן איבער זיינע לוקסוס־סקי און ער איז זיך, אייגנטלעך, פאַרגעקומען גאַנץ דרייסט ביים איינהערן זיך אין דער אור־שטילקייט, אין דער טויטער, אָן־שאַרכנדיקער ווינטערדיקער וויסטקייט. די דערלייכטערונג, וועלכע ער פלעגט דערפילן, בעת ער האָט אויפן וועג אַהיים דער־זען די ערשטע מענטשלעכע ישובים ווידער אַרויסשיילן זיך פון נעפּל, האָט אים געבראַכט צו באַוואוסטזיין זיין פריערדיקן מצב און אים קלאָר געמאַכט, אַז שוין־לאַנג האָט זיין געמיט באַהערשט אַ סודות־דיק־הייליקע שרעק. אין ווייסע הויזן, אַ זיכערער, אַן עלעגאַנטער און דערוועקנדיק דרך־ארץ איז ער געשטאַנען אַמאָל אויף סילט, ביים ראַנד פון דער מעכטיקער צעבושעוועטקייט, ווי פאַר אַ לייבן־שטייג, וואָס הינטער אירע קראַטעס האָט די בעסטיע אָפּגרונט־טיף געעפנט איר פּיסק מיט די מוראדיקע רייס־ציין. ער האָט זיך דע־מאָלט געבאָדן און אַ ברעג־וועכטער האָט אויף אַ האָרנדל געגעבן צו וויסן די סכנה יענע מענטשן, וועלכע האָבן אויף אַ חוצפהדיקן אופן געפּרוּווט אַריבערצורייסן זיך איבער דער ערשטער כוואַליע, בלויז זיך צו דערנענטערן צו דעם אָניאָגנדיקן שטורעם און פון סאַמע לעצטן אָנלויף פון וואַסערפאַל האָט ער געקריגן איבערן נאַקן מיט אַ לאַפּע. זינט דעמאָלט האָט דער יונגער מענטש געקאָנט דאָס באַגייסטערונגס־גליק פון לייכטער ליבע־באַרירונג מיט כוחות, וואָס די פולשטענדיקע אַרומנעמונג מיט זיי איז דער טויט. אויב ער האָט עפעס נישט געקאָנט, איז עס געווען די נייגונג אויף אַזויפיל צו פאַרשטאַרקן יענע באַגייסטערנדיקע באַרירונג מיט דעם טויטלעכן כוח, אַז ס'זאָל דראָען מיט דער פולשטענדיקער אַרומ־נעמונג: ווי אַ שוואַך, כאָטש באַוואָפנט מענטשל, וואָס איז ווי

ס'איז באַזאָרגט געווען פון דער ציוויליזאַציע, אויף אַזוי ווייט זיך איינצושטעלן און צו דערנענטערן זיך צו דעם שרעקלעכן, אָדער אַזוי לאַנג נישט צו אַנטלויפן דערפון, ביז די סכנה איז גובר דעם קריטיציזם און עס בלייבט אים נאָך קיים די ברירה צו האַלטן די גרענעץ לויט זיין ווילן; ביז ס'הערט אויף צו האַנדלען זיך וועגן שוים־אויסלויף און לייכטע קלעפּ, ווי פון אַ לאַפּע, נאָר וועגן דער כוואַליע, וועגן פּיסק און דעם ים גופא.

בקיצור, האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַט מוט דאָ אויבן, אויב מוט לגבי די נאַטור־עלעמענטן הייסט נישט טעמפּע ניכטערקייט בנוגע זיי, נאָר באַוואוסטזיניק זיך איבערגעבן זיי און גובר זיין די מורא פאַרן טויט דורך סימפּאַטיע. סימפּאַטיע? אַוודאי. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אין זיין שמאָלער ציוויליזירטער ברוסט געטראָגן די סימפּאַטיע צו די נאַטור־עלעמענטן. טאַקע די דאָזיקע סימפּאַטיע איז געווען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם נייעם ווערדע־געפיל, וועלכעס ער האָט געשפּירט, זעענדיק, ווי דער המון שליטלט זיך. אַזוי־אַרום האָט ער דערזען פאַר זיך אַ טיפערע און גרעסערע, ווייניקער האָטעל־באַקוועמע איינזאַמקייט, ווי די, וועלכע ס'האָט אים געקאָנט געבן זיין באַלקאָן־לאָזשע. פון דאָרטן אויס האָט ער באַטראַכט די הויכע פאַר־נעפּלטע בערג, דעם טאַנץ פון שניי־שטורעם און האָט זיך געשעמט טיף אין דער נשמה, הלמאַי ער פּלעגט פריער גאַפן אויף דעם אַלעמען איבער דער באַריערע פון ליקסודיקן באַלקאָן. טאַקע צוליב דעם — און נישט צוליב ספּאָרט־טרייבעריי און איינגעבוירענעם קערפּער־קולט — האָט ער זיך געלערנט לויפן אויף סקיס. אויב ער האָט זיך נישט געפילט זיכער דאָרטן אין דער רחבות, אין דער שניי־עדיקער טויט־שטילקייט — און זיכער האָט זיך דאָס קינד פון דער ציוויליזאַציע נישט געפילט — מילא, האָט ער כאָטש די נישט־זיכערקייט געגאָסן דאָ בלב־ונפש. אַ וויכוח מיט נאַפטען און סעטעמברינין איז אויך נישט געווען דאָס סאַמע זיכערסטע. עס האָט אויך געפירט אויף וועגלאָזע שטחים און אין מסוכנע הייכן. און אויב מ'קאָן ריידן וועגן סימפּאַטיע מצד האַנס קאַסטאָרפּ צו דער גרויסער ווינטער־וויסטעניש, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַלטן די וויסטנייש — נישט געקוקט אויף זיין פרומער מורא —

פאַר דעם פּאַסיקן פּלאַץ אויסצוטראָגן זיינע געדאַנקען־קאָמפּלעקסן, פאַר אַ פּאַסיק אָרט פאַר עמעצן, וואָס איז, אַליין נישט ווינדיק, ווי אַזוי ער איז געקומען דערצו, געוועזן באַלאָדן מיט „רעגירונגס־עסקים אין שייכות צו דעם שטאַנד און מלוכה פון homo Dei.

ניין, ס'איז דאָ נישט געווען אַזעלכער, וועלכער זאָל דעם צו־דרייסטן וואָרענען מיט אַ האָרנדל, סיידן מ'זאָל אָננעמען, אַז דאָס איז געווען סעטעמבריני, וועלכער האָט האַנס קאַסטאָרפּן נאָכגערופן דורך די הענט. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַט מוט און סימ־פּאַטיע, ער האָט מער נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם רוף הינ־טער זיין רוקן, ווי אַמאָל אין אַ קאַרנאַוואַל־נאַכט, בעת ער האָט אים דערהערט ביי אַ געוויסן שריט. Eh, Ingeniere, un po' di ra-gione, sa! * אַך, יאָ, דו פּעדאַגאָגישער שטן מיט דיין ragione ** און ribellione *** — האָט ער געטראַכט. אַגב, האָב איך דיך גערן, דו ביסט אַפילו אַ פּלוט און אַ קאַטאַרינאַזש, אָבער דיין כּוונה איז אַ גוטע, דו מיינסט עס ערלעכער און ביסט מיר ליבער, ווי דער שאַרפער קליינער יעזויט און טעראָריסט, דער שפּאַנישער טאָרטורן־און שטעקן־שקלאַף מיט זיינע בליצנדיקע ברילן, כאָטש ער איז כּמעט שטענדיק גערעכט, בעת איר קריגט אייך... בעת איר רייסט אייך אַרום פּעדאַגאָגיש אַרום מיין אָרעמער נשמה, ווי גאָט און דער טייוול אַרום מענטש אין מיטלאַלטער...

מיט פּאַרשנייטע פיס האָט ער זיך געדראַפּעט ערגעץ איבער בלייכע הייכן, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן ביסלעכווייז אין טעראַסן אַלץ העכער און העכער און מ'האָט אַליין נישט געוואוסט וואוהין. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פירן אין ערגעץ נישט. זייער אייבערש־טער רעגיאָן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דעם הימל, וואָס איז גע־ווען אַקוראַט אַזוי נעפּלדיק ווייס ווי ער, און מ'האָט דערפאַר נישט געוואוסט, וואו ער הייבט זיך אָן. מ'האָט נישט געזען קיין שום שפּיץ, קיין קאָנטור. דאָס, צו וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אויפ־

---

* איטאַליעניש: ע, אינזשיניער, אַ ביסל שכל, ווייס!

** שכל.

*** מרידה.

געהויבן, איז געווען אַ נעפּלדיקער גאָרנישט. היות אויך הינטער
אים האָט זיך באַלד אָפּגעשלאָסן די וועלט, דער מענטשלעכער ישוב,
און איז פאַרלוירן געוואָרן פון די אויגן, איז באַלד איידער־וואָס־
ווען געוואָרן זיין איינזאַמקייט, צו גאָר זיין פאַרלוירנקייט, אַזאַ טיפע,
וויפיל ער האָט זיך נאָר געקאָנט פאָרשטעלן, אַ טיפע ביז שרעק,
וואָס איז דער תּנאַי פון מוט. Praeterit figura hujus mundi * —
האָט ער געזאָגט צו זיך אין אַ לאַטיין, וואָס איז נישט
געווען אין הומאַניסטישן גייסט. ער האָט דעם אויסדרוק געהערט
ביי נאַפטען. ער איז געבליבן שטיין און האָט זיך אומגעקוקט.
אין ערגעץ האָט מען גאָרנישט און קיין שום זאַך נישט געזען,
אַחוץ עטלעכע גאַנץ קליינע שנייעלעך, וועלכע זיינען געקומען פון
דער אייבערשטער ווייסקייט און אַראָפּגעזונקען צו דער אונטערשטער
ווייסקייט. די שטילקייט אַרום־און־אַרום איז געווען אַ געוואַלדיק גאָר־
נישט־זאָגנדיקע. בשעת זיין בליק האָט זיך געבראָכן אין דער ווײַ־
סער ליידיקייט, וועלכע האָט אים געבלענדט, האָט ער דערפילט די
באַוועגונגען פון זיין האַרץ, וואָס האָט געקלאַפּט פונם אויפשטייג.
עס איז אָט־דער האַרץ־מוסקול־אָרגאַן, וואָס זיין חיהשע געשטאַלט
און דעם אופן ווי עס שלאָגט האָט ער צוגעזען, אפשר אויך אַ
זינדיקן אופן, אין דורכלויכטונגס־צימער, בעת ס'האָט געבליצט און
געקנאַקט. און אַ מאָדנע געריטקייט האָט אים באַהערשט, אַ פּשוטע
און ערנסטע סימפּאַטיע מיט זיין האַרץ, מיט דעם קלאַפּנדיקן מענטש־
לעכן האַרץ, אַזוי איינגאַנצן אַליין דאָ אויבן אין דער אַייזיקער ליי־
דיקייט מיט זיינע ספיקות און רעטענישן.

ער האָט זיך גערוקט ווייטער, העכער אַרויף, צום הימל צו,
טיילמאָל האָט ער דעם אייבערשטן שפּיץ פון זיין סקי־שטעקן
אַריינגעשטעקט אין שניי און בעת ער האָט אים אַרויסגענומען,
האָט ער געזען, ווי מיטן שניי־שטויב גייט אויך פון טיפן לאָך אַ
בלויע ליכטיקייט. דאָס איז אים געפעלן. ער האָט געקאָנט בלייבן
שטיין לאַנג, כּדי ווידער אויסצופּרוּוון אָט די אָפּטישע דערשיינונג.

* לאַטייניש: עס פאַרגייט די געשטאַלט פון דער וועלט

עס איז געווען אַזאַ מאָדנע סובטעל באַרג=און תהום=ליכט, גרינלעך=בלוי, אײַז=קלאָר און פונדערסטוועגן שאָטנדיק, סודותדיק=צוציענדיק. עס האָט אים דערמאָנט אין דער ליכט און אין דער פאַרב פון געוויסע אויגן, די גורלדיקע בליקן פון קרומע אויגן, וועלכע סעטעמבריני האָט פון הומאַניסטישן שטאַנדפונקט באַצייכנט מיט ביטול ווי „טאָטערישע שליפּיעס" און „אויגן פון אַ סטעפּ=וואָלף", אין יענע פרי=דערזעענע און דערנאָך צוריקגעפונענע, אין היפּפּע און קלאַוודיאַ שאָשאַס אויגן. „גערן" — האָט ער געזאָגט שטילערהייט אין דער אָן=שאַרכנדיקייט. „אָבער צעברעך אים נישט" Il est à visser, tu sais*. און אין גייסט האָט ער געהערט הינטער זיך שיין=קלינגענדיקע וואָ־עניישן צו האַלטן זיך שכלדיק.

רעכטס אָן אַ זייט, פון אַ געוויסער ווייט, איז געשטאַנען אַ וואַלד אײַנגעהילט אין נעפּל. ער האָט זיך געווענדט אַהין, כדי צו האָבן פאַר די אויגן אַן ערדישן ציל, אָנשטאָט ווײַסלעכער טראַנסצענדענץ, און פּלוצלונג האָט ער גענומען גיין אַראָפּ, כאָטש ער האָט לחלוטין נישט געשפּירט קיין משופּעדיקייט. די בלענדונג האָט נישט געלאָזט דערקענען קיין שום געשטאַלט פון באָדן אונטער די פיס. מ'האָט גאָרנישט געזען. אַלץ איז צעשוואומען געוואָרן פאַרן בליק. גאַנץ אומגעריכט האָבן אים אַ הייב געטאָן שטרויכלונגען. ער האָט זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ, אַליין נישט זעענדיק מיט די אויגן דעם גראַד פון דער משופּעדיקייט.

דער וואַלד, וועלכער האָט אים צוגעצויגן, איז געלעגן אין יענער זייט באַרג=דורכריס, אין וועלכן ער איז נישט ווילנדיק אַרײַנגעפאָרן. זיין גרונט, וואָס איז געווען באַדעקט מיט שיטערן שניי, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נאָך דער זייט פון באַרג, ווי ער האָט באַמערקט נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעפאָרן דאָ אַ שטיקל וועגס. דער וועג איז געגאַנגען באַרג=אַראָפּ. די זייטיקע שיפּועים האָבן זיך אויפגעהויבן. עפּעס ווי אַ הייל=וועג האָט דער שפּאַלט געפירט אין די בערג. דערנאָך האָבן די שנאָבלען פון זיינע סקים ווידער גענומען גיין באַרג אַרויף. דער באָדן האָט זיך אויפגעהויבן. באַלד איז מער נישט געווען

---

* פראַנצויזיש: ער איז צום אויפשרויבן, דו זעסט.

קיין זייטיקע ווענט צום אויפשטייגן. האַנס קאַסטאָרפּס וועגלאָזער גאַנג האָט ווידער געפירט אויף איר אָפענעם באַרג־אָפּרים צום הייל צו.

ער האָט געזען די נאָדל־ביימער זייטיק הינטער און אונטער זיך, האָט זיך אויסגעשפרייט אַהינצו און איז פאַרנדיק שנעל אַראָפּ צוגעקומען צו די משופּעדיקע פאַרנעפּלטע לעצטע שניי־באַלאָדענע יאָדלעס, וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן, ווי אַ קלין, דאָרט וואו ס'וואַקסן שוין נישט קיין ביימער. אונטער זייערע צווייגן האָט ער זיך אויסגע־רוט און אויסגערויכערט אַ פּאַפּיראָס, כסדר אַלץ עפּעס מיט אַ געהדיק־טער שטימונג געשפּאַנט, פאַרקלעמט פון דער צו טיפער שטילקייט, פון דער אויסטערלישער איינזאַמקייט. דערביי איז ער געווען שטאָלץ, וואָס ער איז דערגאַנגען אַהער, און ער האָט מוטיק געפילט די ווערט־קייט צו געפינען זיך אין אַזאַ ספערע.

עס איז געווען נאָכמיטאָג אַרום דריי אַ זייגער. באַלד נאָכן עסן האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט, האָבנדיק אין זין דורכצושמוגלען אַ טייל פון דער גרויסער ליג־קוראַציע און די פאַרנאַכט־מאָלצייט און צוריקצו־קומען ווען ס'וועט טונקל ווערן. ער איז פול געוואָרן מיט הנאה ביים געדאַנק, אַז ער האָט נאָך פאַר זיך אַ סך שעהן אויף אַרומצוקריכן אין דער פריי און אין דער הערלעכקייט. ער האָט געהאַט אַ ביסל שאָקאָלאַד אין דער קעשענע פון די ספּאָרט־הויזן און אַ קליין פלעשל פּאָרטווייַן אין וועסטל־קעשענע.

די פּאָזיציע פון דער זון האָט מען קוים געקאָנט דערקענען, אַזוי געדיכט פאַרנעפּלט איז זי געווען. הינטן, אין דער געגנט פון טאָל־אויסגאַנג, פון די בערג־ווינקלען, וועלכע מען האָט געזען, האָבן זיך גע־טונקלט די וואָלקנס, די נעפּלען טיפער און זיי האָבן, דוכט זיך, אויס־געשפּרייט זיך. ס'האָט אויסגעזען, אַז ס'וועט שנייען, אַ סך שנייען, מער וויפיל מ'וואָלט געדאַרפט, ס'וועט זיין אַ היפּשער שניי־שטורם. און ס'האָבן באמת אָנגעהויבן פאַלן געדיכטע קליינע, אָנשטאָרכנדיקע שנייעלעך איבער דעם אָפּרים.

האַנס קאַסטאָרפּ איז אַפּערגעגאַנגען פון אונטער די צווייגן, כדי ס'זאָלן אַרויפפאַלן אויף זיין אַרבל עטלעכע שנייעלעך און ער זאָל זיי קאָנען באַטראַכטן מיט די מבינישע בליקן פון אַן אַמאַטאָר. זיי האָבן אויסגעזען ווי אומפאָרמיקע פּיצלעך, אָבער ער האָט שוין נישט

איינמאָל געקוקט אויף אַזעלכע אונטער זיין גוט פאַרגרעסער=שייבל
און האָט גאַנץ גוט געוואוסט, פון וואָס פאַר אַ שיין=סימעטרישע קליי=
נע אוצרות זיי ליגן זיך צונויף, פון קלעינאָטן, אָרדן=שטערן, ברי=
ליאַנטן=קלאַמערס, אַזוי, אַז דער געניטסטער יוווילער וואָלט זיי נישט
געקאָנט צונויפשטעלן רייכער און דראָבנער. יאָ, אָט דער לייכטער,
ווייכער ווייסער שניי=שטויב, וואָס איז געלעגן מאַסנווייז איבער דער
וואַלד, האָט באַדעקט די בערג און איבער וועלכן זיינע פיס=ברעטער
האָבן אים געטראָגן, איז געווען פאָרט עפּעס אַנדערש, ווי דאָס
היימישע ים=זאַמד, אין וועלכן ער האָט זיך דערמאָנט: דאָס איז,
כידוע, נישט באַשטאַנען פון קיין שטיין=קערנדלעך, נאָר פון מיריאַדן
וואַסער=טיילעכלעך, וואָס האָבן זיך פאַרגליווערנדיק צוזאַמענגעשלאָסן
אין כלערליי סימעטריש=קריסטאָלענע פיגורן, טיילעכלעך פון דער
אומאָרגאַנישער סובסטאַנץ, וועלכע קוועלן אויך אין דער
לעבנס=פּלאַזמע, אין די פלאַנצן און אין מענטשלעכן לייב.
צווישן די מיריאַדן צויבער=שטערנדלעך מיט זייער נישט=
געזעענער, סודותדיקער קליינער פראַכט, וועלכע איז נישט
צוגענגלעך פאַרן מענטשלעכן אויג, איז קיין איינס נישט געווען ענלעך
צום צווייטן; עס האָבן דאָ געהערשט אומענדלעכע קאָמבינאַציעס אין
דער אָפּהאַנדלונג און סאַמע פיינסטער אויסגעשטאַלטיקונג פון דער
זעלבער גרונד=סכעמע: פון גלייכזייטיק=גלייכווינקלענדיקן זעקס=עק.
אָבער אין זיך גופא איז יעדעס פון די קאַלטע קרישטאָלן געווען אומ=
באַדינגט סימעטריש און געבויט לויט אַן אייזערנער רעגולערקייט.
יאָ, דאָס איז טאַקע געווען דאָס אומהיימלעכע, קעגנאָרגאַנישע און
לעבנס=פיינדלעכע, וואָס האָט געשטעקט דערין. זיי זיינען געווען צו
רעגלמעסיק. די לעבעדיק=געבויטע סובסטאַנץ איז עס קיינמאָל נישט
אין אַזאַ מדרגה. דאָס לעבן ווערט דערציטערט פון דער גענויער ציכ=
טיקייט, עס פילט עס ווי עפּעס טויטס, ווי דעם סוד פון טויט אַליין.
האַנס קאַסטאָרפּ האָט, ווי ס'האָט זיך אים געדוכט, שוין פאַרשטאַנען,
פאַרוואָס אַמאָליקע טעמפּל=בוי=מייסטערס האָבן בכיוון בסוד=סודות
געמאַכט קליינע אָפּווייכונגען פון דער סימעטריע אין דער אָרדענונג
פון די זיילן.

ער האָט זיך געלאָזט אויף זיינע סקי, איז געפאָרן מיטן ראַנד פון וואַלד איבער דעם דיק־באַשנייטן שפּוע אַראָפּ אין נעפּל אַריין און האָט זיך אַרומגעשלעפּט ווייטער, אַרויפשטייגנדיק און אַראָפּגליטשנדיק זיך, אָן אַ ציל און מיט הרחבה — ווייטער אין דעם טויטן שטח, וואָס איז אַזוי אויפפאַלנדיק ענלעך געווען צו אַ זאַמדיקע ים־לאַנדשאַפט מיט אירע ליידיקע געפאַלדעוועטע ברייטן, מיט איר טרוקענער וועגעטאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון איינצלנע טונקל־אַרויסשטאַרצנדיקע קוסטן און מיט זיין האָריזאָנט־באַגרענעצונג פון ווייכע בערגלעך. האַנס קאַסטאָרפּ האָט צופרידן געשאָקלט מיטן קאָפּ, בשעת ער איז געשטאַנען און געקוויקט זיך מיט דער ענלעכקייט. אויך די היציקייט פון זיין פּנים, די נייגונג צו ציטערן מיט די אברים, די מאָדנע און שיכּורותדיקע מישונג פון אויפרעגונג און מידקייט, וועלכע ער האָט געשפּירט, האָט ער פאַרטראָגן מיט סימפּאַטיע, ווייל דאָס אַלץ האָט אים היימיש דערמאָנט אין נאָענט קרובהשע ווירקונגען פון ים־לופט, וואָס איז אויך דורכגעזאַפּט מיט אויפרודערנדיקע און איינמידנדיקע שטאָפן צוזאַמען. ער האָט מיט הנאה געשפּירט זיין באַפליגלטע אומאָפּהענגיקייט, זיין פריי אַרומשלעפּן זיך. פאַר אים איז נישט געלעגן קיין וועג, אין וועלכן ער זאָל זיין געבונדן, נישט קיין וועג הינטער אים, אויף וועלכן ער זאָל דאַרפן צוריקגיין, ווי אָנקומענדיק. אין אָנהייב האָט ער דאָ אָנגעטראָפן אויף שטאַנגען, אויף פאַרזעצטע שטעקנס, שניי־צייכנס. אָבער ער האָט בכּיוון אויסגעמיטן זייערע אָנווייזן, וואָרעם זיי האָבן אים דערמאָנט אין דעם מענטש מיטן האָרנדל און זיינען נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר זיין אינערלעכער באַציִונג צו דער גרויסערווינטער־וויסטעניש.

הינטער פאַרשנייטע פעלז־בערגלעך, צווישן וועלכע ער האָט זיך דורכגערוקט, לענקענדיק זיך באַלד רעכטס און באַלד לינקס, איז געלעגן אַ שיפּוע, דערנאָך אַ פליין, דערנאָך גרויסע בערג, וואָס זייערע ווייך־אויסגעבעטע שפּאַלטן און פּאַסן האָבן אויסגעזען אַזוי צוגענגלעך און אַזוי צוציענדיק. יאָ, דער רייץ פון די ווייטקייטן און הייכקייטן, פון די אַלץ מער זיך אויסשיילנדיקע איינזאַמקייטן, איז געווען שטאַרק אין האַנס קאַסטאָרפּס געמיט. כאָטש ער האָט זיך געקאָנט פאַרשפּעטיקן, איז ער אַלץ טיפער אַראָפּ אינם ווילדן שטילשווייגעניש, אין דער אומ־

זיכערקייט, וועלכע איז פאַר גאָרנישט ערב. ער האָט אַפּילו נישט באַמערקט, אַז די שפּאַנונג און קלעמונג פון זיין אינערלעכקייט פאַרוואַנדלט זיך אין אמתדיקער מורא צוליב פרי־צייטיק וואַקסנדיקער טונקלקייט אין הימל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער געגנט ווי גרויע שלייערן. אַדאַנק דער דאָזיקער מורא איז ער געקומען צום באַוואוסטזיין, אַז בסוד האָט ער געטאָן אַלדאָס מעגלעכע צו פאַרלירן די אָריענטאַציע און צו פאַרגעסן, אין וועלכער ריכטונג ס'געפינט זיך דער טאָל און דער ישוב. דאָס איז אים טאַקע אינגאַנצן געלונגען. אגב האָט ער זיך געקאָנט אַיינריידן, אַז אויב ער וועט תיכּף זיך אומקערן און כסדר פאָרן באַרג־אַראָפּ, וועט ער גיך צוריקקומען צום טאָל, כאָטש אפשר ווייט פון „בערגהאָף" — נאָך צו גיך. אין אַזאַ פאַל וועט ער האָבן צו־פרי געקומען, וועט נישט האָבן אויסגענוצט זיין צייט. כאָטש ווען עס הייבט אָן שנייען, וואָלט ער לכל־הדעות תיכּף פאַרלוירן דעם וועג אויף צוריק. אָבער צוליב דעם נעמען און צו זיך אַנטלויפן,— דאָס האָט ער נישט געוואָלט טאָן. די מורא, די אויפריכטיקע מורא פאַר די נאַטור־עלעמענטן, האָט אים געקאָנט דריקן וויפיל זי האָט נאָר געוואָלט. דאָס וואָלט קוים געווען געהאַנדלט ספּאָרטמעניש. וואָרעם דער ספּאָרטמאַן לאָזט זיך אויף אַזויפיל אַריין מיט די נאַטור־עלעמענטן, אויף וויפיל ער פילט זיך פאַר זייער באַלעבאָס און באַהערשער, איז פאָרזיכטיק און איז דער קליגערער, וואָס גיט נאָך. דאָס אָבער, וואָס ס'האָט זיך געטאָן אין האַנס קאַסטאָרפּס נשמה, האָט מען געקאָנט באַצייכענען בלויז מיט איין וואָרט: פּראָוואָקאַציע. נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס וואָרט אַנטהאַלט אין זיך אַזויפיל פאָרוואורף, אַפּילו דעמאָלט — אָדער באַזונדערס דעמאָלט — ווען דאָס אַנטשפּרעכנדיקע זינדיקע געפיל איז פאַרבונדן מיט אַזויפיל אויפריכטיקער מורא, פונדעסטוועגן קאָן מען נאָך אַ ביסל מענטשלעכן אַריינטראַכטן זיך מער וויניקער באַנעמען, אַז טיף אין דער נשמה פון אַ יונגן מענטשן און מאַן, וואָס האָט יאָרן־לאַנג געלעבט ווי אָט דער דאָ, קאָן זיך אָנזאַמלען, אָדער ווי האַנס קאַסטאָרפּ, דער אינזשיניער, וואָלט געזאָגט „אַקומולירן" עפּעס אַזוינס, וואָס אין אַ שיינעם פרימאָרגן לאָדט זיך עס אויס פון ביטערער אומגעדולדיקייט אין: „כאַפּט עס דער רוח!" אָדער „זאָל זיין, וואָס ס'וויל!" בקיצור, אין דער פאָרם

פון אַ פּראָוואָקאַציע און אָפּזאָג מצד דער קלוגער פּאָרזיכטיקייט. דער־
פּאַר טאַקע איז ער ווייטער אַוועק אין זיינע לאַנגע פּאַנטאָפל, האָט
זיך געגליטשט אַראָפּ מיטן שפּיץ און זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דעם
צווייטן אָפּריס, אויף וועלכן ס'איז אַ ביסל אָפּגערוקט געשטאַנען
אַ הילצערן הייזל, אַ סטויג היי, אָדער אַ פּאַסטוך־כאַטע, מיט אַ דאַך,
וואָס איז געווען באַלייגט מיט שטיינער; ער האָט געכאַפּט זיך צו דעם
נאָענטסטן באַרג, וואָס זיין רוקן איז געווען באַשטאָכן מיט כאָסנעס
און הינטער וועלכן ס'האָבן זיך נעפּלדיק געשטויעמט הויכע שפּיצן.
די וואַנט, וואָס איז געווען באַזעצט מיט איינצלנע ביימער־גרופּעס פּאַר
אים, איז געווען אַ שאַרפּע, אָבער קרימלעך, אויף רעכטס האָט מען זי
געקאָנט האַלב־אַרומגיין מיט אַ מעסיקער שטייגונג און קומען הינטער
איר, כדי צו זען וואָס ס'טוט זיך דאָ ווייטער. צו דער דאָזיקער דרישה
וחקירה האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ טאַקע גענומען נאָכדעם, ווי ער האָט
זיך נאָך פּאַר דעם פעלד מיט דער כאַטע אַראָפּגעגליטשט אין אַ
היפּש טיפן שפּאַלט, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון רעכטס נאָך לינקס.

ער האָט נאָר־וואָס ווידער אָנגעהויבן צו שטייגן, ווי ס'איז גע־
וואָרן אַ שניי און אַ שטורעם, טאַקע ווי מ'האָט זיך געקאָנט ריכטן.
ס'איז אַזש געווען אַ מחיה. בקיצור, ס'איז געקומען דער שניי־שטורעם,
וואָס ס'האָט לאַנג געדראָט, אויב מ'קאָן באַנוצן דאָס וואָרט „דראָונג"
בנוגע בלינדע און אומווּסנדיקע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך נישט פאַר־
לייגט דערויף, פון אונדז אַ תל צו מאַכן (דאָס וואָלט שוין געווען אַ
היימישער ענין, אין פאַרגלייך), נאָר וועלכע ס'איז אויף אַן אומ־
געהייערן אופן גלייכגילטיק, צי דאָס געשעט אויך צווישן אַנדערן.
האַלאָ! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט און ער איז געבליבן
שטיין, בעת די ערשטע ווינט־כוואַליע איז אַריין אין דער געדיכטער
שיטעניש און האָט געטראָפן אין אים. — אַ מאָדנע הייך, עס נעמט
דורך די ביינער. דער ווינט איז באמת געווען אַ נישקשהדיקער:
פריער, ווען די טרוקענע לופט איז געווען שטיל און אומבאַוועגט,
ווי געוויינלעך, האָט די מוראדיקע קעלט, וואָס האָט פּאַקטיש גע־
הערשט, בערך צוואַנציק גראַד אונטער נול, זיך נישט געלאָזט
שפּירן און געווירקט גאַנץ מילד. אָבער תיכף, ווי ס'האָט גענומען
בלאָזן אַ ווינט, האָט זי גענומען שניידן, ווי מיט מעסערס אין פלייש.

און אויב ס'זאָל אַזוי ווייטער גיין, ווי איצט — וואָרעם דער ערשטער אָנלויפנדיקער ווינט איז בלויז געווען אַ אָנזאָגער — דעמאָלט וועלן קיין זיבן פעלצן נישט גענוג זיין, כדי צו שיצן די ביינער פון אַייזיקע טויט=שרעק. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אָבער נישט געטראָגן קיין זיבן פעלצן, נאָר בלויז אַ וואָלן וועסטל, וועלכע איז ביי אַ שטיל העטער געווען איבערגענוג און ביי דעם מינדסטן זון=אויפשיין איז עס אים אַפילו געוואָרן שווער. אגב, האָט דער ווינט געיאָגט צו אים אַ ביסל זייטיק פון הינטן, אַזוי אַז ס'האָט לחלוטין נישט געלוינט זיך אויסצודרייען און צו האָבן אים פון פאָרנט. היות דער דאָזיקער ישוב-הדעת האָט זיך אויסגעמישט אין זיין נשמה מיט זיין צולהכעיסדיקייט און מיט דעם גרינטלעכן „כאַפּט עס דער רוח!", האָט דער משוגענער יונגער חברהמאַן זיך געלאָזט אַליך ווייטער, צווישן איינצלנע שטייענדיקע סאָסנעס, כדי אַראָפּצוקומען הינטער דעם באַרג, וואוהין ער האָט זיך געלאָזט.

דערביי איז דאָס לחלוטין נישט געווען קיין גרויסער תענוג, וואָרעם מען האָט מער גאָרנישט געזען פאַר זיך צוליב דעם טאַנץ פון די שנייעלעך, וואָס זיינען, דוכט זיך, נישט אַראָפּגעפאַלן און האָבן אויסגעפילט דעם גאַנצן שטח אין איין געדיכטער געדרייעניש. די אָניאָגנדיקע אַייזיקע צפון=ווינטן האָבן גורם געווען, אַז די אויערן זאָלן נעמען שאַרף וויי=טאָן, האָבן געליימט די גלידער און אָפּגעטויט די הענט, אַזוי אַז מ'האָט מער נישט געוואוסט, צי מ'האַלט נאָך דעם פּיקל=שטעקן צי נישט. דער שניי האָט אים אַריינגעווייעט פון הינטן אין קראַגן און איז אַראָפּגערונען איבערן רוקן, האָט זיך געלייגט איבער זיינע אָרעמס און האָט באַדעקט זיין רעכטע זייט. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט געהאַלטן ביי ווערן אַ שניי=מענטש מיטן שטעקן שטייף אין דער האַנט. און די אַלע צרות זיינען נאָך פאָרגעקומען פאַרהעלטנישמעסיק ביי גינציקע באַדינגונגען. ווען ער וועט זיך אויסדרייען, וועט נאָך ערגער געווען. און דאָך איז דער וועג אַהיים געוואָרן אַ שטיק אַרבעט, וועלכע מ'האָט סוף=כל=סוף שוין געמוזט טאָן.

אַזוי איז ער געבליבן שטיין, האָט מיט כעס געצוקט מיט די אַקסלען און האָט איבערגעשטעלט זיינע ברעטער. דער קעגנווינט האָט אים תיכף פאַרשטיקט דעם אָטעם, אַזוי אַז ער האָט געמוזט

נאָך אַמאָל איבערחזרן די אומבאַקוועמע פּראָצעדור פון איבערשטעלן, כּדי ער זאָל אָפּכאַפּן דעם אָטעם און מיט מער צוגעגרייטקייט קאָנען זיך קעגנשטעלן דעם גלייכגילטיקן שונא. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און גענומען פאָרזיכטיק און שפּאָרעוודיק אָטעמען. אַזוי אַרום איז אים געלונגען אין דער פאַרקערטער ריכטונג זיך אַלאָז צו טאָן. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט זיך באַלד געריכט אויף שלעכטס, איז ער פונדעסטוועגן געווען איבערראַשט פון די שווערקייטן בײַם גיין פאָרויס, וועלכע האָבן זיך גענומען בעיקר פון זײַן בלינדקייט און דערפון, וואָס ס'האָט אים אויסגעפעלט אָטעם. יעדע רגע איז ער געווען געצוואונגען זיך אָפּצושטעלן, קודם־כּל, כּדי הינטער דעם שטורעם אָפּצוכאַפּן אָטעם, צווייטנס דערפאַר, ווייל ער האָט, אײַנבייגנדיק דעם קאָפּ און בלינצלענדיק אַרויף, גאָרנישט געקאָנט זען אין דער ווייסער בלענדעניש און האָט זיך געמוזט היטן, ער זאָל נישט אָנלויפן אויף אַ בוים אָדער פאַלן פון אַ שטרויכלונג. די שנייעלעך זיינען אים געפלויגן מאַסנווייז אין פּנים אַרײַן און צעשמאָלצן געוואָרן דערויף, אַזוי, אַז עס איז פאַרגליווערט געוואָרן. זיי זיינען אים אַרײַן אין מויל, וואו זיי זיינען צעגאַנגען מיט אַ שוואַך־וואַסערדיקן טעם, זיינען אָנגעפלויגן אויף זיינע וויעס, וועלכע האָבן זיך קראַמפּהאַפטיק צוגעמאַכט, זיינען אַרײַן אין די אויגן און נישט געלאָזט, זיי זאָלן עפּעס זען פאַר זיך, כאָטש ס'האָט סיי־ווי־סיי נישט געהאַט קיין צוועק, וואָרעם די געדיכטע פאַרשלייערונג פון אויסבליק אַרום און די בלענדונג פון דער גאַנצער ווייסקייט האָבן סיי־ווי־סיי פאַרטונקלט דעם חוש־הראיה. ווען ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו קוקן, האָט ער געזען די גאָרנישטקייט, די ווייסע ווירבלענדיקע גאָרנישטקייט. בלויז טיילמאָל האָבן דערפון אַרויסגעטויכט געשפּענסטישע שאָטנס פון דער ערשײַנונגס־וועלט: אַ קוסט, אַ גרופּע סאָסנעס, אויך דער שוואַכער סילועט פון דעם סטויג, וועלכן ער איז ערשט נישט לאַנג אַדורך.

ער האָט אים געלאָזט, האָט געזוכט איבער דעם באַרג־אָפּריס, וואו ס'איז געשטאַנען די שאָפּע, דעם צוריקוועג. אָבער ס'איז נישט געווען קיין שום וועג. האַלטן אַ ריכטונג, בערך די ריכטונג אַהיים, אין טאָל אַרײַן, איז מער געווען אַ מזל־זאַך ווי אַן ענין פון פאַרשטאַנד. וואָרעם מ'האָט בלויז געזען די האַנט פאַר די אויגן און אַפילו נישט די שפּיצן

פון די אייגענע שניי־שיך. ווען מ'וואָלט אַפילו בעסער געזען, זיינען נאָך אַלץ געווען גענוג מניעות, וואָס זאָלן שטאַרק שטערן דעם וועג פאָרויס. דאָס פּנים פול מיט שניי, קען זיך דער שטורעם, וואָס לאָזט נישט אָטעמען, האַקט אָפּ דעם אָטעם, לאָזט נישט אַריינעמען קיין לופט און נישט אַרויסלאָזן און צווינגט יעדע רגע, מ'זאָל זיך מוזן אויסדרייען און אָפּרעכענען — אין אַזאַ מצב צו גיין פאָרויס, אַליין איינס, צי ס'איז האַנס קאַסטאָרפּ צי אַן אַנדערער, אַ שטאַרקערער! ער איז געבליבן שטיין, האָט אָפּגעסאָפּעט, האָט אַרויסגעקוועטשט פּיטלענדיק דאָס וואַסער פון די אויגן, האָט אַראָפּגעקלאַפּט פון זיך דעם שניי־פּאַנצער, וואָס האָט זיך אַוועקגעלייגט פון פאָרנט און האָט געפילט, אַז ס'איז אַ אומשכלדיקע פאָרערונג אין אַזאַ לאַגע צו גיין פאָרויס.

פונדעסטוועגן איז האַנס קאַסטאָרפּ געגאַנגען פאָרויס, דאָס הייסט: ער האָט זיך גערירט פון אָרט. אמת, צי דאָס איז געווען אַ צוועקמעסיק גיין ווייטער, אַ גיין אין דער ריכטיקער ריכטונג און צי ס'וואָלט נישט געווען גלייכער צו בלייבן דאָרטן, וואו מ'איז (ס'איז אָבער אוממעגלעך געווען עס צו טאָן), איז נאָך געווען אַ פראַגע. עס איז אַפילו געווען קעגן דער טעאָרעטישער וואָרשיינלעכקייט. פּראַקטיש גענומען, האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּן באַלד אויסגעוויזן, אַז מיט דעם גרונט איז עפּעס נישט אַלץ, ווי ס'דאַרף צו זיין, עפּעס ווי ער וואָלט נישט גע־האַט דעם ריכטיקן באָדן אונטער די פיס, דאָס הייסט דעם פלאַכן באַרג־אָפּריס, וועלכן ער האָט דערגרייכט אַרויפשטייגנדיק מיט גרויס מי פון דורכריס און וועלכע מ'האָט קודם־כל געמוזט דורכגיין. די פלאַך איז געווען צו קורץ. איצט האָט ער שוין ווידער געשטייגט. ווייזט אויס, אַז דער שטורעם, וואָס גייט פון דרום־מערב, פון דער געגנט פון טאָל־אויסגאַנג, האָט אים אַראָפּגעשטויסן פון וועג דורך זיין ווילדן קעגנ־דרוק. שוין אַ היפּש שטיקל צייט, אַז ר'איז געגאַנגען פאַלש דעם וועג, וועלכער האָט אים אַזוי געמאַטערט. בלינד, פאַרהילט מיט ווייסער, ווירבלענדיקער נאַכט, האָט ער זיך נאָך טיפער אַריינגעריסן אינם גלייכגילטיק־דראָענדיקן.

— נאַ, אַזאַ מעשה! — האָט ער געזאָגט צווישן די ציין און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. מער פּאַטעטיש האָט ער זיך נישט אויס־

געדריקט, כאָטש איין מאָמענט האָט ער געהאַט דאָס געפיל, ווי אַן אײז־קאַלטע האַנט וואָלט אים אָנגעכאַפּט ביים האַרץ, אַזוי אַז עס האָט אויפגעציטערט און אַזוי גיך געגומען קלאַפּן קעגן זיינע ריפּן, ווי דעמאָלט, בעת ראַדאַמאַנטיס האָט אַנטדעקט ביי אים דאָס פּייכטע אָרט. ער האָט אַיינגעזען, אַז ער האָט נישט קיין רעכט אויף קיין הויכע ווערטער און זשעסטן, וואָרעם דאָס גאַנצע איז געווען פון זיין זייט אַ פּראָוואָקאַציע און אין אַלע שווערקייטן פון זיין לאַגע איז ער אַליין אינגאַנצן געווען שולדיק. — נישט שלעכט — האָט ער אַ זאָג געטאָן און געפילט, אַז זיינע פּנים־שטריכן, די אויסדרוק־מוסקלען פון זיין מינע, פאָלגן מער נישט די נשמה און קאָנען מער גאָרנישט אויסדריקן, נישט קיין מורא, נישט קיין כעס, נישט קיין ביטול, וואָרעם זיי זיינען געווען פאַרשטאַרט. — וואָס ווייטער? דאָ קרום אַראָפּ און ווייטער — גלייך פאָר איך, אַלץ געגוי קעגן ווינט. דאָס זאָגט זיך אַפילו לייכטער, ווי ס'טוט זיך — האָט ער ווייטער זיך געלאָזט קייכנדיק און אָפּגעריסן, און האָט דאָס פּאַקטיש אַרויסגערעדט מיט אַ האַלב קול — אָבער געשען מוז פאָרט עפּעס; איך קאָן דאָך מיך נישט אַוועקזעצן און וואַרטן, וואָרעם איך וועל דאַמאָלסט צוגעדעקט ווערן מיט דער העקסעגאָנאַלער* רעגלמעסיקייט און אַז סעטעמברינִי וועט קומען מיט זיין האָרנדל, כדי אַ קוק צו טאָן, וואָס איך מאַך, וועט ער מיך טרעפן זיצן מיט אַ פּאָר גלעזערנע אויגן און מיט אַ קרום שניי־היטעלע אויפן קאָפּ... ער האָט דערשפּירט, אַז ער רעדט מיט זיך אַליין און אַפילו אַ ביסל מאָדנע. דערפאַר האָט ער זיך געמאַכט אַ פאָרוואורף, ער האָט עס אָבער ווידער געטאָן מיט אַ האַלב קול אויס־ריקלעך, כאָטש זיינע ליפּן זיינען געווען אַזוי פאַרשטייפט, אַז ער האָט זיי נישט באַנוצט און האָט גערעדט אָן די קאָנסאָנאַנטן, וועלכע ווערן אַרויסגערעדט דורך זיי. דאָס האָט אים אַליין דערמאָנט אין אַן אַמאָליקן לעבנס־מצב, אין וועלכן ס'איז אויך געווען אַזוי. — שווייג און גיי ווייטער! — האָט ער זיך אַליין אַ זאָג געטאָן און האָט צוגעגעבן: דוכט זיך מיר, אַז דו רעדסט נישט צו דער זאַך און ביסט נישט אינגאַנצן ביים קלאָרן זינען. דאָס איז שלעכט צוליב געוויסע טעמים.

* זעקס־עקיק.

אַלנפאַלס, אַז ס'איז שלעכט געווען מיט דעם גיין ווייטער, דאָס איז געווען בלויז אַ ריינע פעסטשטעלונג פון קאָנטראָלירנדיקן שכל, אין אַ געוויסער מאָס מצד אַ פרעמדן, נישט־באַטייליקטן, כאָטש זאָרגנ־דיקן מענטש. ער אַליין בטבע איז געווען זייער גענייגט זיך צו לאָזן אין דער אומקלאָרקייט, וועלכע האָט אים אַלץ מער באַהערשט, וואָס מידער ער איז געוואָרן. פונדעסטוועגן האָט ער אויפגעכאַפּט די דאָזיקע גענייגטקייט און האָט זיך אָפּגעשטעלט דערויף מיטן געדאַנק. — דאָס איז דער מאָדיפיצירטער אופן פון איבערלעבונגען ביי איינעם, וואָס פאַלט אַריין אין אַ שניי־שטורעם אין די בערג און קאָן מער נישט טרעפן אַהיים—האָט ער געטראַכט, גייענדיק מיט מאַטערניש, און האָט טיילן פון די ווערטער אַרויסגערעדט אָן אָטעם פאַר זיך, אויסמיידנדיק דייטלעכע אויסדרוקן צוליב דיסקרעציע. — דער וואָס הערט שפּעטער וועגן דעם, שטעלט עס זיך פאָר שרעקלעך, ער פאַרגעסט אָבער, אַז די קראַנקהייט — און מיין איצטיקע לאַגע איז אין אַ געוויסער מאָס אַ קראַנקהייט — מאַכט אַזוי צו רעכט אַ מענטש, אַז זיי קומען ביידע אויס צווישן זיך; ס'זיינען דאָ פאַראַן סענסאָרישע פאַרמינערונגען*, פאַרגעסונג־נאַרקאָזן, דערלייכטערונג־מיטלען פון דער נאַטור, אוודאי... מען מוז אָבער קעמפן קעגן דעם, ווייל זיי האָבן אַ טאָפּלט פנים און זיינען צווייזייטיק ביז דער העכסטער מדרגה. זייער אָפּשאַצונג איז אינגאַנצן אָפּהענגיק פון קוק־פונקט. זיי זיינען אַ טובה, אויף וויפיל ס'איז באַשערט נישט אַהיימצוקומען. פון דער אַנדערער זייט זיינען זיי אָבער אַ גרויסע רעה, און מ'דאַרף זיי שטאַרק באַקעמפן, אויף וויפיל ס'קאָן נאָך בכלל זיין אַ רייד אַ וועגן אַהיימקומען, ווי ביי מיר, וואָס איך טראַכט נישט וועגן דעם, טראַכט נישט אין מיין שטורמיש קלאַפּנ־דיק הארץ זיך דאָ צו לאָזן באַדעקן מיט דער נאַריש רעגלמעסיקער קריסטאַלאָמעטריע**.

אין אמתן איז ער שוין געווען שטאַרק אויסגעמוטשעט און האָט באַקעמפט די אָנהייבנדיקע אומקלאָרקייט פון זיין סענסאָריום*** אויף

* פאַרמינערונגען אין דער טעטיקייט פון די חושים.

** די געשטאַלטונג פון קרישטאָלן.

*** חושים־געצייג.

אַן אומקלאָרן און פיבערהאַפטיקן אופן. ער איז נישט דערשראָקן געוואָרן אַזוי, ווי ער וואָלט געזונטערהייט דערשראָקן געוואָרן, בעת ער האָט אײַנגעזען, אַז ער איז שוין ווידער אַראָפּ פון גלײַכן וועג: דאָס מאָל, אַפּנים, אין דער אַנדערער זייט, דאָרטן וואו דער באַרג־אָפּרים פּאַלט אַראָפּ. וואָרעם ער איז געפאָרן מיט זיין סקי באַרג אַראָפּ, ביי אַ קרומען קעגנווינט, און כאָטש ער האָט עס פאַר דער האַנט אפשר נישט געטאָרט טאָן, איז עס אין דער רגע געווען דאָס באַקוועמסטע.— ס'וועט שוין גוט זיין — האָט ער געטראַכט — ווייטער אונטן וועל איך שוין ווידער געפינען די ריכטונג. און ער האָט עס געטאָן, אָדער ער האָט געמיינט, אַז ער טוט עס, אָדער ער האָט עס אַליין אויך נישט רעכט געגלויבט, אָדער — נאָך געפערלעכער — עס האָט אים אָנגעהויבן גלייכגילטיק צו וועקן, צי ער טוט עס צי נישט. אַזוי־אַרום האָבן גע־ווירקט די צווייטייטיקע פאַרמינערונגען, וועלכע ער האָט שוין איצט באַקעמפט שוואַך. די מישונג פון מידקייט און אויפרעגונג שאַפט דעם באַקאַנטן דויער־מצב ביי אַ גאַסט, וואָס זיין אַקלימאַטיזאַציע באַ־שטייט אין דער געוויינונג, אַז ער וועט זיך מער נישט צוגעוויינען. אָט אין יענער מישונג האָבן זיך אירע ביידע באַשטאַנדטיילן אַזוי פאַר־שטאַרקט, אַז וועגן אַן מיושבדיקער באַציִונג צו אָט די פאַרמינערונגען האָט מער נישט געקאָנט זיין קיין רייד. צעטומלט און צעמישט, האָט ער געציטערט פון שיכּרות און עקסציטאַציע*, זייער ענלעך ווי נאָך אַ שמועס מיט נאַפּטען און סעטעמברינין, נאָר אומפאַרגלייכלעכער שטאַר־קער. אַזוי אַרום האָט ער פאַרשענערט זיין פוילקייט אין באַקעמפן די נאַרקאָטישע פאַרמינערונגען מיט שיכּרותדיקע רעמיניסצענצן פון אַזעלכע גריבלערייען. נישט געקוקט אויף זיין בונטעווען זיך קעגן דעם צוגעדעקט ווערן מיט דער העקסאַגאָנאַלער רעגלמעסיקייט, האָט ער פונדעסטוועגן עפּעס געמורמלט מיט אַזאַ מין זין אָדער אומזין: דאָס פליכט־געפיל, וואָס האָט אים געטריבן דערצו, ער זאָל באַקעמפן די פאַרדעכטיקע פאַרמינערונגען, איז נישט געווען מער ווי פשוטע עטיק, דאָס הייסט פאַסקודנע לעבנס־בירגערלעכקייט און אירעליגיעזע

* אויפנערעגטקייט.

פּיליסטעריע. דער פֿאַרלאַנג און דער נסיון זיך אַנידערצוליייגן און אָפּצורוען, האָבן אַזוי ווייט באַהערשט זיין געדאַנק, אַז ער האָט זיך אַליין געפּרוווט איינריידן, אַז די לאַגע איז ווי בעת אַ זאַמד־שטורעם אין דער מדבר, וואָס צווינגט די אַראַבער זיך צו וואַרפֿן אויפֿן פּנים און איבערצוציען דעם בורנוס* איבערן קאָפּ. בלויז דער פֿאַקט, וואָס ער האָט גראָד נישט געהאַט קיין בורנוס און וואָס מ'קאָן אַ וואָלענע וועסט נישט רעכט אַריבערוואַרפֿן איבערן קאָפּ, האָט אים אָפּגעהאַלטן דאָס צו טאָן, כאָטש ער איז ניט געווען קיין קינד און האָט פֿון הערן גאַנץ גוט געוואוסט, ווי אַזוי מען ווערט געפֿרוירן.

נאָך אַ ביסל גיכן גליטשן זיך באַרג אַראָפּ און נאָך אַ געוויסער פֿלאַכקייט, האָט עס ווידער גענומען גיין באַרג אַרויף און דאָס גאַנץ שאַרף. דערפֿון איז נישט געווען געדרונגען, אַז דער וועג איז אַ פֿאַלשער, וואָרעם אויפֿן וועג צום טאָל האָט מען אויך ווידער געמוזט גיין באַרג אַרויף. וואָס ס'איז נוגע דעם ווינט, האָט ער זיך געדרייט קאַפּריזנע אַהין און אַהער, ווייל איצט האָט אים האַנס קאַסטאָרפּ ווידער געהאַט פֿון רוקן און האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז, ווי ס'זאָל נישט זיין, אַ וואוילע זאַך. צי האָט אים דער שטורעם געבויגן, צי די ווייכע ווייסע קרום־פֿלאַך פֿאַר אים, וואָס איז געווען פֿאַרשלייערט פֿון דעמערנדיקער געדיכטעניש, האָט זיין קערפּער צוגעצויגן אַזוי, אַז ער האָט זיך געמוזט צו איר צובויגן? ס'האָט זיך געהאַנדלט בלויז אין אָנשפּאַרן זיך און דער נסיון דערצו איז געווען אַ גרויסער, זייער אַ גרויסער, ווי ס'שטייט געשריבן אין די ביכער און ס'ווערט כאַראַקטעריזירט דאָרטן פֿאַר טיפּיש־געפֿערלעך. פֿונדעסטוועגן האָט דאָס געשריבענע לחלוטין נישט פֿאַרקלענערט דעם לעבעדיק־איצטיקן כּוח פֿון נסיון. דער נסיון האָט איצט געערדט וועגן אינדיווידועלע רעכט, האָט נישט געוואָלט אונטערגענומען ווערן אונטער די אַל־געמיינע כּללים, האָט זיך ערקלערט פֿאַר איינמאָליק און נישט־פֿאַרגלייכבאַר אין זיין נויטווענדיקייט. דערביי האָט ער נישט געקאָנט לייקענען, אַז ער איז אַן אָנריידעניש פֿון אַ געוויסן צד, אַז ער שטאַמט פֿון אַ וועזן אין שפּאַנישן שוואַרצן לבוש מיט אַ

* אַראַבישער ווייסער מאַנטל.

שניי־ווייסער, קאַרבירטער טעלער־קרויז, וואָס אין זיין אידעע און פּרינ־ציפּיעלער פאָרשטעלונג קניפּט זיך אָן אַלדאָס טונקעלע, שאַרף־יעזווי־טישע און מענטשן־פיינדלעכע, אַלע מינים טאָרטורן־און שמיץ־קנעכט־שאַפט, אַ גרויל פאַר סעטעמבּרינין, וואָס מאַכט זיך אָבער קעגן יענעם בלויז לעכערלעך מיט זיין קאַטאַרינקע און מיט זיין ragione* ...

פונדעסטוועגן האָט האַנס קאַסטאָרפּ זיך געהאַלטן לייטיש און האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם חשק זיך אָנצולענען. ער האָט גאָרנישט געזען, אָבער ער האָט געקעמפט און זיך גערירט פון אָרט, צוועקמעסיק, אָדער נישט — אָבער ער האָט געטאָן דאָס ווייניקע און זיך באַוועגט צולהכעיס די שווערע קייטן, מיט וועלכע דער פראָסט־שטורעם האָט אַלץ שווערער געבונדן זיינע אברים. היות דער אויפשטייג איז געוואָרן אַ צו־שאַרפער, האָט ער אָפּגענייגט זייטיק, זיך נישט אָפּגעבנדיק קיין גרויסן דין־וחשבון און איז אַחוץ אַ ווײַלע געגאַנגען אין דער קריז. אָפּצורייסן די פאַרקראַמפּטע אויגן־ווייעס און אַ קוק צו טאָן פאַר זיך, איז געווען אַ אָנשטרענגונג און די אויסגעפּרוווטע אומנוצלעכקייט דער־פון האָט ווייניק צוגעגעבן חשק דאָס צו טאָן. פונדעסטוועגן האָט ער פון צייט צו צייט געזען עפּעס פאַר זיך: גרופּעס סאָסנעס, אַ טייך אָדער אַ גרוב, וואָס זיין שוואַרצקייט האָט זיך אָפּגעצייכנט פון צווישן די פאַרשנייטע ראַנדן. און ווען ער האָט ווידער אָנגעהויבן, אויף אַן אָפּבייט, גיין באַרג אַראָפּ, קעגן דעם שטורעם, האָט ער דערזען פאַר זיך אין אַ געווויסער ווייט דעם שאָטן פון אַ מענטשלעכן ישוב, האָט ווי אַרומגעשוועבט פריי אין יאָגנדיקן שניי־ווירוואַר.

אַ אויסגעבענקטער, טרייסטנדיקער אָנבליק! נישט געקוקט אויף אַלע ווידערדיקייטן האָט עס געשטאַרקט, וואָס מען זעט שוין אַפילו אַ מענטשלעכן ישוב, אַ סימן, אַז דאָס באַוואוינטע טאָל איז נאָענט. אפשר זיינען דאָרטן דאָ מענטשן. אפשר קאָן מען צו זיי אַריינגיין, כדי אונטער אַ דאַך אָפּצוװאַרטן ביזן סוף פון שטורעם און ווען מ׳וועט דאַרפן, צו האָבן עמעצן, וואָס זאָל אָפּפירן און צו באַגלייטן, אויב ס׳זאָל דערוויל ווערן אויף אַן אמת פינסטער. ער האָט געהאַלטן אַן אויג אויף דעם כימערישן עפּעס, וואָס איז גאַנץ אָפּט פאַרשוואונדן געוואָרן

* איטאַליעניש: שכל.

אין דער טונקלקייט פון שטורעם, האָט נאָך געמוזט איבערקומען אַן אויסמאַטערנדיקן אויפשטייג קעגן ווינט, כדי צו דערגרייכן אַהין. ווען ער איז סוף־כל־סוף אָנגעקומען, האָט ער זיך איבערצייגט אַ צעבונטעט־וועטער, אַ שטוינענדיקער, אַ דערשראָקענער און מיט אַ חלשות־געפיל. אַז דאָס איז ער אויף אַלערליי אומוועגן און מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג צוריקגעקומען צו דער באַקאַנטער כאַטע און צום סטויג היי מיט דעם דאַך, וואָס איז באַלייגט מיט שטיינער.

דאָס איז געווען מעשה, שטן. פון האַנס קאַסטאָרפּס פאַרשטאַר־טע ליפּן זיינען אַרויס שווערע קללות, אין וועלכע ס'זיינען פאַר־פּעלט געוואָרן די לעפּצן־קאָנסאָנאַנטן. כדי זיך צו אָריענטירן, האָט ער זיך אַרומגעדרייט אַרום דער כאַטע און אַיינגעזען, אַז ער איז ווידער צוגעקומען צו איר פון הינטן און אַז ער האָט אין משך פון אַ גוטער שעה — לויט זיין אָפּשאַצונג — געמוטשעט זיך אומזיסט און אומ־נישט. אָבער אַזוי איז עס, אַזוי שטייט געשריבן. מען גייט אין אַ קרייז אַרום, מען פּלאָגט זיך אָן און מ'מיינט, אַז מ'גייט פאָרויס; דערביי מאַכט מען עפּעס אַ ווייטן, נאַרישן בויגן, וואָס פירט צוריק צו זיך אַליין, ווי דער שפּילעווודיקער יאָר־אָפּלויף. אַזוי אַרום בלאָנ־דזשעט מען און מ'געפינט נישט דעם וועג אַהיים. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דערקענט די באַוואוסטע דערשיינונג מיט אַ געוויסער באַפרידיקונג, כאָטש מיט שרעק, און האָט אַוש אַ קלאַפּ געטאָן אין דער קני פון כעס און שטוינונג, פאַרוואָס דער אַלגעמיינער כלל האָט אין זיין מאָדנעם, אינדיווידועלן און איצטיקן פאַל אַזוי פּינקטלעך צוגעטראָפן.

די איינזאַמע שאַפּע איז געווען אומצוגענגלעך, די טיר איז געווען פאַרשלאָסן און מ'האָט נישט געקאָנט דורך קיין שום וועג אַריין. פונדעסטוועגן האָט האַנס קאַסטאָרפּ באַשלאָסן לעת־עתה צו בלייבן דאָ, וואָרעם דער דאַך האָט געגעבן די אילוזיע פון אַ געוויסער אויפנעמע־רישקייט, און אין דער זייט פון דער כאַטע, וועלכע איז געשטאַנען אויסגעדרייט צו די בערג און וועלכע האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויפגעזוכט, האָט מען זיך באמת געקאָנט שיצן קעגן שטורעם, אויב מ'האָט זיך אָנגעלענט מיטן אַקסל אין דער וואַנט פון געטעסעטע בוים־שטאַמען. מיטן רוקן איז עס נישט געגאַנגען, צוליב די לאַנגע סקי. ער האָט אַוועקגעוואָרפן דעם סקי־שטעקן אין שניי אַריין, איז געשטאַנען

קרום אָנגעלענט, די הענט אין די קעשענעס, דער קאָלנער פון זיין וואָלן לייבל אויפגעשטעלט און ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטן פוס. דעם צעשרויפטן קאָפ מיט די צוגעמאַכטע אויגן האָט ער געלאָזט רוען אויף דער באַלקן-וואַנט. בלויז פון צייט צו צייט האָט ער לענגאויס דעם אַקסל אַ בלינצל געטאָן איבער דעם הורכרים צו דער יענער-זייטיקער באַרג-וואַנט, וועלכע האָט זיך טיילמאָל באַוויזן מאַט אין דער פאַרנעפּלטקייט.

זיין לאַגע איז שוין געווען אין אַן ערך אַ באַקוועמערע. — אַזוי קאָן איך אין אַ נויטפאַל אָפּשטיין אַ גאַנצע נאַכט — האָט ער געטראַכט — אויב איך וועל פון צייט צו צייט טוישן דעם פוס, מיך, אַזוי צו זאָגן, לייגן אויף דער אַנדערער זייט און מאַכן אַ ביסל באַוועגונג, וואָס איז זייער נייטיק. איסוויינייק בין איך טאַקע פאַרשטייפט, אָבער אינעווייניק האָב איך פונדעסטוועגן אָנגעזאַמלט אַ ביסל וואַרעמקייט ביי דער באַוועגונג, וועלכע איך האָב געמאַכט. ממילא איז די עקסקורסיע נישט געווען קיין אומזיסטע, כאָטש כ'האָב מיך גערדרייט און מיך געשלעפּט פון דער כאַטע צוריק צו דער כאַטע... „געדרייט זיך“, וואָס איז דאָס פאַר אַן אויסדרוק? מען דאַרף אים נישט האָבן, ער פּאַסט נישט דערצו, וואָס ס'איז געשען מיט מיר. איך האָב אים באַנוצט אינגאַנצן במזיד, ווייל ס'איז מיר נישט אינגאַנצן קלאָר אין קאָפּ. און דאָך איז עס אויף זיין שטייגער אַ ריכטיק וואָרט, ווי מיר דוכט זיך... ס'איז בלויז גוט, וואָס איך קאָן דאָ בלייבן, וואָרעם דער שטורעם, דער שניי, די בהלה קאָן גאַנץ לייכט אַזוי דויערן ביז מאָרגן אינדערפרי און ווען ער זאָל אַפילו דויערן ביז ס'וועט פינסטער ווערן, איז אויך גענוג שלעכט, וואָרעם ביינאַכט איז די סכנה פון דרייען זיך, פון גיין אַרום און אַרום אין אַ קרייז אַקוראַט אַזוי גרויס ווי ביי אַ שניי-שטורעם... ס'מוז שוין אַפילו זיין אָוונט, בערך אַרום זעקס — כ'האָב אַזוי פיל צייט באַלאַמיטשעט ביים דרייען זיך. ווי שפּעט איז דען? און ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, כאָטש עס איז די פאַרפרוירענע פינגער נישט לייכט אָנגעקומען אים אַרויסצובאַקומען נישט פילנדיק זיך אַליין; ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין גאָלדענעם שפּרינג-דעקל-זייגער מיטן מאָנאָגראַם, וואָס האָט דאָ לעבעדיק און געטריי געטיקט אין דער וויסטער

איינזאַמקייט, פּונקט אַזוי ווי זיין האַרץ, דאָס רירנדיקע מענטשלעכע האַרץ אין דער אָרגאַנישער וואַרעמקייט פון זיין ברוסט-קאַסטן...

עס איז געווען האַלב פינף. וואָס, צו אַלדי-רוחות, אַזוי שפּעט איז דאָך כּמעט געווען, ווען ס'האָט אָנגעהויבן שנייען. זאָל ער גיין גלויבן, אַז זיין גאַנץ אַרומבלאָנדזשען האָט נישט געדויערט מער ווי אַ פערטל שעה? די צייט איז מיר געוואָרן לאַנג — האָט ער געטראַכט — דאָס דרייען זיך איז אַפּנים לאַנגווייליק, אָבער אַרום פינף אָדער האַלב זעקס ווערט שוין אמתדיק טונקל, דאָס איז אַ פאַקט. ווען עס אויפהערן פריער, אַזוי אַז כ'זאָל האָבן גענוג צייט, נישט צו דאַרפן ווידער דרייען זיך אַרום? כ'קאָן נעמען אַ שלוק פּאָרטווין, כּדי צו שטאַרקן זיך.

אָט די דילעטאַנטישע משקה האָט ער גענומען מיט זיך בלויז דערפאַר, ווייל מ'האַלט זי אין „בערגהאָף“ אין פלאַכע פלעשלעך און מ'פאַרקויפט זי פאַר אַזעלכע, וואָס מאַכן אויספלוגן. דערביי רעכנט מען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט אויס אויף יענע, וואָס פאַרבלאָנדזשען אויף אַ נישט-ערלויבטן אופן אין שניי און פראָסט אין די בערג און וואַרטן אָפּ ביי אַזאַ לאַגע ביז ס'וועט נאַכט ווערן. ווען זיינע חושים וואָלטן נישט געווען אַזוי פאַרמינערט, וואָלט ער פאַרשטאַנען, אַז פון קוק-פּונקט פון אַהיימקומען, האָט ער טרינקענדיק דעם פּאָרטווין געטאָן כּמעט דאָס סאַמע פאַלשסטע, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט טאָן; ער האָט עס טאַקע באַלד אײַנגעזען, נאָכדעם ווי ער האָט גענומען עטלעכע שלוק, וואָס האָבן תּיכּף אַרויסגערופן אַ ווירקונג, וועלכע איז אינגאַנצן ענלעך געווען צו דער ווירקונג, וואָס ס'האָט געהאַט אויף אים דאָס קולמבאַכער ביר אינם אָוונט פון זיין ערשטן טאָג דאָ אויבן. ס'איז געווען דעמאָלט, ווען ער האָט מיט צעלאָזן אומבאַהערשטע רייד וועגן פיש-יויך און נאָך אַ סך אַזעלכע ענלעכע אויפגערעגט סעטעמברינין, הער לאָדאָוויקאָ דעם פּעדאַגאָג, וועלכער קאָן אַפילו צעלאָזענע משוגעים צוריקפירן צום שכל מיט זיין בליק. האַנס קאַסטאָרפּ האָט טאַקע איצט געהערט אין דער לופט זיין שיין-קלינגענדיק האָרנדל, אויף אַ סימן, אַז דער רעדנערישער דערציער דערנענטערט זיך מיט גרויסע שפּרייזן, כּדי אַרויסצוראַטעווען פון דעם שרעקלעכן מצב און אַהיימצופירן דאָס אויסגעווינטע קינד, דאָס

ציטערדיקע קינד פון לעבן... פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אינגאַנצן אַן אומזין און ס׳האָט זיך גענומען בלויז פון דעם קולמבאַכער ביר, וואָס ער האָט בשוגג אויסגעטרונקען. וואָרעם קודם־כל האָט סעטעמבריני נישט קיין האָרנדל, נאָר אַ קאַטערינקע, וועלכע שטייט אויף דער ערד אָנגעשפּאַרט אויף אַ פוס און בעת ער שפּילט דערויף פלינק, מאַכט ער הומאַניסטישע אויגן צו די הייזער אַרויף. צווייטנס ווייסט ער נישט און זעט גאָרנישט פון דעם, וואָס ס׳איז געשען, וואָרעם ער זיצט דאָך מער נישט אין דער סאַנאַטאָריע „בערגהאָף“, נאָר ביים דאַמען־שניידער לוקאַצעק אין זיין בוידעם־שטיבל מיט דער קאַראַפינקע, איבער נאַפּטעס זיידענעם צימער. ער האָט אויך נישט קיין רעכט און קיין מעגלעכקייט זיך אַריינצומישן, אַקוראַט אַזוי ווייניק ווי דעמאָלט אין דער קאַרנאַוואַל־נאַכט, ווען האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אויך געפונען אין אַזאַ שלעכטער און ווילדער לאַגע, דעמאָלט, ווען ער האָט דער קראַנקער קלאַוודיע שאָשען אָפּגעגעבן son crayon * זיין בלייפעדער, פּריבּיסלאַוו היפּפּעס בלייפעדער... וואָס פאַר אַ „לאַגע“ איז דאָס, אגב? כדי צו געפינען זיך אין אַ לאַגע, מוז מען ליגן, נישט שטיין, כדי דאָס וואָרט זאָל האָבן דעם גערעכטן און ריכטיקן זין, אָנשטאָט אַ מעטאַפאָרישן. האָריזאָנטאַל — דאָס איז די לאַגע, וואָס פּאַסט פאַר אַ לאַנג־יעריקן מיטגליד פון זיי דאָ אויבן. צי איז ער נישט געוויינט געוואָרן צו ליגן אין דרויסן ביי שניי און פראָסט, ביינאַכט אַקוראַט ווי ביי טאָג? און ער האָט זיך גענומען גרייטן זיך אַנידערצוליינגן. אָבער אין דער רגע האָט אים דורכגעדרונגען דער געדאַנק (אים, אַזוי צו זאָגן, אָנגעכאַפּט ביים קאָלנער און אים געהאַלטן), אַז אויך די דאָזיקע פלוידערנדיקע מחשבות וועגן דער „לאַגע“ דאַרף מען פאַרשרייבן אויפן חשבון פון קולמבאַכער ביר, אַז זיי שטאַמען בלויז פון זיין אומפערזענלעכער, טיפּישגעפערלעכער, אין די ביכער באַשריבענער תאווה, צום ליגן און שלאָפן, וועלכע וויל אים פאַרטומלען מיט סאָפיזמען און ווערטשפּילן.

— דאָ איז געמאַכט געוואָרן אַ פאַלשער שריט — האָט ער מודה געווען — דער פּאָרטוויין איז נישט געווען אויפן אָרט, די

* זיין בלייפעדער.

פּאָר שלוּקן האָבן מיר צופיל שווער געמאַכט דעם קאָפּ, עס לייגט זיך מיר אויפן האַרץ און מײַנע געדאַנקען זיינען אומקלאָר און פּשוטער חוזק, אויף וועלכן כ׳דאַרף מיך נישט פאַרלאָזן — נישט בּלויז אויף די פריערדיקע געדאַנקען, וואָס זיינען מיר אײַנגעפאַלן צום-ערשט, נאָר אויך נישט אויף די צווייטע, מיט וועלכע איך קריטי-קיר די ערשטע, דאָס איז די צרה. Son crayon! דאָס הייסט אין דעם פאַל „איר" crayon און נישט זיינער. מ׳זאָגט בּלויז „son", ווייל crayon איז אַ לשון זכר, אַלדאָס איבעריקע איז חוזק. מיט וואָס איך פּטר די צייט! אין אמתן איז, צום בּיישפּיל, אַ סך וויכטיקער דער פאַקט, אַז מיין לינקער פוס, אויף וועלכן איך שפּאַר מיך אָן, דערמאָנט אויפפאַלנדיק אין דעם הילצערנעם פוס פון סעטעמבּרינים קאַטאַרינקע, וועלכן ער שטופּט אַלעמאָל אַוועק מיט דער קני איבּערן בּרוק, בּעת ער גייט צו נעענטער אונטערן פענסטער אין האַלט דעם סאַמעטענעם הוט אַזוי, אַז דאָס מיידל אין דער הויך זאָל אים עפּעס אַריינוואַרפן. דערבּיי ציט עס מיר אומפּערזענלעך ממש ווי מיט די הענט, אַז איך זאָל מיך לייגן אין שניי אַריין. קעגן דעם העלפט נאָר בּאַוועגונג. איך מוז נעמען מאַכן בּאַוועגונג, אַ שטראָף פאַר דעם קולמבּאַכער און כּדי אויסצוגלייכן דעם הילצערנעם פוס.

ער האָט זיך אָפּגעריסן פון אָרט מיט דעם אַקסל. אָבער תּיכּף ווי ער האָט זיך אַ ריר געטאָן פון דער כאַטע, און בּלויז געמאַכט איין טריט פאָרויס, איז דער ווינט אים בּאַפאַלן ווי מיט קאָסעס און האָט אים צוריקגעטריבּן צו דער בּאַשיצנדיקער וואַנט. ס׳איז אים אָן שום ספק בּאַשערט געווען דאָ צו בּלייבּן לעת-עתּה, דערבּיי האָט ער געהאַט די בּרירה זיך אויף אַן אָפּבּייט אָנצולענען מיטן לינקן אַקסל און זיך אָנצושפּאַרן איפן רעכטן פוס, דערבּיי אַ ביסל צושאָק-לען מיטן לינקן, כּדי ער זאָל נישט פאַרשלאָפן ווערן. בּיי אַזאַ וועטער קאָן מען נישט אַוועק פון דער היים — האָט ער געטראַכט. מעסיקער אָפּבּייט איז נוצלעך, אָבער מ׳דאַרף נישט זוכן קיין נייסן, קיין שום פּאַרטשעפּען מיטן ווינט. האַלט דיך שטיל און לאָז אַראָפּ-הענגען דעם קאָפּ, אויבּ ער איז אַזוי שווער. די וואַנט איז אַ גוטע, פון הילצערנע בּאַלקנס. ס׳זעט אויס, ווי ס׳וואָלט פון איר אַרויס-אַ געוויסע וואַרעמקייט, אויף וויפל ס׳קאָן דאָ זיין אַ רייד וועגן

וואַרעמקייט, דיסקרעטע אייגן-וואַרעמקייט פון האָלץ, קאָן זיין אפשר מער אַ ענין פון שטימונג, סוביעקטיוו... אַ, די אַלע ביימער! אַ, דער לעבעדיקער קלימאַט פון לעבעדיקן! ווי עס שמעקט!...

אונטער אים, אונטער דעם באַלקאָן, אויף וועלכן ער איז געשטאַנען, איז געווען אַ פּאַרק, אַ ברייטער, געדיכט-גרינענדיקער פּאַרק מיט בלעטער-ביימער, מיט אילמען, פּלאַטאַנען, בוכן, קלאָנעס, בעריאָזעס, מיט לייכטע איבערגאַנגען אין דער פאַרבונג פון זייער פולן, פרישן גלאַנצנדיקן בלעטערוואַרג און מיט שטיל רוישנדיקע קרוינען. פונם אָטעם פון די ביימער האָט אַרויסגעווייעט אַ טיפערע פייכטע, באַלזאַמירנדיקע לופט. אַ וואַרעם רעגנדל האָט אַ פאַל געטאָן, אָבער עס האָט דורכגעלויכטן דורכן רעגן. הויך, ביז צום הימל האָט מען געזען די לופט פול בלאַנקנדיקע וואַסער-שנירלעך. ווי שיין! אָ, דער היימישער הויך, דער ריח און די פולקייט פון טיפלאַנד, לאַנג נישט פאַרזוכטע! די לופט איז געווען פול מיט פייגל-געזאַנג, פול מיט שיין-האַרציקער און זיסער פייפעריי, צוויטשעריי, וואָרקעריי, פיקעריי, זיפּצעריי. דערביי האָט מען נישט געזען קיין איינס פון די פייגעלעך. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשמייכלט, אָטעמענדיק דאַנקבאַר. אָבער דערווייל איז אַלץ געוואָרן נאָך שענער. אַ רעגנבויגן האָט זיך איבערגעשפּאַנט זייטיק איבער דער געגנט, אַ פול-אַנטוויקלטער און בולטער, די שיינקייט אַליין. ער האָט פייכט געשימערירט מיט אַלע זיינע פאַרבן, וועלכע זיינען אַראָפּגעפלאָסן זאַט, ווי אייל, אין דער געדיכטער, בלאַנקענדיקער גרינקייט. דאָס איז געווען ווי מוזיק, ווי הויכער האַרפן-קלאַנג, געמישט מיט פלייטן און פידלען. באַזונדערס האָבן די בלויקייט און די וויאָלעטקייט וואונדערלעך געשטראָמט. אַלץ איז כישופדיק פאַרשוואומען געוואָרן, זיך פאַרוואַנדלט, אויסגעשיילט זיך פונסניי און אַלץ שענער. עס איז געווען ווי איינמאָל — שוין היפּשע יאָרן דערין — בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהערט אַ וועלט-באַרימטן זינגער, אַ איטאַליענישן טענאָר, וואָס פון זיין קול האָבן זיך געגאָסן קונסט פון גאָטס גנאָד און כוחות אין די מענטשלעכע הערצער. ער האָט געהאַלטן אַ הויכן טאָן, וואָס איז אַפילו שוין געווען אויך באַלד פון אָנהייב, אָבער ביסלעכווייז, פון רגע צו רגע, האָט דער ליידנשאַפטלעכער קלאַנג זיך געעפנט, זיך כוואַליענדיק אויפגעמאַכט,

איז אַלץ שטראַלנדיקער העל געוואָרן. עפּעס ווי איין שלייער נאָכן אַנדערן איז אַראָפּגעפאַלן, שליירן, וועלכע מ'האָט פריער לחלוטין נישט געפילט. אָט האָט מען געמיינט, אַז דאָס איז שוין דער לעצטער שלייער, וואָס האָט אויפגעדעקט דאָס לעצטסטע ריינסטע ליכט, אָבער דערנאָך איז געקומען אַ סאַמע-לעצטער און דערנאָך אַ נישט-וואַר-שיינלעך לעצטער שבלעצטער, וועלכער האָט אויפגעדעקט אַזאַ שפע פון גלאַנץ און טרערן-שימערירנדיקער הערלעכקייט, אַז פון המון האָבן זיך דערהערט טעמפּע קלאַנגען פון אַנטציקונג, וואָס האָבן געקלונגען ווי אַ איינשטימונג און קעגנשטימונג צוזאַמען. ער, דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ, האָט אַזש אָנגעהויבן שלוכצן. אַזוי האָט איצט אויסגעזען יענע לאַנדשאַפט, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט, צעעפנט אין אַלץ אַ גרעסערער גלאָריפיקאַציע. בלויקייט איז גע-שוואומען... די בלאַנקענדיקע רעגן-שלייערס זיינען אַראָפּגעזונקען. אָט איז געלעגן דער ים, אַ ים. ס'איז געווען דער דרום-ים, טיף, טיף-בלוי, צעבליצט פון זילבערנע ליכטלעך, אַ וואונדער-שיינער איינ-גאָס, נעפּלדיק אָפן אין איין זייט, אין דער העלפט ברייט אַרומ-גענומען פון בערג-קאָנטורן, וואָס האָבן זיך אַלץ מאַטער געבלויט, מיט אינזלען אינמיטן, פון וועלכע ס'האָבן אַרויסגעשטאַרט פּאַלמען אָדער אויך וועלכע מ'האָט געזען לייכטן קליינע, ווייסע הייזלעך צווישן ציפּריסן-וועלדער. אָ, אָ, גענוג, אינגאַנצן אומפאַרדינט, וואָס פאַר אַ ברכה פון ליכט, פון טיפער הימלישער ריינקייט, פון זוניקער וואַסער-פרישקייט! האַנס קאַסטאָרפּ האָט נאָך קיינמאָל נישט גע-זען עפּעס אַזוינס. בשעת די פעריען-רייזעס האָט ער קוים אַ קוק-געטאָן אויפן דרום, האָט געקאָנט בלויז דעם רויען, דעם בלאַסן ים און געווען צוגעבונדן צו אים מיט קינדישע, שווערע געפילן. אָבער צום מיטללענדישן ים, קיין נעאַפּאָל, סיציליע אָדער קיין גריכנ-לאַנד בערך האָט ער קיינמאָל נישט דערגרייכט. פונדעסטוועגן האָט ער זיך דערמאָנט. יאָ, דאָס איז מאָדנע, עס איז געווען אַ פייערלעך ווידערקענען. אַך, יאָ, אַזוי איז עס טאַקע — האָט עפּעס גערופן אין אים. גלייך ווי ער וואָלט אָט דאָס בלויע זוניקע גליק, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר אים, פון אַלעמאָל אָן און בסוד געטראָגן אין האַרץ און עס פאַרשוויגן פאַר זיך אַליין. דער דאָ-

זיקער „פון אַלעמאָל אָן" איז געווען ווייט, אומענדלעך ווייט, אַזוי־ווי דער אָפענער ים לינקס, דאָרטן וואו דער הימל פאַלט אַרויף אויף אים צאַרט און פיילכנפאַרביק.

דער האָריזאָנט איז געלעגן הויך, די ווייטקייט האָט אויסגעזען צו שטייגן און גענומען האָט זיך עס דערפון, וואָס האַנס קאַסטאָרפּ האָט געקוקט אויף דעם אײַנגוס פון אַ געוויסער הייך. עס האָבן אים אַרומגערינגלט בערג. די נידעריקע שפּועס זיינען געווען באַוואַקסן מיט קוסטעס=וועלדער ביז אַרײַן אין ים און האָבן זיך געצויגן פון מיטן אויסבליק אין אַ האַלבן קרייז, ביז אַהין, וואו ער איז געזעסן, און נאָך ווייטער. ער איז געזעסן אויף אַ באַרגיקן ברעג, אויף שטיינערנע טרעפּ, אָנגעוואַרעמטע פון דער זון. פאַר אים איז געפאַלן אַראָפּ דער ברעג, אַ מאָכיק=שטיינערנער, אין טרעפּ=פעלזן, געדיכט באַוואַקסן ביז צו אַ גלייכן פליין, וואו אָנגעוואָרפענע שטיינער האָבן צווישן טשערעט געשאַפן בלויע אײַנגאָסן, קליינע האַפנס, פאַר=ימען. און די דאָזיקע זוניקע געגנט און די דאָזיקע צוגעגלעכע ברעג=הייכן און די לאַכנדיקע פעלזן=בעקן, ווי ווי אויך דער ים ווייט ביז צו די אינזלען, וואו ס'זיינען געפאָרן אַהין און אַהער שיפלעך, — אַלץ איז געווען ווייט און ברייט פאַרזייט מיט מענטשן. מענטשן, קינדער פון דער זון און פון ים, האָבן אומעטום זיך באַוועגט און גערוט. קלוג=לוסטיקע, שיינע, יונגע מענטשן, אַז ס'איז אַזש געווען אַ פאַרגעניגן אָנצוקוקן. אָנקוקנדיק זיי, האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּס גאַנצע האַרץ ברייט צעעפנט, ווייטיקנדיק ברייט און מיט ליבשאַפט.

יינגלעך האָבן צעפלאָשעט פערד, זיינען געלאָפן — מיט די הענט אין די צוימען — לעבן זייערע הירזשענדיקע פערד, וואָס האָבן געוואָרפן מיט די קעפּ, האָבן געריסן די צעיושעטע ביי די לאַנגע לייצעס, אָדער האָבן זיי געיאָגט — רייטנדיק אָן זאָטלען און קלאַפּנדיק זיי איבער די זייטן מיט די בלויזע פּיאַטעס — אין ים אַרײַן. די מוסקלען פון זייערע רוקנס האָבן אונטער דער גאָלד=ברוינער הויט באַוועגט זיך קעגן דער זון און זייערע רופן צו די פערד אָדער צווישן זיך האָבן צוליב עפּעס ווער=ווייסט=וואָס געקלונגען פאַרכישופנדיק. ביי אײַנעם אַן אויסגאָס, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט דעם ברעג, ווי אַ באַרג=אָזערע, און וועלכער האָט זיך טיף אײַנגעשניטן אין לאַנד,

האָבן געטאַנצט מיידלעך. ביי איינער זיינען די נאַקן־האָר געווען הויך אַרויפגעקעמט צו אַ גריך, און ס'האָט זיך געטראָגן פון איר אַ באַזונדערער ליבלעכער רייץ. זי איז געזעסן מיט די פיס אין אַ פאַרטיפונג פון דער ערד און האָט געבלאָזן אויף אַ פּאַסטוך־פלייט. אירע אויגן האָבן אַוועקגעקוקט איבער די לויפנדיקע פינגער צו די חברטעס, וועלכע זיינען געווען אָנגעטאָן אין לאַנגע און ברייטע קליידער און געגאַנגען אין טאַנץ איינצלנע, שמייכלענדיק אויסשפּרייטנדיק די אָרעמס, און אין פּאָרלעך — ליבלעך צונייגנדיק די שלייפן איינע צו דער אַנדערער. הינטער דער, וואָס האָט געשפּילט אויף דער פלייט, ביי וועלכער דער רוקן איז, צוליב דער פּאָזיציע פון די אָרעמס, געווען ווייס און לאַנג און צאַרט און זייטיק פאַרקיילעכדיקט, זיינען געזעסן אָדער געשטאַנען אַרומגענומענע אַנדערע חברטעס, האָבן זיך צוגעקוקט און רויק געשמועסט. ווייטער צו האָבן יינגלעך געלערנט זיך שיסן מיט בויגנס. ס'איז געווען אַ מחיה און אַ הנאה צוצוזען, ווי די עלטערע האָבן געלערנט די אומגעשיקטערע און געלאָקטע קינדער, ווי אַזוי אָנצושפּאַנען דעם בויגן, אַרויפצולייגן די פייל, האָבן מיט זיי צוזאַמען געצילט און האָבן לאַכנדיק זיי אונטערגעהאַלטן, ווען זיי זיינען צוריקגעפאַלן פון צוריקשטויס בעת די פייל איז אַוועקגעפלויגן מיט אַ פייף. אַנדערע האָבן געכאַפּט פיש אויף ווענטקעס. זיי זיינען געלעגן מיט די בייכער אַראָפּ אויף די פלאַטשיקע פעלזן ביים ברעג, געשאָקלט מיט איין פוס און האָבן געהאַלטן די שנור אין ים. דער קאָפּ איז געווען הרחבהדיק־פלוידערנדיק אָנגעניגט צו אַ שכן, וואָס האָט זיצנדיק קרום אויסגעשטרעקט דעם קערפּער און ווייט פאַרוואָרפן זיין האַקנדל. ווידער אַנדערע האָבן זיך געפּאָרעט מיט אַ הויך־דעקיקער מאַסט־שיף, וועלכע זיי האָבן רייסנדיק, שטופּנדיק און אונטערשפּאַרנדיק זיך באַמיט אַריינצוזעצן אין וואַסער. קינדער האָבן זיך געשפּילט און זיך געיאָגט צווישן די גראַבלעס. אַ יונגע פרוי, אַ הויכע האָט זיך אומגעקוקט הינטער זיך און האָט מיט איין האַנט אַרויפגעצויגן הויך דאָס בלומיקע געוואַנט צווישן די בריסטן. די אַנדערע האַנט האָט זי מיט פאַרלאַנג אויסגעשטרעקט נאָך אַ פרוכט מיט בלעטער, וועלכע ס'האָט געהאַלטן רייצנדיק זיך איבער איר קאָפּ אַ שמאָל־היפטיקער מאַנסביל. מענטשן האָבן זיך אָנגעלענט אין די

פאַרטיפונגען פון פעלזן, מען האָט זיך געקווענקלט, צי מ'זאָל זיך אַרייַנגיין באָדן, און דערביי געהאַלטן די הענט געקרייצט איבער די אַקסלען און מיט די פינגער־שפּיצן פון די פיס אויסגעפּרוווט די קילקייט פון וואַסער. פּאָרלעך זיינען געגאַנגען שפּאַצירן לענג־אויס דעם ברעג און אַ מאַנסביל האָט געהאַלטן זיין מויל ביים אויער פון מיידל, וועלכע ער האָט היימיש געפירט. קודלאַטע ציגן זיינען געשפּרונגען פון איין פעלז אויפן צווייטן און ס'האָט געוואַכט איבער זיי אַ יונגער פּאַסטוך, וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ הויך אָרט, מיט איין האַנט אויף דער היפט, מיט דער אַנדערער אויף זיין לאַנגן שטעקן און אויף זיינע ברוינע לאָקן איז געזעסן אַ קליינער הוט מיט אַן אַרויפגעשאַרצטן ראַנד.

— דאָס איז דאָך רייצנדיק — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט מיט התפּעלות — דאָס איז דאָך זייער דערפרייענדיק און אַנטציקנדיק. ווי שיין, געזונט און קלוג און גליקלעך זיי זיינען! יאָ, נישט בלויז שיין געבויט, נאָר אויך אינערלעך קלוג און מילד־העפלעך. דאָס איז דאָס, וואָס ס'רירט מיך אַזוי און מאַכט מיך פאַרליבט: דער גייסט און דער זין, וואָלט איך געזאָגט, וואָס ליגט אין יסוד פון זייער מהות, ווי אַזוי זיי זיינען צוזאַמען און לעבן צווישן זיך! ער האָט דערמיט געמיינט די גרויסע פריינדלעכקייט און גלייכמעסיק פאַרטיילטע העפלעכע פאַרשטענדעניש, מיט וועלכע אָט די זוניקע מענטשן לעבן צווישן זיך: יענע לייכטע שעצונג, וואָס איז פאַרבאָרגן אונטער אַ שמייכל און וועלכע זיי האָבן אַרויסגעוויזן אויף טריט און שריט איינער דעם צווייטן, כמעט אומבאַמערקבאַר און דאָך מיטן כח פון אַ בולטער צונויפבינדונג, וואָס האָט אַלע באַהערשט, און פון אַ פאַרקערפּערטער אידעע. עס איז דאָ געווען ווערדע און אַפילו שטרענגקייט, פונדעסטוועגן איז זי געווען אינגאַנצן אויסגעפילט מיט פריילעכקייט און זיך אויסגעדריקט אין אַלע זייערע מעשים בלויז ווי אַ גייסטיקער איינפלוס פון נישט־שטרענגן ערנסט, וואָס לאָזט זיך גאָר נישט אָנכאַפּן, ווי פאַרשטענדיקע פרומקייט, כאָטש נישט אָן יעדן צערעמאָניאַל. וואָרעם דאָרטן, אויף אַ קיילעכיקן, מאָכיקן שטיין איז געזעסן אַ יונגע מוטער אין אַ ברוין קלייד, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון איין אַקסל, און האָט געזויגט.

אַ קינד. און יעדער איינער, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט זיך געגריסט אויף אַ באַזונדערן אופן, אין וועלכן ס'האָט זיך צונויפגענומען אַלץ, וואָס איז אַזוי פול מיט אויסדרוק פאַרשוויגן געוואָרן אין דער בכבודיקער האַלטונג פון די מענטשן. די יינגלעך, וואָס זיינען פאַרביי געגאַנגען, האָבן זיך אויסגעדרייט צו דער מוטער, האָבן לייכט, גיך און פאָרמעל געקרייצט די הענט איבער דער ברוסט און האָבן שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. די מיידלעך האָבן נישט צודייטלעך געמאַכט אַ קניקס, ווי עמען, וואָס גייט אין קירך פאַרביי דעם הויפּט־מזבח און בייגט זיך לייכט איין. דערפאַר אָבער האָבן זיי עטלעכע מאָל לעבעדיק, לוסטיק און האַרציק צוגעשאָקלט דערביי מיט די קעפּ. די דאָזיקע מישונג פון פאָרמעלן יראת־הכבוד און לוסטיקער פריינדשאַפט, דערצו נאָך די געלאַסענע מילדקייט, מיט וועלכער די מוטער האָט אַרויסגעקוקט פון איר ווערימל (זי האָט מיט איר וויז־פינגער דערביי צוגעקוועטשט איר ברוסט, כדי ס'זאָל אים זיין גוט צו טרינקען) און דער שמייכל, מיט וועלכן זי האָט אָפּגעדאַנקט אויף די גרוסן, האָבן איינגאַנצן דורכגענומען האַנס קאַסטאָרפן מיט אַנטציקונג. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָנקוקן. פונדעסטוועגן האָט ער זיך אַ באַקלעמטער געפרעגט, צי ער מעג דאָס גאָר צוזען, צי פאַר דעם איינקוקן זיך אין אָט דער זוניק־האַרמאָנישן גליק פאַרדינט ער נישט אַמאָל די הכּכסטע שטראָף, ער, דער נישט צוגעהעריקער, וואָס איז זיך אַליין פאַרגעקומען נישט־איידל, מיאוס און מגושמדיק.

אָבער ס'איז נישט געווען קיין אומגליק. אונטער דעם אָרט, וואו ער איז געזעסן, איז געשטאַנען אַ שיין יינגל, וואָס איז געווען פאַרלאָזט פון זיינע חברים. ער איז נישט געווען טרויעריק, נישט בייז, פשוט געשטאַנען אין אַ זייט. זיינע געדיכטע האָר, וואָס זיינען געווען זייטיק פאַרלייגט איבערן קאָפּ, זיינען אַראָפּגעפאַלן איבערן שטערן און איבער די שלייפן, זיינע הענט זיינען געווען פאַרלייגט אויף דער ברוסט. אָט־דאָס יינגל האָט אים דערזען, האָט צו אים אַרויפגעקוקט און זיינע בליקן האָבן געוואַנדלט אַהין און אַהער צווישן די בילדער פון ברעג און צווישן אים. דאָס יינגל האָט זיך צוגעהערט ווי ער הערט זיך צו. אָבער פלוצלונג האָט דער יינגל אַ בליק געטאָן איבער אים, האָט הינטער אים אַ קוק געטאָן

אין דער ווייטקייט און אין איין רגע איז פון זיין שײנעם, שטרענג־געשניטענעם, האַלב־קינדישן פנים פאַרשוואונדן געוואָרן דער ברידערלעך־העפלעכער שמייכל פון פאַרשטענדעניש, וואָס איז דאָ אייגן געווען אַלעמען. יאָ, כאָטש זיינע ברעמען האָבן זיך נישט פאַרצויגן, איז אין זיין מינע אַנטשטאַנען אַן ערנסט, ממש ווי פון שטיין, אָן אויסדרוק, נישט צום דערגרונטעווען, אַ טויטע פאַרשלאָסנקייט. דאָס קאַסטאָרפן, וואָס האָט זיך קוים געהאַט באַרויִקט, איז באַפאַלן אַ בלאַסע שרעק. און ער האָט אַפילו באַקומען אַ אומבאַשטימטע אַנונג וועגן דעם זין דערפון.

אויך ער האָט אַ קוק געטאָן הינטערווײלעכץ... הינטער אים האָבן אַרויסגעשטאַרט מעכטיקע זיילן, אָן פיעדעסטאַלן, געטורעמט פון צילינדרישע בלאָקן. אין זייערע שפּאַלטן האָט געשפּראָצט מאָך. עס זיינען געווען די זיילן פון אַ טעמפּל־טויער און ער איז געזעסן אויף די טרעפּ פון זיין אונטערגעבײ, וואָס איז געווען אָפן אין־מיטן. ער איז אויפגעשטאַנען מיט אַ שווער האַרץ, איז זייטיק אַראָפּ פון די טרעפּ און איז דורך דעם טיפן טויער־וועג אַרויס אויף אַ געסל, וואָס איז געווען באַלייגט מיט שטיינערנע פּלאַטן. דאָרטן איז ער געבליבן שטיין פאַר נייע פּראָפּילעען *. ער איז אויך זיי אַדורך און איצט איז געשטאַנען פאַר אים דער טעמפּל, אַ מאָסיקער, מיט אַ גרוי־גרינלעך פאַרווייעטן אויסזען, מיט אַ שאַרפן אונטערגעבײ פאַר טרעפּ און מיט אַ ברייטן געזימס, וואָס איז געלעגן אויף די קאַפּיטלען** פון געוואַלדיקע און מאַסיווע זיילן, וואָס פאַרשמעלערן זיך אינדערהויך און פון וועלכע עס טרעט אַרויס טיילמאָל זייטיק אַן פאַררוקט אַ רונדיקער בלאָק. מיט מי, צוהעלפנדיק זיך אויך מיט די הענט און זיפצנדיק, ווייל ס׳איז אים אַלץ שווערער געוואָרן אויפן האַרץ, האָט האַנס קאַסטאָרפּ אַרויפגעקלעטערט אויף די הויכע שטיגן און איז צוגעקומען צו דער געדיכטעניש פון די זיילן. ער איז געווען זייער טיף, האַנס קאַסטאָרפּ איז צווישן די זיילן אַרומגעגאַנגען ווי צווישן די שטאַמען פון בוקן־וואַלד ביים בלאַסן ים. דערביי האָט

* פּאַדער־הויף, פּראַכט־האַלע.

** דער קאָפּ פון אַ זייל.

ער בכיוון אויסגעמיטן און אָנגעשטרענגט זיך אויסצומיידן דעם מיטן. פונדעסטוועגן איז ער ווידער צוגעקראָכן צום מיטן און האָט זיך געפונען דאָרטן, וואו די זיילן־רייען גייען זיך פונאַנדער, פאַר אַ סטאַטוען־גרופּע. עס זיינען געווען צוויי שטיינערנע פרויען־פיגורן אויף אַ פּיעדעסטאַל, אַ מוטער און אַ טאָכטער, אַפּנים. איינע איז געזעסן, האָט אויסגעזען עלטער, ווערדיקער, מילד און געטלעך, אָבער מיט קלאָגנדיקע ברעמען איבער ליידיקע אויגן־גריבלעך. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ געדיכט־געפאַלדעוועטן טוניק און אַ אייבערקלייד, באַדעקט מיט אַ קאַרבירטן מאַטראָנען־שייטל און מיט אַ שלייער. די אַנדערע איז געשטאַנען און די ערשטע האָט זי מוטערלעך אַרומגענומען. זי האָט געהאַט אַ קיילעכיק מיידלש פּנים, די אָרעמס און די הענט פאַרשטעקט אין די פאַלדן פון איר אייבער־מלבוש און פאַרשטעלט.

באַטראַכטנדיק די סטאַטוע, איז האַנס קאַסטאָרפּס האַרץ צוליב טונקעלע סיבות געוואָרן נאָך שווערער, נאָך שרעקעדיקער און פול מיט פאָרגעפילן. ער האָט זיך קוים געהאַלטן און האָט דאָך געפילט די באַדערפעניש אַרומצוגיין די געשטאַלטן און הינטער זיי צוריקצוגיין די טאָפּלטע זיילן־ריע. פלוצלונג איז געשטאַנען פאַר אים אָפן די מעטאַלענע טיר פון טעמפּל און ביי דעם אָרעמען האַנס קאַסטאָרפּ האָבן זיך אַזש די קני געגומען אונטערברעכן דערפון, וואָס ער האָט דערזען אַ פאַרגליווערטער פון שטוינונג. צוויי גרויע וייבער, האַלב־נאַקעטע, צעקודלטע, מיט נאָכהענגענדיקע מכשפה־בריסטן און מיט ציצן־לאַנגע ווי פינגער, האָבן דאָרטן צווישן פלאַקערנדיקע פייער־פאַנען אָפּגעטאָן די שרעקלעכסטע מעשים. איבער אַ בעקן האָבן זיי צעריסן אַ קליין קינד, צעריסן עס — אין אַ ווילדער שטילקייט — מיט די הענט (האַנס קאַסטאָרפּ האָט געזען, ווי די צאַרטע בלאָנדע הערעלעך ווערן פאַרשמירט מיט בלוט) און האָבן איינגעשלונגען די שטיקער, אַזוי אַז זייערע מיילער האָבן געקנאַקט די יונגע ביינדעלעך און פון זייערע פאַסקודנע ליפּן האָט געקאַפּעט דאָס בלוט. אַ מוראדיקע אייזיקע קעלט האָט פאַרגליווערט האַנס קאַסטאָרפּן. ער האָט געוואָלט פאַרשטעלן די אויגן מיט די הענט און האָט עס נישט געקאָנט, ער האָט געוואָלט אַנטלויפן און נישט

געקאָנט. וואָרעם זיי האָבן אים שוין דערזען ביי זייער גרויליקער פּאָ־רעניש, זיי האָבן געשאָקלט צו אים די בלוטיקע פויסטן און אָן אַ קול געזידלט, אָבער מיט די גרעסטע געמיינהייטן, עקלדיק און אין האַנס קאַסטאָרפּס דיאַלעקט. ס׳איז אים געוואָרן אַזוי שלעכט, אַזוי שלעכט, ווי נאָך קיינמאָל נישט. אַ פאַרצווייפלטער האָט ער זיך גע־וואָלט אַ ריס טאָן פון אָרט און — הוות ער האָט דערביי מיט זיין רוקן זייטיק זיך אָנגעשלאָגן אין דעם זייל — האָט ער זיך דערזען (אין די אויערן האָבן אים נאָך געקלונגען די מנוולדיקע שעפּטשע־רייען און ער איז נאָך געווען אינגאַנצן אַרומגענומען מיט קאַלטער מורא) ליגן ביי דער כאַטע איינגעהילט אין שניי, אָנגעשפּאַרט אויף איין אָרעם, מיט אַן אָנגעלענטן קאָפּ, די אויסגעשטרעקטע פיס אין סקי־העלצער.

ס׳איז אָבער נישט געווען קיין אמתדיק און אייגנטלעך אויפ־כאַפּן זיך. ער האָט בלויז געבלינצלט מיט די אויגן, מיט דערלייכ־טערונג, וואָס ער איז פּטור געוואָרן פון די שרעקלעכע ווייבער, דאָך האָט ער ווייניק דייטלעך געוואוסט און זיך נישט געמאַכט דער־פון, צי ער ליגט פאַר אַ טעמפּל־זייל אָדער ביי אַ סטויג, און ער האָט אויף אַ געוויסן אופן ווייטער געחלומט — נישט מער אין בילדער, נאָר אין געדאַנקען. פונדעסטוועגן נישט ווייניקער געוואַגט און פאַרפּלאָנטערט.

און איך האָב געמיינט, אַז ס׳האָט זיך מיר גאָר געחלומט — האָט ער כמעט אַריינגעמורמלט אין זיך — רייצנדיק און מוראדיק געחלומט. כ׳האָב עס, אין תוך, געוואוסט די גאַנצע צייט און כ׳האָב דאָס אַליין מיר אַליין איינגערעדט, דעם גרינעם פּאַרק און די ליבע פייכטקייט און אַלץ דערנאָך, שיינס און פּאַסקודנעס, כ׳האָב עס כמעט פאָרויס געוואוסט. ווי אַזוי קאָן מען אָבער וויסן און זיך איינריידן, אַזוי גליקלעך מאַכן און דערשרעקן? פונוואַנען האָט זיך עפּעס גענומען צו מיר דער שיינער אינזל־גאָלף און דערנאָך דער טעמפּל־קרייז, וואוהין ס׳האָבן אָנגעוויזן די אויגן פון דעם סימ־פּאַטישן יינגל, וואָס איז געשטאַנען באַזונדער? מ׳חלומט נישט בלויז פון דער אייגענער נשמה, וואָלט איך געזאָגט, מ׳חלומט אַנאָנים און

בשותּפותדיק, כאָטש אויף אַן אייגענעם אופן. די גרויסע נשמה, פון וועלכער דו ביסט בלויז אַ טייל, חלומט דורך דיר, אויף דיין שטייגער, פון זאַכן, וועגן וועלכע זי חלומט אַלעמאָל שטילערהייט -- פון איר יוגנט, פון אירע האָפענונגען, פון גליק און פון שלום... און פון אירע בלוטיקע מעשים. אָט ליג איך ביי מיין זייל און האָב אין לייב נאָך די ווירקלעכע רעשט פון מיין חלום, די אייזיקע שרעק פאַר די בלוטיקע מעשים, אויך נאָך די פריערדיקע האַר־ציקע פרייד, די פרייד צוליב דעם גליק און צוליב דער פרומער איידלקייט פון דער ווייסער מענטשהייט. עס געהער מיר, האַלט איך, איך האָב אַרויסגעקריגענע רעכט דאָ צו ליגן און צו חלומען וועגן אַזעלכע זאַכן. איך בין אַ סך געוואָר געוואָרן ביי יענע דאָ אויבן וועגן דעזערציע און שכל. איך האָב מיך מיט נאַפּטען און מיט סעטעמברינין געדרייט אין הויך־געפערלעכע בערג. איך ווייס אַלץ פונם מענטש. איך האָב דערקאָנט זיין פלייש און בלוט, איך האָב דער קראַנקער קלאַוודיאַ פּריביסלאַוו היפּפּעס בלייפעדער צוריקגעגעבן. דער אָבער, וואָס דערקענט דעם קערפּער, דאָס לעבן, דערקענט אויך דעם טויט. עס איז אָבער נישט געווען דאָס גאַנצע — גיכער אַן אָנ־הויב, ווען מ'נעמט עס פּעדאַגאָגיש. מ'מוז האָבן דערצו די אַנדערע העלפט, דעם היפוך. וואָרעם יעדער אינטערעס פאַר טויט און קראַנק־הייט איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ מין אויסדרוק פון דעם אינ־טערעס פאַרן לעבן, ווי ס'באַווייזט דער הומאַניסטישער פאַקולטעט פון מעדיצין, וועלכער רעדט אַלעמאָל אַזוי לייטיש אויף לאַטייניש צום לעבן און צו זיין קראַנקהייט און איז בלויז אַ שאָטן פון דער איינער, גרויסער און זייער נייטיקער בקשה, וועלכע איך וועל איצט מיט דער גאַנצער סימפּאַטיע אָנרופן ביים נאָמען: עס איז דאָס צי־טערדיקע קינד פון לעבן, עס איז דער מענטש און זיין שטאַנד און מלוכה... איך בין גאָרנישט קיין קליינער מבין אויף אים, האָב אַ סך געלערנט ביי זיי דאָרטן אויבן, איך בין הויך אויפגעהויבן פון בלאַכלאַנד, אַזוי, אַז ס'פּאַרפּעלט מיר, נעבעך, אַזש אָטעם. דאָך האָב איך איצט פון אונטער מיין זייל אַ נישט שלעכטן איבער־בליק... מיר האָט זיך געחלומט וועגן שטאַנד פון מענטש און פון זיין העפלעך־פאַרשטענדיקער און בכבודיקער בשותּפותדיקייט,

הינטער וועלכער ס'האָבן זיך אָפּגעטאָן אין טעמפּל די בלוטיקסטע מעשים. צי זיינען אָט־די זון־מענטשן געווען העפלעך און סימפּאַטיש איינער צום אַנדערן, געדענקענדיק שטיל אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן? דאָס וואָלט געהייסן, אַז זיי ציען אַ פיינע און אמתדיק גאַלאַנטע קאָנסעקווענץ! איך וויל מיט זיי האַלטן אין מיין נשמה און נישט מיט נאַפטען. אַגב, אויך נישט מיט סעטעמבריני. זיי זיינען ביידע פּלוידער־זעק. איינער איז אַ בעל־תּאווהניק און אַ צולהכעיסניק און דער צווייטער בלאָזט כּסדר אויפן האָרנדל פון שׂכל און רעדט זיך אַפילו איין, אַז ער קאָן איסניכטערן משוגעים — דאָס איז נאַריש. עס איז פיליסטעריע און בלויז עטיק, אירעליגיעזקייט, דאָס איז זיכער. דאָך וויל איך אויך נישט האַלטן מיטן קליינעם נאַפטעס צד, מיט זיין רעליגיע, וואָס איז בלויז אַ guazzabuglio* פון גאָט און שטן, גוטס און שלעכטס, ספּעציעל דערצו, אַז דער יחיד זאָל זיך אַריינוואַרפן אין תּהום צוליב עפּעס אַ מיסטישן אונטערגאַנג אין דעם אַלגעמיינעם. די ביידע פּעדאַגאָגן! זייערע וויכּוחים און זייערע היפּוכים זיינען אַליין בלויז אַ guazzabuglio און אַ צעטומלטער מלחמה־ליאַרעם, פון וועלכן יעדער איינער, וואָס האָט נאָר אַ שטיקל און אַ פרום האַרץ, וועט זיך נישט לאָזן באַטויבן. זיי מיט זייער אַריסטאָקראַטישן פּראָבלעם! מיט זייער פיינקייט! טויט אָדער לעבן — קראַנקהייט, געזונטקייט — גייסט און נאַטור. זיינען דאָס באמת סתּירות? איך פרעג: זיינען דאָס פראַגן? ניין, עס זיינען נישט קיין פראַגן און אויך די פראַגע וועגן זייער פיינקייט איז קיין פראַגע נישט. די דעזערציע פון טויט קומט פאַר אין לעבן, אָן דעם וואָלט קיין לעבן נישט געווען און אינמיטן איז דער שטאַנד פון Homo Dei, אינמיטן צווישן דעזערציע און פאַרשטאַנד, אַקוראַט ווי זיין מלוכה איז צווישן מיסטישער בשותּפותדיקייט און ווינטיקן אינדיווידואַליזם. דאָס זע איך פון מיין זייל אַרויס. אין דעם דאָזיקן שטאַנד זאָל ער פיין, גאַלאַנט און פריינטלעך־בכּבודיק פאַרקערן מיט זיך אַליין — וואָרעם ער אַליין איז פיין און נישט די סתּירות. דער מענטש האָט צו זאָגן איבער זיינע סתּירות, זיי עקסיסטירן אַדאַנק אים, דערפאַר

* איטאַליעניש: מישמאש.

איז ער פיינער פון זיי, פיינער ווי דער טויט, צו־פיין פאַר אים — דאָס איז די פרייהייט פון זיין קאָפּ. פיינער ווי דאָס לעבן, צו־פיין פאַר אים — װאָס איז די פרומקייט פון זיין האַרץ. דאָ האָב איך געמאַכט אַ גראַם, אַ טרוים־ליד פון מענטש. איך וויל טראַכטן וועגן דעם. איך וויל זיין גוט. איך וויל נישט געבן דעם טויט קיין שליטה איבער מיינע געדאַנקען! וואָרעם בלויז דערין באַשטייט טאַקע די גוטסקייט און די מענטשן־ליבע, נישט קיין שום אַנדערע זאַכן. דער טויט איז אַ גרויסע מאַכט. מען נעמט אַראָפּ דעם הוט און מען גייט נאָענט פון אים אויף די שפּיצן פינגער און וויגנדיק זיך. ער טראָגט די בכבודיקע קרויז פון דער פאַרגאַנגענהייט און מ׳טוט זיך אַליין אויך אָן שטרענג און שוואַרץ לכבוד אים. דער שכל זעט אויס נאַריש קעגן אים, וואָרעם ער איז נישט מער ווי מאָראַל; דער טויט, אָבער, איז פרייהייט, הפקרות, אומפאָרמיקייט און תאווה. תאווה, זאָגט מיין חלום, נישט ליבע. טויט און ליבע — דאָס איז אַ שלעכטער גראַם, אַ געשמאַקלאָזער, פאַלשער גראַם! די ליבע שטייט קעגנאיבער דעם טויט, נאָר זי איז שטאַרקער פון אים, נישט דער שכל. בלויז זי, נישט דער שכל, גיט גוטע רעיונות. אויך פאָרם באַשטייט בלויז פון ליבע און גוטקייט: פאָרם און לייטישקייט פון פאַרשטענדיק־פריינטלעכער בשותפותדיקייט און פון אַ שיינער מענטשן־מלוכה — געדענקענדיק שטילערהייט וועגן די בלוטיקע מעשים. אָ, דאָס הייסט דייטלעך געחלומט און גוט „רעגירט". איך וועל טראַכטן וועגן דעם. איך וויל בלייבן געטריי דעם טויט אין מיין האַרץ, אָבער קלאָר דערמאָנען זיך, אַז טרייקייט צום טויט און צו דער פאַרגאַנגענהייט איז בלויז צולהכעיסדיקייט, פינסטערע תאווה און מענטשן־פיינטשאַפט, אויב זי באַשטימט אונזער דענקען און „רעגירן". *צוליב דער גוטקייט און דער ליבע דאַרף דער מענטש נישט געבן דעם טויט קיין שליטה איבער זיינע געדאַנקען.* און דערמיט כאַפּ איך מיך אויף... וואָרעם דערמיט האָב איך דערחלומט צום סוף און כ׳בין געקומען צום ציל. איך האָב שוין לאַנג געזוכט אָט־דאָס וואָרט: אויף דעם אָרט, וואו ס׳האָט זיך מיר באַוויזן היפּפּע, אין מיין באַלקאָן־לאָזשע און אומעטום. דאָס זוכן האָט מיך טאַקע פאַרטריבן אַזש אין די

שניי־בערג. איצט האָב איך עס. מיין חלום האָט עס מיר זייער בולט געגעבן, אַזוי אַז כ׳וויל עס וויסן אויף אייביק. יאָ, איך בין דאָך אַנטציקט און אינגאַנצן דערוואַרעמט דערפון. מיין האַרץ קלאַפּט שטאַרק און עס ווייסט פאַרוואָס. עס קלאַפּט נישט בלויז צוליב קערפּערלעכע סיבות, נישט אַזוי ווי ס׳וואַקסן נאָך די נעגל ביי אַ בר־מינן. עס קלאַפּט אויף אַ מענטשלעכן אופן און אינגאַנצן צוליב מיין גליקלעך געמיט. עס איז אַ געטראַנק, דאָס וואָרט פון מיין חלום — בעסער ווי פּאָרטווייַן און על־ביר, עס שטראָמט מיר דורך די אָדערן, ווי ליבע און לעבן, אַזוי אַז איך רייס מיך אַרויס פון מיין שלאָף און חלום, וועגן וועלכע כ׳ווייס, נאַטירלעך, גאַנץ גוט, אַז זיי זיינען אויף דער העכסטער מדרגה געפערלעך פאַר מיין יונג לעבן... כאַפּ דיך אויף! עפן די אויגן! אָט ליגן דיינע אברים, דיינע פיס דאָ אין שניי! גענומען און אויפגעהויבן זיך! גיב אַ קוק — אַ גוט וועטער!

עס איז אָנגעקומען זייער שווער דאָס באַפרייען זיך פון די קייטן, וועלכע האָבן אים אַרומגעפּלאָנטערט און אים נישט געלאָזט אויפהייבן זיך. אָבער די טרייב־קראַפט, וועלכע ער האָט זיך אַליין געשאַפן, איז געווען שטאַרקער. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן עלנבויגן, האָט פעסט איינגעצויגן די קניען, האָט זיך אַ רייס געטאָן, אָנגעשפּאַרט זיך און זיך אַרויפגעטורנט. ער האָט מיט די סקי געקלאַפּט אין שניי, האָט פאַרלייגט די הענט איבער־די ריפּן און האָט געשאָקלט מיט די אַקסלען. דערביי האָט ער געוואָרפן אויפגערעגטע און אָנגעשטרענגטע בליקן דאָ און דאָרט און צום הימל צו, וואו ס׳האָט אַפּערגעקוקט בלאַסע בלויקייט פון צווישן נעפּלדיק־שיטערע, גרוי־בלויע וואָלקנס, וועלכע האָבן זיך געצויגן לייכט און האָבן אַנטפּלעקט אַ שמאָלן סערפּ פון דער לבנה. לייכטע דעמערונג. קיין שטורעם, קיין שניי. די באַרג־וואַנט דאָרטן מיט דעם חוקן, וואָס איז רוי באַוואַקסן מיט יאָדלעס, האָט מען גאַנץ גוט און קלאָר אַרויסגעזען און זי איז געלעגן אַ שטילע. ביז אין דער העלפט אַרויף זיינען געשטאַנען אויף איר שאָטנס. די אייבערשטע העלפט איז געווען באַלויכטן מיט דער סאַמע צאַרטסטער ראָזקייט. וואָס טוט זיך דאָ, איינגנטלעך, אויף דער וועלט?

ס'איז שוין פאַרטאָג? און צי איז ער אַ גאַנצע נאַכט געלעגן אין שניי און נישט געפרוירן געוואָרן, אַנדערש ווי ס'שטייט געשריבן? קיין שום אבר איז נישט אָפּגעשטאָרבן, קיינס האָט זיך נישט צע=בראָכן מיט אַ קנאַק, כאָטש ער האָט געטופּעט מיט די פיס, זיך אָפּגעשאָקלט און געפּאַטשט מיט די הענט, דערביי האָט ער עס נישט געטאָן פויל, ווייל ער האָט גלייכצייטיק אָנגעשטרענגט זיך צו באַנעמען אויך געדאַנקלעך זיין לאַגע. די אויערן, די פינגער=שפּיצן און די גראָבע פינגער פון די פיס זיינען אַפילו געווען פאַרשטייפט, אָבער נישט מער ווי דאָס פלעגט זיך טרעפן געוויינ=לעך, בעת ער איז ווינטער געלעגן אויפן באַלקאָן. עס האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסצונעמען דעם זייגער. ער איז געגאַנגען. ער איז נישט געבליבן שטיין, ווי אַלעמאָל, בעת ער פלעגט אינאָווענט פאַרגעסן אים אָנצודרייען. ער איז נאָך נישט פינף, ווייט נישט. ס'האָבן נאָך געפעלט אַ צוועלף, דרייצן מינוט. פּלאי=פּלאים! צי קאָן דאָס מעגלעך זיין, אַז ער איז דאָ געלעגן אין שניי בלויז צען מינוט אָדער אַ ביסל לענגער און אויסגעמאָלט זיך די אַלע גליק= און שרעק=בילדער און די ריזיקאַלישע רעיונות; דערביי זאָל די היקסאַגאָנאַלע בהלה האָבן אַזוי גיך אַוועק ווי זי איז געקומען? אויב אַזוי, האָט ער געהאַט אַ מאָדנע מזל, וואָס שייך דאָס אַהיימ=קומען. וואָרעם צוויי מאָל האָבן זיינע חלומות און משלים אָנגענומען אַ ווענדונג, אַז ער איז אַ באַלעבאָטער אויפגעריסן געוואָרן פון אָרט: איין מאָל פון שרעק און אַ צווייט מאָל — פון פרייד. ווייזט אויס, אַז דאָס לעבן האָט געהאַט גוטע כוונות בנוגע זיין טיף=פאַרבלאָנד=זשעט ציטערדיק קינד...

ס'האָט געקאָנט זיין, וואָס ס'האָט געוואָלט, ס'האָט געקאָנט זיין אינדערפרי אָדער נאָכמיטאָג (ס'איז אָן שום ספק נאָך אַלץ געווען פרי=אָוונטיקער נאָכמיטאָג): אַלנפאַלס איז גאָרנישט אַזוינס געווען אין אַלץ אַרום און אין זיין פערזענלעכן מצב, וואָס האָט אים געזאָלט שטערן זיך אַהיימצולאָזן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס טאַקע געטאָן, מיט אַ גרויסן פאַרנעם — אַזוי צו זאָגן: אין דער לופט=ליניע — איז ער אַראָפּ צום טאָל. ווען ער איז דאָרטן אַראָפּגעקומען, האָבן שוין געברענט לאָמפּן, כאָטש אויפן וועג האָט אים די רעשט טאָג=

ליכט, וועלכע דער שניי האָט איינגעהילט, פֿילשטענדיק געקלעקט. איבער דער ברעמענביל איז ער אַראָפּ ביים ראַנד פֿון וואַלד און האַלב זעקס איז ער געווען אין „דאָרף“. דאָרטן האָט ער אַוועק־געשטעלט זיינע ספּאָרט־מכשירים ביים קרעמער, האָט זיך אָפּ־גערוט ביי סעטעמבּרינין אין בּיידעס־שטיבל און האָט אים דערציילט, ווי אַזוי עס האָט אים געטראָפן דער שניי־שטורעם. דער הומאַניסט איז געווען גאָר שטאַרק דערשראָקן. ער האָט פֿאַרוואָרפֿן די האַנט איבערן קאָפּ, האָט זיך שטאַרק געבּייזערט אויף אַזאַ געפֿערלעכער לייכטזיניקייט און האָט אויף איין פֿוס אָנגעצונדן די פּיפּנדיקע ספּי־ריטוס־מאַשינקע, כּדי צו מאַכן קאַווע פֿאַר דעם שטאַרק־אויסגעמאַ־טערטן האַנס קאַסטאָרפּן. כאָטש זי איז געווען שטאַרק, איז ער פֿונדעסטוועגן אַיינגעשלאָפן זיצנדיק אויף דער שטול.

אין אַ שעה שפּעטער האָט אים אַרומגענומען די הויכציוויליזירטע אַטמאָספֿער פֿון בערגהאָף. ביים אָונטבּרויט האָט ער שטאַרק געדוקט.

דאָס, וואָס ער האָט געחלומט, איז איצט געוואָרן בלייך, דאָס, וואָס ער האָט געטראַכט, האָט ער שוין דעם איינענעם אָונט מער נישט אַזוי גוט פֿאַרשטאַנען.

---

## ווי אַ סאָלדאַט און אַ בראַווער

האַנס קאַסטאָרפּ האָט כּסדר געהאַט קורצע ידיעות פֿון זיין קוזין, אינאָנהייב גוטע, גאָר געהויבענע, דערנאָך ווייניקער גינציקע, צום סוף אַזעלכע, וועלכע האָבן שוואַך פֿאַרשטענערט עפּעס זייער טרויעריקס. די ריי פֿון די פּאָסט־קאַרטלעך האָט זיך אָנגעהויבן פֿון דער לוסטיקער מעלדונג וועגן יאָאַכימס אַריינטריט אין מיליטער־דינסט און פֿון דער באַגייסטערטער צערעמאָניע, ביי וועלכער ער האָט — ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין קאַרטל, וואָס ער האָט געענטפֿערט — געשוואוירן אויף אָרעמקייט, פּרישות און געהאָרכזאַמקייט. דערנאָך איז עס געגאַנגען ווייטער גאַנץ לוס־טיק: יאָאַכים האָט מיט הנאה און ברמז אָנגעדייט וועגן די עטאַפּן פֿון זיין גלאַטיקער באַריערע, וואָס איז פֿאַרלייכטערט געוואָרן דורך

דער ליידנשאַפֿטלעכער ליבע צו דער זאַך און דורך דער סימפּאַטיע מצד די עלטסטע. היות יאָאַכים האָט שטודירט עטלעכע סעמעסטערס, איז ער באַפֿרייט געוואָרן פֿון באַזוכן די קריגס-שול און באַפֿרייט פֿון אונטערלייטענאַנט-דינסט. אין ניי-יאָר איז ער געוואָרן אונטעראָפֿיציר און האָט געשיקט די פֿאָטאָגראַפֿיע, אין וועלכער מ'האָט אים געזען מיט שליפֿעס. פֿון יעדן וואָרט אין זיינע קנאַפּע ראַפּאָרטן האָט אַרויסגעלויכטן די אַנטציקונג מיט דעם געמיט פֿון דער ערן-שטרענגער, אייזערן-צוגעפּאַסטער הערארכיע, וועלכע גיט אָבער הומאָריסטיש-פֿאַרביסן נאָך דעם מענטשן. ער האָט איבערגעגעבן אַנעקדאָטן פֿון דער ראָמאַנטיש-פֿאַרביסענער באַציִונג מצד זיין פֿעלדפֿעבל, אַ בייזער, פֿאַנאַטישער סאָלדאַט, צו אים, דעם זינדיקן אונטערגעוואָרפֿענעם, אין וועלכן ער זעט אָבער אַן עלטסטן אין דער צוקונפֿט, אײנעם, וואָס פֿאַרקערט שוין פּאַקטיש אין דער אָפֿיצירישער קאַסינאָ. עס איז קאָמיש און ווילד. דערנאָך האָט ער געשריבן וועגן צולאָזן אים צום אָפֿיציר-עקזאַמען. אינאָנהייב אַפּריל איז יאָאַכים שוין געווען אַ לייטענאַנט.

עס איז באַשיינפּערלעך גאָרנישט געווען קיין גליקלעכערער מענטש, קיין מענטש, וואָס זיין מהות און זיינע פֿאַרלאַנגען זיינען ריינער אויפֿגעגאַנגען אין אָט-דער לעבנס-פֿאָרם. מיט אַ מין פֿאַרשעמטן תענוג האָט ער דערציילט, ווי אַזוי ער איז צום ערשטן מאָל אין זיין נייעם פּרעכטיקן לבוש פֿאַרבייגעגאַנגען פֿאַרביי דעם ראָטהויז און פֿונדערווייטנס זיך צוריקגענייגט צו דעם וואַך-סאָלדאַט, וואָס האָט לכּבֿוד אים פּרעזענטירט. ער האָט דערציילט וועגן קליינע עגמת-נפֿשן און סאַטיספֿאַקציעס אין דער דינסט, פֿון גלענצנד-האַרציקער חבֿרשאַפֿט, פֿון זיין באַדינערס טריישאַפֿט, פֿון קאָמישע צווישנפֿאַלן, בעת דעם עקזיצירן און אויף דער אינסטרוקציע-לעקציע, פֿון קאָנטראָלירונגען און ליבע סעודות. אויך וועגן געזעלשאַפֿטלעכע ענינים האָט ער דערמאָנט ביי אַ געלעגנהייט, וועגן וויזיטן, מיטאָגן, באַלער. וועגן זיין געזונט — בכלל נישט.

ביז זומער — גאָרנישט. דערנאָך האָט ער געשריבן, אַז ער ליגט אין בעט. ער האָט ליידער געמוזט מעלדן זיך פֿאַר קראַנק: אַ קאַטאַר-פֿיבער, אַן ענין אויף עטלעכע טעג. אינאָנהייב יוני האָט

ער ווידער געטאָן דינסט, אָבער אינמיטן חודש איז ווידער געגאַנגען „מיט דער פוטער אַראָפּ“, האָט ביטער זיך געקלאָגט איבער זיין „פּעך“ און ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אפשר נישט קאָנען זיין אויפן פּאָסטן צו די גרויסע מאַנעווורעס אָנהייב אויגוסט, וועלכע ער האָט אויסגעקוקט מיטן גאַנצן האַרץ. נאַרישקייטן, אין יולי איז ער געווען געזונט אַייזן, וואָכן־לאַנג, אַזוי לאַנג, ביז ער האָט זיי־דער געמאָלדן, אַז עס גייט אויף אים אַ אונטערזוכונג, וועלכע איז נייטיק געוואָרן צוליב די פאַרשאָלטענע וואַקלונגען פון זיין טעמ־פּעראַטור און פון וועלכער ס'וועט זיין אַ סך אָפּהענגיק. וועגן דעם רעזולטאַט פון אָט־דער אונטערזוכונג האָט האַנס קאַסטאָרפּ דער־נאָך לאַנג נישט געהערט און ווען ס'איז סוף־כל־סוף יאָ געשען — האָט נישט יאָאַכים מודיע געווען וועגן דעם. אפשר דערפאַר, ווייל ער איז נישט געווען בכוח אָדער ווייל ער האָט זיך געשעמט. געטאָן האָט דאָס זיין מוטער, פרוי ציימסען, אין אַ טעלעגראַמע. זי האָט צו וויסן געגעבן, אַז די דאָקטוירים האָבן געפונען פאַר נייטיק, יאָאַכים זאָל נעמען אורלויב אויף עטלעכע וואָכן. הויכע בערג באַ־פוילן, געראָטן באַלד אָפּצופאָרן, בעט באַזאָרגן צוויי צימערן. צוריק־ענטפער — באַצאָלט. געחתמעט: מומע לויזע.

ס'איז געווען אין סוף יולי, בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויף זיין באַלקאָן דורכגעקוקט אינדערגיך אָט־די דעפּעשע. דערנאָך האָט ער זי ווידער און ווידער געלייענט. ער האָט שטיל צוגעשאָקלט, נישט בלויז מיטן קאָפּ, נאָר מיטן גאַנצן אייבערשטן טייל קערפּער און ער האָט געזאָגט צווישן די ציין: אַסוי, אַסוי, אַסוי, סע, סע, סע! — יאָאַכים קומט ווידער! — האָט אים פּלוצלונג דורכגענומען די פרייד. אָבער ער איז באַלד ווידער שטיל געוואָרן און האָט געטראַכט: הם, הם, שווערע נייסן. מ'קאָן עס אויך באַצייכענען פאַר אַ מאָדנע מזל־זאַך. צום טייוול, דאָס איז צוגעגאַנגען גיך — שוין צייטיק פאַר דער היים! די מוטער פאָרט־מיט (ער האָט געזאָגט „די מוטער“, נישט „מומע לויזע“. זיין געפיל פאַר קרובהשאַפט, פאַ־מיליע־באַציִונגען איז אומבאַמערקט אָפּגעשוואַכט געוואָרן ביז פרעמד־קייט) — דאָס איז צוציענדיק. און גראָד פאַר די מאַנעווורעס, צו וועלכע דער וואַילער בחור האָט אַזוי געברענט. הם, הם, עס ליגט

אַ היפּשע פּאָרציע געמיינקייט דערין, הוזקדיקע געמיינקייט, עס איז אַ קעגן=אידעאַליסטישער פּאַקטום. דער קערפּער טריומפירט, ער האָט אַנדערע פּאַרלאַנגען ווי די נשמה, און ער פירט אויס, בלאַמירנדיקע יענע, וואָס פליען אין די הימלען און לערנען, אַז דער קערפּער איז משועבד צו דער נשמה. ווייזט אויס, אַז זיי ווייסן נישט, וואָס זיי ריידן, ווארעם ווען זיי וואָלטן געוועזן גערעכט, וואָלט דאָס אין אַזאַ פאַל, ווי דער, געוואָרפן אַ צווייפלהאַפטיקע שיין אויף דער נשמה. Sapienti sat*, איך ווייס, וואָס איך מיין. ווארעם די פראַגע, וועלכע איך שטעל דאָ אַוועק, באַשטייט אייגנטלעך דערין, אויף ווי ווייט עס איז אַ טעות אַוועקצושטעלן דעם קערפּער און די נשמה איינס קעגן אַנדערן, ווי ווייט זיי זיינען יד=אַחת און שפּילן אַן אָפּענעם קאָן. דאָס פאַלט יענע אידעאַליסטן, צום גליק, נישט איין. דו וואוילער יאָאַכים, ווער וויל זיך דען טשעפּען מיט דיר און מיט דיינע אַמביציעס! האָסט ערלעכע כוונות, אָבער — וואָס איז ערלעכקייט, פרעג איך, אויב דער קערפּער און די נשמה זיינען יד=אַחת? איז דאָס מעגלעך, אַז דו האָסט נישט געקאָנט פאַרגעסן געוויסע דערפרישנדיקע ריחות, אַ הויכע ברוסט און אַ לאַכן אָן שום סיבה, וועלכע וואַרטן אויף דיר ביי דער שטערס טיש?... יאָאַכים קומט ווידער! — האָט ער געטראַכט פונסניי און האָט זיך אַוש צונויפגעקאָרטשעט פון פרייד. ער קומט, אַפּנים, אין אַ שלעכטן מצב, אָבער מיר וועלן ווידער זיין אין צווייען. איך וועל מער נישט לעבן אַזוי אינגאַנצן אויף אייגענער אַחריות. דאָס איז גוט. אַלץ וועט אַפילו נישט זיין געווי, ווי אַמאָל. זיין צימער איז איצט פאַרנומען. מיכטרעס מאַקדאָנאַלד, אָט הוסט זי אויף איר שטילן שטייגער און די פאָטאָגראַפיע פון איר קליינעם זון שטייט, נאַטירלעך, ווידער לעבן איר אויפן טיש אָדער זי האַלט זי גאָר אין דער האַנט. אָבער דאָס איז שוין די לעצטע סטאַדיע און אויב דאָס צימער איז נאָך נישט באַשטעלט, דעמאָלט... לעת=עתה וועט מען קריגן אַן אַנדערס. 28 איז פריי, אויף וויפיל כ׳ווייס. איך גיי גלייך אַהין אין דער פאַרוואַלטונג און טאַקע צו בערענסן. דאָס איז שוין איינמאָל אַ

---

* לאַטייניש: עס איז גענוג פאַר אַ קלוגן.

נייס — פֿון איין זייט אַ טרויעריקס, פֿון דער צווייטער — אַ וואוילס, אָבער אַלנפֿאַלס אַ געוואַלדיק נייס: איך דאַרף בלויז צוּוואַרטן אויף דעם „גדיסנדיקן" חבר, וואָס מוז באַלד אָנקומען, ווייל ס'איז שוין, ווי איך זע, האַלב פֿיר אַזייגער. איך וואָלט אים באַדאַרפֿט פֿרעגן, צי ער בלייבט אין דעם פֿאַל אויך ביי זיין מיינונג, אַז דאָס קערפּערלעכע דאַרף מען באַטראַכטן ווי סעקונדער...

נאָך פֿאַר דער טיי איז ער געווען אין דער פֿאַרוואַלטונגס־ביוראָ. דאָס פֿאָראויסגעזעענע צימער, אין זעלבן קאָרידאָר, וואו ס'געפֿינט זיך זיינס, איז פֿריי. אויך פֿאַר פֿרוי צימסען וועט זיך געפֿינען אַן אָרט. ער איז אַוועק אינדערגיך צו בערענסן. ער האָט אים געטראָפֿן אין „לאַבאָר" מיט אַ ציגאַר אין איין האַנט און אין דער אַנדערער — דאָס רעאַגענץ־גלאָז * מיט אַ ברודיק־פֿאַרביקער פֿליסיקייט.

— הער הויפֿראַט, איר ווייסט וואָס? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אָנגעהויבן...

— יאָ, אַז די צרות הערן גאָר נישט אויף — האָט געענטפֿערט דער פּנעאומאָטאָם. — דאָס איז ראָזנהיים פֿון אוטרעכט — האָט ער געזאָגט און האָט געוויזן מיטן ציגאַר אויף דעם גלאָז — גאַפֿקי צען. און דאָ קומט פֿאַבריק־דירעקטאָר שמיטץ און מאַכט געוואַלדעס און האָט טענות, אַז ראָזענהיים האָט אויפֿן שפּאַציר אויסגעשפּיגן — מיט גאַפֿקי צען, און אַז איך זאָל אים אויסזידלען. אָבער ווען איך זידל אים אויס, באַקומט ער אַטאַקעס, ווייל ער רעגט זיך זייער לייכט אויף און האָט פֿאַרנומען צוזאַמען מיט זיין פֿאַמיליע דריי צימערן. איך קאָן אים נישט אַרויסשטופּן, ווייל כ'וועל האָבן צו טאָן מיט דער גענעראַל־דירעקציע. איר זעט שוין, אין וואָס פֿאַר אַ קאָנפֿליקטן מ'פֿאַלט אַריין יעדע רגע, מעג מען ווי שטיל און ווי אומבאַפֿלעקט גיין זיך אויף דעם אייגענעם וועג.

— אַ נאַרישע געשיכטע — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט מעשה אינטימער און תּושב. — איך קען די הערן. שמיטץ איז קאָלאָ־

---

* אַ גלעזערן רערל, אין וועלכן מען פּרשט אַ פֿליסיקייט דורך דעם, ווי אַזוי זי רעאַגירט אויף געוויסע כעמישע קערפּערס.

סאַל קאָרעקט און אָפּגעהיט און ראָזענהיים — נישקשה אָפּגע־לאָזן. אָבער אפשר זיינען דאָ נאָך פאַראַן אַנדערע רייבונגס־פלאַכן, ווי היגיעניש. עפּעס דאַכט זיך מיר אַזוינס. שמיטץ און ראָזענהיים זיינען ביידע באַפריינדעט מיט דאָנאַ פערעץ פון באַרצעלאָנע, פון דער קלע־פעלדס טיש. דאָס מוז עס אין תוך אַריין זיין. איך וואָלט פאָרגעלייגט, אפשר צו דערמאָנען ווידער דעם באַטרעפנדיקן פאַרוואָר און איבע־ריקנס צו קוקן דורך די פינגער.

— נאַטירלעך, טו איך דאָס. איך האָב שוין געקראָגן קראַנקע אויגן פון כסדרדיקן קוקן דורך די פינגער. וואָס איז אַייער באַרלאַנג?

און האַנס אַקסטאָרפּ איז אַרוים מיט זיין טרויעריק און גלייכצייטיק אויסגעצייכנט ניים.

דער הויפראַט איז נישט איבערראַשט געוואָרן. דאָס וואָלט ער אין קיין פאַל נישט געווען. ספּעציעל איז ער עס נישט געווען, וויל האַנס קאַסטאָרפּ האָט — צי מ'האָט אים יאָ געפרעגט צי נישט — די גאַנצע צייט אים איבערגעגעבן, ווי ס'האַלט מיט יאָאַכימען, און נאָך אין מאַי האָט ער אים צו וויסן געגעבן, אַז יאָאַכים איז געלעגן צו בעט.

— אַהאַ! — האָט געמאַכט בערענס. — אַזוי, הייסט עס. און וואָס האָב איך אַייך געזאָגט? וואָס האָב איך אַייך און אים נישט צענדליקער, נאָר בפירוש הונדערטער מאָל געזאָגט? איצט האָט איר עס. דריי פערטל יאָר לאַנג זיינען מקוים געוואָרן זיינע פאַרלאַנגען און זיינע הימלישע גליקן. אָבער ווען די הימלישע גליקן זיינען נישט אינגאַנצן אויסגעהיילט, איז קיין מזל און ברכה נישטאָ. דאָס האָט דער פליטהניק נישט געוואָלט גלויבן דעם אַלטן בערענס. מען דאַרף אָבער אַלעמאָל גלויבן דעם אַלטן בערענס, וואָרעם ווען נישט, האָט מען חרטה און מ'קומט צו שפּעט צום שכל. ער האָט שוין דערצויגן ביז צום לייטענאַנט, אוודאַי, מ'קאָן נישט זאָגן. אָבער וואָס האָט ער דערפון? גאָט קוקט אַריין אין האַרץ, ער קוקט נישט אויף קיין ראַנג און שטאַנד, פאַר אים שטייען מיר אדם נאַקעט, אַליין איינס, צי אַ גענעראַל צי אַ פּשוטער מענטש... ער האָט זיך צעהיצט, האָט מיט דער ריזיקער האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן דעם ציגאַר, געריבן זיך די

אויגן און האָט געזאָגט, אַז האַנס קאַסטאָרפּ זאָל אים דאָסמאָל אָפּלאָזן. אַ בודע פּאַר צימסענען איז דאָך פאַראַן און אַז ער וועט קומען, זאָל אים דער קוזין אָן שום קונצן לייגן אין בעט אַריין. וואָס ס'איז נוגע אים, בערענסן, טראָגט ער אויף קיינעם נישט קיין האַרץ. ער האָט די אָרעמס פאָטערלעך צעעפנט און איז גרייט אויפצונעמען דעם אַנטלאָפענעם.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט טעלעגראַפירט. ער האָט דערציילט פאַר אַלע, אַז זיין קוזין וועט ווידער קומען אַהער און אַלע, וואָס האָבן געקאָנט יאָאַכימען, האָבן אי געהאַט עגמת־נפש אי זיך געפרייט, ביידע זאַכן אויפריכטיק, ווייל יאָאַכים האָט מיט זיין ציכטיקייט און ריטערלעכקייט ביי אַלעמען נושא חן געווען און טייל האָבן שטילערהייט געהאַלטן און געפילט, אַז ער איז דאָ געווען דער בעסטער פון אַלע. מיר האָבן קיינעם נישט אין אויג, פונדעסטוועגן גלויבן מיר, אַז נישט איינער האָט געהאַט דערפון אַ געוויסע סאַטיספאַקציע, וואָס יאָאַכים האָט פון דעם מיליטערישן שטאַנד געמוזט זיך אומקערן צו אַ האָריזאָנטאַלער פּאָזיציע און איז ביי זיין גאַנצער ציכטיקייט ווידער איינער פון די אונזעריקע. פרוי שטער, ווי ס'איז באַקאַנט, האָט תיכף געהאַט געטראַכט דאָס איריקע. איצט זיינען באַשטעטיקט געוואָרן אירע אָרדינערע ספקות, וועלכע זי האָט געהאַט בעת יאָאַכים איז אַנטלאָפן אין פלאַכלאַנד און זי האָט איצט נישט פאַרזוימט זיך צו באַרימען דערמיט. פויל, פויל — האָט זי געזאָגט. זי האָט באַלד אַיינגעזען, אַז דאָס איז אַ פוילער עסק און זי וויל בלויז האָפן, אַז צימסען האָט אים נישט געמאַכט איבער־פויל מיט זיין עקשנות („איבער־פויל", האָט זי געזאָגט פון אומגעהייערע פּראָסטקייט). דעריבער טאַקע אַ סך בעסער, ווען מ'בלייבט זיצן ביים דישעל, ווי זי, וואָס האָט אויך אירע לעבנס־אינטערעסן אין פלאַכלאַנד, דאָס הייסט — אין קאָנשטאַדט, אַ מאַן און צוויי קינדער, פונדעסטוועגן קאָן זי זיך באַהערשן... מער קיין תשובה איז דערווייל נישט אָנגעקומען, נישט פון יאָאַכימען, נישט פון פרוי צימסען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט געוואוסט, אין וואָס פאַר אַ טאָג און אין וואָס פאַר אַ שעה זיי קאָנען אָנקומען. דערפאַר האָט ער זיי נישט געקאָנט אָפּוואַרטן ביים וואָקזאַל, נאָר דריי טעג נאָכדעם ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט

אַרויסגעשיקט די דעפּעשע, זיינען זיי פּשוט דאָ געווען און לייטענאַנט יאָאַכים איז מיט אַן איבּערגערעגטן שמייכל צוגעגאַנגען צו זיין קוזין, בעת ער האָט געמאַכט ליג־קוראַציע.

עס איז געווען באַלד נאָכדעם, ווי מ'האָט אָנגעהויבּן די אָוונטיקע ליג־קוראַציע. עס האָט זיי אַהערגעבּרענגט די זעלבּע באַן, מיט וועלכער האַנס קאַסטאָרפּ איז אָנגעקומען אַהער אויבּן, צוריק מיט יאָרן, וואָס זיינען נישט געווען נישט קורץ און נישט לאַנג, נאָר בּכלל אָן שום צייט, אין אַ הויכער מדרגה לעבּנס־רייך און פונדעסטוועגן נול און נישטיק. אויך די צייט פון יאָר איז געווען די אייגענע, אַפילו געגוי די זעלבּע: איינער פון די סאַמע ערשטע אַווגוסט־טעג. יאָאַכים, ווי געזאָגט, איז פריידיק (יאָ, אין דער רגע אָן שום ספק פריידיק־געררט) אַריינגעגאַנגען, אָדער בעסער: אַרויסגעגאַנגען פון דעם צימער, וועלכן ער איז דורכגעגאַנגען אינדערגיך, און אַרויס אויפן באַלקאָן. געגריסט האָט ער זיך לאַכנדיק, אָטעמענדיק אינדערגיך, צוגעדושעט און אָפּגעריסן. ער האָט ווידער געמאַכט די ווייטע נסיעות דורך אַ סך לענדער, דורך דער אָזערע, וואָס איז ענלעך צו אַ ים און דערנאָך געפאָרן מיט די שמאָלע וועגן אַרויף — הויך אַרויף. איצט איז ער געשטאַנען דאָ, ווי ער וואָלט קיינמאָל ניט גע־געהאַט אַוועק. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך האַלבּ אויפגעהויבּן פון זיין האָריזאָנטאַלער פּאָזיציע און אים מקבּל־פּנים געווען מיט „האַללאָ״ און „זע נאָר, זע״. דער קאָליר פון יאָאַכימס פּנים איז געווען אַ לעבּעדיקער, צי דערפאַר, ווייל ער איז אַ סך געווען אויף דער פרייער לופט, אָדער ווייל ער האָט זיך דערהיצט פון דער נסיעה. די־רעקט, נישט אַריינגייענדיק אַפילו אין זיין צימער, איז ער אַוועק אינדערגיך אויפן נומער 34, כדי צו באַגריסן דעם חבר פון די אַמאָליקע טעג, וואָס האָבּן זיך איצט ווידער אומגעקערט. זיין מוטער האָט זיך דערווייל געפּאָרעט מיט איר טואַלעט. אין אַ צען מינוט אַרום האָט מען געוואָלט גיין עסן אָוונט־ברויט, פאַרשטייט זיך אין רעסטאָראַן. האַנס קאַסטאָרפּ וועט שוין קאָנען עפּעס מיטעסן מיט זיי אָדער טאָן אַ שלוק וויין. דערווייל האָט אים יאָאַכים אַוועקגע־צויגן צו זיך אויפן נומער 28. עס איז דאָרטן צוגעגאַנגען ווי אַמאָל אין אָוונט, בעת האַנס איז אָנגעקומען, נאָר איצט פאַרקערט: יאָאַכים

האָט היציק געפּלוידערט און בשעת־מעשה געוואַשן די הענט בײַם בלישטשענדיקן בעקן און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך צוגעקוקט צו אים — אגב, דערשטוינט און אַ ביסל אַנטטוישט, וואָס דער קוזין איז אָנגעטאָן ציוויל. מ׳דערקענט גאָרנישט זײַן ראַנג. — האָט ער געזאָגט — ער האָט זיך אים אַלעמאָל פאָרגעשטעלט ווי אַן אָפיציר אין אַ אוניפאָרם. צום סוף איז ער געשטאַנען אין אַ גרויען אָנצוג, ווי יעדער איינער. יאָאַכים האָט געלאַכט דערפון און געזאָגט, אַז ער איז נאַיוו. ניין, דעם מונדיר האָט ער גאַנץ פײַן איבערגעלאָזט אין דער היים. אַ מונדיר, מוז האַנס קאַסטאָרפּ וויסן, איז נישט קיין פּשוטע זאַך. אין יעדן לאָקאַל קומט מען אין אוניפאָרם.— אַך אַזוי, דאַנק איך געהאָרכזאַם! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געענטפערט. אָבער יאָאַכים האָט, ווײַזט זיך אַרויס, זיך נישט געכאַפּט אויף דער באַליידיקונג פון זײַן ערקלערונג, נאָר האָט זיך גענומען אויספרעגן וועגן אַלע מענטשן און וועגן אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך אין „בערגהאָף“, נישט בלויז אַ ניצוץ פון שטאָלץ, נאָר מיט דער גאַנצער פאַראינטערעסירטער גערירטקייט פון אַ צוריקגעקומענעם. דערנאָך האָט זיך פרוי צימסען באַוויזן דורך דער פאַרבינדונגס־טיר און האָט באַגריסט דעם שוועסטערן־זון אין דער פאָרם, וועלכע טייל מענטשן באַנוצן אין אַזאַ פאַל, גלייך ווי זי וואָלט געווען פריידיק איבעראַשט דערפון, וואָס זי זעט אים דאָ, אַן אויסדרוק, וועלכער איז, אגב, מעלאַנכאָליש באַהויכט געווען צוליב מידקייט און שטילער זאָרג, מסתמא וועגן יאָאַכימען. באַלד דערנאָך זײַנען זיי אַראָפּ אונטן.

לוויזע צימסען האָט געהאַט די אייגענע שיינע, שוואַרצע און מילדע אויגן ווי יאָאַכים. אירע שוואַרצע האָר, וועלכע זײַנען שוין שטאַרק געווען געמישט מיט ווייסע, זײַנען געווען פעסט געהאַלטן אין זייער פאָרם און שטעל דורך אַ וואָאַל, וועלכע מ׳האָט כמעט נישט אָנגעזען. דאָס האָט בכלל געפּאַסט צו איר איינגעטלעכער האַלטונג, וועלכע איז געווען אַ מיושבדיקע, אַ פריינדלעך־געמאָסטענע און אַ מילד־איינגעהאַלטענע. דאָס האָט איר בײַ דייטלעכער פּשטות צוגעגעבן אַן אָנגענעמע בכבודיקייט. ס׳איז קלאָר געווען — און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך גאָרנישט געוואונדערט דערויף — אַז זי האָט זיך נישט פאַרשטאַנען און אַפילו אַ ביסל געהאַט פאַריבל אויף יאָאַכימס

לוסטיקייט, זיין גיך אָטעמען און זיין געכאַפּטן אופן ריידן, ערשיינונגען, וואָס זיינען מסתּמא געווען אין סתּירה צו זיין האַלטן זיך אין שטוב און בשעת דער רייזע און וועלכע האָבן פּאַקטיש נישט געפּאַסט צו זיין לאַגע. דער דאָזיקער אָנקום האָט איר אויסגעזען טרויעריק און זי האָט גערעכנט, אַז אַזוי דאַרף מען זיך אויך האַלטן. זי האָט זיך נישט געקאָנט איינלעבן און פונאַנדערקלייבן אין יאָאַכימס געפילן, די טומלדיקע געפילן פון צוריקקומען, וועלכע פאַרשיכורן און וועגן איבער אין דער ערשטער רגע אַלע אַנדערע פאַרקערטע געפילן און וועלכע ווערן נאָך מער צעברענט צוליב דעם איינאָטעמען די הויגע לופט, די אומפאַרגלייכלעך לייכטע, גאָרנישטדיקע און דער־היצנדיקע לופט. מיין אָרעם יינגל — האָט זי געטראַכט און דערביי האָט זי געזען, ווי איר אָרעם יינגל ווערט אַריינגעצויגן צוזאַמען מיט זיין קוזין אין אַ צעלאָזטער פרייעלעכקייט, פרישט־אָפּ הונדערטער זכרונות, שטעלט הונדערטער פראַגן און פון די ענטפערס וואַרפט ער זיך לאַכנדיק צוריק אין דער שטול אַריין. זי האָט עטלעכע מאָל זיך אָנגערופן: „אָבער קינדער!" צום סוף האָט זי געזאָגט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געזאָלט אַרויסקומען פרייליך און איז אָבער אַרויס פרעמד און מיט אַ שטילער טענה: — יאָאַכים, באמת, אַזוי האָב איך דיך שוין לאַנג נישט געזען. ווייזט אויס, אַז מיר האָבן געמוזט פאָרן אַהער, כּדי דו זאָלסט ווידער ווערן ווי אין טאָג, יוען דו האָסט באַקומען דעם ראַנג. באַלד נאָך אָט־די ווערטער האָט זיך יאָאַכימס לוס־טיקייט געענדיקט. זיין שטימונג איז קאַליע געוואָרן, ער איז געוואָרן רויק, געבליבן שטיל, האָט מער נישט געגעסן פון דעסערט, כאָטש ער איז באַשטאַנען פון זייער אַ געשמאַקער שאָקאָלאַד־סופלע באַשלאָגן מיט סמעטענע (האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אָנשטאָט אים גענומען צו זיין פּאָרציע, כאָטש ס'איז ערשט אַוועק אַ שעה נאָכן געוואַלדיקן זעטיקן מיטאָג). יאָאַכים האָט אויך מער נישט אַרויפגעקוקט, מסתּמא דערפאַר ווייל ער האָט געהאַט טרערן אין די אויגן.

דאָס איז פרוי צימסען זיכער נישט אויסן געווען. אייגנטלעך האָט זי בלויז צוליב גוטן טאָן געוואָלט אַריינפירן אַ ביסל געמעסיקטע ערנסטקייט, נישט ווויסנדיק, אַז גראָד דאָס מיטעלע און מעסיקע איז דאָ נישט אויפן אָרט און מ'קאָן אויסקלייבן בלויז צווישןביידע עקסטרעמען.

היות זי האָט געזען דעם זון אַזוי צעבראָכן, איז זי אַליין, ווייזט אויס, אויך נישט געווען ווייט דערפון זיך צו צעווייגען און זי איז געווען דאַנקבאַר האַנס קאַסטאָרפן פאַר זיינע באַמיִונגען ווידער לעבעדיק צו מאַכן דעם טיף-טרויעריקן יאָאַכים. — יאָ, וואָס ס'איז נוגע דעם פערסאָנאַלן צונויפשטעל — האָט ער געזאָגט — וועט יאָאַכים דאָ געפינען געוויסע ענדערונגען און נייסן. אַ סך האָט זיך אויך אין משך פון זיין אָפּוועזנהייט צוריקגעשטעלט און איז ווי געווען. די עלטער-מומע, צום ביישפּיל, מיט אירע קרובות איז שוין ווידער דאָ. די דאַמען זיצן, ווי אַלעמאָל, ביי דער שטערס טיש. מאַרוסיאַ לאַכט אַ סך און האַרציק.

יאָאַכים האָט געשוויגן. פרוי צימסען דערפאַר האָט זיך צו-ליב אָט-די ווערטער דערמאָנט אין אַ באַגעגעניש און אין גריסן, וועלכע זי וויל אָפּגעבן, איידער זי פאַרגעסט. אין מינכען האָט זי זיך באַ-געגנט מיט אַ דאַמע, נישט אַן אומסימפּאַטישע, כאָטש איינע אַליין און מיט צו-גלייכע ברעמען. צווישן צוויי נעכט פאָרן האָט מען דאָרטן פאַרברענגט אַ טאָג און אין רעסטאָראַן איז יענע צוגעגאַנגען צום טיש, וואו זי איז געזעסן מיט יאָאַכימען, כדי זיך צו באַגריסן מיט יאָאַכימען. אַ געוועזענע פּאַציענטין פון דאַנען, — ווי הייסט זי, יאָאַכים?

— פרוי שאָשאַ — האָט יאָאַכים געזאָגט שטיל. זי האַלט זיך איצט אויף אין אַ קור-אָרט אין אַלגייו* און אין האַרבסט האָט זי בדעה צו פאָרן קיין שפּאַניע. אויף ווינטער וועט זי מסתּמא ווידער קומען אַהער. די בעסטע גריסן פון איר.

האַנס קאַסטאָרפּ איז מער נישט געווען קיין יינגל. ער האָט געקאָנט באַהערשן זיינע געפעס-נערוון, וועלכע וואָלטן געקאָנט רויט מאַכן אָדער בלאַס מאַכן זיין פּנים. ער האָט געזאָגט:

— אַך, יענע איז עס געווען? זע נאָר, זי איז, הייסט עס, ווידער אַרויס פון הינטערן קאַווקאַז. איצט וויל זי קיין שפּאַניע?

---

* דער דרום-מערבדיקער טייל פון בייערן אין די אלגייער אלפּן-בערג.

— די דאַמע האָט אָנגערופן אַן אָרט אין די פּירענעען. אַ שיינע, אָדער אַפילו אַ רייצנדיקע פרוי. אָנגענעמע שטים, אָנגענעמע באַוועגונגען. אָבער פרייע מאַניערן, אָפגעלאָזענע, — האָט געזאָגט פרוי ציִמסען. — האָט צו אונז פּשוט גענומען ריידן, ווי צו אַלטע גוטע־פריינד, פרעגן און דערציילן, כאָטש יאָאַכים, ווי כ'הער, האָט זיך מיט איר קיינמאָל נישט באַקאָנט. מאָרנע.

— דאָס איז דער מזרח און די קראַנקהייט — האָט גע־ענטפערט האַנס קאַסטאָרפּ. מיט אַ מאָס פון הומאַניסטישער לייטיש־קייט דאַרף מען דאָ נישט צוגיין, דאָס איז נישט אויפן אָרט. ווען ער נעמט טראַכטן, אַז פרוי שאָשאַ האָט בדעה גאָר צו פאָרן קיין שפּאַניע... הם, שפּאַניע, דאָס ליגט אויף דער צווייטער זייט פונקט אַזוי ווייט פון הומאַניסטישן מיטן — נישט גראָד אויף דער ווייכער זייט, נאָר אויף דער האַרטער. דאָס איז נישט פאָרמלאָזיקייט, נאָר איבערפאָרם, דער טויט ווי אַ פאָרם, אַזוי צו זאָגן, נישט־טויט־צעפּאַלונג, נאָר טויט־שטרענגקייט, שוואַרץ, בכבודיק און בלוטיק, אינקוויזיציע, געקראָכמאַליעטע האַלז־קרויז, לאָיאָלאַ, עסקאָריאַל*... אינטערעסאַנט, ווי עס וועט געפעלן דער פרוי שאָשאַ אין שפּאַניע ... קלאַפּן מיט די טירן וועט זי מסתמא דאָרטן נישט קאָנען און אפשר וועט פאָרקומען אַ געוויסער אויסגלייך פון ביידע אויסער־הומאַניסטישע לאַגערן אין דערפירן צום ריין מענטשלעכן. ס'קאָן אָבער אויך אַרויסקומען עפּעס שטאַרק צולהכעיסדיק־טעראָריסטישס, אויב דער מזרח זאָל גיין קיין שפּאַניע...

ניין, ער איז נישט געוואָרן רויט אָדער בלאַס, אָבער דער איינדרוק, וואָס ס'האָט אויף אים געמאַכט די אומגעריכטע ידיעה וועגן פרוי שאָשאַ, האָט זיך אויסגעדריקט אין רייד, אויף וועלכע מ'האָט געקאָנט ענטפערן בלויז מיט אַ דערשטוינט שווייגן. יאָאַכים איז געווען ווייניקער דערשראָקן. ער האָט שוין געקאָנט דעם קוזינס חריפות דאָ אויבן נאָך פון אַמאָל. אָבער אין פרוי ציִמסענס אויגן האָט זיך אָפּגעמאָלט די גרעסטע שרעק. זי האָט זיך פאַרהאַלטן אַקוראַט

* אַן אָרט לעבן מאַדריד, וואו עס געפינט זיך אַ פּאַלאַץ, אַ קלויסטער און די קברים פון די שפּאַנישע מלכים (ווי דער „וואַוועל" אין קראָקע).

אַזוי, ווי האַנס קאַסטאָרפּ וואָלט זיך געווען אויסגעדריקט גראָב און נישט אָנשטענדיק און נאָך אַ פיינלעכער פּויזע האָט זי זיך אויפגעהויבן פון טיש מיט ווערטער, וואָס האָבן טאַקטפול געוואָלט פאַרטושן אָט-דעם איינדרוק. איידער מען איז זיך צעגאַנגען, האָט האַנס קאַסטאָרפּ איבערגעגעבן די פאַראָרדענונג פון הויפראַט, אַז יאָאַכים זאָל אַלנפאַלס מאָרגן בלייבן ליגן אין בעט, ביז יענער וועט אים אונטערזוכן. דאָס ווייטערדיקע וועט מען שוין זען. באַלד דערנאָך זיינען די דריי קרובים געלעגן אין זייערע אָפענע צימערן אין דער פרישער לופט פון דער זומער-נאַכט אין די הויכע בערג, יעדער איינציקער פאַרטאָן אין זיינע געדאַנקען, האַנס קאַסטאָרפּ — מיט פרוי שאָשאַס צוריקקומען, אויף וועלכן מ'דאַרף זיך ריכטן בערך אין אַ האַלב יאָר אַרום.

אַזוי אַרום איז דער אָרעמער יאָאַכים ווידער געקומען אַהער אין זיין היים, ווייל מ'האָט אים געעצהט, ער זאָל מאַכן נאָך אַ קליינע נאָך-קוראַציע. דאָס וואָרט אַ „קליינע נאָך-קוראַציע“ איז אַפּנים געווען דער פּאַראָל, וועלכן מ'האָט אים געגעבן אין פלאַכלאַנד און מען האָט אים געלאָזט גילטן אויך דאָ אויבן. אַפילו דער הויפראַט בערענס אַליין האָט אַקצעפּטירט דעם אויסדרוק, כאָטש ער האָט קודם-כל אַריינגעצימבלט יאָאַכימען פיר וואָכן צו ליגן אין בעט. זיי זיינען נייטיק געווען, כדי צו פאַרריכטן דאָס סאַמע גרעבסטע, צו נייער אַקלימאַטיזאַציע און כדי אַ ביסל לעת-עתה צו רעגולירן די טעמפּעראַטור. צו באַשטימען אַ פעסטן טערמין פון דער נאָך-קוראַציע — דאָס האָט ער אויסגעמיטן. פרוי צימסען האָט זיך געהאַלטן פאַרשטענדיק, איינגעזען די לאַגע, לחלוטין נישט געווען כאַנגווינישׂ* און האָט אונטער יאָאַכימס אויגן פאָרגעלייגט דעם טערמין פון אַהיימפאָרן אויף האַרבסט, בערך אין אָקטאָבער. בערענס האָט מסכים געווען מיט איר אויף אַזוי ווייט, וואָס ער האָט ערקלערט, אַז דעמאָלט וועט מען אַלנפאַלס האַלטן ווייטער ווי איצט. ער איז געווען ריטערלעך, האָט געזאָגט „מיין גנעדיקסטע פרוי“, דערביי האָט ער זי מעגלעך-טריי אָנגעקוקט מיט זיינע בלוט-פאַרלאָפענע

* פולפלוטיק. רייצבאַר.

אויגן און האָט גערעדט אויף אַזאַ סטודענטישן שטייגער, אַז זי האָט געמוזט לאַכן בײַ איר גאַנצער עגמת־נפש. ער געפינט זיך אין די בעסטע הענט — האָט זי געזאָגט, און אַכט טעג נאָכדעם, ווי זי איז געקומען, איז זי צוריקגעפאָרן קיין האַמבורג, וואָרעם ווענן דער נויטווענדיקייט פון וועלכן ס׳איז אַרומגיין אַרום קראַנקן האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד און יאָאַכים איז אַחוץ דעם געווען צוזאַמען מיט זיין קרוב.

— הייסט עס, זיי צופרידן: אין האַרבסט! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט, ווען ער איז אין נומער 28 געזעסן בײַ זיין קוזינס בעט. — דער אַלטער האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס מחייב געווען. דו קאָנסט דיך האַלטן אין דעם און זיך רעכענען דערמיט. אָקטאָבער— דאָס איז די צייט. געוויסע מענטשן פאָרן דאַמאָלסט קיין שפּאַניע און דו וועסט דיך דעמאָלט אויך אומקערן צו דיין bandera*, כדי זיך אויסצוצייכענען מער ווי דו פאַרדינסט...

זיין טעגלעכע אַרבעט איז געווען צו טרייסטן יאָאַכימען, דער עיקר דעריבער, וואָס יענער מוז דאָ פאַרשפּעטיקן די גרויסע מלחמה־מאַנעווורעס, וועלכע הייבן זיך אָן אין די אַווגוסט־טעג. וואָרעם יאָאַכים האָט נישט געקאָנט אײַנלעבן זיך דערמיט און האָט גערעדט וועגן זיך אַליין ממש מיט פאַראַכטונג צוליב זיין גאָט־געשטראָפטער שוואַכקייט, אין וועלכער ער איז אַריינגעפאַלן אין דער לעצטער רגע.

— Rebellio carnis ** — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט. — וואָס קאָנסטו דאָ העלפן? דער מוטיקסטער אָפיציר קאָן דאָ גאָרנישט פועלן און אַפילו דער הייליקער אַנטאָניוס האָט געהאַט דערפון צו זינגען און צו זאָגן. דערבאַרעם דיך, מאַנעווורעס קומען פאָר יעדן יאָר און די היגע צייט קאָנסט דאָך! עס איז גאָר קיין צייט נישט. דו ביסט דאָך נישט אַזוי לאַנג געווען אין פלאַכלאַנד, זאָלסט נישט קאָנען גאַנץ לייכט צוריק אַריינקומען אין טעמפּ און איידער דו וועסט דיך אומקוקן, וועט זיין נאָך דיין קליינער נאָך־קוראַציע.

* שפּאַניש: פאַן.

** לאַטייניש: מרידה פון גוף (אין קעגנזאַץ צום גייסט).

אַלנפּאַלס איז די אויפפריִשונג פון צייט=חיש, וועלכע יאָאַכים צימסען האָט באַקומען לעבנדיק אין פלאַכלאַנד, געווען צו אַ שטאַרקע, ער זאָל נאָך ניִשט מורא האָבן פאַר די היגע פיר וואָכן. אָבער מען האָט אים אויף אַ סך אופנים צוגעהאָלפן איבערצוקומען זיי. די סימפּאַטיע, וועלכע אַלע האָבן געהאַט פאַר זיין ציכטיקער נאַטור, האָט זיך אויסגעדריקט אין באַזוכן פון נאָענט און ווייט. סעטעמבריני איז געקומען, האָט אַרויסגעוויזן מיטלייד, איז געווען שאַרמאַנט און יאָאַכימען, וועלכן ער האָט ביז איצט סיי=ווי=סיי שוין אָנגערופן „לייטענאַנט“, האָט ער איצט טיטולירט „קאַפּיטאַנאָ“. אויך נאַפטאַ איז געווען. פון דער סאַנאַטאָריע גופא האָבן זיך אַליך מער און מער גענומען ווייזן די אַלטע באַקאַנטע, באַנוצנדיק אַ פרייע פערטל שעה, כדי זיך אַוועקצוזעצן ביי זיין בעט, איבערצוחזרן דאָס וואָרט וועגן דער „קליינער נאָך=קוראַציע“ און אים אויסצופרעגן ווי עס איז געגאַנגען. ס׳זיינען געקומען: די פרויען שטער, לעווי, אילטיס און קלעפעלד, די הערן פערגע, וויזאַל און נאָך. אַנדערע האָבן אים אַפילו געבראַנגט בלומען. ווען די פיר וואָכן זיינען אַריבער, איז ער אויפגעשטאַנען, ווייל זיין היץ איז אויף אַזויפיל אַראָפּגעפאַלן, אַז ער האָט געקאָנט אַרומגיין. אין עס=זאַל האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבן זיין קוזין, צווישן אים און דעם ביר=ברייערס ווייב, פרוי מאַגנוס, קעגנאיבער דעם הער מאַגנוס, ביי דעם עק טיש, וואו ס׳איז אַמאָל געזעסן דער פעטער זשעמס און עטלעכע טעג אויך — די פרוי צימסען.

אַזוי האָבן די יונגעלייט ווידער געלעבט איינער לעבן אַנדערן ווי אַמאָל. יאָ, כדי דאָס אַמאָליקע בילד זאָל זיין נאָך פולשטענדיקער, האָט יאָאַכים ווידער זיך אַריינגעצויגן אין זיין אַמאָליק איינגעזעסענעם צימער לעבן האַנס קאַסטאָרפּ. וואָרעם מיסטרעס מאַקדאָנאַלד האָט אויסגעהויכט די נשמה מיטן בילד פון איר יינגל אין דער האַנט און מ׳האָט דאָס צימער, פאַרשטייט זיך, גרינדלעך אויסגערויכערט מיט $H^2CO$* איינגנטלעך און סענטימענטאַל גערעדט, איז די לאַגע געווען אַזעלכע, אַז יאָאַכים האָט געלעבט צוזאַמען מיט האַנס קאַסטאָרפּן און ניִשט פאַרקערט ווי אַמאָל. איצט איז האַנס קאַסטאָרפּ

* כעמישער צייכן פאַר פאָרמאַלכיד, אַ דעזינפעקציע-מיטל.

געווען דער תושב און דער צווייטער האָט מעשה גאַסט און אויף אַ קורצער צייט צוגעפּאַסט זיך צו זיין עקסיסטענץ-פאָרם. וואָרעם דער אָקטאָבער-טערמין האָט יאָאַכים זיך באַמיט שטייף און פעסט צו האַלטן אין אויג, כאָטש געוויסע פּונקטן פון זיין צענטראַלן נערוון-סיסטעם האָבן זיך נישט געוואָלט צופּאַסן צו דער הומאַניסטישער נאָרם פון זיין באַנעמען זיך און האָבן געשטערט די קאָמפּענזאַטאָרישע וואַרעמקייט-אויסטיילונג פון זיין הויט.

אויך זייערע באַזוכן ביי סעטעמבריני און ביי נאַפטען און זייערע שפּאַצירן מיט אָט די צוויי פיינדלעך-פאַרבונדענע האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן. אויב א. ק. פערגע און פערדינאַנד וויזאַל האָבן זיך אויך באַטייליקט, וואָס פלעגט ס'רוב פּאָרקומען — זיינען זיי געווען זאַלבער-זעקס. די גייסטיקע בעלי-מלחמה האָבן דערביי געהאַלטן זייערע אומאויפהערלעכע דועלן. ביים איבערגעבן זיי טאָרן מיר נישט שטרעבן צו קיין שום פולשטענדיקייט, סיידן מיר זאָלן זיך אַזוי פאַרלירן אין דעם דעספּעראַט-אומענדלעכן, ווי זיי אַליין האָבן דאָס געטאָן טאָג-טעגלעך פאַר אַ געקליבענעם עולם, כאָטש האַנס קאַסטאָרפּ האָט באַטראַכט זיין אָרעמע נשמה פאַר דעם הויפּט-אָביעקט פון זייערע דיאַלעקטישע וויכוחים. פון נאַפטען איז ער גע-וואָר געוואָרן, אַז סעטעמבריני איז אַ פריימויערער און עס האָט אויף אים נישט געמאַכט קיין קלענערן איינדרוק ווי אַמאָל בעת דער איטאַליענער האָט אים דערציילט, אַז נאַפטאַ איז אַ יעזויט און אַז די יעזויטן פאַרזאָרגן אים. ער איז ווידער געווען האַנטאַסטיש איבער-ראַשט הערנדיק, אַז עקסיסטירט נאָך עפּעס אַזוינס אויף אַן אמת, און ער האָט פלייסיק אויסגעפרעגט דעם טעראָריסט וועגן דעם שורש און מהות פון דער דאָזיקער קוריאָזער אינסטיטוציע, וועלכע וועט אין עטלעכע יאָר אַרום פייערן איר צוויי הונדערט-יאָריקן יובילייי. אויב סעטעמבריני האָט הינטער נאַפטעס אויגן גערעדט וועגן זיין גייסטיקן מהות מיט אַ טאָן פון פּאַטעטישער וואָרעניש ווי וועגן עפּעס טייוולאָנישס, האָט נאַפטאַ ווידער הינטער יענעמס אויגן פּשוט חוזק געמאַכט פון דער ספערע, וועלכע יענער פאַרטרעט, און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ס'גייט דאָ וועגן זייער אַן אַלט-מאָדישן און רעאַקציאָנערן ענין: וועגן בירגערלעכער אויפקלערונג און פריי-

גייסטעריי פון אייערנעכטן, וואָס איז נישט מער ווי אַ נעבעכדיק געשפּענסט, וואָס וויל זיך אַליין אויף אַ קאָמישן אופן איינריידן, אַז עס איז נאָך אַלץ פול מיט רעוואָלוציאָנערן לעבן. ער האָט געזאָגט: — וואָס ווילט איר האָבן, אויך זיין זיידע איז שוין געווען אַ קאַרבאָנאַראָ, דאָס הייסט: אַ קוילנברענער. פון אים האָט ער איבערגענומען דעם קוילנברענער־גלויבן אין שכל, אין דער פרייהייט, אין מענטשלעכן פּראָגרעס און אין דעם גאַנצן אַלטוואַרג פון קלאַסיציסטיש־בורזשו־אַזער מאָראַל־אידעאָלאָגיע... גיט אַ קוק, אויב עפּעס צעטומלט די וועלט, איז עס די פעלערהאַפטע באַציונג, וואָס איז פאַראַן צווישן דער געשווינדקייט פון גייסט און דער אומגעהייערער אומבאַהאָלפנקייט, פאַמעלעכדיקייט, אָפּגעשטאַנענער פוילקייט און אינערציע פון דער מאַטעריע. מען מוז מודה זיין, אַז די דאָזיקע פעלערהאַפטע באַ־ציונג איז גענוג, כדי מוחל צו זיין דעם גייסט יעדע אינטערעסלאָזיקייט צו ווירקלעכקייט. וואָרעם ס'איז אַ כלל, אַז די פערמענטן, וועלכע דערפירן צו דער רעוואָלוציע אין דער ווירקלעכקייט, זיינען אים שוין לאַנג נמאס ומאוס געוואָרן. פאַקטיש איז טויטער גייסט מער דערווי־דער דעם לעבעדיקן, ווי וועלכע ס'איז באַזאַלט־שטיינער, וועלכע האָבן לכל־הפחות נישט קיין פּרעטענזיעס צו זיין גייסט און לעבן. אַזעלכע באַזאַלט־שטיינער, רעשטלעך פון אַמאָליקע ווירקלעכקייטן, וועלכע דער גייסט האָט אַזוי ווייט געלאָזט הינטער זיך, אַז ער וויל שוין בכלל נישט פאַרבינדן זיי מיטן באַגריף פון ווירקלעכקייט — אַזעל־כע רעשטלעך האַלטן זיך פיל ווייטער און היטן אָפּ מעשה שטן דורך זייער גראָבער און טויטער אינערציע דאָס געשמאַקלאָזע דער־פון, עס זאָל דערפילן די געשמאַקלאָזיקייט. איך רייד אין אַלגעמיין, אָבער איר וועט פאַרשטיין צו ציען דערפון די נוצלעכע קאָנסעקווענצן בנוגע יענער הומאַניטאַרער פרייגייסטעריי, וועלכע מיינט, אַז זי געפינט זיך נאָך אַלץ אין אַ העראָישן קאַמף קעגן דער הערשאַפט און אויטאָריטעט. אַך, און די קאַטאַסטראָפעס, וואָס אַדאַנק זיי וויל זי באַווייזן פאַר זיך אַליין איר לעבנס־כוח, די פאַרשפּעטיקטע און ספּעקטאַקלדיקע ניצחונות, וועלכע זי גרייט־צו און וועלכע זי חלומט אין איינעם אַ טאָג צו פייערן! ביים בלויזן געדאַנק וועגן דעם וואָלט דער לעבעדיקער גייסט זיך געקאָנט פאַרנודען צום טויט, ווען ער

וואָלט נישט געוואוסט, אַז פּאַקטיש וועט בלויז ער אַרויס פון אַזעלכע קאַטאַסטראָפעס דער זיגער און אַז זיי וועלן זיין פאַר זיין נוצן. ער, וואָס שמעלצט צונויף אין זיך די עלעמענטן פון דעם אַלטן מיט דעם צוקונפטיקסטן צו אַ אמתדיקער רעוואָלוציע... וואָס מאַכט אייער קוזין, האַנס קאַסטאָרפ? איר ווייסט, איך פיל צו אים גרויסע סימפּאַטיעס.

— אַדאַנק, האָט נאַפטאַ. צו אים האָט יעדער איינער אמתדיקע סימפּאַטיע, אַזאַ וואוילער בחור איז ער. אויך סעטעמברינ׳י האָט אים זייער גערן, כאָטש עס געפעלט אים נאַטירלעך נישט אַ געוויסער פּאַנ־טאַסטישער טעראָריזם, וואָס ליגט אין יאָאַכימס שטאַנד. איצט הער איך ערשט, אַז ער געהערט צו אַ פריימויערער־לאָזשע. הער אַ מעשה. דאָס גיט מיר אַ סך צו טראַכטן, מוז איך מודה זיין. עס ווייזט מיר זיין פּערזאָן אין אַ נייער שיין און מאַכט מיר טייל זאַכן קלאָר. צי שטעלט ער נישט אַמאָל זיינע פיס אין אַ גלייכן ווינקל און צי דריקט ער אַמאָל נישט די האַנט אויף אַ ספּעציעלן אופן? איך האָב קיינמאָל נישט באַמערקט עפּעס אַזוינס...

— אַזעלכע קינדערייען — האָט נאַפטאַ געענטפערט — איז אונזער דריי־פּונקטן־ברודער מסתמא איבערגעוואַקסן. איך קלער, אַז דער לאָזשע־צערעמאָניאַל האָט זיך געמוזט היפּש נעבעכדיק צופּאַסן צו דעם ניכטערן גייסט פון מלוכה־בירגער אין דער היינטיקער צייט. מיט דעם אַמאָליקן ריטואַל שעמט מען זיך מסתמא ווי מיט אַ נישט־בירגערלעכן האָקוס־פּאָקוס, און נישט אומגערעכט, ווייל מאַכן פון דעם אַטעיִסטישן רעפּובליקאַניזם אַ מיסטעריע וואָלט סוף־כל־סוף נישט געהאַט קיין זין. איך ווייס נישט, מיט וואָס פאַר אַ שרעק־מיטלען מ׳האָט אויסגעפּרוּווט סעטעמברינים אויסגעהאַלטנקייט. אפשר האָט מען אים געפירט מיט אַרומגעבונדענע אויגן דורך אַלערליי דורכגענג און מ׳האָט אים אין פינסטערע געוועלבטע צימערן גע־לאָזט וואַרטן, ביז ס׳האָט זיך צעעפנט פאַר אים דער בונד־זאַל פול מיט געשפּיגלטער ליכט. אפשר האָט מען אים פייערלעך קאַטע־כיזירט און ביי אַ טויטן שאַרבן און דריי ליכט געהאַלטן שווערן פאַר זיין אַנטבלויזטער ברוסט. איר וועט אים מוזן אַליין פרעגן, אָבער איך האָב מורא, אַז ער וועט ווייניק וועלן ריידן וועגן דעם.

וואָרעם אַפילו ווען עס איז צוגעגאַנגען אַ סך בירגערלעכער, אַ פאַקט איז, אַז ער האָט אַלנפאַלס געשוואוירן צו האַלטן עס בסוד.

— געשוואוירן? האַלטן בסוד? אַזוי גאָר?

— אוודאי. סוד און געהאָרכזאַמקייט.

— געהאָרכזאַמקייט נאָך אויך. הערט, פּראָפעסאָר, איצט קומט מיר פאָר, אַז ער האָט גאָרנישט קיין שום סיבה, צו האָבן פאַריבל אויף דער פאַנטאַסטישקייט און דעם טעראָריזם פון מיין קוזינס שטאַנד. האַלטן בסוד און זיין געהאָרכזאַם! איך וואָלט קיינמאָל ניט געוועזן געקלערט, אַז אַזאַ פריגייסטיקער מענטש ווי סעטעמברינע זאָל זיך קאָנען אונטערוואַרפן אַזעלכע בפירוש שפּאַנישע באַדינגונגען און שבועות. איך שפּיר ממש עפּעס מיליטעריש־יעזויטישס אין דער פריימויערעריי...

— איר שפּירט גאַנץ ריכטיק — האָט געענטפערט נאַפטאַ. — איר טרעפט מיטן קאַנטשיק אויפן ריכטיקן אָרט. די אידעע פון מאַסאָנען־בונד בכלל קאָן מען נישט שיידן פון דער אידעע פון אַבסאָלוט, זי איז מיט איר פאַרבונדן שוין אין וואָרצל. ממילא איז זי טעראָריסטיש, דאָס הייסט: אַנטי־ליבעראַל. זי נעמט אַראָפּ דעם עול פון אינדיווידועלן געוויסן און הייליקט אין נאָמען פון אַבּ־סאָלוטן צוועק יעדעס מיטל, אויך דאָס בלוטיקע, אויך דעם פאַרברעך. ס'זיינען פאַראַן סברות, אַז אויך אין די מאַסאָנען־לאָזשעס איז דער ברודער־בונד אַמאָל סימבאָליש באַזיגלט געוואָרן מיט בלוט. אַ בונד איז קיינמאָל נישט עפּעס שטיל־בכבודיקס, נאָר שטענדיק לויט זיין מהות — עפּעס אָרגאַניזאַטאָרישס אין אַבסאָלוטן גייסט. איר ווייסט, אַז דער גרינדער פון אילומינאַטן־אָרדן, וואָס איז אַ צייט

* אילומינאַטן־אָרדן, אַ געהיימער בונד, אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1776 דורך אַדאַם ווייסהויפּט מיט דעם ציל צו באַקעמפן פאָרורטיילן, דאָגמעס און דעספּאָטיזם און צו פאַרשפּרייטן בילדונג און פריינדשאַפט צווישן די מיט־גלידער. די אידעען פון דעם אילומינאַטן־אָרדן, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט בעיקר איבער דער קאַטוילישער פּראָווינץ בייערן און שפּעטער אויך איבער די פּראָטעסטאַנטישע פּראָווינצן פון דייטשלאַנד, זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער פריימויערער־אָרגאַניזאַציע און האָבן געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף איר.

לאַנג כמעט צוניפגעשמאָלצן געווען מיט דער מויערעריי, איז געווען אַן אַמאָליקער צוגעהעריקער פון דער יעזוס-געזעלשאַפט?

— ניין, דאָס איז פאַר מיר נאַטירלעך, אַ נייס.

— אַדאַם ווייסהאַופט* האָט אָרגאַניזירט זיין הומאַניטאַרן געהיים-בונד אינגאַנצן לויט דעם מוסטער פון יעזויטן-אָרדן. ער אַליין איז געווען אַ מאַסאָן און די אָנגעזעענסטע לאָזשע-מענער פון דער צייט זיינען געווען אילומינאַנטן. איך רייד פון דער צווייטער העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט, וועלכע סעטעמבריני וועט אייך געוויס כאַראַקטעריזירן פאַר דער עפּאָכע פון ירידה אין זיין בונד. באמת איז עד געווען דעמאָלט אין דער העכסטער בליונג, ווי די אַלע געהיימע בונדן בכלל. עס איז געווען די צייט, ווען די מאַסאָנעריע האָט באמת באַקומען אַ העכערן לעבנס-זין. עד־שט שפּעטער האָבן מענטשן-פריינד פון דעם שניט ווי סעטעמבריני אָפּגערייניקט די מאַסאָנעריע פון אָט דעם לעבנס-זין. אַזעלכע ווי ער, וואָלטן דעמאָלט אומבאַדינגט געהערט צו יענע, וואָס האָבן פאָרגעוואָרפן דער פריי-מויערעריי יעזויטיזם און אָבסקוראַנטיזם.

— און זיי האָבן געהאַט סיבות דערויף?

— יאָ — אויב איר ווילט. די טריוויאַלע פרייגייסטעריי האָט געהאַט סיבות אויף אַזעלכע טענות. עס איז געווען די צייט, ווען אונזערע פאָטערס האָבן געפּרוּווט אָנפילן דעם מאַסאָנען-בונד מיט קאַטויליש-היעראַרכיש-לעבן. אין פראַנקרייך, אין קלערמאָן, האָט דעמאָלט טאַקע געבליט אַ יעזויטישע מאַסאָנען-לאָזשע. עס איז אויך געווען די צייט, ווען דאָס רויזנקרייצערטום** האָט אַריינגעדרונגען אין די לאָזשעס—זייער אַ אינטערעסאַנטע ברודערשאַפט, וועלכע האָט פאַרבונדן, ווי איר דאַרפט געדענקען, ריין-ראַציאָנעלע פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע פאַרבעסערונגס-און באַגליקונגס-צילן מיט כאַראַקטעריסטישע באַ-

* דער גרינדער פון אילומינאַטן-אָרדן האָט געלעבט 1748—1830 ווי אַ פּראָפעסאָר אין אינגאָלשטאַט אין בייערן.

** אָרדן פון דייטשע גאָלד- און רויזן-קרייצער, איז אָרגאַניזירט געוואָרן צווישן 1756 און 1768 אין דרום-דייטשלאַנד און האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דייטשלאַנד און רוסלאַנד.

ציַונגען צו דער קבלה פון מזרח, צו אינדישער און אַראַבישער חכמה און מאַגישער נאַטור־דערקענטניש. דאַמאָלסט זיינען פאָרגעקומען רע־פאָרמען און אויסבעסערונגען אין אַ סך פריימויערער־לאָזשעס אין גייסט פון גענויער אָבסערוואַנץ*. עס איז געווען אַ בפירוש איררציאָנעלער און סודותדיקער, אַ מאַגיש־אַלכימיסטישער** גייסט, וועלכן די ישקאָ־טישע מאַסאָנען־לאָזשעס האָבן צו פאַרדאַנקען זייער הויכע מדרגה. עס זיינען דאָרטן געווען מדרגות פון אָרדן־ריטער, וועלכע מ'האָט צוגעגעבן די אַלטע מיליטערישע ראַנג־שטופן: תלמיד, געזעלן, מייסטער, נאָך גרויס־מייסטער־ראַנגעס, וואָס פירן צום היעראַרכישן און וואָס זיינען פול מיט רויזנקרייצערישער קבלה. מען האָט זיך געשטיצט אויף געוויסע גייסטלעכע ריטער־אָרדנס פון מיטלאַלטער, איבערהויפּט אויף די טעמפּלער, פאַרשטייט איר, וועלכע האָבן פאַר דעם פּאַטריאַרך פון ירושלים*** געשוואוירן אויף אָרעמקייט, פּרישות און געהאָרכזאַמקייט. נאָך היינט טראָגט אַ העכערער ראַנג אין דער מאַסאָנען־היעראַרכיע דעם טיטל „גרויספירשט פון ירושלים".

— ווי ניי, ווי אינגאַנצן ניי דאָס אַלץ איז פאַר מיר, הער נאַפטאַ. איך קאָן דאָ כאַפּן אונזער סעטעמבריני ביי דער האַנט... „גרויספירשט פון ירושלים" איז נישט שלעכט. איר דאַרפט אים ביי אַ געלעגנהייט אויך אַזוי אָנרופן אויף אַ שפּאַס. ער פון זיין זייט האָט אַייך לעצטנס געגעבן דעם צונאָמען „Doctor angelicus" ****. איר מוזט אַייך נוקם זיין.

— אָ, ס'איז נאָך פאַראַן אַ מאַסע אַזעלכע באַדייטנדיקע טיטלען פאַר די העכערע און טעמפּלער־שטופן פון דער „גענויער אָבסערוואַנץ": מיר האָבן דאָרטן אַ „פולקומענעם מייסטער", אַ „ריטער פון מזרח", אַ „גרויסן איבער־כהן" און די איין־און־דרייסיקסטע שטופע הייסט

---

* דאָס אָפּהיטן די כללים פון אָרדן.

** דאָס פאַרנעמען זיך מיט כלומרשטער פאַבריקאַציע פון קינסטלעך גאָלד.

*** אַ טיטל, וואָס עס פלעגט באַקומען איינער פון די בישאָפן אין אייראָפּע. קיין אמת פון אַ פּאַטריאַרך פון ירושלים האָט שוין דעמאָלט נישט עקסיסטירט.

**** מלאכישער דאָקטאָר.

אַפילו „דער דערהויבענער פירשט פון קיניגלעכן סוד". איר באַמערקט, אַז די אַלע נעמען דייטן אָן זיך אַ שייכות צו אָריענטאַלישער מיסטיק. דאָס, וואָס דער טעמפּלער גופא האָט זיך ווידער באַוויזן, האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע באַדייטונג ווי אָט־די שייכות, עס איז פּאַקטיש געווען: דאָס אַרײַנדרינגען פון איראַציאָנעלן ירונים־שטאָף אין דער אידעאָלאָגיע פון שכלדיק־נוצלעכער געזעלשאַפט־פאַרבעסערונג. צוליב דעם האָט דאָס פרייִמויערערטום באַקומען אַ נייעם רייץ און גלאַנץ און דאָס ערקלערט זיין ז'עמאָלסטיקן צוּוואוקס. עס האָט דאַמאָלסט צוגעצויגן צו זיך אַלערליי עלעמענטן, וועלכע זיינען שוין מיד געווען מיט דער שכלעריי פון יאָרהונדערט, מיט זיין הומאַנער אויפ־און אָפּגעקלערטקייט און זיינען דורשטיק געווען נאָך שטאַרקערע לעבנס־געטראַנקען. דער ערפאָלג פון אָרדן איז געווען אַזאַ גרויסער, אַז די פיליסטערס האָבן זיך געקלאָגט, אַז ער פרעמדט אָפּ די מענער פון דער היים און פון ווייבלעכער ווערדע.

— הערט אַ מעשה, אויב אַזוי, פּראָפעסאָר, איז קלאָר, אַז סעטעמבריני דערמאָנט זיך נישט גערן אין יענער העכסטער צעבליטקייט פון זיין אָרדן.

— ניין, ער דערמאָנט זיך נישט גערן דערין, אַז ס'זיינען געווען ציטן, ווען זיין בונד האָט אויף זיך קאָנצענטרירט די גאַנצע אַנטיפּאַטיע „מצד פרייגייסטער", אַטעיִזם, ענציקלאָפּעדישן שכל, וועלכע איז זיסט צוגעפאַלן דעם קאָמפּלעקס פון קי״ך, קאַטויליציזם, מאָנאַך, מיטלאַלטער. איר האָט געהערט, אַז מ'האָט פאָרגעוואָרפן די פרייִמויערער אָבסקוראַנטיזם?

— פאַרוואָס? איך וואָלט גערן דייטלעכער הערן, ווי אַזוי?

— דאָס וועל איך גערן זאָגן. די „גענויע אָבסערוואַנץ" האָט געהאַט די זעלבע באַדייטונג, ווי דאָס פאַרטיפן און פאַרברייטערן די טראַדיציעס פון אָרדן און צוריקפירן זיינע היסטאָרישע מקורים אין דער וועלט פון סודות, אין די אַזוי־גערופענע פינסטערנישן פון מיטלאַלטער. די הויך־מייסטערס אין די לאָזשעס האָבן געוואוסט די סודות פון דער physica mystica*, טרעגער פון מאַגישער נאַטורוויסנשאַפט, דער עיקר גרויסע אַלכימיסטן...

* לאַטייניש: מיסטישע פיזיק.

— איך מוז אויך מיך אָנשטרענגען מיט אַלע כּוחות צו דער־מאָנען זיך, וואָס אַזוינס די אַלכימיע איז מער װײניקער געװען אין סך־הכּל גענומען. אַלכימיע דאָס איז גאָלדמאַכעריי, דער שטיין פון חכמה, Aurum potabile... *

— יאָ, פּאָפּולער גערעדט. אַ ביסל װיסנשאַפטלעכער גערעדט איז זי לייטערונג, שטאָף־פּאַרװאַנדלונג און שטאָף־פּאַראײדלינג, טראַנס־סובסטאַנציאַציע**, צום העכערן, שטייגערונג, ממילא — דער lapis philosophorum ***, דאָס מענלעך־װײבלעכע פּראָדוקט פון שװעבל און מערקור, די res bina ****, די צװיי־געשלעכטיקע prima materia ***** איז געװען נישט מער און נישט װײניקער װי דער פּרינציפּ פון שטייגערונג, די פאַרפולקומונג דורך אויסערלעכע אײנװירקונגען,— מאַגישע פּעדאַגאָגיק, אויב איר װילט.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשװיגן. ער האָט געקוקט קרום אַרויף, בלינצלענדיק מיט די אויגן.

— אַ סימבאָל פון אַלכימיסטישער טראַנסמוטאַציע****** — האָט נאַפטאַ װייטער געזאָגט — איז קודם־כּל געװען דער גרוב.

— דער קבר?

— יאָ, דאָס אָרט פון דער פוילונג. דאָס איז דער באַגריף פון יעדער הערמעטיק, נישט אַנדערש װי דאָס געפעס, דאָס גוט־פּאַר־היטענע קריסטאַל־רערל, אין װעלכן דער שטאָף האָט געמוזט אָננע־מען זיין לעצטע פאַרװאַנדלונג און לייטערונג.

— הערמעטיק איז גוט געזאָגט, הער נאַפטאַ. „הערמעטיש" — דאָס װאָרט איז מיר אַלעמאָל געפעלן. עס איז אַן אמתדיק כּישוף־װאָרט מיט אומבאַשטימטע װייט־גייענדיקע אַסאָציאַציעס. זייט מוחל, אָבער איך

---

* לאַטייניש: גאָלד־מישונג.

** די פאַרװאַנדלונג פון דער סובסטאַנץ.

*** שטיין פון חכמה.

**** אַ צװייִיקע זאַך.

***** אור־שטאָף.

****** איבעראַנדערשונג.

מוז אַלעמאָל טראַכטן דערבײַ וועגן די וועק=סלאָיען*, וועלכע אונזער האַמבורגער הויז=פרוי — שאַלעען הייסט זי, נישט פרוי אָדער פריילין, נאָר פשוט שאַלעען — האָט שטיין גאַנצע שורות אויף די פּאָליצעס אין איר שפּייז=קרעמל — הערמעטיש פאַרמאַכטע סלאָיען מיט פרוכטן, פלייש און פאַרשיידענע אַנדערע מאכלים. זיי שטייען אָפּ טעג און יאָרן און ווען מ'מאַכט איינס אויף, אויב מען באַדאַרף, איז אַלץ אינעווייניק פולשטענדיק פריש און נישט פאַרענדערט. אין משך פון דער גאַנצער צייט איז דאָרטן גאָרנישט געשען, מ'קאָן געניסן דערפון ווי ס'שטייט און גייט. דאָס איז אוודאי נישט קיין אַלכימיע און לייטערונג, נאָר בלויזע פאַרהיטונג, דערפון נעמט זיך טאַקע דער נאָמען קאָנסערוון. אָבער דאָס כּישופדיקע באַשטייט אין דעם, וואָס אויף די מאכלים אין די סלאָיען איז נישט חל די צייט. זיי זיינען הערמעטיש פאַרצוימט פון איר. די צייט גייט איבער דעם אַדורך. עס האָט נישט קיין צייט, נאָר שטייט אויסער איר אויף דער פּאָליצע. נאַ, דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן וועגן די וועק=סלאָיען. עס איז נישט אַסך אַרויס פון די רייד. פאַרדאָן. איר ווילט מיר, מיין איך, ווייטער עפּעס זאָגן.

— אויב איר פאַרלאַנגט. דער תּלמיד מוז באַגערן וויסן און נישט האָבן פאַר גאָרנישט קיין מורא — צוריקקערנדיק צו אונזער ענין. דער גרוב, דאָס קבר איז אַלעמאָל געווען דער עיקרדיקער סימבאָל פון די בונד=שבועות. דער תּלמיד, דער גרינגער, וואָס וויל האָבן אַן אַריינטריט צום וויסן, האָט געמוזט אין מוראדיקן גרויל פון גרוב באַווייזן זיין אומדערשראָקנקייט. דער מנהג פון אָרדן האָט געפּאָדערט, אַז מ'זאָל אים אַריינפירן אַהין לשם פּרווו און ער זאָל דאָרטן זיצן, ביז ס'וועט אים פון דאָרטן אַרויספירן אַ פרעמדע ברודער=האַנט. דערפון האָבן זיך גענומען די געדרייטע קאָרידאָרן און פינסטערע געוועלבונגען, דורך וועלכע דער ניי=אָנגענומענער האָט געדאַרפט וואַנדערן, דערפון דער שוואַרצער שטאָף, מיט וועלכן עס איז אַפילו געווען באַשלאָגן דער בונד=זאַל פון דער גענויער אָבסערוואַנץ, דערפון האָט זיך אויך גענומען דער קולט פאַר דעם ארון, וועל=

---

* באַוואוסטע גלעזערנע סלאָיען אויף קאָנסערוון.

בער האָט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל ביים אָנגנעמען-און פאַרזאַמ-לונג-צערעמאָניאַל. דער וועג פון מיסטעריעס און לייטערונג איז גע-ווען אַרומגערינגלט מיט סכנות, ער האָט געפירט דורך טויט-פּחדים, דורך דער מלכות פון צעפאַלונג, און דער תלמיד, דער נעאָפיט* — דאָס איז געווען די יוגנט, וואָס האָט באַגערט צו דערקאָנען די וואונדער פון לעבן און געשטרעבט צו דער אויפוואַכונג פון דעמאָנישע איבערלעבונגס-פעיקייטן און וואָס איז געפירט געוואָרן דורך פאַרמאַסקירטע, וועלכע זיינען נאָר געווען די שאָטנס פון די סודות.

— איך דאַנק אייך זייער, פּראָפעסאָר נאַפטאַ. אויסגעצייכנט. דאָס איז, הייסט עס, די הערמעטישע פּעדאַגאָגיק. עס שאַדט נישט, וואָס איך האָב זיך אויך עפּעס דערוואוסט וועגן דעם.

— אוודאי נישט. בפרט אַז ס'האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ וועג צום סאַמע לעצטן, צו דער אַבסאָלוטער דערקענונג פון איבערחושימ-דיקן און דעריבער — צום ציל. די אַלכימיסטישע לאָזשע-אָבסער-וואַנץ האָט אַ סך אידעלע, זוכנדיקע גייסטער אין די שפּעטערדיקע יאָר-צענדליקער געפירט צו אָט דעם ציל. איך דאַרף זיי נישט אָנרופן, ווייל ס'איז אוממעגלעך, איר זאָלט נישט וויסן, אַז דער סדר פון די שקאָ-טישע ראַנג-שטופעס איז בלויז אַ סוראָגאַט פון דער היעראַרכיע, אַז די אַלכימיסטישע חכמה פון די מאַסאָנישע מייסטערס באַקומט איר תיקון אין דער מיסטעריע פון פאַרוואַנדלונג און אַז די סודות-דיקע וועגן, אויף וועלכע די לאָזשע פירט איר יוגנט, קאָן מען זייער דייטלעך דערקענען אין די רעליגיעזע סיגופים, אַקוראַט ווי די סימבאָ-לישע שפּילערייען פון מאַסאָנען-צערעמאָניאַל זיינען גענומען פון דער ליטורגישער און שאַפנדיקער סימבאָליק פון אונזער הייליקער קאַטוילישער קירך.

— אַך אַזוי!

— זייט מוחל, דאָס איז נאָך אויך נישט אַלץ. איך האָב מיר שוין ערלויבט אייך צו געבן אָנצוהערן, אַז דאָס אַרויספירן די מאַ-סאָנעריע פון יענע בעל-מלאכהשע בכבודיקע מויערער-צעכן איז בלויז

* ניי אויפגענומענער.

אַ היסטאָרישע פאַרפלאַכונג. אַלנפאַלס האָט די גענויע אָבסערוואַנץ איר צוגעגעבן ווייט טיפערע מענטשלעכע יסודות. דער סוד פון די לאָזשעס האָט פונקט ווי געוויסע מיסטעריעס פון אונזער קירך די בולטע שייכות מיט פייערלעכער סודותדיקייט און הייליקער אויסגעלאַסנקייט פון דער עלטסטער מענטשהייט... איך האָב, וואָס ס'איז נוגע דער קירך, אין זינען די נאַכט-און ליבע-מאָלצייט, דאָס סאַקראַמענטאַלע געניסן פון לייב און בלוט*. וואָס ס'איז ווידער נוגע דער לאָזשע. —

— איין רגע. איין רגע פאַר אַ זייטיקער באַמערקונג. אויך אין דעם אַבסאָלוטן לעבן פון דעם בונד, צו וועלכן מיין קוזין געהערט, עקסיסטירן אַזויגערופענע ליבע-מאָלצייטן. ער האָט מיר אָפט געשריבן וועגן דעם. נאַטירלעך גייט דאָרטן צו זייער אָנשטענדיק, אַחוץ דעם, וואָס מ'שיכורט זיך אַ ביסל אָן, אַפילו נישט אַזוי ווייט ווי אין קנייפּעס פון קאָרפּאָראַנטן...

— וואָס ס'איז נוגע דער לאָזשע — דער קולט פאַר קבר און ארון, אויף וועלכן איך האָב אייך פריער אויפמערקזאַם געמאַכט. אין ביידע פאַלן האַנדלט זיך וועגן אַ סימבאָליק פון סאַמע לעצטן, וועגן עלעמענטן פון אָרגיאַסטישער אור-רעליגיעזקייט, וועגן הפקרדיקע און נאַכטלעכע קרבנות לכבוד דעם שטאַרבן און ווערן, טויט, פאַרוואַנדלונג און תחית-המתים... איר דערמאָנט אויך, אַז די מיסטעריעס פון איזיס** און פון עלעוזיס*** זיינען פאָרגעקומען ביינאַכט און אין פינסטערע היילן. אין פריימויערערטום איז געווען און ס'איז דאָ אַ מאַסע עגיפּטישע שפּורן און צווישן די געהיימע געזעלשאַפטן זיינען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך אָנגערופן עלעוזינישע בונדן. עס זיינען דאָ פאָרגעקומען לאָזשע-פייערונגען, פייערונגען פון עלע-

* די הייליקע קאָמוניע.

** אַן עגיפּטישע געטין, וועמענס קולט האָט זיך שפּעטער פאַרשפּרייט אין גריכנלאַנד און רוים, וואו מען האָט געפייערט די איזיס-מיסטעריעס.

*** אַ שטאָט אין אַטיקאַ, אין וועלכער עס זענען געפייערט געוואָרן די מיסטעריעס לכבוד די גריכישע געטינס דעמעטער און פּערזעפאָנע אינטער דעם ספּעציעלן שוץ פון דער מלוכה.

ווישע מיסטעריעס און פון אַפּראָדיסישע סודות, וואו ס'איז סוף־כּל־סוף אַריין אין שפּיל די פרוי, — רויזן־פייערונגען, אויף וועלכע ס'זיינען מרמז יענע דריי בלויע רויזן אויף דעם מאַסאָנישן פאַרטוך און וועלכע פלעגן זיך פאַרענדיקן מיט אַ וואַקכאַנאַליע...

— נו, נו, וואָס איך הער, פּראָפעסאָר נאַפטאַ. און דאָס אַליץ איז פריימויערעריי? און מיט דעם אַלעמען זאָל איך אין מיין פּאָר־שטעלונג פאַרבינדן אונזער ניכטערנעם הער סעטעמבריני...

— איר וואָלט אים דערמיט געטאָן אַ גרויסע עוולה! ניין, פון דעם אַלעמען וויסט שוין סעטעמבריני לחלוטין נישט. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז די לאָזשע איז דורך מענטשן פון זיין שניט ווי דער אָפּגעריייניקט געוואָרן פון אַלע העכערע לעבנס־עלעמענטן. זי האָט זיך הומאַניזירט, מאָדערניזירט, גאָט דערבאַרעם דיך. פון אַזעלכע בלאָנדזשענישן האָט זי זיך אומגעקערט צו נוצן, צו שכל און צום פּראָגרעס, צום קאַמף קעגן פירשטן און גלחים, בקיצור — צו געזעל־שאַפטלעכע גליקן. מען שמועסט איצט דאָרטן ווידער וועגן נאַטור, מאָראַל, מעסיקייט און פאָטערלאַנד. איך בין מיר משער: אויך וועגן געשעפט. מיט איין וואָרט: ס'איז בורזשואַזע נעבעכדיקייט אין דער פאָרם פון אַ קלוב...

— אַ שאָד — אַ שאָד די רויזן־פייערונגען. איך וועל סע־טעמברינין פרעגן, צי ער ווייסט מער נישט דערפון.

— דער ערלעכער ריטער פון ווינקל־מאָס! — האָט נאַפטאַ גע־חוזקט — איר מוזט געדענקען, אַז ס'איז אים גאָרניט לייכט געווען צוגעלאָזט צו ווערן צום בוי־פּלאַץ פון מענטשהייט־טעמפּל, וואָרעם ער איז אָרעם ווי די נאַכט און דאָרטן פאַרלאַנגט מען נישט בלויז העכערע בילדונג, הומאַניסטישע בילדונג, זייט מוחל, נאָר מען מוז אויך געהערן צו דעם פאַרמעגלעכן קלאַס, כּדי צו קאָנען צאָלן די נישט־לייכטע אויפנעם־אָפּצאָלן און די יערלעכע באַשטייערונגען. בילדונג און פאַרמעגן — אָט דאָ האָט איר דעם בורזשוי! דאָ האָט איר די גרונד־יסודות פון דער ליבעראַלער וועלט־רעפּובליק!

— אמת — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געלאַכט — דאָ האָבן מיר זי ווי זי שטייט און גייט!

— פונדעסטוועגן — האָט נאַפטאַ ווייטער געזאָגט נאָך אַ פּויזע — וואָלט איך אייך געראַטן, איר זאָלט נישט נעמען דעם מענטשס און זיינע ענינים צו לייכט. איבו מיר ריידן שוין וועגן דעם, וואָלט איך אייך טאַקע געבעטן, איר זאָלט אייך היטן. די נאַרישקייט איז נאָך נישט דאָס זעלבע, וואָס די אומשולדיקייט. די באַגרענעצטקייט איז גאָרנישט אַזוי תמימותדיק. די דאָזיקע מענטשן האָבן אַ סך וואַסער אַריינגעגאָסן אין זייער ווין, וועלכער איז אַמאָל געווען פייערדיק, אָבער די אידעע פון בונד אַליין בלייבט גענוג שטאַרק, כדי צו פאַרטראָגן אַ סך פאַרוואַסערונג. זי היט־אויף רעשטלעך פון אַ פרוכט־באַרן סאָד און מ׳דאַרף אַקוראַט אַזוי וויניק מסופק זיין דערין, אַז די לאָזשעס האָבן זייער האַנט אין דער וועלט־שפּיל, ווי דערין, אַז אין סעטעמברינין דאַרף מען זען עפּעס מער ווי פיל ער אַליין איז; אַז הינטער אים שטייען כוחות, וועמענס קרוב און עמיסאַר* ער איז...

— אַן עמיסאַר?

— נו, יאָ, אַ פּראָזעליטנמאַכער, אַ נשמה־כאַפּער.

און וואָס פאַר אַ קאָמיסאַר ביסטו? — האָט האַנס קאַס־טאָרפּ געטראַכט — הויך האָט ער געזאָגט:

— אַ דאַנק, פּראָפעסאָר נאַפטאַ. איך דאַנק אייך אויפריכטיק פאַר דער אָנצוהערעניש און וואָרענונג. איר ווייסט וואָס? איך גיי באַלד אַ שטאָק העכער, אויב מ׳קאָן דאָס בכלל אָנרופן שטאָק, און וועל אַ ביסל בודק זיין דעם פאַרמאַסקירטן בונד־ברודער. אַ תלמיד מוז באַגערן צו וויסן און פאַר קיין זאַך נישט מורא האָבן... נאַטירלעך, אייך פאָרזיכטיק... מיט עמיסאַרן דאַרף מען, זעלבסטפאַר־שטענדלעך, זיין פאָרזיכטיק.

ער האָט געמעגט אָן מורא בעטן ביי סעטעמברינין ווייטערדיקע אינפאָרמאַציעס, ווייל יענער האָט נישט געקאָנט האָבן קיין טענות צו נאַפטען פאַר אומדיסקרעציע אין ער האָט, אַגב, אויך קיינמאָל

* אַ פאַרקאָנספּירירטער שליח.

נישט געהאַט בדעה צו מאַכן אַ סוד פֿון זיין צוגעהעריקייט צו יע-
נער האַרמאָנישער געזעלשאַפֿט. די — „Riwista della Massone-
ria Italiana" * איז געלעגן אָפֿן אויף זיין טיש. האַנס קאַס-
טאָרפּ האָט בלויז דערויף נישט געלייגט קיין אַכט. שפּעטער, ווען
ער האָט אַרויסגעפֿידט דעם שמועס — לויט נאַפּטעס אינפֿאָרמאַציעס—
אויף דער קיניגלעכער קונסט, גלייך ווי ער וואָלט קיינמאָל נישט
מסופּק געווען דערין, אַז סעטעמברִיני האָט אַ שייכות דערמיט, האָט
ער זיך אָנגעשטויסן בלויז אויף אַ שוואַכער צוריקגעהאַלטנקייט. ס'זיי-
נען, וואָס אמת, געווען פּונקטן, וועגן וועלכע דער ליטעראַט האָט זיך
נישט אַרויסגערעדט און ווען זיי זיינען באַרירט געוואָרן, האָט ער
מיט אַ געוויסער אָסטענטאַציע פֿאַרמאַכט דאָס מויל. מסתמא איז ער
געווען געבונדן דורך יענע טעראָריסטישע שבועות, וועגן וועלכע נאַפּטאַ
האָט גערעדט. דאָס האַלטן בסוד האָט געהאַט אַ שייכות מיט די
אויסערלעכע מנהגים און וועגן זיין אייגענער שטעלונג אין דער אויס-
טערלישער אָרגאַניזאַציע. אַחוץ דעם האָט ער זיך ברייט צערעדט
און האָט געגעבן דעם נייגעריקן האַנס קאַסטאָרפּן אַ באַדייטנדיק בילד
וועגן דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון זיין ליגע, וועלכע איז צעוואָרפֿן
אין צוואַנציק טויזנט לאָזשעס און אין הונדערט-און-פֿופֿציק גרויס-
לאָזשעס, כמעט איבער דער גאַנצער וועלט און אַפֿילו אין אַזעלכע
ציווילָיזירטע ערטער, ווי אין האַיטי און אין דער נעגער-רעפּובליק
ליבעריאַ. ער האָט זיך אויך באַרימט מיט גרויסע נעמען, וואָס זייערע
טרעגער זיינען געווען אָדער זיינען היינט מאַסאָנען, האָט אָנגערופֿן
וואָלטערן, לאַפֿאַיעטן און נאַפּאָלעאָנען, פֿראַנקלינען און וואַשינגטאָנען,
מאַצינין און גאַריבאַלדין; פֿון די לעבעדיקע — אַפֿילו דעם קיניג
פֿון ענגלאַנד און אַחוץ דעם אַ מאַסע מענער, וואָס אין זייערע
הענט געפֿינען זיך די ענינים פֿון די אייראָפּעישע מלוכות, מיטגלידער
פֿון רעגירונגען און פּאַרלאַמענטן.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַרויסגעוויזן דרך-ארץ, אָבער נישט קיין
פֿאַרוואונדערונג. דאָס זעלבע איז מיט די סטודענטישע קאָרפּאָראַ-
ציע-בונדן, האָט ער געזאָגט. יענע האַלטן זיך אויך צוזאַמען דאָס

* צייטשריפֿט פֿון דער איטאַליענישער מאַסאָנעריע.

גאַנצע לעבן און קאָנען זייערע מענטשן אַזוי גוט פאַרזאָרגן, אַז ס'איז שווער פאַר אַ נישט=קאָאָפּעראַציע=ברודער צו דערגיין צו עפּעס רעכטס אין דער אַמטלעכער היעראַרכיע. דערפאַר איז עס אפשר נישט אינגאַנצן ריכטיק מצד סעטעמברינין, וואָס ער וויל מיט דער צוגעהעריקייט פון יענע פראָמינענטע לייט באַווייזן די מעלות פון דער לאָזשע. וואָרעם די מעשה קאָן זיין פאַרקערט; דאָס, וואָס אַזויפיל וויכטיקע פאָסטנס זיינען באַזעצט פון לאָזשע=ברידער, קאָן טאַקע נאָר באַווייזן די מאַכט פון בונד, וואָס האָט אַ האַנט אין דער שפּיל פון דער וועלט מער, וויפיל הער סעטעמבריני וויל דערציילן.

סעטעמבריני האָט געשמייכלט. ער האָט זיך אַפילו געפּאָכעט מיטן העפט „Massoneria“, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. מען וויל, הייסט עס, כאַפּן? — האָט ער געפרעגט. צי האָט מען אפשר בדעה צו דערפירן דערצו, ער זאָל אומפאָרזיכטיק זיך אַרויסזאָגן וועגן פּאָליטישן פרצוף, וועגן דעם אייגנטלעכן פּאָליטישן גייסט פון דער לאָזשע? — אומנוצלעכע איבערגעשפּיצטקייט, אינזשיניער! מיר זיינען מודה, אַז מיר זיינען פּאָליטיקער, אָפן אָן באַוואָרענישן. מיר מאַכן זיך גאָרנישט פון דער שנאה, וואָס איז אין די אויגן פון איניקע נאַראָנים — זיי זיינען ביי אייך אין לאַנד, אינזשיניער, ווייטער כמעט אין ערגעץ נישט — פאַרבונדן מיט אָט=דעם וואָרט און טיטל. דער מענטשנפריינט קאָן בכלל נישט אָנערקענען דעם אונטערשייד צווישן פּאָליטיק און נישט=פּאָליטיק. ס'איז נישטאָ קיין נישט=פּאָליטיק. אַלץ איז פּאָליטיק.

— אין כלל?

— איך ווייס גאַנץ גוט, אַז ס'זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס האַלטן פאַר זייער חוב אָנצווייזן אויף דעם לכתחילהדיקן אומפּאָליטישן כאַראַקטער פון מאַסאָנען=געדאַנק. אָבער די דאָזיקע מענטשן שפּילן זיך מיט ווערטער און ציען גרענעצן, וועלכע ס'איז שוין די העכסטע צייט צו אָנערקענען פאַר איינגערעדטע און אומזיניקע. קודם=כל האָבן, לכל=הפּחות, די שפּאַנישע לאָזשעס פון סאַמע אָנהייב=אָן געהאַט אַ פּאָליטישע באַפאַרבונג —

— איך מיין עפּעס.

— איר קאָנט ווייניק מיינען, אינזשיניער. רעדט אַייך נישט אַיין, אַז מ׳קאָן אַליין פון זיך מיינען עפּעס, נאָר באַמיט אַייך אויפצונעמען און צו פאַרדייען — איך בעט אַייך אין אַייער אייגענעם אינטערעס, אין אינטערעס פון אַייער לאַנד און פון אייראָפּע — דאָס וואָס איך וועל אַייך דאָ צווייטנס אַיינקריצן אין מוח. יאָ, צווייטנס איז די מאַסאָנען-אידעע קיינמאָל נישט געווען אומפּאָליטיש, אין קיין שום צייט נישט. זי האָט עס נישט געקאָנט זיין און ווען זי האָט געמיינט, אַז זי איז עס, האָט זי זיך אַליין אָפּגענאַרט בנוגע איר מהות. וואָס זיינען מיר? בויער און העלפער ביים בויען. דער צוועק פון אַלע איז איינער; דאָס בעסטע פאַרן כלל — דער גרונדפּרינציפּ פון דער פאַרבּרידערונג. וואָס איז דאָס בעסטע, אָט-די געביידע? דער געראָטענער געזעלשאַפטלעכער געביי, די שלימות פון דער מענטשהייט, דאָס נייע ירושלים. וואָס האָט דאָ, דערבאַרעמט אַייך, צו טאָן פּאָליטיק אָדער נישט-פּאָליטיק? די געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעם, די פּראָבלעם פון דעם צוזאַמענלעבן גופא איז פּאָליטיק, דורך-און-דורך פּאָליטיק, גאָרנישט אַנדערש ווי פּאָליטיק. ווער עס גיט זיך אָפּ דעם — און דער, וואָס טוט עס נישט, פאַרדינט נישט דעם נאָמען מענטש — האָט אַ שייכות צו דער פּאָליטיק, צו דער אינערלעכער און צו דער אויסערלעכער, דער פאַרשטייט, אַז די קונסט פון מאַסאָן איז רעגירונגס-קונסט —

— רעגירונגס...

— אַז די אילומינאַטישע מויערײַ האָט געהאַט דעם רעגענטן-גראַד...

— זייער שיין, הער סעטעמברִיני. רעגירונגס-קונסט, רעגענטן-גראַד — דאָס געפעלט מיר. אָבער זאָגט מיר איין זאַך: צי זענט איר, קריסטן, איר אַלע מיטאַנאַנד אין אַייער לאָזשע?

— זייט מוחל, איך וויל אַנדערש פרעגן, אַלגעמיינער און פּשוטער: גלויבט איר אין גאָט?

— Perché!

— איך וועל אַייך ענטפערן: פאַרוואָס פרעגט איר?

---

* איטאליעניש: פארוואס?

— איך האָב אַייך נישט געוואָלט אויספרעגן, נאָר ס'איז פאַראַן אַ ביבלישע געשיכטע, ווי עמעץ האָט געפרעגט יעזוסן וועגן אַ רוימישער מטבע און געקריגן אַן ענטפער, אַז מ'דאַרף געבן דעם קייסער דאָס, וואָס ס'געהער דעם קייסער, און גאָט, וואָס ס'געהער צו גאָט. מיר דאַכט זיך: פון דעם דאָזיקן אופן פון אונטערשיידן שטאַמט די אונטערשיידונג צווישן פּאָליטיק און נישט=פּאָליטיק. אויב ס'איז דאָ אַ גאָט, איז אויך פאַראַן אַזאַ אונטערשייד. צי גלייבן די פרייַמויערער אין גאָט?

— איך האָב מיך מחייב געווען אַייך צו ענטפערן. רעדט וועגן אַן איינהייט, וועלכע מען באַמיט זיך אויפצושטעלן, אָבער צום באַדויערן פאַר אַלע גוטע לייט עקסיסטירט זי נאָך נישט. דער וועלט=בונד פון פרייַמויערער עקסיסטירט נישט. אויב ער וועט געשאַפן ווערן— און איך חזר איבער, אַז מען אַרבעט מיט דער גאַנצער שטילער פלייסיקייט ביי דעם דאָזיקן גרויסן ווערק — וועט אָן שום ספק אויך זיין רעליגיעזער אַני=מאַמין זיין אַן איינהייטלעכער און ס'וועט זיין: „Ecrases l'infame"*.

— אָבליגאַטאָריש? דאָס וואָלט נישט געווען טאָלעראַנט.

— צו דער פּראָבלעם פון טאָלעראַנץ זענט איר נאָך נישט דערוואַקסן, אינזשיניער. נעמט אַייך אַריין אין מוח, אַז טאָלעראַנץ ווערט אַ פאַרברעך, אויב זי דינט דעם שלעכטן.

— גאָט זאָל זיין דאָס שלעכטע?

— די מעטאַפיזיק איז דאָס שלעכטע, וואָרעם זי טויג צו גאָרנישט, סיידן אַיינצושלעפערן די פלייסיקייט, וועלכע מיר דאַרפן אָנווענדן ביים אויפבויען דעם געזעלשאַפט=טעמפּל. נאָך מיט אַ דור צוריק האָט געגעבן אַ ביישפּיל דער גרויס=אָריענט פון פראַנקרייך, וואָס האָט אויסגעשטראָכן גאָטס נאָמען פון זיינע געזאַמלטע שריפטן. מיר, איטאַליענער, האָבן אים נאָכגעטאָן דערמיט...

— ווי קאַטויליש!

— איר האַלט —

---

* צעטרעט דעם אָבערגלויבן!

— ווי שטאַרק קאַטויליש עס איז, לויט מיין מיינונג, אויסצושטרייכן גאָט!

— איר ווילט זאָגן דערמיט —

— גאָרנישט אינטערעסאַנט, הער סעטעמבריני. לייגט נישט קיין באַזונדערן אַכט אויף מיין פּלאַפּלעריי! עס איז מיר אין דעם מאָמענט נאָר פאָרגעקומען אַזוי, אַז אַטעיזם איז עפּעס קאָלאָסאַל קאַטוילישס און אַז מען שטרייכט אויס גאָט נאָר, כדי צו קאָנען זיין בעסער קאַטויליש.

אויב סעטעמבריני האָט געמאַכט נאָכדעם אַ פּויזע, איז קלאָר, אַז ער האָט עס געטאָן בלויז צוליב פּעדאַגאָגישער מיושבדיקייט. נאָך אַן אָפּגעמאָסטן שטילשווייגן האָט ער געענטפערט:

אינזשיניער, איך בין ווייט פון דעם פאַרלאַנג צו טשעפּען אייך און אָנצוטאָן פאַרדראָס צוליב אייער פּראָטעסטאַנטיזם. מיר האָבן גערעדט וועגן טאָלעראַנץ... עס איז אינגאַנצן איבעריק צו באַטאָנען, אַז איך באַציי מיך צום פּראָטעסטאַנטיזם מער ווי מיט טאָלעראַנץ, אַז איך קוק אויף אים מיט דער טיפסטער באַוואונדערונג, ווי אויף דעם היסטאָרישן אָפּאָנענט פון געוויסן-פאַרקנעכטונג. די דערפינדונג פון בוך-דרוקעריי און די רעפאָרמאַציע זיינען און בלייבן די צוויי דערהייבנסטע פאַרדינסטן, וועלכע מיטל-אייראָפּע האָט געהאַט פאַר דער מענטשהייט. קיין ספק נישט. אָבער נאָכדעם, וואָס איר האָט נאָר וואָס אַרויסגעזאָגט, צווייפל איך נישט דערין, אַז איר וועט מיך פאַרשטיין איבן וואונק, אויב איך וועל אייך אָנווייזן דערויף, אַז דאָס איז בלויז איין זייט פון דער מטבע און אַז זי האָט אויך אַ צווייטע. דער פּראָטעסטאַנטיזם באַהאַלט אין זיך עלעמענטן... די פּערזענלעכקייט פון אייער רעפאָרמאַטאָר גופא האָט אַנטהאַלטן עלעמענטן... איך מיין די עלעמענטן פון מנוחה און פון היפּנאָטישער פאַרזונקענקייט, וועלכע זיינען נישט אייראָפּעיש, וועלכע זיינען פרעמד און פיינטלעך דעם לעבן-געזעץ פון דעם דאָזיקן טעטיקן ערד-טייל. קוקט אייך נאָר צו צו אָט-דעם לוטער! באַטראַכט די בילדער פון אים, יונגטלעכע און שפּעטערדיקע! וואָס איז דאָס פאַר אַ שאַרבן, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ באַקן-ביינער, וואָס פאַר אַ מאָדנע אויגן-איינפאַסונג! מיין פריינט, דאָס איז אַזיע: ס'וואָלט מיך געוואונדערט,

ס׳וואָלט מיך אין דער העכסטער מאָס געוואונדערט, ווען כ׳וועך גע־וואָר, אַז ס׳גייט דאָ ניט אַריין אין שפּיל עפּעס ווענדיש*־סלאַוויש־סאַרמאַטיש** און ווען די געוואַלדיקע דערשיינונג — ווער וועט עס גיין לייקענען — פון דעם דאָזיקן מאַן וואָלט נישט באַדייט אַ פּאַ־טאַלע איבערוועגונג פון איינער פון די צוויי אַזוי־געפערלעך־גלייכ־שטייענדיקע וואָגשאָלן אין אַייער לאַנד. אַ מוראדיקע געוויכט פון דער מזרחדיקער, צוליב וועלכער די אַנדערע, די מערבדיקע שאָל שפּרינגט נאָך עד־היום אַרויף צום הימל...

פון דעם הומאַניסטישן קלאַפּ־שטענדער, ביי וועלכן סעטעמבריני איז געשטאַנען, איז ער צוגעגאַנגען צום קיילעכיקן טיש מיט דער וואַסער־קאַראַפינקע, נענטער צו זיין שילער צו, וועלכער איז גע־זעסן מיטן עלנבויגן אויף דער קני און די גאָמבע אונטערגעשפּאַרט מיט דער האַנט.

— Caro *** — האָט סעטעמבריני געזאָגט. — Caro amico!****

אַנטשיידונגען וועלן מוזן געמאַכט ווערן, אַנטשיידונגען פון אַן אומ־געהייערער וויכטיקייט פאַר דעם גליק און דער צוקונפט פון איראָפּע, און אַייער לאַנד וועלן זיי צופאַלן, אין זיין נשמה וועלן זיי מוזן פאָרקומען. געשטעלט צווישן מערב און מזרח, וועט עס מוזן אויס־קלייבן, ענדגילטיק און מיט באַוואוסטזיין אַנטשיידן צווישן די ביידע ספערן, וועלכע ווילן עס אַריינציען. איר זענט יונג, איר וועט זיך אין דער דאָזיקער אַנטשיידונג באַטייליקן, איר וועט זיין באַרופן צו האָבן אַן איינפלוס אויף איר. דערפאַר דאַרפן מיר דאַנקען דעם גורל, וואָס איר זענט פאַרוואָרפן געוואָרן אין אָט־דער שרעקלעכער געגנט. וואָרעם איך האָב אַראַנק דעם די געלעגנהייט מיט מיין נישט־אומגע־ניטן, נישט אינגאַנצן טויטן וואָרט צוווירקן אויף אַייער געשטאַל־טיקנדיקער יוגנט און אייך צו געבן צו דערפילן די אַחריות, וועלכע איר, אַייער לאַנד טראָגט לגבי דער ציוויליזאַציע...

* אַ סלאַווישער שבט.

** אַ באַצייכענונג אין אַלטערטום פאַר די סלאַווישע שבטים.

*** איטאַליעניש: טייערער.

**** איטאַליעניש: פריינד.

האַנס קאַסטאָרפּ איז געזעסן מיט דער גאָמבע אין דער פויסט. ער האָט אַרויפגעקוקט צו דעם פּאַציאַטע-פענסטער און אין זיינע פּשוטע בלויע אויגן האָט מען געקאָנט אַרויסלייענען אַ געוויסע ווי-דערשפּעניקייט. ער האָט געשוויגן.

— איר שווייגט — האָט סעטעמבריני גערעדט אַ געריזטער. — איר און אייער לאַנד שווייגט פול מיט רעזערוו, און אייער שווייגן איז אַזוי נישט-דורכזיכטיק, אַז עס דערלאָזט נישט קיין מיינונג וועגן דער טיפקייט. איר האָט נישט ליב דאָס וואָרט, אָדער איר פאַרמאָגט עס נישט אָדער איר הייליקט עס אויף אומפריינטלעכן אופן. די אַר-טיקולירטע וועלט ווייסט נישט און ווערט נישט געוואָר, וואו זי האַלט מיט אייך. מיין פריינד, דאָס איז געפערלעך. די שפּראַך איז די ציוויליזאַציע גופא... דאָס וואָרט, אַפילו דאָס איבערשפּאַרנדיקע, דער-נענטערט אַזוי... אָבער די וואָרטלאָזיקייט פאַראיינזאַמט. מען איז זיך משער, אַז איר וועט פרוּוון איבעררייסן אייער איינזאַמקייט מיט מעשים. איר וועט אייער קוזין דזשיאַקאָמאָ (סעטעמברינו פלעגט יאָאַכימען צוליב באַקוועמלעכקייט אָנרופן „דזשיאַקאָמאָ“), איר וועט אייער קו-זין דזשיאַקאָמאָ אַרויסרופן פאַר אייער שווייגן און „מיט שטאַרקע קלעפּ לייגט ער צוויי אַוועק, די איבעריקע אַנטלויפן“.

היות האַנס קאַסטאָרפּ האָט אָנגעהויבן צו לאַכן, האָט אויך סעטעמבריני מיטגעשמייכלט, אין דער רגע אויף צופרידן פון דער ווירקונג, וואָס ס'האָט געהאַט זיין פּלאַסטישער אויסדרוק.

— גוט, לאָמיר לאַכן — האָט ער געזאָגט. — צו פריילעכקייט בין איך אַלעמאָל גרייט. „דאָס לעבן אין אַן אויפגלאַנץ פון דער נשמה“ — האָט אַמאָל עמעץ געזאָגט אין דער אַלטער צייט. מיר זיינען אויך געקומען צו רייד וועגן ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות. איך בין עס אַליין מודה, מיט שוועריקייטן, אויף וועלכע ס'שטויסן זיך אָן אָן אונזערע הכנות צו דער אָרגאַניזירונג פון מאַסאָנישן וועלט-בונד, מניעות, וועלכע ס'שטעלט אַנטקעגן טאַקע די פּראָטעסטאַנטישע איי-ראָפּע... און סעטעמבריני האָט ווייטער גענומעןריידן וועגן דער אידעע פון אָט-דעם וועלט-בונד, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין אונגאַרן און די האָפענטלעכע פאַרווירקלעכונג זיינע וועט געבן דער מאַסאָנעריע אַ וועלט-דעצידירנדיקע מאַכט. ער האָט כלאַחר-יד געוויזן בריוו, וועלכע ער האָט דערהאַלטן פון אויסלענדישע לאָזשע-פער-

זענלעכקייטן וועגן אָט=די ענינים, אַן אייגנהענטיקער כּתב פון שוויי=
צאַרישע גרויס=מייסטער, ברודער קאָרט׳ע לאַ טאַנט פון דריי=און=דריי=
סיקסטן גראַד. ער האָט אויך גערעדט וועגן דעם פּלאַן צו דערקלערן
די קינסטלערישע שפּראַך עספּעראַנטאָ פאַר דער מאַסאָנישער וועלט=
שפּראַך. פון גרויס התלהבות איז ער אַזש אַרויף אין דער ספערע
פון הויכער פּאָליטיק, האָט געכאַפּט אַ בליק אַהין און אַהער און
אָפּגעשאַצט די פּערספּעקטיוון, וועלכע דער רעוואָלוציאָנער=רעפּובלי=
קאַנישער געדאַנק האָט אין זיין אייגענער היים, אין שפּאַניע און
אין פּאָרטוגאַל. אויך מיט די פּערזאָנען, וועלכע שטייען אין שפּיץ
פון די גרויס=לאָזשעס אין דער אָנגערופענער מאָנאַרכיע, שרייבט
ער זיך דורך, ווי ער האָט געזאָגט. דאָרטן ווערט די אַנטשיידונג
אָן שום ספק צייטיק. האַנס קאַסטאָרפּ וועט מעגן דערמאָנען זיך אין
אים, אויב אין דער נאָענטסטער צייט וועלן דאָרט אונטן פאָרקומען
איבערקערענישן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אַזוי
טאָן.

מ׳דאַרף באַמערקן, אַז די דאָזיקע מאַסאָנישע שמועסן, וועל=
כע זיינען פאָרגעקומען באַזונדער צווישן דעם יונגנמאַן און יעדן פון
די צוויי מענטאָרן, זיינען נאָך אויסגעפאַלן אין דער צייט פאַר יאָ=
אַכימס צוריקקומען. דער וויכּוח, וועגן וועלכן מיר וועלן איצט דער=
ציילן, איז שוין פאָרגעקומען אין דער צייט פון יאָאַכימס אָנוועזנ=
קייט, ניין וואָכן נאָכדעם ווי ער איז צוריקגעקומען, אינאָנהייב אָק=
טאָבער. האַנס קאַסטאָרפּן איז געבליבן פריש אין זיכּרון דאָס זיצן
צוזאַמען אין דער האַרבסטיקער זון פאַר דער קאַסינאָ אין „פּלאַץ"
ביי דערפרישנדיקע געטראַנקען, קודם=כּל דערפאַר — וויל יאָאַכים האָט
אים דעמאָלט שטילערהייט אָנגעטאָן עגמת=נפש: עגמת=נפש צו=
ליב אַ זאַך און אַ דערשיינונג, וואָס געוויינלעך האָט מען פון איר
נישט קיין עגמת=נפש. יאָאַכימען האָט ווי געטאָן אין האַלז און ער
איז געוואָרן הייזעריק. אַן אומשולדיקער ענין, הייסט עס, וועלכער איז
אָבער האַנס קאַסטאָרפּן דערשינען אין עפּעס אַ מאָדנער ליכט. מ׳קאָן
זאָגן: אין דער ליכט, וועלכע ער האָט אַרויסגעלייענט טיף פון יאָ=
אַכימס אויגן, אָט=די אויגן, וואָס זיינען אַלעמאָל געווען מילד און
גרויס. היינט אָבער, געווי היינט, זיינען זיי געווען אומבאַשטימט פאַר=
גרעסערט און פאַרטיפט און געהאַט אַ פאַרקלערטן און — מען

מוז צוגעבן דאָס מאָדנע וואָרט — דראָענדיקן אויסדרוק, אַחוץ יענער שטילער אינערלעכער ליכטיקייט. ס'האָלט געווען פאַליש, ווען מען זאָגט, אַז זי איז האַנס קאַסטאָרפן נישט געפעלן. פאַרקערט, זי איז אים אַפילו שטאַרק געפעלן, פונדעסטוועגן האָט זי אים אָנ־געטאָן עגמת־נפש. בקיצור, עס איז זייער אומקלאָר צו ריידן וועגן די דאָזיקע אײַנדרוקן צוליב דעם כאַראַקטער זייערן.

וואָס איז נוגע דעם שמועס, דעם וויכּוח — פאַרשטייט זיך אַ וויכּוח צווישן נאַפטען און סעטעמברינין — איז עס געווען אַן ענין פאַר זיך און האָט געהאַט אַ לויזע שייכות מיט יענע חקירות וועגן דער מאַסאָנעריע. אַחוץ די קוזינען איז אויך געווען דערביי פער־גע און ווייזאַל. אַלע האָבן דערביי גענומען אַ גרויסן אָנטייל, כאָטש נישט אַלע זיינען געווען דערוואַקסן צו דער טעמע. הער פערגע, צום ביישפּיל, איז עס בפירוש נישט געווען. אָבער אַ וויכּוח, וואָס ווערט געפירט אַזוי, גלייך ווי ס'האָלט געגאַנגען אין לעבן און אוי־סערדעם מיט אַ וויכטיקייט און געשליפנקייט, גלייך ווי ס'וואָלט נישט געגאַנגען אין לעבן, נאָר אין אַ עלעגאַנט פאַרמעסטן זיך (און אַזוי זיינען געפירט געוואָרן אַלע דיספּוטן צווישן סעטעמברינין און נאַפ־טען) — אַזאַ וויכּוח צוצוהערן איז כדאי און פאַר זיך אַליין אינ־טערעסאַנט, אויך פאַר אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט דערפון ווייניק און וואָס זעט נישט בולט זיין גאַנצע וואָגיקייט. אַפילו גאַנץ נישט־צוגעהעריקע, אַרומזיצנדיקע האָבן זיך צוגעהערט צו דעם וואָרט־שטרייט מיט הויך־אַרויסגעצויגענע ברעמען, געשפּאַנט פון דער ליידנשאַפט און פון דעם שיינעם דיאַלאָג.

עס איז פאָרגעקומען, ווי געזאָגט, פאַר דער קאַמינאָ, נאָכ־מיטאָג, נאָך דער טיי. די פיר געסט פון „בערגהאָף" האָבן דאָרטן געטראָפן סעטעמברינין. באַלד איז אויך צוגעקומען נאַפטאַ. זיי זיי־נען אַלע געזעסן אַרום אַ קליין מעטאַלן טישל ביי פאַרשיידענע משקאות געמישט מיט סאָדע־וואַסער, ביי אַניס און ווערמוט. נאַפטאַ, וואָס האָט דאָ געגעסן פאַרנאַכט, האָט זיך געהייסן דערלאַנגען וויין מיט קיכן, וואָס האָט אים, ווייזט אויס, דערמאָנט אין זיין אַלומנען*־צייט.

---

* די שילער פון אַ גייסטלעכער לערן־ און דערציִונגס־אַנשטאַלט.

יאָאַכים האָט באַנעצט זיין קראַנקן האַלז אָפּט מיט נאַטור־לימאָנאַד, וועלכע ער האָט געטרונקען זייער שטאַרק און זויער, ווייל דאָס ציט צונויף און מאַכט אים לייכטער. סעטעמבריני האָט פּשוט געטרונקען וואַסער מיט צוקער, אָבער דורך אַ שטרוי און אויף אַזאַ באַהנטן אַפּעטיטלעכן אופן, גלייך ווי ער וואָלט אַריינגעצויגן די טייערסטע משקה. ער האָט זיך געוויצלט:

— וואָס איך הער, אינזשיניער? וואָס פאַר אַ קלאַנגען דערגייען צו מיר? אייער בעאַטריטשע קומט צוריק? אייער פירערין דורך אַלע ניין זיך דרייענדיקע ספערן פון גן־עדן? מילא, איך וויל האָפן, אַז איר וועט אויך דעמאָלט נישט אינגאַנצן אָפּשטויסן די פירנדיקע פריינטשאַפטלעכע האַנט פון אייער ווירגיל! אונזער עקלעזיאַסט* דאָ וועט אייך באַשטעטיקן, אַז די וועלט פון medio ero איז נישט קאָמפּלעט, אויב ס׳פעלט דער פראַנציסקאַנישער** מיסטיק דער קעגנפּאָל פון טאָמיסטישער** דערקענטעניש.

מ׳האָט זיך צעלאַכט פון אַזויפיל וויציקער למדנות און מ׳האָט אָנגעקוקט האַנס קאַסטאָרפּן, וואָס האָט אויך לאַכנדיק אויפגעהויבן זיין גלאָז ווערמוט קעגן „זיין ווירגיל". ס׳איז אָבער קיים צו גלויבן, וואָס פאַר אַן אומדערשעפּלעכער גייסטיקער שטרייט ס׳איז אַרויסגעקומען אַ ביסל שפּעטער פון סעטעמבריניס פאַרצוקט, אָבער אויך אומשולדיק ווערטל. וואָרעם נאַפטאַ, וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס אַזוי־אַרום פּראָוואָצירט געוואָרן, איז באַלד איבערגעגאַנגען צו אַן אַטאַקע און איז אָנגעפאַלן אויף דעם לאַטיינישן דיכטער, וועלכן סעטעמבריני האָט, ווי מ׳האָט געוואוסט, ממש פאַרגעטערט, אים אַפילו געשטעלט העכער פון האָמערן. נאַפטאַ דערפאַר, האָט שוין נישט איינמאָל צו אים — ווי צו דער לאַטיינישער פּאָעזיע בכלל — אַרויסגעוויזן דעם שאַרפסטן ביטול. אויך איצט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין דער געלעגנהייט גיך און מיט צולהכעיסדיקייט. עס איז געווען זייער אַ גוטמוטיקער צייט־טעות מצד דעם גרויסן דאַנטע — האָט

* דער פּרעדיקער, דער גייסטלעכער.

** פראַנציסקוס פון אַסיזי.

*** טאָמאַס פון אַקווינאַ.

נאפטא געזאגט — וואס ער האט אזוי פייערלעך גענומען אט-דעם מיטלמעסיקן פערזן-מאכער און וואס ער האט אים אין זיין ליד געגעבן אזא הויכע ראל, כאטש הער לאדאוויקא גיט צו אט-דער ראל א צו פריימויערערישן באטייט. וואס איז דער מער מיט אט-דעם הוימישן לארעאט* און טעלער-לעקער פון יולישן הויז**, מיט אט-דעם וועלטשטאט-ליטעראט און בלישטשענדיקן רעטאריקער אן א פונק פון פראדוקטיווקייט. זיין נשמה, אויב ער האט בכלל געהאט אזעלכע, איז אלנפאלס געווען פון דער צווייטער האנט און ער איז בכלל נישט געווען קיין דיכטער, נאר א פראנצויז אין א אווגוסטישער אלאנזשפארוק.

הער סעטעמברִיני האט געענטפערט, אז ער האט נישט געצווייפלט דערין, אז זיין פאררעדנער וועט שוין וויסן ווי אזוי-ארום צו פארבינדן זיין ביטול צו דער רוימישער הויכער ציוויליזאציע מיט זיין פאסטן ווי א לערער פון לאטיין. ס'איז פונדעסטוועגן אויך נייטיק אים אנצווייזן אויף דער שווערער סתירה, אין וועלכער ער פאלט אריין דורך אזעלכע מיינונגען, מיט זיינע אייגענע באליבטע יאר-הונדערטער, וועלכע האבן נישט בלויז נישט מבטל געווען ווירגילן, נאר האבן אויף א פשוטן אופן אפגעשאצט זיין גרויסקייט, מאכנדיק פון אים א מכשף מיט דעם כוח פון חכמה.

אומזיסט באמת — האט נאפטא געענטפערט — רופט הער סעטעמבריני צו הילף די פשטות פון יענע פריע צייטן — די זיגערין, וועלכע האט ארויסגעוויזן איר שעפערישן כוח נאך אין דעם דעמאניזירן דעם באזיגטן. אגב, זיינען די לערער פון דער יונגער קירך נישט מיד געווארן צוווארענען פאר די ליגנס פון די אלטע פילאסאפן און דיכטער, איבערהויפט פאר דעם, מ'זאל זיך נישט באפלעקן אין דער שפעדיקער באריידעוודיקייט פון ווירגיל. היינט, ווען א תקופה ווערט ווידער פארזונקען און ס'טאגט ווידער אמאל א פראלעטארישער מארגן, איז באמת א שעת-הכושר זיי נאכצוטאן! דערפאר

* א דיכטער, וואס איז געקרוינט געווארן מיטן לארבער.

** ווירגילס הויפטווערק „ענעיס" דערציילט די נסיעות פון ענעאס, פון וועלכן עס שטאמט די משפחה פון אווגוסטוס.

מעג טאַקע — כּדי אַלץ צו פאַרענטפערן — הער לאָדאָוויקאָ זיין איבערגעצייגט, אַז ער, נאַפטאַ, טוט זיין ביסל בירגערלעכע באַשעפ־טיקונג, אויף וועלכער יענער האָט באַווילִיגט מרמז צו זיין מיט דער גאַנצער reservatio mentalis * און פּאַסט זיך צו נישט אָן אי־ראָניע צו אַ קלאַסיש־רעטאָרישן דערציִונג־סיסטעם, וואָס קאָן אַלנ־פאַלס לויט דער אויסרעכענונג פון אַ סאַנגווינִיקער געדויערן נישט מער ווי אַ פּאָר צענדליק יאָר.

— איר האָט זיי — האָט אויסגערופן סעטעמבריני — איר האָט זיי שטודירט מיט שווייס, אָט־די אַלטע דיכטער און פילאָסאָפן; איר האָט געפּרווט פאַרכאַפּן זייער טייערע ירושה, אַקוראַט ווי איר האָט באַנוצט די אַנטיקע אַרכיטעקטור צו אַייערע תפילה־הייזער! וואָרעם איר האָט געפילט, אַז מיט אַייערע אייגענע כּוחות זענט איר נישט פעיק אַרויסצוברענגען פון אַייער פּראָלעטאַרישער נשמה קיין נייע קונסט־פאָרם און איר האָט געהאָפט, אַז איר וועט קאָנען שלאָגן דאָס אַלטערטום מיט זיין אייגן געווער. אַזוי וועט עס גיין ווידער און אַלעמאָל! אַייער נישט־געשליפענע מאָרגנדיקייט וועט מוזן גיין אין שול אַריין צו יענע, וועלכע איר וועט פאַראַכטן און לערנען אַנ־דערע דאָס צו טאָן. וואָרעם אָן בילדונג וועט איר נישט האָבן קיין קיום פאַר דער מענטשהייט און עס איז פאַראַן בלויז איין מין בילדונג: יענע, וועלכע איר רופט אָן די בירגערלעכע און וועלכע איז די מענטשלעכע! דער סוף פון הומאַניסטישן דערציִונגס־פּרינציפּ איז אַ פראַגע פון עטלעכע צענדליק יאָר! נאָר די העפּ־לעכקייט האַלט־אָפּ סעטעמברינין אויסצוברעכן אין אַ זאָרגלאָז און שפּאָטיש געלעכטער. אַן אייראָפּע, וואָס וועט קאָנען אָפּהיטן איר איי־ביקן אוצר, וועט איבער די פּראָלעטאַרישע אַפּאָקאַליפּסן**, וועגן וועלכע מ'חלומט דאָ און דאָרט, איבערגיין גאַנץ געמיטלעך צו דעם טאָג־אָרדענונג פון קלאַסישן שכל.

— טאַקע וועגן טאָג־אָרדענונג — האָט געענטפערט נאַפטאַ בייסנדיק — איז סעטעמבריני, זעט־אויס, נישט אינגאַנצן ווי צום בעסטן

* לאטייניש: באוואָרעניש אין הארצן, א נעבן־מיין.

** התגלות, אנטפּלעקונג.

אינפאָרמירט. אויף דעם טאָג-אָרדענונג שטייט די פראַגע, וועגן וועלכער ער האַלט, אַז זי שטייט אויסער יעדער דיסקוסיע: נעמלעך, צי די מעדיטעראַן*-קלאַסיש-הומאַניסטישע טראַדיציע איז אַ אוצר פון דער מענטשהייט און ממילא מענטשלעך-אייביק, אָדער זי איז בלויז געווען אַ גייסטיקע פאָרם און געהערט בלויז צו איין עפּאָכע, צו דער בירגערלעך-ליבעראַלער, און וועט שטאַרבן מיט איר צוזאַמען. וועגן דעם צו אַנטשיידן, איז אַן ענין פאַר דער געשיכטע און מ'דאַרף הער סעטעמברינין עצהן, ער זאָל נישט צופיל איבערנעמען זיך מיט דער זיכערקייט, אַז די אַנטשיידונג וועט אויספאַלן לטובת זיין לאַטיינישן קאָנסערוואַטיזם.

דאָס איז געווען אַ באַזונדערע אומפאַרשעמטקייט מצד דעם קליינעם נאַפטאַ אָנצורופן סעטעמברינין, דעם אויפגעקלערטן דינער פון פראָגרעס, אַ קאָנסערוואַטיסט. אַלע האָבן עס אַזוי אָפּגעפילט און מיט באַזונדערער ביטערקייט, נאַטירלעך, דער געטראָפענער גופא, וועלכער האָט אַן אויפגערעגטער געצופּט זיין געדרייטע וואָנסע. זוכנדיק אַ שלאָגנדיקן ענטפער, האָט ער דערווייל געלאָזט דעם קעגנער צייט צו ווייטערדיקע אָנפאַלן קעגן קלאַסישן בילדונגס-אידעאַל, קעגן רעטאָריש-ליטעראַרישן גייסט פון אייראָפּעישן שול- און דערציונגס-וועזן און קעגן זיין גראַמאַטיש-פאָרמעלן ספּלין*, וואָס איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי אַ אינטערעסן-צוגעהעריקייט פון דער בירגערלעכער קלאַסן-ממשלה, און דאָס פאָלק מאַכט שוין לאַנג חוזק דערפון. יאָ, מ'האָט קיין השגה נישט, ווי הנאהדיק דאָס פאָלק מאַכט חוזק איבער אונזער דאָקטאָר-טיטל און איבער אונזער גאַנצן בילדונגס-מאַנדאַרינענטום און איבער דער מלוכהשער פאָלקס-שול, אָט דעם אינסטרומענט פון דער בורזשואַזער קלאַסן-דיקטאַטור, וואָס ווערט באַנוצט מיט דער אײַנרײדעניש, אַז פאָלקס-בילדונג איז פאַרוואַסערטע פּראָפעסאָרן-בילדונג. יענע בילדונג און דערציונג, וועלכע דאָס פאָלק דאַרף האָבן צום קאַמף קעגן דער צעפוילטער בירגערלעכקייט, שעפּט

* מיטללענדיש.

** ענגליש: נורנעקייט.

עס שוין לאַנג ערגעץ אַנדערש, ווי אין די צוואַנג־אַנשטאַלטן פון דער מאַכט. דערביי זינגען שוין פייגל פון די דעכער וועגן דעם, אַז אונזער טיפ שול, ווי ער האָט זיך אַנטוויקלט פון דער מיטלאַלטערלעכער־קלויסטער־שול, איז אַ לעכערלעכער אַנאַכראָניזם, אַזוי אַז קיין מענטש אין דער וועלט האָט מער נישט צו פאַרדאַנקען זיין בילדונג דער שול און אַז פרייע, אָפענע לעקציעס דורך עפנטלעכע רעפעראַטן, אויסשטעלונגען, קינאָס און אַזוי ווייטער שטייגן ווייט איבער יעדע שול־בילדונג.

אין דער מישונג פון רעוואָלוציע און פינסטערניש, מיט וועלכער נאַפטאַ איז מכבד זיינע צוהערער — האָט אים געענטפערט סעטעמבריני — וועגט איבער דער אָבסקוראַנטישער צוגאָב אויף אַ נישט־געשמאַקן אופן. די סימפּאַטיע, וועלכע ווערט געוועקט צוליב זיין זאָרג פאַר דער פאָלקס־אויפקלערונג, ווערט אַ ביסל קלענער, צוליב דער מורא, אַז דאָ איז פאַראַן אַ אינסטינקטיווע נייגונג איינצוהילן דאָס פאָלק און די וועלט אין אַנאַלפאַבעטישער פינסטערניש.

נאַפטאַ האָט געשמייכלט. אַנאַלפאַבעטיזם! מיט דעם, מיינט מען, האָט מען אַרויסגעזאָגט דאָס סאַמע שרעקלעכסטע וואָרט, געוויזן גאָרגאָס* קאָפ, מען איז איבערצייגט, אַז יעדער איינער מוז דערפון ווערן בלייך. ער, נאַפטאַ, באַדויערט, וואָס ער מוז סעטעמברינין אַנטטוישן און מודה זיין, אַז די הומאַניסטישע מורא פאַר דעם באַגריף פון אַנאַלפאַבעטיזם מאַכט אים פשוט לוסטיק. מ׳מוז זיין אַ רענעסאַנס־ליטעראַט, אַ פרעציאָזער**, אַ סעטשענטיסט***, אַ מאָרי־

---

* גאָרגאָ — אין דער אַלטגריכישער לעגענדע איינע פון די דריי שוועסטער, וואָס זייערע האָר זענען שלאַנגען און מ׳ווערט פאַרשטיינערט, ווען מען קוקט זיי אָן.

** געקינצלטער מענטש.

*** סעטשענטיזם = געקינצלטער סטיל, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן גאַנצן 17 יאָרהונדערט (דערפון נעמט זיך דער נאָמען) און וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך מאַרינו.

ניסט*, אַ ליין פֿון estilo culto **, כּדי צוצוגעבן די לימודים פֿון לייענען און שרייבן אַזאַ איבערגעטריבענע דערציערישע נויטווענדיקייט; כּדי זיך איינצוריידן, אַז דאָרטן, וואו דאָס פֿעלט, מוז הערשן גייסטיקע פֿינסטערניש. צי דערמאָנט זיך הער סעטעמבריני, אַז דער גרעסטער דיכטער פֿון מיטלאַלטער, וואָלפֿראַם פֿאָן עשענבאַך, איז געווען אַן אַנאַלפֿאַבעט? דעמאָלט איז אין דייטשלאַנד געווען פּשוט אַ בזיון צו שיקן אין שול אַ יינגל, וואָס האָט גראָד נישט געוואָלט ווערן קיין גייסטלעכער. דער דאָזיקער אַדעליק-פֿאָלקסטימלעכער ביטול צו דער ליטעראַרישער קונסט איז אַלעמאָל געבליבן אַ סימן פֿון בכּבֿודיקער עצמדיקייט. דער ליטעראַט, אָט-דער אמתדיקער זון פֿון הומאַניזם און פֿון דער בירגערלעכקייט, האָט אַפֿילו יאָ געקאָנט לייענען און שרייבן, אַ זאַך, וואָס דער אַדעליקער, דער קריגס-מענטש און דאָס פֿאָלק האָט נישט געקאָנט, אָדער געקאָנט שלעכט. ער האָט אָבער מער גאָרנישט אויף דער וועלט געוואוסט און געקאָנט, נאָר איז אַלעמאָל געבליבן דער אייגענער לאַטיניסטישער מבֿוהל, וועלכער האָט נאָר געהאַט אַ כּוח אין לשון און איבערגעלאָזט דאָס לעבן פֿאַר די אָרנטלעכע מענטשן. דערפֿאַר טאַקע האָט ער געמאַכט פֿון דער פּאָליטיק אַ בלאָז-זאַק, וואָס איז פֿול מיט רעטאָריק און שיינער ליטעראַטור. אין דעם פּאַרטיי-לשון הייסט עס ראַדיקאַליזם און דעמאָקראַטיע. און אַזוי ווייטער און ווייטער.

דערויף איז שוין אַרויס סעטעמבריני! — צו דרייסט — האָט ער אויסגערופֿן — רוקט נאַפּטאַ אַרויס זיין געשמאַק צו דער ליידנשאַפֿטלעכער באַרבאַריי פֿון געוויסע עפּאָכעס, הוזק-מאַכנדיק פֿון דער ליבע צו דער ליטעראַרישער פֿאָרם, אָן וועלכער ס'איז בשום-אופֿן

* מארינו אדער מארינא — איטאליענישער דיכטער 1569 — 1625, דער באשאפער פון געקינצלטן, מליצהדיקן סטיל אין דער ליטעראטור, וואס ווערט אנגערופן מאריניזם אדער סעטשענטיזם.

** שפאניש: רופט זיך אין דער שפאנישער ליטעראטור דער געקינצלטער און מליצהדיקער סטיל, וואס איז צרייגעפירט געווארן דורך דעם פאעט גאנגארא אי ארגאטע 1561 ביז 1627.

אוממעגלעך צו טראַכטן וועגן מענטשלעכקייט, בשום־אופן אין קיינ־מאָל נישט. בכבודיקייט? נאָר אַ מענטשן־פּיינט קאָן אָנרופן מיט אָט־דעם נאָמען די וואָרטלאָזיקייט, די רויע און שטומע זאַכלעכקייט. בכבוד איז גיכער בלויז אַ געוויסער איידעלער לוקסוס, די generositá *, וואָס גיט צו דער פאָרם אַ מענטשלעכן אייגנווערט, אומאָפּהענגיק פון דעם אינהאַלט, — עס איז דער קולט פאַר ריידן ווי אַ קונסט לשם קונסט, אָט־די ירושה פון דער גריכיש־רוימישער ציוויליזאַציע, וועלכע די הומאַניסטן, די uomini letterati ** האָבן צוריקגעבראַנגט אין דער ראָמאַנישער וועלט (איר לכל־הפּחות). זי איז דער מקור פון יעדן ווייטערן און אינהאַלטלעכן אידעאַליזם, אויך פון פּאָליטישן. יאָ, מיין הער! דאָס, וואָס איר ווילט פאַרמיאוסן ווי אַ מחיצה צווישן ריידן און לעבן, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די העכערע אייניקייט אין דער קרוין פון דער שיינקייט. איך האָב גאָרנישט קיין מורא דערפאַר, אויף וועלכער זייט ס'וועט איבערגיין די גרויסמוטיקע יוגנט אין אַ וויכוח, וואָס זיינע צוויי צדדים זיינען — ליטעראַטור און באַרבאַריזם.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך צוגעהערט מיט אַ האַלב אויער צום שמועס, ווייל ס'האָט אים באַשעפטיקט די פּערזאָן פון אָנוועזנדיקן קריגס־מענטש און פאַרטרעטער פון בכבודיקייט, אָדער אייגנטלעך דער נייער מין אויסדרוק פון זיינע אויגן. איצט האָט ער לייכט אויפגע־ציטערט, ווייל דורך סעטעמבריניס לעצטע ווערטער האָט ער זיך דערפילט אַרויסגערופן און אויפגעפאָדערט. באַלד אָבער האָט ער גע־מאַכט אַ צורה, ווי דעמאָלט, ווען סעטעמבריני האָט אים פייערלעך געוויזלט נייטן אויסצוקלויבן צווישן „מזרח און מערב“: אַ פּנים, הייסט עס, פול מיט רעזערוו און ווידערשפּעניקייט, און ער האָט געשוויגן. אַלץ שטעלן זיי אויפן שפּיץ מעסער, אָט די צוויי, ווי ס'איז טאַקע נייטיק בעת אַ וויכוח, און רייסן זיך פאַרביטערט אַרום צוליב אַן עקסטרעמען אויסקלייב. אים האָט זיך אָבער אויסגעדאַכט, אַז דאָכ, וואָס מען קאָן אָנרופן דאָס מענטשלעכע אָדער הומאַנע, מוז גראָד ליגן אינמיטן צווישן די צוויי עקסטרעמען, וואָס פאַרטראָגן זיך

* איטאַליעניש: גרויסמוטיקייט.

** איטאַליעניש: געבילדעטע מענטשן.

נישט, צווישן רעדנערישן הומאַניזם און אַנאַלפאַבעטישער באַרבאַריי. אָבער ער האָט עס נישט אַרויסגעזאָגט, כדי מ׳זאָל נישט פאַרדריסן ביידע גייסטער און, אַן אַיינגעהילטער אין רעזערוו, האָט ער צוגעזען, ווי זיי קעמפן ווייטער און העלפן זיך פיינטלעך אַריבערצוגיין פון איין זאַך צו דער אַנדערער, אַלץ דערפאַר, ווייל סעטעמבריני האָט געגעבן דעם אָנרעג מיט זיין קליינעם וויץ וועגן לאַטיינער ווירגיל.

ער האָט נאָך נישט אָפּגעגעבן דאָס באַקומענע וואָרט, האָט געפּאָכעט דערמיט, האָט עס געלאָזט טריִומפירן. ער האָט זיך אָנגעוואָרפן צום באַשיצער פון דעם ליטעראַרישן געניוס, האָט געפייערט די געשיכטע פון דער ליטעראַטור פון דעם מאָמענט אָן, ווען אַ מענטש. וואָס האָט געוואָלט, ס׳זאָל בלייבן אַ זכר פון זיין וויסן און פילן, האָט אויסגעקריצט וואָרט-צייכנס אויף אַ שטיין. ער האָט גערעדט וועגן עגיפּטישן גאָט טאָט*, מיט וועלכן דער דריי מאָל גרויסער הערמעס ** פון העלעניזם איז געווען אידענטיש און וועלכן מ׳האָט פאַרערט ווי דעם ערפינדער פון דער שריפט, דעם באַשיצער פון די ביבליאָטעקן און אָנרעגער פון אַלע גייסטיקע שטרעבונגען. ריידנדיק, האָט ער אַיינגעבויגן די קני פאַר דעם טריסמעגיסט***, פאַר דעם הומאַניסטישן הערמעס, דעם מייסטער פון דער פּאַלעסטרע****, וועלכן די מענטשהייט האָט צו פאַרדאַנקען די גרויסע מתּנה פון ליטעראַרישן וואָרט, פון אַגאָנאַלער***** רעטאָריק. ער האָט דערמיט גורם געווען, האַנס קאַסטאָרפּ זאָל באַמערקן: אויב אַזוי, איז דער דאָזיקער עגיפּטער, אַפּנים, אויך געווען אַ פּאָליטיקער און האָט אין גרעסערן סטיל געשפּילט די זעלבע ראָל, ווי הער ברונעטאָ לאַטיני, וועלכער האָט די פלאָרענציאַנער צוגעגעבן געשליפנקייט און זיי געלערנט ריידן און אויך די קונסט צו פירן זייער רעפּובליק לויט די

* עגיפּטישער גאָט, תּחילת לבנה-גאָט, שפּעטער גאָט פון מאָס, צייט-איינטיילונג, וויסנשאַפט.

** גריכישער גאָט.

*** גריכיש דריימאָל גרעסטער, באַצייכענונג פאַר דעם עגיפּטישן הערמעס.

**** די שול פון פעכטן, שפּעטער פון וואָרט-קאַמף.

***** קעמפעריש.

כּללים פון דער פּאָליטיק. דערויף האָט נאַפּטאַ געענטפערט, אַז הער סעטעמבריני פאַרדרייט אַ ביסל די יוצרות און אַז ער האָט אים וועגן טאָמאַ־טריסמעגיסטאָס געגעבן צו אַ חניפהדיק בילד. וואָרעם דאָס איז גיכער געווען אַ מאַלפּע־לבנה־און נשמה־גאָטהייט, אַ פּאַוויאַן מיט אַ לבנה־סערפּ אויפן קאָפּ און אונטערן נאָמען פון הערמעס — קודם־כּל אַ גאָט פון טויט און טויטע. דער נשמה־באַצווינגער און נשמה־פירער, וועלכער איז שוין אין דער אַנטיקער צייט געוואָרן אַ הויפּט־מכשף און אין קאַבאַליסטישן מיטלאַלטער — דער פאָטער פון דער הערמעטישער אַלכעמיע.

וואָס, וואָס, נאָר אין האַנס קאַסטאָרפּס וואַרשטאַט פון געדאַנקען און פאָרשטעלונגען איז אַלץ געגאַנגען קאַפּויר. ס'איז דאָ געווען דער בלוי־באַמאַנטלטער טויט ווי אַ הומאַניסטישער רעטאָר. און ווען מ'האָט נענטער זיך אײַנגעקוקט אין פּעדאַגאָגישן ליטעראַטור־גאָט און מענטשן־פרײַנט, האָט מען דערזען פאַר זיך אַ מאַלפּע־פּיסק מיט דעם צייכן פון נאַכט און כּישוף־מאַכערײַ אויפן שטערן... ער האָט זיך געווערט, אָפּגעיאָגט מיט דער האַנט און דערנאָך פאַרשטעלט מיט איר די אויגן. אָבער אין דער פינסטער, אין וועלכער ער האָט זיך געראַטעוועט פאַר דער צעמישונג, האָט געקלונגען דאָס קול פון סעטעמבריני, וועלכער האָט ווײַטער געלויבט די ליטעראַטור. נישט בלויז די אינטעלעקטועלע גרויסקייט איז אַלעמאָל געווען פאַרבונדן מיט איר, נאָר אויך — די אַקציווע. און ער האָט אָנגערופן אַלעקסאַנדערן, צעזאַרן, נאַפּאָלעאָנען, האָט אָנגערופן דעם פּרייסישן פרידריך און ווײַטערע העלדן, האָט אַפילו אָנגערופן לאַסאַלן און מאָלטקען*. ס'האָט אים אַפילו נישט געשטערט דאָס, וואָס נאַפּטאַ האָט אים אָפּגעשיקט קיין כינע, וואו ס'הערשט די קאָמישסטע פאַרגעטערונג פאַר דעם אַלף־בית, וועלכע האָט נאָר ווען־ס'איז עקסיסטירט און וואו מ'ווערט גענעראַל־פעלדמאַרשאַל, אויב מ'קאָן אָנשמירן מיט טוש אַלע פערציק טויזנט וואָרט־צייכנס — און דאָס מוז זײַן צום האַרץ די הומאַניסטן. ע, נאַפּטאַ ווייסט גאַנץ גוט, אַז עס גייט דאָ

* גראַף העלמוט מאָלטקע, פּרייסישער גענעראַל־פעלדמאַרשאַל 1800—1891, זיגער אין דער דייטש־פראַנצויזישער מלחמה אין 1870.

נישט וועגן אָנשמירן, נאָר וועגן דער ליטעראַטור ווי אַ מענטשהייט־אימפּולס, וועגן איר גייסט — אָרעמער ליך! וואָס איז טאַקע דער גייסט אַליין, דאָס וואונדער פון פאַרבינדונג צווישן אַנאַליז און פאָרם? אָט דער גייסט איז געווען דער, וואָס האָט געוועקט די פאַרשטענדעניש פאַר אַלדאָס מענטשלעכע, וואָס האָט אָפּגעשוואַכט און אַ תל געמאַכט פון נאַרישע אָפּשאַצונגען און איבערצייגונגען, וואָס האָט דערפירט צו דער מאָראַליזירונג, פאַראיידעלונג און פאַרבעסערונג פון מענטשלעכן דור. שאַפנדיק די מאָראַלישע פאַרפיינערונג און סיבטעלקייט, האָט ער דערצויגן — ווייט דערפון צו באַגנוגענען זיך מיט דמיונות — גלייכצייטיק צום צווייפל, צו גערעכטיקייט, צו טאָלעראַנץ. די ריייניקנדיקע, היילנדיקע ווירקונג פון דער ליטעראַטור, די צעשטערונג פון לײדנשאַפטן דורך דער דערקענטעניש און דורכן וואָרט, די ליטעראַטור ווי אַ וועג צום פאַרשטיין, צום מוחל זיין און צו ליבע, דער דערלייזנדיקער כוח פון דער שפּראַך, דער ליטעראַרישער גייסט ווי די איידלסטע דערשיינונג פון מענטשלעכן גייסט בכלל, דער ליטעראַט ווי אַ פולקומער מענטש, אַ הייליקער: — פון דעם דאָזיקן שטראַלנדיקן טאָן איז אַרויסגעגאַנגען הער סעטעמברינים אַפּאָלאָגעטיש* לויב־געזאַנג. אַך, אָבער אויך דער קטיגור האָט נישט פאַרלירן דאָס לשון. ער האָט געקאָנט אָט־די מלאָכים־שירה צעשטערן דורך שלעכטע, גלענצנדיקע טענות, שטעלנדיק זיך אויפן צד פון קיום און פון לעבן קעגן דעם גייסט פון צעשטערונג, וועלכער פאַרבאַהאַלט זיך הינטער יענער מלאָכישער פאַרגלאָצטקייט. די וואונדערלעכע פאַרבינדונג, וועגן וועלכער הער סעטעמבריני האָט זיך אַזוי צעזונגען, שטרעבט, האָט ער געטענהט, בלויז צו אָפּנאַרעריי און פאַרבלענדעניש, ווייל די פאָרם, וועלכע דער ליטעראַרישער גייסט פאַראייניקט — ווי ער באַרימט זיך — מיט דעם פּרינציפּ פון פאָרשונג און אַנאַליז, איז בלויז אַ פאָרם פון אָנשטעל און ליגן, נישט קיין עכטע, צייטיקע נאַטירלעכע, נישט קיין לעבנס־פאָרם. דער אַזוי־גערופענער מענטשן־פאַרבעסערער האָט אַ פול מויל מיט לייטערונג און היילקונג, פאַקטיש אָבער איז עס אויסן די קאַסטראַציע און אַנט־

---

* פּאַרטיידיקנדיק.

בלוטיקונג פֿון לעבן. יאָ, דער גייסט, די פֿאַרברענטע טעאָריע שענדעט דאָס לעבן און ווער ס'וויל צעשטערן די ליידנשאַפֿט, דער שטרעבט צום גאָרנישט, — צום ריינעם גאָרנישט, ריין אַלנפֿאַלס, ווייל „ריין" איז פּאַקטיש דער איינציקער אַטריבוט, וועלכן מ'קאָן אַלנפֿאַלס צושרייבן דעם גאָרנישט. דערמיט אָבער ווייזט זיך הער סעטעמבריני, דער ליטעראַט, אינגאַנצן ווי ער איז, נעמלעך, פֿאַר דעם מענטשן פֿון פּראָגרעס, פֿון ליבעראַליזם און פֿון בירגערלעכער רעוואָלוציאָנערישקייט. וואָרעם דער פּראָגרעס איז ריינער ניהיליזם און דער ליבעראַלער בירגער איז אייגנטלעך אינגאַנצן דער מענטש פֿון גאָרנישט און פֿון טייוול. יאָ, ער לייקנט אין גאָט, אין קאָנסערוואַטיוו און פּאָזיטיוו אַבסאָלוטן, גיט זיך איבער אין רשות פֿון טייוולאָניש-קעגן-אַבסאָלוטן און קומט זיך פֿאָר מיט זיין פּאַציפֿיזם פֿון טויט, ווייסט גאָט ווי פֿרום. ער איז אָבער נישט בלויז נישט-פֿרום, נאָר אַ שווערער פֿאַרברעכער פֿון לעבן, וואָס וואָלט אים געדאַרפֿט צושטעלן צו זיין אינקוויזיציע און צום שטרענגען טריבונאַל, וואָס פֿאַרמשפּט אויף טויט — און אַזוי ווייטער.

אַזוי-אַרום האָט נאַפֿטאַ געקאָנט פֿאַרדרייען, איבערקערן דאָס לויב-געזאַנג אין אַ טייוול-שפּרוך און זיך אַליין אַוועקשטעלן ווי די אינקאַרנאַציע* פֿון באַשיצנדיקער ליבע-שטרענגקייט, אַזוי, אַז ס'איז ווידער געוואָרן פּשוט אוממעגלעך אונטערצושיידן, וואו ס'איז דאָ גאָט און וואו דער טייוול, וואו טויט און וואו לעבן. מען דאַרף אונז גלויבן אויפֿן וואָרט, אַז דער צווייטער צד איז געווען גענוג שטאַרק, כּדי אים נישט צו בלייבן שולדיק קיין ענטפֿער, וועלכער איז געווען אויסגעצייכנט און וועלכן ער האָט צוריקגעקריגן אַקוראַט אַזאַ גוטן. אַזוי האָט זיך עס נאָך געצויגן אַ ביסל און דער שמועס איז ווידער אַריבער אין דער פֿריער שוין אָנגעדייטער טעמע. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך מער נישט צוגעהערט, ווייל דערווייל האָט יאָאַכים געזאָגט, אַז ער איז כמעט זיכער, אַז ער האָט באַקומען פֿאַרקילונגס-היץ און אַז ער ווייסט נישט באמת, ווי אַזוי צו רעאַגירן

---

* פֿאַרקערפּערונג.

דערויף, ווייל פּאַרקילונגען זיינען דאָ נישט „reçu"*. די הויל־פירער האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט דערויף, אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַט, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, אַן אויג אויף זיין קוזין, און איז אַוועק צוזאַמען מיט אים אינמיטן רעפּליק. דערביי האָט ער גע־לאָזט אָפן די פראַגע, צי דאָס איבערגעבליבענע פּובליקום, וואָס איז באַשטאַנען פון פערגע און ווייזאַל, וועט זיין אַ גענוגנדיקע פּעדאַגאָ־גישע טרייבקראַפט, מ'זאָל ווייטער ציען דעם שטרייט.

אויפן וועג האָט ער זיך פאַרשטענדיקט מיט יאָאַכימען וועגן דעם, אַז וואָס ס'איז נוגע דער מעשה מיט דער פּאַרקילונג און פּאַר־לייגטקייט אין האַלז — זאָל מען עס לאָזן מעלדן אויף אַן אַמטלעכן וועג. דאָס הייסט: בעטן דעם באָדמייסטער, ער זאָל איבערגעבן דער אייבערין און אַזוי אַרום וועט סוף־כל־סוף עפּעס אַרויסקומען. אַזוי איז טאַקע געווען דאָס בעסטע. נאָך אינאָוונט, באַלד נאָך אָוונט־ברויט, האָט אַדריאַטיקאַ אָנגעקלאַפּט ביי יאָאַכימען, בעת האַנס קאַס־טאָרפּ איז דאָרטן גראָד געווען און האָט מיט אַ קוואַקנדיק קול זיך איבערגעפרעגט, וואָס עס פעלט דעם יונגן אָפיציר און וואָס ער פאַר־לאַנגט. האַלז־וויטאָג? הייזעריקייט? — האָט זי איבערגעחזרט. — מענטשן־קינד, וואָס פאַר אַ שפּרינגען מאַכט איר? און זי האָט געפּרוּווט דערביי אים דורכדרינגלעך אַריינצוקוקן אין די אויגן אַריין און נישט יאָאַכים איז שולדיק געווען, וואָס זייערע בליקן האָבן זיך נישט געקאָנט האַלטן. דאָס האָט זי געמוזט אַוועקקוקן אין אַ זייט. אינטערעסאַנט איז, אַז זי האָט כּסדר געפּרוּווט פונסניי, כאָטש זי האָט געוואוסט, אַז ס'איז ביז איצט נאָך קיינמאָל נישט גע־לונגען דעם פּרווו אויסצופירן! מיט דער הילף פון אַ מין מעטאַלענעם שיך־לעפל, וועלכן זי האָט אַרויסגעשלעפּט פון איר גאַרטל־קעשענע, האָט זי אַריינגעקוקט דעם פּאַציענט אין דער שלונג, דערביי האָט האַנס קאַסטאָרפּ געמוזט צולייכטן מיט דעם לעמפּל פון נאַכט־טישנקל. שטייענדיק אויף די פינגער־שפּיצן, כּדי זיך איינצוקוקן אין יאָאַכימס האַלז־צינגל, האָט זי געזאָגט:

* פראַנצויזיש: ווערן דאָ נישט אויפגענומען.

— זאָגט נאָר, ליב מענטשן-קינד — איר האָט אײַך שוין אַמאָל געקרעקט?

— וואָס האָט מען געקאָנט דערויף ענטפערן! אין דער רגע, ווי לאַנג זי האָט אַרײַנגעקוקט, איז בכלל ניט געווען קיין מעג-לעכקייט צו קומען צום וואָרט. אָבער אויך נאָכדעם, ווי זי האָט אָפּ-געלאָזט, האָט ער נישט געקאָנט זיך קיין עצה טאָן מיט דער פראַגע. נאַטירלעך האָט ער זיך שוין געקרעקט אין לעבן. ביים עסן אָדער ביים טרינקען. אָבער דאָס איז אַ מענטשלעכע זאַך און נישט דאָס האָט זי געקאָנט מיינען מיט איר פראַגע. ער האָט געזאָגט: וואָס הייסט? אין דעם לעצטן מאָל קאָן ער זיך נישט דערמאָנען.

—נאָ, גוט, ס'איז איר גלאַט אַזוי אײַנגעפאַלן. ער האָט זיך פאַרקילט — האָט זי געזאָגט צום שטוינען פון די קוזינען, ווייל אַזוי האָט מען דאָס וואָרט פאַרקילונג נישט באַנוצט אין דער סאַנאַ-טאָריע. כדי נענטער צו אונטערזוכן דעם האַלז, וואָלט מען געדאַרפט האָבן דעם הויפראַטס קעל-שפיגל. אַוועקגייענדיק, האָט זי איבער-געלאָזט פאָרמאַמינט, אויך אַ באַנדאַזש און אַ צעראַטע אויף פייכטע קאָמפּרעסן ביינאַכט. יאָאַכים האָט טאַקע ביידע מיטלען באַנוצט און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ס'ווערט אים בפירוש בעסער פון זיי און האָט זיי ווייטער באַנוצט. אָבער זיין הייזעריקייט איז נישט אָפּגעטרעטן, פאַרקערט, אין די נאָענטסטע עטלעכע טעג איז זי נאָך שטאַרקער געוואָרן, כאָטש דער ווייטאָג אין האַלז איז פון צייט צו צייט כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

אגב, איז די פאַרקילונגס-היץ געווען אַ ריין אײַנרײדעניש. דער אָביעקטיווער מצב איז געווען דער געוויינלעכער — דער זעלבער, וועלכער האָט צוזאַמען מיט דעם רעזולטאַט פון דעם הויפראַטס אונ-טערזוכונגען פאַרהאַלטן דאָ דעם וואוילן יאָאַכימען אויף אַ קליי-נער נאָכקוראַציע, איידער ער וועט ווידער אַוועק אינדערהיים צו זיין פאַך. דער אָקטאָבער-טערמין איז שוין געהאַט אַריבער אָן אַ שאָרך. קיינער האָט נישט פאַרלוירן קיין וואָרט וועגן דעם, נישט דער הויפראַט, נישט די קוזינען צווישן זיך: שטיל און מיט אַראָפּ-געלאָזטע אויגן האָבן זיי עס איבערגעמיטן. נאָכדעם וואָס בערענס האָט ביי דער חודשדיקער אונטערזוכונג דיקטירט דעם אין פסיכאָלאָ-

גיע באַהאַוונטן פּאַמוליס און וואָס ס'האָט אַרויסגעוויזן די פאָטאָגראַפישע פּלאַטע, איז געווען צו קלאָר, אַז העכסטנס וואָלט מען געקאָנט ריידן וועגן אינגאַנצן אַ ווילדער נסיעה. פאַקטיש האָט מען דאָסמאָל געדאַרפט אויסהאַלטן מיט אַייזערנער זעלבסט־דיסציפּלין די דינסט אויבן, ביז ס'וועט נישט דערגרייכט ווערן די ענדגילטיקע געזונטקייט צו דער דינסט אין פלאַכלאַנד, צו דער דערפילונג פון דער שבועה.

דאָס איז געווען דער גילטנדיקער פּאַראָל, וועגן וועלכן מ'האָט זיך פלומרשט פאַרשטענדיקט שווייגנדיק. דער אמת איז אָבער געווען אַזעלכער, אַז איינער איז נישט געווען אינגאַנצן זיכער אין אַנדערן, צי ער גלויבט טיף אין דער נשמה אין דעם דאָזיקן פּאַראָל, און אויב מ'האָט אַראָפּגעלאָזט איינער פאַרן אַנדערן די אויגן, איז עס געשען צוליב אָט דעם ספק און שטענדיק פלעגן זיך די אויגן פריער טרעפן. דאָס האָט אָנגעהויבן אָפּטער פאָרקומען זינט יענעם שמועס וועגן ליטעראַטור, בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס ערשטע מאָל באַמערקט דאָס נייע מין ליכט אין הינטערגרונט פון יאָאַכימס אויגן און אויך דעם מאָדנעם „דראָענדיקן" אויסדרוק. באַזונדערס איז עס איינמאָל פאָרגעקומען ביים טיש: בעת נעמלעך דער הייזעריקער יאָאַכים האָט זיך פלוצלונג און אויסערגעוויינלעך שטאַרק גענומען קרעקן און איז קוים ווידער געקומען צום אָטעם. דעמאָלט, הייסט עס, בעת יאָאַכים האָט געקייכט הינטער זיין סערוועט און פרוי מאַגנוס, זיין שכנטע, האָט אים, לויט אַן אַלטער פּראַקטיק, געקלאַפּט איבערן רוקן, — דעמאָלט האָבן זיך זייערע אויגן צונויפגעטראָפן אויף אַן אופן, וועלכער האָט האַנס קאַסטאָרפּן מוראדיק געריהרט ווי דער פאַל גופא, וואָס האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געקאָנט טרעפן זיך מיט יעדן. דערנאָך האָט יאָאַכים צוגעמאַכט זיינע אויגן און, אַן איינגעהילטער אין סערוועט, פאַרלאָזט דעם טיש און דעם זאַל, כדי זיך אויסצוהוסטן אינדרויסן.

שמייכלענדיק, כאָטש נאָך אַ ביסל בלאַס, איז ער אין צען מינוט אַרום צוריקגעקומען, מיט אַן אַנטשולדיקונג אויף די ליפּן צוליב דעם שטער, וועלכן ער האָט גורם געווען, האָט ווי פריער גענומען אַן אָנטייל אין דער איבערזעטיקער מאָלצייט און דערנאָך האָט מען

אַפֿילו פֿאַרגעסן צוריקצוקומען צו דעם טריוויאַלן צווישנפֿאַל. אַפֿילו מיט אַ באַמערקונג. אָבער אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך דאָס זעלבע איבערגעחזרט, דאָס מאָל שוין נישט בײַם מיטאָג, נאָר בײַם וועטיקן צווייטן פֿרישטיק; דאָס מאָל האָבן זיך, אגבֿ, די אויגן מער נישט געטראָפֿן, אַלנפֿאַלס נישט בײַ די קוזינען, ווייל האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך איבערגעבויגן איבער זײַן טעלער און האָט, כּלומרשט נישט באַמערקנדיק, ווײַטער געגעסן. אָבער דאָסמאָל האָט מען שוין נאָכן עסן געמוזט דערמאָנען וועגן דעם און יאָאַכים האָט געזידלט די נאַרישע נקבֿה, די מילענדאָנק, וועלכע האָט אים מיט איר פּלוצלונגדיקער פֿראַגע עפּעס אַרײַנגעהאַקט אין קאָפּ, אים עפּעס אײַנגערעדט און אָפּגעשפּראָכן. זאָל זי דער רוח נעמען. — יאָ, ס'איז, אַפּנים, סוגעסטיע — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — בײַ דער גאַנצער אומאָנגענעמלעכקייט אַן אַמוזאַנטער פֿאַקט. און יאָאַכים — נאָכדעם ווי מ'האָט די זאַך אָנגערופֿן בײַם נאָמען — האָט זיך פֿון איצט אָן מיט ערפֿאָלג געווערט קעגן דעם כּישוף, האָט אַכטונג געטאָן בײַם עסן און האָט זיך שוין נישט פֿאַרקרעקט מער ווי דאָס געשעט סוף־כּל־סוף בײַ נישט סוגעסטירטע מענטשן: ערשט אַ ניין אָדער צען טעג שפּעטער האָט ער עס ווידער געטאָן און ס'איז גאָרנישט געווען וואָס צו זאָגן וועגן דעם.

פֿונדעסטוועגן איז ער באַשטעלט געוואָרן צו ראַדאַמאַנטין אויסער דער ריי און דער צײַט. די אייבערין האָט עס גורם געווען און ס'איז נישט געווען נאַריש געטאָן. וואָרעם היות ס'איז אין דער אַנשטאַלט שוין געווען אַ קעל־שפּיגל, איז די עקשנותדיקע הייזערייקייט, וועלכע איז שוין־לאַנג איבערגעגאַנגען אין אַ פֿאַקטישער שטימלאָזיקייט און אויך דער ווייטאָג אין האַלז, וואָס האָט זיך ווידער באַוויזן, ווײַבאַלד יאָאַכים האָט נאָר נישט צו דער צײַט באַנוצט קיין שפּייעכץ־אַרויסרופֿנדיקע מיטלען, שוין געווען אַ גענוגנדיקער גורם, מ'זאָל סוף־כּל־סוף אַרויסנעמען פֿון שאַנק דעם קלוג־קאָנסטרויִרטן אינסטרומענט. שוין צָפּגערעדט וועגן דעם, אַז אויבֿ יאָאַכים האָט זיך איצט פֿאַרקרעקט מיט אַ נאָרמאַלער זעלטנקייט, איז עס געשען בלויז צוליבֿ דער גרויסער פֿאָרזיכטיקייט בײַם עסן און וואָס האָט גורם

געווען, אַז ער איז כמעט רעגלמעסיק געבליבן הינטערשטעליק ביי די מאָלצייטן.

דער הויפראַט האָט, הייסט עס, געשפיגלט, רעפלעקטירט און האָט לאַנג און טיף אַריינגעקוקט אין יאָאַכימס האַלז. באַלד דערנאָך איז דער פּאַציענט אַוועק, לויט האַנס קאַסטאָרפּס ספּעציעלן פּאַרלאַנג, צו אים אויפן באַלקאָן און אים אָפּגעגעבן אַ באַריכט. עס איז געווען גאַנץ אָנגענעם און קיצלדיק — האָט ער דערציילט האַלב שעפּ־טשענדיק, ווייל ס'איז איצט גראָד געווען די צייט פון ליג־קוראַציע און מ'האָט געדאַרפט שווייגן לויטן רעגולאַמין — סוף־כל־סוף האָט בערענס געדרייט אַ קאָפּ וועגן אַ רייצונג און געזאָגט, אַז מ'וועט מוזן יעדן טאָג מאַכן פּענזלונגען. באַלד מאָרגן וועט ער אָנהייבן צו שמירן, ער מוז פריער צונויפשטעלן דעם מעדיקאַמענט. הייסט עס — אַ רייצונג און פּענזלען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פולן קאָפּ אַסאָציאַציעס, וואָס זיינען אַוועק ווייט און האָבן זיך באַצויגן אויף אינגאַנצן זייטיקע פּערזאָנען, אַ שטייגער אויף דעם הינקעדיקן משרת און אויף יענער דאַמע, וואָס האָט זיך אַ גאַנצע וואָך געהאַלטן ביים אויער און איז פונדעסטוועגן געבליבן דורכ־אויס באַדרויקט. ער האָט נאָך געהאַט פראַגן אויף די ליפּן, ער האָט זיי אָבער נישט געבראַכט פאַרן מויל, נאָר האָט באַשלאָסן זיי צו פרעגן דעם הויפראַט אונטער פיר אויגן. פאַר יאָאַכימען האָט ער זיך באַגרענעצט דערמיט, וואָס ער האָט אויסגעדריקט זיין הנאה, אַז פון איצט אָן שטייט די זאַך אונטער אַן אויפזיכט און וואָס דער הויפּ־ראַט האָט עס גענומען אין דער האַנט אַריין. דעה איז אַ פעסטער הכרה־מאַן און וועט זיך שוין אַן עצה טאָן. יערויף האָט יאָאַכים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַפילו נישט אָנקוקנדיק האַנס קאַסטאָרפּן, האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק צו זיך אויפן באַלקאָן.

וואָס איז געווען מיט דעם וואוילן יאָאַכימען? אין די לעצטע טעג זיינען זיינע אויגן געוואָרן אַזוי אומזיכער און אָפּגעשראָקן. ערשט דאָ נישט לאַנג איז די אייבעריון מילענדראָנק דורכגעפאַלן מיט איר פרווו דורכצובויערן מיט די אויגן פאַר יאָאַכימס מילדן און טונ־קעלן בליק. אָבער ווען זי וואָלט איצט נאָכאַמאָל געפּרוווט צו מאַכן אירע שטיק, קאָן מען שוין באמת נישט זיין זיכער, ווי אַזוי די זאַך

וואָלט אָפּגעלאָפּן. אַלנפאַלס האָט ער אויסגעמיטן אַזעלכע בליקן־צוזאַמענטרעפן און ווען ס'איז שוין געקומען דערצו (וואָרעם האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַ סך געקוקט אויף אים), איז דאָס פּאַר קיינעם פון זיי נישט געווען קיין פאַרגעניגן. אַ דערשלאָגענער איז האַנס קאַסטאָרפּ געבליבן אין זיין לאָזשע און האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה תיכף צו גיין איבערריידן מיטן שעף. אָבער דאָס איז נישט געגאַנגען, ווייל יאָאַכים האָט דערהערט, ווי ער שטייט אויף. דערפאַר האָט מען עס געמוזט אָפּלייגן און כאַפּן בערענסן אין משך פון נאָכמיטאָג.

דאָס איז אָבער אויך נישט געראָטן. אויסטערליש! עס איז בשום אופן נישט געלונגען צו פאַקן דעם הויפראַט, נישט אין יענעם אָוונט און נישט צוויי טעג שפּעטער. נאַטירלעך האָט יאָאַכים אַ ביסל געשטערט, ווייל ער האָט גאָרנישט געטאָרט באַמערקן, אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען קיין גענוגנדיקער תירוץ, פאַרוואָס ס'קאָן נישט קומען צום שמועס און מ'האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאַקן ראַדאַמאַנטן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים געזוכט און געפּרעגט זיך אויף אים אין דעם גאַנצן אַנשטאַלט, מ'האָט אים אָנגעוויזן דאָ און דאָרט, וואו ער וועט אים זיכער טרעפן—און פּונקט האָט ער אים דאָרטן נישט געטראָפן. ביי איין מאָלצייט איז בערענס יאָ געווען, ר'איז אָבער געזעסן צו וייט, ביים שלעכטן רוסן־טיש, און איז אַוועק פאַרן דעסערט. עטלעכע מאָל האָט אים שוין האַנס קאַסטאָרפּ ווי אָנגענומען פאַרן לאַץ, ער האָט אים געזען אויף די טרעפּ און אין קאָרידאָר שמועסן מיט קראָקאָווסקין, מיט דער אייבערין, שטיין מיט אַ פּאַציענט און ער האָט אויף אים אַכטונג געטאָן. אָבער איידער ער האָט זיך אומגעקוקט, איז בערענס נעלם געוואָרן.

ערשט אין פערטן טאָג האָט ער דערגרייכט זיין ציל. פון זיין באַלקאָן אַרויס האָט ער געזען בערענסן אין גאָרטן געבן אָנווייזונגען דעם גערטנער, האָט ער זיך געשווינד אַרויסגעכאַפּט פון זיין קאָלדרע און איז אינדערגיך אַראָפּ. דער הויפראַט האָט גראָד געוועדערט מיט זיין בולטן נאַקן צו זיין וואוינונג. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים נאָכגעיאָגט און האָט זיך אַפילו ערלויבט אים צו רופן, יענער האָט זיך אָבער נישט אָנגערופן. צום סוף האָט ער אים אָן אָטעם דעריאָגט און אָפּגעשטעלט.

— וואָס ווילט איר דאָ! — האָט דער הויפראַט אויף אים אָנגע־שטעלט זיינע אַפּערקוועלנדיקע אויגן — צי דאַרף איך אייך הייסן דערלאַנגען אַ ספּעציעלן עקזעמפּלאַר פון דעם סאַנאַטאָריע־רעגולאַמין? אויף וויפיל איך וויים, איז איצט ליג־קוראַציע. אייער דיאַגראַמע און די פּלאַטע גיבן אייך גאָרנישט קיין באַזונדערע רעכט צו זיין אַ פּרייער פּריץ. מ'וואָלט דאָ ערגעץ געדאַרפט אַוועקשטעלן דעם אמתן גנבים־שרעק, וואָס זאָל דראָען מיט אויפשפּיזונג יענע מענטשן, וועלכע דרייען זיך אַרום פּוסט־און־פּאַס צווישן צוויי און פיר אין גאָרטן! וואָס ווילט איר אייגנמלעך?

— הער הויפראַט, איך מוז אומבאַדינגט ריידן מיט אייך אַ רגע!

— איך זע, אַז איר יאָגט אייך שוין לאַנג נאָך דעם. איר גייט מיר נאָך, גלייך ווי כ'וואָלט געווען אַ נקבה, און מי־יודע וואָס פאַר אַ יצר־הרע־אָביעקט. וואָס ווילט איר פון מיר?

— ס'גייט בלויז וועגן מיין קוזין, הער הויפראַט! זייט מוחל! מען פּענזלט אים איצט... איך בין איבערציינגט, אַז דערמיט איז דער ענין אויפן גוטן וועג. עס איז דאָך אומשולדיק? — האָב איך מיר געוואָלט ערלויבן צו פרעגן.

— איר ווילט תמיד, אַז אַלץ זאָל זיין אומשולדיק, קאַסטאָרפּ, אַזעלכער זענט איר. איר זענט גאָרנישט אָפּגעניגט דערפון, זיך אַריינצו־לאָזן אויך אין נישט־אומשולדיקע זאַכן, אָבער איר נעמט זיי תמיד אַזוי, גלייך זיי וואָלטן געווען אומשולדיק און דערמיט, דוכט זיך אייך, זענט איר שוין יוצא פאַר גאָט און פאַר לייט. איר זענט אַ מין פּחדן און אַ צבועק, מענטש, און אויב אייער קוזין רופט אייך אָן צי־ווילִיסט, איז עס נאָך זייער עאופּעמיסטיש* אויסגעדריקט.

— אַלץ קאָן זיין, הער הויפראַט. נאַטירלעך, די שוואַכקייטן פון מיין כאַראַקטער שטייען אויסער יעדן ספק. אָבער די מעשה איז טאַקע די, וואָס אין איצטיקן מאָמענט שטייען זיי אויסער יעדן ספק און דאָס, וואָס איך וויל אייך שוין דריי טעג בעטן, איז בלויז —

— אַז כ'זאָל אייך דערלאַנגען דעם אמת גוט־געצוקערטן און געפּאַטשטן וויין! איר ווילט מיך פּייניקן און נודען, כדי כ'זאָל אייך

* מילד.

באַפעסטיקן אין אַייער פּאַסקודנער צבועטסטווע, כּדי איר זאָלט קאָ־
נען שלאָפן אומשולדיק, בעת אַנדערע מענטשן וואַכן און שטעקן אַרויס
די נאָז אויף דער קעלט.

— אָבער הער הויפּראַט, איר זענט אמת שטרענג מיט מיר. פאַר־
קערט, כ'האָב געוואָלט —

— יאָ, שטרענגקייט, דאָס איז גראָד נישט אַייער זאַך, אַייער
קוזין איז אַן אַנדערער בחור, פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן. דער ווייסט
ווי ס'האַלט. דער ווייסט שווייגנדיק ווי ס'האַלט, איר פאַרשטייט מיך?
ער כאַפּט נישט אָן די מענטשן ביי די פּאָלעס, כּדי מען זאָל אים
דערלאַנגען דעם נעכטיקן טאָג און אומשולדיקייט. דער האָט געוואוסט,
וואָס ער האָט געטאָן און מיט וואָס ער האָט ריזיקירט. ער איז אַ
מאַנסביל, קאָן זיך האַלטן און דאָס מויל האַלטן און דאָס איז אַ מענ־
לעכע קונסט. ליידער נישט קיין ענין פאַר אַזאַ צווייפּיסיקן אוצר,
ווי איר זענט. איינס זאָג איך אַייך, קאַסטאָרפּ, אויב איר וועט דאָ מאַכן
סצענעס, מאַכן אַ געשריי און זיך איבערגעבן אַייערע ציוויל־געפילן,
וועל איך אַייך אַרויסטרייבן. ווייל דאָ ווילן זיין צווישן זיך מענער, איר
פאַרשטייט מיך.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשוויגן. ווען ער איז רויט געוואָרן, האָט
ער זיך באַדעקט מיט פלעקן. ער איז געווען צו קופּער־רויט, כּדי
אינגאַנצן בלאַס צו ווערן. צום סוף האָט ער געזאָגט מיט ציטערדיקע
ליפּן:

— איך דאַנק זייער, הער הויפּראַט, איך פאַרשטיי שוין איצט אויך,
ווי ס'האַלט, ווייל איך נעם אָן, אַז איר וואָלט נישט אַזוי — ווי
זאָל איך זאָגן? — אַזוי פּייערלעך גערעדט צו מיר, ווען עס וואָלט נישט
געהאַלטן ערנסט מיט יאָאַכימען. איך בין גאָרנישט דער מענטש
פון סצענעס און געשרייען. דערמיט טוט איר מיר אַן עוולה. און
אויב ס'גייט וועגן דיסקרעציע, בין איך אויך גענוג מאַן דערצו, דאָס,
מיין איך, קאָן איך צוזאָגן.

— איר זענט צוגעבונדן צו אַייער קוזין, האַנס קאַסטאָרפּ? —
האָט דער הויפּראַט געפרעגט, אָננעמענדיק פלוצלונג דעם יונגנ־
מאַנס האַנט און אָנקוקנדיק אים פון אונטן מיט זיינע בלויע, ווייס־
באַוויעטע, בלוט־אונטערגעלאָפענע, אַפּערקוועלנדיקע אויגן...

— װאָס קאָן מען דאָ זאָגן, העד הױפראַט. — אַזאַ נאָענטער קרוב און אַזאַ גוטער פרײַנד און מײַן חבר דאָ אױבן. האַנס קאַסטאָרפ האָט קורץ אַ שלוכץ געטאָן און האָט אײַן פוס אַװעקגעשטעלט אױפן שפּיץ, אױסדרײענדיק די פּיענטע אַרױס.

דער הױפראַט האָט אינדערגיך אָפּגעלאָזט זײַן האַנט.

— נאָ, אױב אַזױ, זײַט צו אים גוט די זעקס אָדער אַכט װאָכן — האָט ער געזאָגט — איר גיט אײַך איבער אײַער אײַנגעבױרענער אומשולדיקײט, דאָס װעט פאַר אים זײַן דאָס ליבסטע. איך בין אױך נאָך דאָ דערצו, כ'זאָל די זאַך דורכפירן אַזױ קאַװאַלער־מעסיק און קאָמפאָרטאַבל, װי ס'איז נאָר מעגלעך.

— Larynux*, נישט אמת? — האָט האַנס קאַסטאָרפ געזאָגט און אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ צום הױפראַט.

— Laryngea ** — האָט בערענס באַשטעטיקט. — שנעל־פּראָגרעסירנדיקע צעשטערונג, און מיט דער שלײם־הױט פון דער לופט־רער האַלט עס אױך שױן שמאָל. ס'קאָן זײַן, אַז די קאָמאַנדאָגעשרײען אין מיליטער האָבן דאָ געשאַפן אַ locus minoris resistentiae***. אָבער מיר מוזן אַלעמאָל גרײט זײַן אױף אַזעלכע אומגעריכטע זאַכן. װײניק האָפענונג, מײַן בחור. אײגנטלעך — קײן שום נישט. זעלבסטפאַרשטענדלעך װעט מען אױספּרוּװן אַלץ, װאָס איז גוט און נײטיק.

— די מוטער... — האָט האַנס קאַסטאָרפ געזאָגט.

— שפּעטער, שפּעטער. ס'יאָגט נישט. באַמיט אײַך מיט טאַקט און געשמאַק זי פאַמעלעך צוצוגרײטן. און איצט — צוריק אױף אײַער אָרט. ער קאָן עס באַמערקן. און עס מוז דאָך אים זײַן פּײַנלעך צו װיסן, אַז מ'רעדט װעגן אים הינטער זײַנע פּלײצעס.

טאָג־טעגלעך איז יאָאַכים געגאַנגען צום פענזלען. עס איז געװען אַ שײנער האַרבסט. צום עסן איז ער אָפט געקומען פאַרשפּעטיקט צוליב דעם, אין װײסע פלאַנעל־הױזן צום בלױען ראָק, פעסט און

* קעל.

** שװינדזוכט אין דער קעל.

*** דאָס ערט פון קלענערן װידערשטאַנד.

מיליטעריש, האָט זיך געגריסט קאַרג, פריינדלעך און מענלעך צו־נויפגענומען. ער האָט געבעטן אַנטשולדיקונג פאַר זיין פאַרשפּע־טיקונג און זיך אַוועקגעזעצט פאַר זיין מאָלצייט, וועלכע מ׳האָט אים איצט ספּעציעל צוגעגרייט. וואָרעם די גע̇ווינלעכע מאכלים האָט ער נישט געקאָנט עסן צוליב דער סכּנה, ער זאָל זיך נישט פאַרקרעקן. ער האָט באַקומען זופּן, געהאַקט פלייש און ברייי. די טיש־שכנים האָבן שנעל זיך געכאַפּט, וואָס דאָ טוט זיך. מ׳האָט אָפּגעענטפערט אויף זיין גרוס מיט בולטער העפלעכקייט און וואַרעמקייט און אים אָנגע־רופן „הער לייטענאַנט". ווען ער איז נישט געווען, האָט מען אויס־געפרעגט האַנס קאַסטאָרפּן און אויך פון אַנדערע טישן איז מען געקומען און מ׳האָט זיך אויסגעפרעגט. פרוי שטער איז געקומען צו גיין מיט פאַרבראָכענע הענט און האָט געקלאָגט אויף אַן עם־האַרצישן אופן. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט נאָר אָפּגעענטפערט איינזילביק, האָט צוגעגעבן די ערנסטקייט פון פאַל, האָט פונדעסטוועגן געלייקנט ביז צו אַ געוויסער מאָס, האָט עס געטאָן צוליב כּבוד־זאַכן, צוליב דעם געפיל נישט צו־פרי מיאוס צו זיין יאָאַכימען.

זיי זיינען צוזאַמען געגאַנגען שפּאַצירן, האָבן דריי מאָל אין טאָג געמאַכט דעם רעגולאַמין־שפּאַציר, אויף וועלכן דער הויפראַט האָט יאָאַכימען באַגרענעצט גענוי, כּדי אויסצומיידן נישט־נייטיקע אויס־נוצונג פון די כּוחות. לינקס פון זיין קוזין איז געגאַנגען האַנס קאַס־טאָרפּ. פריער פלעגן זיי גיין אַזוי אָדער אַנדערש, ווי ס׳איז גראָד אויס־געקומען. אָבער איצט האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ געהאַלטן דער עיקר לינקס. זיי האָבן נישט גערעדט אַ סך, האָבן אַרויסגערעדט די ווערטער, וועלכע דער נאָרמאַלער „בערגהאָף"־טאָג האָט אַרויפגע־בּרענגט אויף די ליפּן, ווייטער גאָרנישט. וועגן דער טעמע, וואָס איז געשטאַנען צווישן זיי, איז גאָרנישט געווען וואָס צו ריידן, בפרט נאָך צווישן מענטשן, וואָס האַלטן זיך נישט צו־היימיש און וואָס רופן זיך אָן ביים פאָרנאָמען נאָר אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן. דאָך האָט זיך עס טיילמאָל שווער און כוואַליענדיק גענומען שלאָגן האַנס קאַסטאָרפּן צום האַרץ, ווי זיך איבערצוגיסן. אָבער עס איז געווען אוממעגלעך. דאָס, וואָס ס׳האָט אַרויפגעקוועלט ווייטאָגדיק און שטורמיש, האָט געמוזט צוריק אָפּפאַלן און ער איז געבליבן שטום.

יאָאַכים איז געגאַנגען לעבן אים מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. ער האָט אַראָפּגעקוקט אונטן, גלייך ווי ער וואָלט באַטראַכט די ערד. עס איז געווען אַזוי מאָדנע: ער איז דאָ געגאַנגען, לייטיש און אָרנטלעך, ער האָט געגריסט פאַרבייגייענדיקע אויף זיין ריטערלעכן אופן, האָט, ווי אַלעמאָל, אַכטונג געטאָן אויף זיין אויסערלעכקייט און אויף זיין biens nce און האָט שוין געהערט דער ערד. מילא, אַהין גע־הערן מיר אַלע פריער אָדער שפּעטער. אָבער געהערן צו איר אין אַזאַ קורצן טערמין, זייענדיק אַזוי יונג און מיט אַזאַ גוטן, פריידיקן ווילן צו דינען דער פאָן — דאָס איז דאָך ביטער: נאָך ביטערער און אומבאַגרייפלעכער פאַר דעם ווייסנדיקן האַנס קאַסטאָרפּ, וואָס איז געגאַנגען דערנעמען, ווי פאַר דעם בן־מות אַליין. זיין אָנשטענדיק פאַרשוויגן וויסן איז אייגנטלעך געווען ריין אַקאַדעמיש, עס האָט גע־האַט פאַר אים גאָר אַ קנאַפּן ווירקלעכקייטס־כאַראַקטער און עס איז אין תוך וויניקער געווען אַן ענין פאַר אים ווי פאַר אַנדערע. פאַק־טיש איז אונזער שטאַרבן מער אַ ענין פאַר די לעבן־געבליבענע, ווי פאַר אונז אַליין. וואָרעם צי מיר קאָנען עס ציטירן צי נישט, האָט אַלנפאַלס דאָס וואָרט פון וויציקן חכם פולשטענדיקע גייסטיקע גילטיקייט, אַז: אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען דאָ, איז דער טויט נישטאָ, און אַז ווען דער טויט איז דאָ, זיינען מיר שוין נישטאָ. צווישן אונז און דעם טויט איז ממילא נישטאָ קיין רעאַלע באַציִונג און גייט בכלל נישט אָן אונז און בלויז אַ ביסל די וועלט און די נאַטור. דערפאַר טאַקע קוקן אים אַקעגן אַלע באַשעפענישן מיט גרויס רו, גלייכגילטיקייט, אחריותלאָזיקייט און מיט עגאָיִסטישער תמימות. אין משך פון די דאָזיקע וואָכן האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזען אין יאָאַכימען אַ סך פון דער דאָזיקער תמימות און אַחריותלאָזיקייט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז יענער ווייסט אַפילו, פונדעסטוועגן איז אים נישט שווער אָנשטענדיק צו שווייגן דעריבער, ווייל זיינע אינעווייניקסטע באַציִונגען דערצו זיינען בלויז געווען לויזע און טעאָרעטישע, אָדער — אויף וויפיל זיי קומען אין באַטראַכט פראַקטיש — רעגולירט און באַשטימט דורך אַ געזונט געפיל פון לייטישקייט, וואָס לאָזט אַזוי וויניק צו

צו אַנאַליז ווי אַ סך אַנדערע פונקציאָנעלע נישט-אָנשטענדיקייטן, וועלכע דאָס לעבן האָט אין באַוואוסטזיין און פון וועלכע עס איז אָפּהענגיק,— פונדעסטוועגן שטערן זיי נישט אָפּצוהיטן bienséance.

אַזוי אַרום זיינען זיי געגאַנגען און געשוויגן וועגן די נאַטור-ענינים, וואָס פאַסן נישט פאַרן לעבן. אויך יאָאַכימס געריטע און צאָרנדיקע תרעומות, הלמאי ער האָט פאַרזאַמט די מאַנעווערס און די מיליטערישע דינסט אין פלאַכלאַנד בכלל, האָבן אויפגעהערט. אָבער פאַרוואָס איז אָנשטאָט דעם און קעגן יעדע תמימות בסדר צוריקגעקומען אין זיינע מילדע אויגן דער אויסדרוק פון טריבער שרעק, — יענע אומזי-כערקייט, וועלכע וואָלט מסתמא גורם געווען, אַז די אייבערין זאָל זיגן, אויב ס'וואָלט נאָך אַמאָל געקומען דערצו? צי האָט זיך עס גענומען דערפון, וואָס ער האָט געפילט, אַז ער באַקומט גרויסע אויגן און איינגעפאַלענע באַקן? וואָרעם אַזוי איז ער געוואָרן פון מינוט צו מינוט אין אָט די וואָכן, נאָך אַ סך מער ווי ר'האָט אויסגע-זען, ווען ר'איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פון פלאַכלאַנד. זיין ברוי-נער פנים-קאָליר איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג אַלץ געלבלעך-לע-דערנער. עפּעס אַזוי ווי די סביבה וואָלט אים געגעבן אַ גרונט צו שעמען זיך און זיך אַליין מבטל צו זיין, אַן אַטמאָספער, וואָס איז ווי אַלבין גאָרנישט אויסן געווען אַ חוץ צו געניסן די גרענעצלאָזע מעלות פון דער שאַנד. פאַר וואָס און פאַר וועמען זשע האָט ער אַראָפּגעלאָזט און פאַרבאָרגן זיין אַמאָל אַזוי אָפּענעם בליק? ווי מאָדנע עס איז די לעבנס-בושה פון דער קרעאַטור, וואָס פאַר-קריכט אין אַ באַהעלטעניש, כדי אויסצוגיין — איבערגעצייגט, אַז זי האָט זיך נישט צו ריכטן אינדרויסן אין דער נאַטור אויף קיין שום אַכטונג און פיעטעט פאַר איר ליידן און שטאַרבן. איבערגעצייגט מיט רעכט, וואָרעם אַ מחנה פריילעך פליענדיקע פייגל טוט נישט בלויז נישט אָן קיין כבוד דעם קראַנקן פויגל, נאָר פּיקט אים נאָך צאָרניק און מיט ביטול מיט די שנאָבלען. אָבער דאָס איז די פּשוטע נאַ-טור. אין האַנס קאַסטאָרפּס ברוסט האָט אויפגעקוועלט הויך-מענטש-לעך ליבנדיק רחמנות, ווען ער האָט דערזען די טונקעלע אינסטינק-טיווע בושה אין דעם אָרעמען יאָאַכימס אויגן. ער איז גע-גאַנגען לינקס פון אים. ער האָט עס געטאָן מיט כוונה. היות יאָאַכים איז

אויך געוואָרן אַ ביסל נישט זיכער אויף די פיס, האָט ער אים אויך אונטערגעהאַלטן, בעת ס'איז אויסגעקומען אַרויפצוקלעטערן אויף אַ קליינע לאָנקע־שיפּוע. ער האָט גובר געווען די געוויינלעכע שטייפקייט, אַרומגענומען אים מיט אַ האַנט, האָט אַ ווײַלע נאָך פאַרגעסן זי אַראָפּצונעמען, ביז יענער האָט זי האַלב פאַרדראָסיק אָפּגעשאָקלט און געזאָגט:

— נאָ, דו, וואָס איז דאָס. מיר גייען אַזוי, ווי מ'וואָלט זיך אָנגעשיכורט.

אָבער אָט איז געקומען אַ מאָמענט, ווען די מוטנעקייט אין יאָאַכימס בליק האָט אויפגעשיינט פאַר דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ אין אַן אַנדער ליכט. ס'איז געווען דעמאָלט, ווען יאָאַכים האָט באַקומען אַ באַפעל צו לייגן זיך אין בעט אַריין. ס'איז געווען אָנהייב נאָוועמבער. דער שניי איז געלעגן הויך. דעמאָלט, אגב, איז אים שוין צו שווער געווען צו עסן אַפילו דאָס געהאַקטע פלייש און ברייַ, ווייל יעדער צווייטער ביסן איז אים אַריין אין לינקן קעל. ס'איז באַשטימט געוואָרן איבערצוגיין אויף בלויז פליסיקער נערונג אין בערענס האָט אויך געהייסן כסדר ליגן אין בעט, צו פאַרשפּאָרן די כוחות. ס'איז, הייסט עס, געשען אַ אָוונט פריער, איידער ער האָט זיך געלייגט אין בעט, אין לעצטן אָוונט, ווען ער איז נאָך אַרומגעגאַנגען. דעמאָלט האָט אים האַנס געטראָפן שמועסן מיט מאַרוסיען, יענע מאַרוסיאַ, וואָס לאַכט אָן שום סיבה מיט איר פּערפומירט טיכל און מיט דער שטאַרק אַנטוויקלטער ברוסט. ס'איז געווען נאָך אָוונט־ברויט, בעת דעם אָוונטיקן צונויפקום, אין דער האַלע. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען אין מוזיק־סאַלאָן און איז אַרויסגעקומען, כדי אַ קוק צו טאָן צו יאָאַכימען. דעמאָלט האָט ער אים געטראָפן שטיין פאַר דעם קאַכל־קאַמין לעבן מאַרוסיעס שטול. זי איז געזעסן אין אַ שאָקל־שטול. יאָאַכים האָט מיט דער לינקער האַנט געהאַלטן דעם רוקן־אָנלען אָנגעבויגן אויף הינטן, אַזוי אַז מאַרוסיאַ האָט אין אַ ליגנדיקער פּאָזיציע מיט אירע ברוינע קיילעכיקע אויגן געקוקט אים אַריין אין פּנים, וועלכעס ער האָט אָנגעבויגן איבער איר, ריידנדיק שטיל און אָפּגעהאַקט. דערביי האָט זי טיילמאָל שמייכלענדיק און אויפגערעגט־ביטולדיק געצוקט מיט די אַקסלען.

האַנס קאַסטאָרפּ איז אינדערגיך צ־ריק אָפּגעטרעטן, דערביי האָט ער פונדעסטוועגן באַמערקט, אַז אויך אַנדערע מענטשן צווישן די געסט קוקן אויף דער סצענע, ווי דער שטייגער איז דאָ געווען, מיט אַ הוזקדיקן בליק. יאָאַכים האָט עס אפשר נישט באַמערקט, אָדער ס'איז אים נישט אָנגעגאַנגען. יאָאַכים רעדט אַריין, פון גאָרנישט זיך מאַכנדיק, אין דער הויך־ברוסטיקער מאַרוסיאַ, מיט וועלכער ער איז אַזוי לאַנג צוזאַמען געזעסן ביי איין טיש און נישט אויסגערעדט מיט איר קיין איין וואָרט; פאַר וועלכער ער פלעגט מיט אַ שטרענגן אויסדרוק, שולדיק און מיט כבוד אַראָפּלאָזן די אויגן, כאָטש ער איז פלעקיק־בלאַס געוואָרן, ווען מ'האָט גערעדט וועגן איר. דער דאָזיקער אָנבליק האָט האַנס קאַסטאָרפּן אויפגעטרייסלט מער ווי יעדער אַנדערער סימן פון שוואַכקייט, וועלכן ער האָט אין יענע וואָכן באַמערקט ביי זיין קוזין. יאָ, ער איז פאַרלוירן — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און האָט זיך שטיל אַוועקגעזעצט אויף זיין שטול אין מוזיק־סאַלאָן, כדי צו לאָזן יאָאַכימען צייט דערויף, וואָס ער פאַרגינט זיך צו טאָן דעם לעצטן אָוונט אין דער האַלע.

פון דעמאָלט אָן, הייסט עס, האָט יאָאַכים אָנגענומען אויף שטענדיק די האָריזאָנטאַלע פּאָזיציע און האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשריבן וועגן דעם צו לויזע צימסענן. ליגנדיק אין זיין אויסגעצייכנטער ליג־שטול, האָט ער איר געשריבן, אַז צו זיינע פריערדיקע ידיעות האָט ער אויך צוצוגעבן דאָס, אַז יאָאַכים ליגט צו בעט. ער האָט אַפילו גאָר נישט געזאָגט, אָבער מ'קאָן אַרויסלייענען פון זיינע אויגן דעם פאַרלאַנג צו האָבן די מוטער ביי זיך און אַז אויך דער הויפראַט בערענס שטיצט בפירוש אונטער דעם דאָזיקן נישט־אַרויסגעזאָגטן פאַרלאַנג. אויך דאָס האָט ער צוגעגעבן צאַרט און דייטלעך. ס'איז דערפאַר קיין וואונדער נישט, וואָס פרוי צימסען האָט באַנוצט די שנעלסטע קאָמוני־קאַציע־מיטלען כדי אָנצוקומען צום זון. דריי טעג נאָכדעם ווי דער דאָזיקער הומאַנער אַלאַרם־בריוו איז אַוועק, איז זי שוין דאָ געווען און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זי אין שיטנדיקן שניי אָפּגעפירט פון דער סטאַנציע „דאָרף" מיט אַ שליטן. שטייענדיק אויף דעם בערגל, איידער דאָס צוגל איז צוגעפאָרן, האָט ער געמאַכט אַ לייטישערע מינע, כדי די מוטער זאָל זיך נישט גלייך צו שטאַרק דערשרעקן, זי זאָל אָבער אויך נישט

אין ערשטן בליק אַראָפּליייענען פון אים עפּעס פאַלשס און אויפמונטערנ־דיקס...

ווי אָפּט זיינען שוין אַזעלכע באַגריסונגען פאָרגעקומען דאָ, ווי אָפּט האָבן די אויגן פון אַרויסשטייגנדיקן אייליק און מיט פאַרשנדי־קער שרעק באַגעגנט זיך מיט די אויגן פון דעם אָפּוואַרטנדיקן! פרוי צימסען האָט געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך ווי זי וואָלט געקומען צו לויפן אַהער פון האַמבורג צו פוס. מיט אַ דערהיצט פנים האָט זי צו־געצויגן האַנס קאַסטאָרפּס האַנט צו איר ברוסט, האָט געקוקט אַרום זיך צעשראָקן און געשטעלט האַנס קאַסטאָרפּן האַסטיקע און ווי פאַר־דותדיקע פראַגן. ער האָט זיי אויסגעמיטן, איר געדאַנקט, וואָס זי איז אַזוי גיך אָנגעקומען. דאָס איז פיין און יאָאַכים וועט זיך מיט איר גע־וואַלדיק פרייען. טיאַ, יענער ליגט לעת־עתה, צום באַדויערן. עס געשעעט צוליב דער פליסיקער נערונג, וועלכע איז, נאַטירלעך, נישט אָן אַן איינפלוס אויף די כוחות. אָבער אויפן ערגסטן פאַל זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע עצות, אַ שטייגער די קינסטלעכע דערנערונג. אגב, וועט זי דאָך אַליין זען.

זי האָט געזען און ביי איר זייט האָט אויך געזען האַנס קאַסטאָרפּ. ביז צו דעם מאָמענט האָט ער גאָרנישט אַזוי באַמערקט די פאַרענדע־רונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין יאָאַכימען די לעצטע וואָכן. יונגעלייט זעען קנאַפּ אַזעלכע זאַכן. איצט אָבער, לעבן דער מוטער, וועלכע איז געקומען פון דער פרעמד, האָט ער אים באַטראַכט גלייך ווי מיט אירע אויגן, גלייך ווי ער וואָלט אים שוין לאַנג נישט געזען, און ער האָט דערקאָנט קלאָר און דייטלעך דאָס, וואָס זי האָט אָן שום ספק אויך דערקאָנט און וואָס יאָאַכים אַליין האָט צום בעסטן געוואוסט פון זיי דריי, נעמלעך: אַז ער איז אַ חולה מסוכן. ער האָט געהאַלטן פרוי צימסענס האַנט אין זיינער, וואָס איז געווען אַקוראַט אַזוי געל און אָפּגעצערט ווי זיין פנים, פון וועלכן עס זיינען צוליב דער אויסגעמאָגערטקייט שטאַרקער ווי פריער און אויף אַ באַדויערלעך פאַרמיאוסנדיקן אופן אָפּגעשטאַנען די אויערן, אָט דער לייכטער עגמת־נפש פון די אַמאָליקע גוטע יאָרן. פונדעסטוועגן איז זיין פנים נאָך מענלעך־פאַרשענערט געווען, נישט געקוקט אויף דעם חותם פון ליידן און אויף דעם אויסדרוק פון ערנסטקייט און

שטרענגקייט, און אַפילו שטאָלץ, וועלכן עס האָט געטראָגן אויף זיך און הגם זיינע ליפּן מיט די שוואַרצע וואָנסעלעך איבער זיי האָבן איצט געווירקט אַ ביסל צו פול קעגן די שאָטנדיקע איינגעפאַלענע באַקן. צוויי קנייטשן האָבן זיך איינגעגראָבן אין דער געלבלעכער הויט פון זיין שטערן צווישן די אויגן, וועלכע זיינען געווען שענער און גרעסער ווי אַלעמאָל, כאָטש זיי זיינען געלעגן טיף אין די ביינערדיקע לעכער, און פון וועלכע האַנס קאַסטאָרפּ וואָלט געקאָנט הנאה האָבן. וואָרעם זינט יאָאַכים איז געלעגן, איז פאַרשוואונדן פון זיי יעדע פאַרווירטקייט, מוטנעקייט און אומזיכערקייט, בלויז יענץ פרי באַמערקט ליכט האָט מען געקאָנט זען אין זייער רויִקער, טונקעלער טיפקייט — און אויך יענע „דראָאונג“. ער האָט נישט געשמייכלט, בשעת ער האָט אָנגענומען די האַנט פון זיין מוטער און ער האָט איר שעפּטשענדיק געזאָגט גוט מאָרגן און אַז זי איז אָנגעלייגט. אויך בשעת זי איז אַריינגעקומען, האָט ער אויף קיין רגע נישט קיין שמייכל געטאָן, און די דאָזיקע אומבאַוועגלעכקייט, אומפאַרענדערלעכקייט פון זיין מינע האָט שוין געזאָגט וועגן אַלעמען.

לויזע צימסען איז געווען אַ העלדישע פרוי. זי האָט זיך נישט צעיאָמערט דערזעענדיק איר וואוילן זון אין אַזאַ מצב. איינגעהאַלטן און צוזאַמענגענומען, ווי אירע האָר, וואָס זיינען באַפעסטיקט מיט אַ קוים=אָנגעזעענעם שלייער=נעץ, פלעגמאַטיש און ענערגיש, ווי מ'איז, ווי באַקאַנט, בכלל אין איר לאַנד, האָט זי גענומען אין דער האַנט אַריין דאָס אַרומגיין אַרום יאָאַכימען. זיין אויסזען האָט אין איר דירעקט אויפגעוועקט די מוטערלעכע קעמפערישקייט און זי אָנגעפילט מיטן גלויבן, אַז אויב מ'קאָן עפּעס אָפּראַטעווען, וועט עס געלינגען בלויז דורך איר כוח און השגחה. נישט צוליב איר באַקוועמלעכקייט, נאָר בלויז צוליב אויסערלעכן שטייגער, האָט זי אין עטלעכע טעג אַרום מסכים געווען, אַז מ'זאָל באַשטעלן פאַר דעם שווער=קראַנקן אויך אַ שוועסטער. ביי יאָאַכימס געלעגער האָט זיך באַוויזן שוועסטער בערטאַ מיט איר שוואַרץ וואַליזעלע, טאַקע נישט קיין אַנדערע ווי אַלפרעדאַ שילדקנעכט. אָבער צוליב פרוי צימסענס אייפערזיכטיקער ענערגיע איז סיי ביטאָג סיי ביינאַכט נישט געווען אַ סך וואָס צו טאָן אַ שוועסטער.

בערטא האָט געהאַט אַ מאָסע צייט צו שטיין אין קאָרידאָר מיט דעם צוויקער־בענדל הינטערן אויער און נייגעריק אַרומקוקן זיך.

די פּראָטעסטאַנטישע דיאַקאָניסטין איז געווען אַ בּשוטע נשמה. אַליין אין צימער מיט האַנס קאַסטאָרפּן און מיט דעם קראַנקן, וואָס איז לחלוטין נישט געשלאָפן, נאָר געלעגן אויפן רוקן מיט אָפענע אויגן, איז זי געווען בכוח אַ זאָג צו טאָן:

— עס וואָלט זיך מיר קיינמאָל נישט געחלומט, אַז איך וועל פלעגן איינעם פון די הערן ביים טויטן־בעט.

דער דערשראָקענער האַנס קאַסטאָרפּ האָט איר געוויזן די פּויסט מיט אַ ווילדער מינע, אָבער זי האָט כמעט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל האָבן. אַזוי איז זי געווען ווייט — און מיט רעכט — פון דעם געדאַנק, אַז ס'איז אַ יושר, מען זאָל פאַרשווייגן פאַר יאָאַכימען, און צו זאַכלעך געשטימט, כדי צו ריכטן זיך, אַז ווער ס'איז, מעג זיין די סאַמע נאָענטסטע, קאָנען נאַרן זיך בנוגע דעם כאַראַקטער און אויסגאַנג פון דעם דאָזיקן פאַל — אָט — האָט זי געזאָגט אָנגיסנדיק קעלניש וואַסער אויף אַ טאַשנטיכל און האַלטנדיק עס אונטער יאָאַכימס נאָז — האָט נאָך אַ ביסל הנאה, הער לייטענאַנט! און ס'וואָלט באמת אין יענער צייט נישט געווען קיין שכל איינצורעדן דעם וואוילן יאָאַכים עפּעס אַנדערש, סיידן צום צוועק פון טאָנישער באַאיינפלוסונג, ווי פרוי צימסען האָט געהאַלטן, און דערפאַר האָט זי מיט אַ שטאַרקער, געריכטער שטים גערעדט וועגן זיין רפואה. וואָרעם צוויי זאַכן זיינען געווען בולט און נישט צו פאַרדעקן: ערשטנס, אַז יאָאַכים גייט אַקעגן דעם טויט מיט אַ קלאָרן באַוואוסטזיין, און, צווייטנס, אַז ער איז אין האַרמאָניע און אין צופרידנקייט מיט זיך אַליין. ערשט אין די לעצטע וואָכן, סוף נאָוועמבער, בעת מ'האָט אָנגעהויבן באַמערקן אין אים האַרץ־שוואַכקייט, האָט ער זיך שעהן־לאַנג פאַרגעסן, אַריינגעפאַלן אין האָפענונגספולער אומקלאָרקייט בנוגע זיין מצב און האָט גערעדט וועגן זיין אָנטייל אין די גרויסע מאַנעוורעס, וועלכע זיינען נאָך פאָרגעקומען, ווי אים האָט זיך געדוכט. אין דער זעלבער צייט אָבער האָט הויפראַט בערענס אויפגעהערט צו געבן די קרובים וועלכע ס'איז האָפענונג און ערקלערט, אַז דער סוף איז אַ פראַגע פון שעהן.

די דאָזיקע ערשײנונג איז פּונקט אַזוי טרויעריק, ווי אַ געזעץ — אָט די פֿאַרגעסלעך־גלויביקע זעלבסט־נאַרעריי אַפֿילו בײַ מענטשן געמיטער אין אַ צייט, ווען פּאַקטיש דערנענטערט זיך דער צעשטערונגס־פּראָצעס צום טויט־ציל. זי איז געזעצמעסיק־אומפּערזענלעך און אי־בער יעדן אינדיווידועלן באַוואוסטזײַן, ווי דער שלאָף, וואָס וועבט אַרום דעם, וואָס ווערט געפּרוּווט, און ווי דאָס דרייען זיך אין אַ קרייז פֿון אַ פֿאַרבלאָנדזשעטן. די עצמת־נפֿש און דער האַרץ־ווייטאָג האָבן פֿונ־דעסטוועגן נישט געשטערט האַנס קאַסטאָרפּן צו קוקן מיט זאַכלעכקייט אויף דעם פֿענאָמען. בעת ער האָט אָפּגעגעבן נאָפּטען און סעטעמבריני אַ דין־וחשבון וועגן זײַן קרובֿס מצבֿ, האָט ער מיט זיי אין שמועס אַרויסגעזאָגט אומבאַהאָלפֿענע, כאָטש שאַרפֿע באַטראַכטונגען וועגן דעם. דערבײַ האָט ער מצד סעטעמברינין באַקומען אַ פֿאָרוואורף, ווײַל ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די אָנגענומענע מיינונג, אַז פֿי־לאָסאָפֿישע גלויביקייט און בּיטחון אין גוטן איז אַן אויסדרוק פֿון געזונטקייט, און שוואַרץ־זעעריי און פּעסעמיזם אַ סימן פֿון קראַנק־הייט — שטיצט זיך, אַפּנים, אויף אַ טעות. ווען ס'זאָל אַזוי זײַן, וואָלט דאָך גראָד דער האָפֿענונגסלאָזער צושטאַנד נישט געקאָנט צייטיקן קיין אָפּטימיזם, וואָס אין פֿאַרגלײַך מיט זײַן האָפֿערדיקייט קאָן די פֿריערדיקע טריבקייט אויסזען ווי אַ פֿעסט־געזונטער לעבנס־אויסדרוק. דאַנקען גאָט, האָט ער גלייכצייטיק די פֿאַראינטערעסירטע געקאָנט מעלדן, אַז אין דער האָפֿענונגסלאָזיקייט גופֿא האָט ראַדאַמאַנטס געגעבן אָרט פֿאַר אַ האָפֿענונג און זאָגט צו אַ מילדן, נישט־פּײַנלעכן עקזיטוס, כאָטש יאָאַכים איז אַזוי יונג.

— אידילישער האַרץ־ענין, מײַן גנעדיקסטע פֿרוי! — האָט ער געזאָגט, האַלטנדיק לויִזע צימסענס האַנט אין זײַנע בײדע שופֿלע־גרויסע ידים און קוקנדיק צו איר פֿון אונטן מיט אָפּערקוועלנדיקע, טרערנדיקע, בלוט־אונטערגעלאָפֿענע אויגן. — ס'איז מיר ליב, ס'איז מיר אומגע־הייער ליב, וואָס עס נעמט אַ קאָרדיאַלן* אָפּלויף און וואָס ער דאַרף נישט איבערקומען קיין געשוויר פֿון קליינעם צינגל און אַנדערע נידער־טרעכטיקייטן. ער וועט פֿאַרשפּאָרן אויסצושטיין אַ סך יסורים. דאָס

* האַרציק.

האַרץ גייט אויס שנעל, וואויל צו אים, גוט פאַר אונז. מיר קאָנען טאָן דאָס אונזעריקע קעגן דעם מיט קאַמפער-איינשפריצונגען און נישט מורא האָבן, אַז מיר זיינען אים גורם דערמיט קאָמפּליקאַציעס. ער וועט צום סוף אַ סך שלאָפן און האָבן גוטע חלומות, קאָן איך אייך, דוכט זיך, צוזאָגן. און אויב ער וועט אַפילו ביים סאַמע סוף נישט שלאָפן, וועט עס דאָך האָבן אַ קנאַפן, אומבאַמערקטן איבערגאַנג. עס וועט אים זיין אינגאַנצן גלייכגילטיק, איר קאָנט אייך פאַרלאָזן. אַזוי איז עס, אגב, אין גרונט גענומען, אַלעמאָל. איך קאָן דעם טויט, איך בין זיינס אַן אַלטער אָנגעשטעלטער. מ'שאַצט אים, גלויבט מיר, איבער! איך קאָן אייך זאָגן, אַז ס'איז כמעט גאָרנישט, וואָרעם די פּייניקונגען, וואָס מען שטייט אויס אָפטמאָל פאַרן טויט, קאָן מען דאָך נישט צורעכענען צום טויט. עס איז אַ האָפערדיק לעבעדיקער ענין און קאָן פירן צום לעבן און צו אויסהיילונג. אָבער וועגן טויט גופא וואָלט קיין שום לעבעדיק-געוואָרענער אייך גאָרנישט געקאָנט דערציילן, ווייל מען לעבט אים נישט איבער. מיר קומען אַרויס פון דער פינסטערניש און גייען צוריק צו דער פינסטערניש. אינמיטן ליגן איבערלעבענישן, אָבער דעם אָנהייב און דעם סוף, געבוירן און טויט לעבן מיר נישט איבער. זיי האָבן נישט קיין סוביעקטיוון כאַראַקטער. זיי זיינען געשעענישן, וואָס פאַלן אינגאַנצן אַריין אין געביט פון אָביעקטיוון, אַזוי איז עס.

דאָס איז געווען דער שטייגער פון הויפראַט צו טרייסטן. לאָמיר האָפן, אַז דאָס האָט דער פאַרשטענדיקער פרוי צימסען אַ ביסל פאַרלייכטערט. זיינע פאָרויסזאָגונגען זיינען אויך מיט גרויס פּינקטלעכקייט מקוים געוואָרן. דער שוואַכער יאָאַכים איז אָפגעשלאָפן שעהן-לאַנג אין יענע לעצטע טעג, האָט מסתמא אויך געחלומט די חלומות, וועלכע זיינען אים אָנגענעם געווען צו חלומען, פלאַכלענדיש-מיליטערישע, לאָמיר אָננעמען. און ווען ער פלעגט זיך אויפכאַפן און מ'האָט אים געפרעגט, וואָס ער מאַכט, האָט ער שטענדיק געענטפערט, כאָטש נישט דייטלעך, אַז ער פילט זיך גוט און גליקלעך, הגם ער האָט שוין כמעט נישט געהאַט קיין פולס און סוף-כל-סוף מער לחלוטין נישט געשפירט דעם שטאָך ביי די איינשפריצונגען. זיין קערפער האָט אויפגעהערט צו שפירן, מ'האָט אים גע-

קאָנט ברענען און קנייפּן, ס'וואָלט דעם וואוילן יאָאַכים מער איצט נישט אָנגעגאַנגען.

דאָך זיינען נאָך, זינט די מוטער איז אָנגעקומען, גרויסע ענדערונגען פֿאָרגעקומען מיט אים. היות דאָס ראַזירן איז אים געוואָרן שווערלעך און ער האָט עס שוין נישט געטאָן אַ אַכט אָדער צען טעג און זיין באָרד איז געוואַקסן זייער שטאַרק — אין זיין וואַקסן פּנים מיט די מילדע אויגן געווען איצט אַרומגערעמט מיט אַ שוואַרצער באָרד, מיט אַ קריגס-באָרד, ווי ס'לאָזן זיך אָנוואַקסן זעלנער אויפֿן פֿראָנט און אין וועלכער ער האָט, אַגב, אויסגעזען שיין און מענלעך — אַזוי האָבן אַלע אויסגעפֿונען. יאָ, יאָאַכים איז פֿון אַ יינגל פּלוצלונג געוואָרן אַ רייפֿער מאַן דורך אָט דער באָרד און מסתמא נישט בלויז דורך איר. ער האָט געלעבט גיך, ווי אַ אָפּלויפֿנדיקער אָנגעצויגענער זייגער, האָט אין איילעניש און גאַלאָפּ איבערגעלעבט די שטופֿן פֿון עלטער, צו וועלכער עס איז אים נישט געווען באַשערט צו דערגרייכן מיט דער צייט און אין משך פֿון די לעצטע פֿיר-און-צוואַנציק שעה איז ער געוואָרן אַ זקן. די שוואַכקייט פֿון האַרץ האָט גורם געווען, אַז זיין פּנים זאָל ווערן אָנגעשטרענגט-געדראָלן, פֿון אַזאַ אופֿן, האַנס קאַסטאָרפּ זאָל באַקומען דעם איינדרוק, אַז שטאַרבן מוז לכל-הפּחות זיין אַ שווערע עבודה, כאָטש יאָאַכים האָט עס אויסגעזען נישט צו פֿילן דאָס אַדאַנק טייל פֿאַרפֿעלונגען און פֿאַרמינערונגען. די דאָזיקע אָנגעשוואָלנקייט איז דער עיקר נוגע געווען די ליפּן. אַן אויסטריקענונג אָדער אַן ענערוואַציע* פֿון אינעווייניקסטן מויל האָט, אַפּנים, צוזאַמען דערמיט געווירקט אַזוי, אַז יאָאַכים האָט ביים ריידן געמורמלט ווי אַן אמתדיקער זקן און די דאָזיקע שטערונג האָט אים אָנגעטאָן אמתדיקע עגמת-נפֿש. ווען ער ווערט פּטור דערפֿון, האָט ער געזאָגט שטאַמלענדיק, וועט שוין אַלץ זיין גוט, אָבער דאָס איז אַ פֿאַרשאָלטן פּלאָגעניש.

וואָס ער האָט געמיינט מיט דעם: עס וועט „אַלץ גוט זיין", איז ניט געווען אינגאַנצן קלאָר. די נייגונג פֿון זיין מצב צו צווייידייטיקייטן איז געווען אויפֿפֿאַלנדיק. ער האָט נישט איינמאָל אויסגע-

* אָפּשוואַכונג.

דריקט טאָפּל־דייטיקע געדאַנקען, האָט אויסגעזען יאָ צו וויסן און נישט צו וויסן און האָט איינמאָל — אַפּנים, דערציטערט פון דעם אונטערגאַנג־געפיל — דערקלערט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ און מיט אַ געוויסער דערדריקטקייט, אַז אַזוי דורכאויס שלעכט האָט ער זיך נאָך קיינמאָל נישט געפילט.

דערנאָך איז זיין וועזן געוואָרן אָפּפרעמדנדיק, שטרענג נישט־צוטריטלעך, אפילו אומהעפלעך. ער האָט מער נישט צוגעלאָזט קיין שום פּיקציעס און אַיינריידענישן, האָט נישט געענטפערט, האָט גע־קוקט פאַר זיך פרעמד. בפרט נאָכדעם, ווי לוויזע צימסען האָט גע־שיקט נאָך אַ יונגן פּאַסטאָר, וועלכער האָט, צו האַנס קאַסטאָרפּס באַדויערן, נישט געטראָגן קיין געקראָכמאַליעטע קרויז, נאָר צווי ווייסע לייוונט־שפּיצן. יענער האָט מיט אים געזאָגט אַ תּפילה. פון דעמאָלט אָן האָט זיין האַלטונג אָנגענומען אַ אַמטלעך־דינסטלעכן כאַ־ראַקטער און ער האָט אויסגעדריקט פאַרלאַנגען בלויז אין דער פאָרם פון קורצע באַפעל־ווערטער.

אַרום זעקס אַ זייגער נאָכמיטאָג האָט ער גענומען טאָן אַ מאָדנע עובדה: די רעכטע האַנט, אויף וועלכער ס׳איז געווען דאָס גאָלדענע קייטעלע, האָט ער כסדר איבער דער קאָלדרע אויסגעשטרעקט אין דער געגנט פון דער היפט. דערנאָך האָט ער זי צוריקגענומען מיט אַ שאָבנדיקער, שאַרנדיקער באַוועגונג אויף דער קאָלדרע און זי אַ ביסל איבערגעהויבן צוריקצוועגס, גלייך ווי ער וואָלט עפּעס צוגע־צויגן און צונויפגעשאַרט.

אַרום זיבן אַ זייגער איז ער געשטאָרבן. אַלפּרעדאַ שילדקנעכט איז געווען אויפן קאָרידאָר. געווען דערביי זיינען בלויז די מוטער און דער קוזין. ער האָט געהאַט אַראָפּגעלאָזט זיך נידעריק אין בעט און האָט קורץ באַפוילן, מען זאָל אים לייגן העכער. בשעת פרוי צימסען האָט אונטערשפּאַרנדיק זיינע אַקסלען מיט איר אָרעם אים צוליב געטאָן, האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ געוויסער האַסטיקייט, אַז ער מוז תּיכּף אָנשרייבן און אַוועקשיקן אַ ביטע וועגן דער פאַר־לענגערונג פון זיין אורלויב, און בשעת ער האָט דאָס געזאָגט, איז פאָרגעקומען דער „קליינער איבערגאַנג‟, וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט מיט כוונה באַטראַכט קעגן רויט־אַרומגעהילטן טיש־לעמפּל. זיין בליק איז געבראָכן געוואָרן, די אומבאַוואוסטזיניקע אָנשטרענגונג פון זיינע

שטריכן האָט נאָכגעלאָזט, די פֿײַנלעכע אָנגעשװאָלנקײט פֿון זײַנע ליפּן איז פֿאַרשװאונדן פֿון רגע צו רגע. איבער אונזער יאָאַכימס פֿאַרשטומט פּנים האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ שײנקײט און יוגנטלעכע מענלעכקײט — אַזוי איז דאָס געשען.

היות לויזע צימסען האָט זיך אויסגעדרייט אַ שלוכצנדיקע, איז האַנס קאַסטאָרפּ געװען דער, װאָס האָט דעם אומבאַװעגלעכן און בישט־אָטעמענדיקן צוגעמאַכט די װיעס מיטן שפּיץ פֿון רינג־פֿינגער און אים פֿאָרזיכטיק צונױפֿגעלײגט די הענט אויף דער קאָלדרע. דערנאָך איז ער אויך געשטאַנען און האָט געװײנט, האָט געלאָזט רינען איבער זײַנע באַקן די טרערן, װעלכע האָבן דאָרטן אַזױ געברענט דעם ענגלישן מאַרינע־אָפֿיציר, — אָט די קלאָרע פֿליסיקײט, װאָס רינט אַזױ בשפֿע און ביטערלעך אומעטום און צו יעדער שעה אויף דער גאַנצער װעלט, אַזױ, אַז מ'רופֿט אויף איר נאָמען פּאָעטיש די ערד „עמק הבכא“; אָט דער אַלקאַליש־זאַלציקער דריזן־פּראָדוקט, װעלכן ס'פּרעסט אַרױס פֿון אונזער קערפּער די נערװן־דערשיטערונג פֿון דורכדרינגנדיקן װײטאָג, מעג ער זײַן אַ פֿיזישער אָדער גײַסטיקער. ער האָט געװאוסט, אַז ס'איז אויך פֿאַראַן דאָ אַ ביסל מוצין און אײװײס.

דער הױפֿראַט איז געקומען. די שװעסטער בערטע האָט אים געמאָלדן. נאָך פֿאַר אַ האַלבער שעה איז ער דאָ געװען און האָט אַרײַנגעשפּריצט קאַמפֿער. ער האָט בלױז דורכגעלאָזט דעם מאָמענט פֿון קלײנעם איבערגאַנג. — טיאַ, דער איז שױן נאָך אַלעמען — האָט ער געזאָגט פּשוט, אױפֿהײבנדיק זיך מיט זײַן הער־רערל פֿון יאָאַכימס שטיל־געװאָרענער ברוסט. און ער האָט געדריקט בײדע קרובים די הענט, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ. דערנאָך איז ער נאָך געשטאַנען אַ װײַלע מיט זײ צוזאַמען בײַם בעט און באַטראַכט יאָאַכימס אומבאַװעגלעך און קריגעריש־באַװאַקסן פּנים. — אַ היציקער יונג, אַ היציקער בחור — האָט ער געזאָגט איבער דעם אַקסל און דערבײַ אָנגעװיזן מיטן קאָפּ אויפֿן מת. — האָט געװאָלט נעמען מיט געװאַלד, פֿאַרשטײט איר, — אַװדאי איז אַלץ געװען בגװאַלד און געניט מיט זײַן דינסט דאָרט אונטן. מיט היץ האָט ער געטאָן זײַן דינסט, זיך נישט געלאָזט בײגן און ברעכן. דאָס פֿעלד פֿון רום, פֿאַרשטײט איר, אַנטלאָפֿן פֿון אונז אויפֿן פֿעלד פֿון רום דער דװערטער.

אָבער דער רום איז געווען פֿאַר אים דער טויט און דער טויט — איר קאָנט עס אייך באַלײַביק איבערדרייען. אַ היציקער יונג, אַ היציקער בחור. און ער איז אַרויסגעגאַנגען אַ לאַנגער און אַ געבויגענער, מיט אַן אַרויסגעזעצטן קאַרק.

איבערפֿירן יאָאַכימען אַהיים איז געווען אַ באַשלאָסענע זאַך. די סאַנאַטאָריע בערגהאָף האָט געזאָרגט פֿאַר אַלץ, וואָס איז נייטיק געווען דערצו און אויך פֿאַר דער איבערלעבער זייט. די מוטער און דער קוזין האָבן כמעט נישט געדאַרפֿט גאָרנישט צו טאָן. צומאָרגנס, אָנגעטאָן אין זײַן זײַדן מאַנזשעטן־העמד, אונטער אַ קאָלדרע מיט בלומען, רוענדיק אין דער מאַטער שניי־העלקייט, — האָט יאָאַכים אויסגעזען נאָך שענער ווי באַלד נאָך דעם איבערגאַנג. יעדע שפּור פֿון אָנשטרענגונג איז אַראָפּ פֿון זײַן פּנים. אַ קאַלט־געוואָרענער, האָט ער אָנגענומען די ריינסטע, שווייגנדיקע פֿאָרם. די קורצע קרייזעלעך פֿון זײַנע טונקעלע האָר זײַנען אַראָפּגעפֿאַלן אויף דעם אומבאַוועגלעכן, געלבלעכן שטערן, וואָס האָט אויסגעזען צו זײַן געשאַפֿן פֿון אַן איידעלן אָבער קנעטעוודיקן שטאָף צווישן וואַקס און מאַרמאָר און אין דער באָרד, וואָס איז אויך געווען אַ ביסל געקרייזלט, האָבן די ליפּן זיך געוועלבט פֿול און שטאָלץ. דעם קאָפּ וואָלט גאַנץ גוט געפּאַסט אַן אַנטיקער העלם — אַזוי האָבן געזאָגט אַ סך באַזוכער, וואָס זײַנען געקומען געזעגענען זיך מיט אים.

פֿרוי שטער האָט געוויינט אַ גערירטע, אָנקוקנדיק די צורה פֿון אַמאָליקן יאָאַכים. — אַ העלד! אַ העלד! — האָט זי אַ סך מאָל גערופֿן און האָט פֿאַרלאַנגט, אַז מען זאָל בײַ זײַן קבר שפּילן די „עראָטיקאַ“ פֿון בעטהאָווען.

— שווייגט שוין אַמאָל! — האָט סעטעמברינין אַ צישע געטאָן צו איר פֿון דער זייט. ער איז דאָ געווען מיט איר אין צימער צוזאַמען מיט נאַפֿטען און ער איז געווען טיף גערירט. ער האָט די אָנוועזנדיקע מיט ביידע הענט אָנגעוויזן אויף יאָאַכימען און זיי אויפֿגעפֿאָדערט צום באַדויערן. Un giovanotto tanto simpatica, tanto stimabile!* — האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט.

נאַפֿטאַ האָט זיך נישט אײַנגעהאַלטן בײַ זײַן גאַנצער שטייפֿער־

* איטאַליעניש: אַזאַ סימפּאַטישער, אַזאַ חשובער יונגערמאַן.

האַלטונג אַ זאָג צו טאָן אין סעטעמברינים זייט שטיל און בייסיק, נישט אָנקוקנדיק אים:

— איך פריי מיך צו זען, אַז איסער פאַר פרייהייט און פּראָגרעס האָט איר אַ חוש אויך נאָך פאַר ערנסטע זאַכן.

סעטעמבריני האָט זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט דערויף. אפשר האָט ער געפילט צוליב דעם איצטיקן מצב, אַז נאַפטעס פּאָזיציע איז אין דער מינוט שטאַרקער פון זיינער. אפשר איז עס טאַקע געווען דאָס מאָמענטאַלע איבערגעוויכט פון זיין קעגנער, וועלכעס ער האָט געפּרוווט גובר זיין דורך דער לעבעדיקייט פון זיין טרויער, און וועלכעס האָט אים געצוואונגען צו שווייגן, אין אַפילו אויך דעמאָלט, ווען לעאָ נאַפטאַ האָט אויסגענוצט די דערוויילקע גינסטיקייט פון זיין שטעלונג און האָט שאַרף סענטענציעז באַמערקט:

— דער טעות פון די ליטעראַטן באַשטייט אין דעם גלויבן, אַז בלויז דער גייסט מאַכט אָנשטענדיק. ס'איז גיכער אמת דער היפּוך: נאָר וואו ס'איז נישטאָ קיין גייסט, איז דאָ אָנשטענדיקייט.

— נאָ, — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט — דאָס איז איך שוין אַ מין פּיטישער* שפּרוך! אויב מען פאַרבייסט די ליפּן, נאָכדעם ווי מ'האָט אים אַרויסגעזאָגט, בלייבט אַ ווײַלע אַ צעטומלעניש...

נאָכמיטאָג האָט מען געברענגט די מעטאַלענע טרומנע. דאָס איבערלייגן יאָאַכימען אין דעם שיינעם אָרון, באַפּוצט מיט רינגען און לייבן-קעפּ, האָט געהאַלטן פאַר זיין זאַך דער מענטש, וואָס האָט אים געברענגט. עס איז געווען אַן אָנגעשטעלטער פון קבורה-אינסטיטוט, שוואַרץ אָנגעטאָן, אין אַ מין קורצן יום-טובדיקן ראָק אין אַ קידושין-רינג אויף זיין פלעבעיִשער האַנט. דער געלער רייף איז פּשוט געווען אַריינגעוואַקסן אין פלייש און פאַרטרונקען דערין. עפּעס איז מען געווען געניגט צו שפּירן פון זיין יום-טובדיקן ראָק אַ מתים-ריח, פאַקטיש איז עס געווען אַ אַיינרעדעניש. פונדעסטוועגן האָט דער מענטש אַרויסגעוויזן די איינרעדעניש פון אַ ספּעציאַליסט, אַז אַלץ, וואָס ער טוט, דאַרף געמאַכט ווערן ווי הינטער די קוליסן און בלויז די רעזולטאַטן דאַרף מען פיעטעט-פול און פּאַראַד-מעסיק ווייזן די פאַרבליבענע. אין האַנס קאַסטאָרפּן האָט עס אַלנפאַלס

* אַ פעסטער, תקיפישער — פון פּיטיאַ, אַ פּריסטערין פון גאָט אַפּאָל אין דעלפי, וואָס האָט געזאָגט נביאות.

דערוועקט חשד און ס׳איז אים נישט געווען צום האַרצן. ער איז אַפילו געווען דערפֿאַר, אַז פֿרוי צימסען זאָל אַרויסגיין, אָבער זיך אַליין האָט ער נישט געלאָזט אַרויסבעטן, נאָר איז געבליבן און האָט צוגעלייגט אַ האַנט. ער האָט אונטער די אַקסלען אָנגענומען דעם בר-מינן און געהאָלפֿן אים איבערטראָגן פֿון בעט אין אָרון אַריין, וואו מ׳האָט אויף אַ אויסבעטעכץ און אויף אַ קישן מיט פֿראַנדזן הויך און פֿייערלעך אַוועקגעלייגט יאָאַכימען צווישן גרויסע שטייענדיקע לייכטער, וועלכע די סאַנאַטאָריע בערגהאָף האָט צוגעשטעלט.

אָבער אין אַ טאָג אַרום איז ווידער געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט גורם געווען, האַנס קאַסטאָרפּ זאָל זיך אינערלעך שיידן און איבעררייסן מיט דעם גוף און איבערלאָזן דעם ענין פֿאַר דעם פּראָפֿעסיאָניסט, פֿאַר דעם פּשוטן היטער פֿון דער פּיעטעט. יאָאַכים, וואָס האָט ביז איצט געהאַט אַזאַ ערנסטן און בכּבֿודיקן אויסדרוק, האָט אָנגעהויבן אַריינצושמייכלען אין זיין קריגערישער באָרד און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך נישט געמאַכט קיין סוד דערפֿון, אַז דאָס דאָזיקע שמייכלען האָט אין זיך די נייגונג צו דערפֿאָרמירונג. דאָס האָט אָנגעפֿילט זיין האַרץ מיט געפֿילן פֿון צואַיילן. אויב אַזוי, איז סוף-כּל-סוף גאַנץ גוט געווען, וואָס מ׳האָט שוין געהאַלטן ביים אַוועקפֿירן דעם מת און וואָס דער אָרון האָט שוין געזאָלט ווערן צוגעמאַכט און פֿאַרשרויפֿט. איבערלאָזנדיק די אייגנגעבירענע קילקייט פֿון דער באַנעמונג אין אַ זייט, האָט האַנס קאַסטאָרפּ צום געזעגענען צאַרט באַרירט מיט די ליפּן דעם שטיין-קאַלטן שטערן פֿון זיין אַמאָליקן יאָאַכים. און נישט געקוקט אויף זיינע אַלע חשדים בנוגע דעם פּאַרשוין פֿון אינסטיטוט, איז ער געהאָרכזאַם מיט לויזע צימסען אַרויס פֿון צימער.

מיר לאָזן פֿאַלן דעם פֿאָרהאַנג צום פֿאָרלעצטן מאָל. אָבער בשעת ער פֿאַלט, ווילן מיר צוזאַמען מיט דעם איבערגעבליבענעם האַנס קאַסטאָרפּן אַראָפּקוקן אין גייסט פֿון דער הויך ווייט אַראָפּ אין אַ פֿייכט צלמים-פֿעלד אין פֿלאַכלאַנד, וואו אַ שווערד האָט אַ בליק געטאָן און זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט, קאָמאַנדאָ-ווערטער האָבן אויפֿגעציטערט און דריי באַגייסטערטע כּיבודים האָבן אַ קנאַל געטאָן איבער יאָאַכים צימסענס מיט-וואָרצלען-דורכגעוואַקסן סאָלדאַטן-קבר.

---

# אינהאַלט פון דריטן בוך

## זעקסטע קאַפּיטל

זייט

